# די געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאַטען

פון הלל ראָגאָף

## דער בירגער־קריג און די רעקאָנסטרוקציע

**1860־1880**

ארויסגעגעבען פון פארלאג „וועקער".
ניו יאָרק, 1928.

# אינהאַלטס־פאַרצייכניס.


קאַפּיטעל — זייט

1. איבערהעם לינקאָלן — 7
2. די סאַוט רייסט זיך אָפּ, גרינדעט א באַזונדער רעגירונג — 24
3. לינקאָלן איינגעשוואָרען. — דער בירגערקריג הויבט זיך אָן 33
4. די גרענעץ שטאַטען. — ענגלאַנד — 45
5. די ערשטע גרויסע שלאַכט — 56
6. לינקאָלנ'ס שטעלונג צו דער שקלאַפען־פראגע — 58
7. אן ערנסטער סכסוך מיט ענגלאנד — 64
8. די שלאַכטען ארום ריטשמאָנד — 70
9. די נאָרט נעמט איין וויכטיגע שטעט — 85
10. די נאָרט זיגט אין דער וועסט, אויף דעם טייך מיסיסיפּי — 93
11. בלוטיגע שלאַכטען אין קענטאַקי און טענעסי — 103
12. גענעראל ראָבערט ע. לי — 107
13. לי דרינגט אריין אין דער נאָרט — 116
14. די עקאָנאָמישע לאגע פון דער נאָרט אין די מלחמה־יאָרען — 122
15. מלחמה־דיקטאַטור אין דער נאָרט — 144
16. געצוואונגענער מיליטער־דינסט — באַיאָנעטען אין ניו יארק 152
17. לינקאָלן באפרייט די שקלאַפען פון דער סאוט — 172
18. געלט, הלואות און שטייערען — 186
19. די נאָרט פאַרלירט אין דער איסט און זיגט אין דער וועסט — 199
20. די שלאכט ביי געטיסבורג — 208
21. גרענט זיגט אין טענעסי — 217
22. די מלחמה אויפ'ן ים — 221
23. גענעראל שערמאַן פארניכטעט דזשאָרדזשיא — 237
24. די שלאַכטען אין דער „ווילדערניס". — 251
25. גענעראל שערמאַן'ס בלוטיגער מאַרש דורך נאָרט און סאוט קאַראָליינא — 260
26. ריטשמאנד פאלט, לי גיט זיך אונטער — 267
27. די סאוט אין די מלחמה יארען — 272
28. די אָפּאָזיציע צו לינקאָלן. — די דעמאָקראטען — 295

קאַפּיטעל — זייט


29. גנבות, קאָרופּציע און הולטאַיסטוואָ אין די רעגירונגס־קרייזען — 324
30. די לאַגערען פאר געפאנגענע סאָלדאטען אין דער נאָרט און אין דער סאוט — 331
31. די סאוט באַנוצט טעראָר אלס איר לעצטען פארצווייפעלטען מיטעל — 338
32. לינקאָלנ׳ס לעצטע טעג. — זיין טראַגישער טויט — 343
33. דער סוף פון דער מלחמה — 354
34. דער חורבן אין דער סאוט — 359
35. דער קאַמף צווישען פּרעזידענט דזשאנסאָן און דעם קאָנגרעס, 372
36. דער קאמף פון די ווייסע געגען די נעגערס אין דער סאוט — 400
37. יארען פון ריזיגער אנטוויקלונג אין דער נאָרט און וועסט — 409
38. פּאָליטישע קאָרופּציע אין וואשינגטאָן און אין די גרויסע שטעט — 424
39. די פראנצויזישע אַוואַנטורע אין מעקסיקאָ. — אלאסקא — 442
40. דער זיג פון די באַנקירען איבער׳ן פאָלק אין פארבינדונג מיט די מלחמה וועקסלען — 449
41. די פארמערס בונטעווען זיך געגען גרויס־קאפּיטאל — 455
42. דער קריזיס פון 1873 — 462
43. פּרעזידענט גרענט און זיין אַדמיניסטראַציע. — 469
44. די ארבייטער באוועגונג אין די פופצען יאָר נאָך דעם בירגער־קריג — 485

## קאַפּיטעל 1.

# איברעהעם לינקאָלן

אין אַמעריקע, צווישן די מאַסען זיינען פאַרשפּרייט הונדערטע אַנעקדאָטען, משלים, וויצען און שטיפעריייען וואָס איברעהעם לינקאָלן האָט געשאַפען, אָדער וואָס זיינען געשאַפען געוואָרען אַרום אים. לינקאָלן איז געווען אַ מערקווירדיגער וויצלינג, אַ וואונדערבאַרער הומאָריסט, כאָטש זיין לעבען איז געווען אַ לאַנגע קייט פון קאַמף און ליידען. ער איז קיינמאָל גליקליך ניט געווען. ער איז קיינמאָל אמת לוסטיג, אמת פרייליך ניט געווען. אין זיין קינדהייט איז זיין שונא געווען די אָרימקייט; אין זיין יוגענד האָט ער געקעמפט מיט אומוויסענהייט און שווערער פּראַצע; אין זיינע מיטעלע יאָרען האָט ער דורכגעלעבט די טראַגעדיע פון אַנטוישטער ליבע און אומגליקליכער הייראַט; אויף די עלטערע יאָרען איז זיין קאָפּ און האַרץ געלעגען דערדריקט אונטער דעם באַרג הרוגים, די טויזענדער וואָס ער האָט צום טויט געשיקט כדי צו ראַטעווען זיין לאַנד פון אונטערגאַנג. און ווען די הימלען, וואָס זיינען 55 יאָר געווען פאַרוואָלקנט פאַר אים, האָבען זיך סוף־כל־סוף גענומען אויסלייטערען; ווען די ערשטע שטראַלען פון אַן אויפגייענדיגער זון האָבען זיך ענדליך פאַר אים באַוויזען, איז זיין לעבען פּלוצלונג איינגאַנצען אויסגעלאָשען געוואָרען. ער איז געפאַלען טויט פון דער קויל פון אַ מערדער.

אַ פריינד און פאַרערער, וועלכער האָט לינקאָלנ׳ען צום ערשטען מאָל באַגעגענט ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר 28, האָט געמאַכט די באַמערקונג: „אין מיין גאַנץ לעבען האָב איך אַזאַ טרויעריג, אַזאַ פינסטער געזיכט ניט געזען”.

לינקאָלן איז געווען אַ גרויסער מענש. דאָס גיבען איצט אַלע צו. דאָס ווערט איצט אנערקענט אי פון גרויסען המון וואָס פילט עס מיט'ן הארץ, אי פון דער אינטעליגענץ וואָס באגרייפט עס מיט'ן קאָפּ. אָבער ווי עס איז געווען דער פאַל מיט די מערסטע גרויסע מענשען אין דער געשיכטע, האָט לינ־קאָלן פאר זיין לעבען די אנערקענונג ניט געהאַט. ער איז זיין גאַנץ לעבען געווען אַן איינזאַמער מענש, כאָטש ער האָט מער ווי אַלץ ליב געהאַט די גנזעלשאַפט פון מענשען. ער האָט זעלטען אויפגעדעקט זיין נשמה פאַר אַ צווייטען. ער האָט געלעבט איינ־זאַם מיט זיינע צווייפלען און מיט זיינע האָפנונגען און ער איז געשטאָרבען אָן דעם מינדעסטען באַגריף וואָס פאַר אַ פּסק די צוקונפט וועט אַרויסטראָגען איבער אים און זיין ארבייט.

אייברעהעם לינקאָלן איז געבאָרן געוואָרען דעם 12טען פעב־רואר, 1809, אין אַ קליינער כאַטקע אויף אַ פאַרם אין קענטאַקי. זיין פאָטער איז געווען אַ שטיקעל פארמער, אַ שטיקעל סטאָ־ליער און אַ גאַנצער קבצן. די מוטער (איר מיידעלשער נאָמען איז געווען נענסי הענקס) איז געווען אַן אומגעזעצליך קינד. זי איז געבאָרען געוואָרען אין ווירדזשיניא. איר מוטער (לוסי הענקס) האָט קורץ נאָך איר קינפּעט אַוועקגעוואַנדערט קיין קענ־טאָקי. אין איר נייער היים האָט לוסי זיך אויך ניט אויפגע־פירט לויט דער מאָראַל פון דער צייט. מען האָט אויף איר גערעדט, אַז זי האָט זיך צו פריי באַנומען מיט מענער. אַ גרענד דזשורי האָט אפילו באַפוילען מען זאָל זי אַרעסטירען אלס אויס־געלאַסענע. איידער דאָס איז געשען האָט זי געהייראַט געזעצליך. נענסי האָט זיך געהאָדעוועט ביי איר מוטער'ס אַ שוועסטער. דער דיכטער קאַרל סאַנדבורג (אין זיין ווערק „אייברעהעם לינ־קאָלן") שרייבט וועגען איר: „זי איז געווען טרויעריג מיט טרויערן ווי די מאַסע שטערן אין אַ בלאָען נעבעל".

לינקאָלנ'ס פאָטער איז געווען אַ לאַ־יוצלח. צו וואָס ער האָט זיך ניט גענומען איז אים ניט געגאַנגען. פריער האָט ער גע־אַרבייט אין אַ קליין שטעטעל. דערנאָך האָט ער געפּרובט פאַר־מעריי. דאַן האָט ער זיך איבערגעקליבען אין אינדיאַנאַ, אין



אייבערעהעם לינקאָלן.

א טיפען געדיכטען וואלד, וואו ער האָט מיט זיין פאַמיליע גע־
לעבט ווי האלב ווילדע. די הייזקע האָט ער אליין פון קלעצער
צונויפגעשלאָגען. זי איז באַשטאַנען פון איין צימער אָן פענ־
סטער, אָן א טיר, אָן א פּאָדלאָגע. אין שטוב — א פּאָר בענק־
לאַך, א טיש און א בעט. דער קליינער אייברעהעם, וועלכער איז
דעמאָלט זיבען יאָר אַלט געווען, איז געשלאָפען אויף א בוידים,
אונטערגעבעט מיט געטריקענטע בלעטער. די שפּייז איז באַ־
שטאַנען מייסטענס פון קאַרטאָפעל. אָפטמאָל פלעגען זיי כאַפּען
פיש און שיסען פויגלען און חיות אין וואלד.

דאָס שווערע, איינזאַמע לעבען האָט שלעכט געווירקט אויפ׳ן
געזונד פון לינקאָלנ׳ס מוטער. מער ווי צוויי יאָר האָט זי עס ניט
געקענט אויסהאַלטען. זי איז קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען.
צו ניין יאָר האָט אייברעהעם געדאַרפט העלפען זיין פאָטער
מקבר זיין די מוטער. דער פאָטער האָט געהובעלט די ברע־
טער פאַר דער טרונע, בשעת דער קליינער אייברעהעם האָט אויס־
געשניצט די הילצערנע צוועקעס צונויפצוקלאַפּען די ברעטער.
ביידע האָבען זיי דעם טויטען קערפּער אריינגעלייגט אין דער
טרונע און אים אַראָפּגעלאָזט אין קבר.

אין א יאָר אַרום האָט דער פאָטער אראָפּגעבראַכט פון זיין
אַלטער היים אין קענטאַקי א צווייט ווייב, אַן אלמנה מיט דריי
קליינע קינדער. אייברעהעם איז שוין דעמאָלט געווען א בחור׳ל
פון צען יאָר און האָט פאַרנומען א וויכטיגען פּלאַץ אין דער
פאַמיליע. ער איז פאַר זיינע יאָרען געווען מערקווירדיג קרעפטיג
און הויך געוואַקסען. אין שול פלעגט ער גיין געציילטע וואָכען
אין יאָר. אייברעהעם האָט געאַרבייט גלייך מיט זיין טאַטען
און עס איז א סברה אז ער האָט דעמאָלט שוין מער אויפגע־
טאָן ווי זיין טאַטע.

אזוי האָט זיך געהאָדעוועט דער יונגער אייברעהעם. די
שטיף־מוטער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר א גוטער, פאַרשטענ־
דיגער פרוי. זי איז צו דעם קליינעם אייברעהעם און זיין שוועס־
טער׳ל געווען ווי א לייבליכע מאַמע און ער איז צו איר צוגע־
בונדען געוואָרען מיט׳ן גאַנצען הארצען. אין די שפּעטערדיגע

יאָרען, ווען ער איז גרוים און באַרימט געווען, פלעגט ער אָפט דערמאָנען, אַז ער האָט איר צו פאַרדאַנקען פאַר זיין דערפאָלג אין לעבען.

די געגענד וואו די לינקאָלנס האָבען געלעבט איז ביסלאַכ־ווייז באַזעצט געוואָרען. מען האָט אָרגאַניזירט אַ שטיקעל שול. אָבער אייבערהעם האָט פון איר וויניג נוצען געצויגען. אַרום און אַרום איז ער אין שול געגאַנגען וויניגער ווי אַ יאָר. ער איז אָבער געבאָרען געוואָרען מיט אַ דורשט נאָך וויסען און ער האָט געזוכט אַליין דורכצושלאָגען אַ וועג פאַר זיך דורך דער פינס־טערניש פון אומוויסענהייט. ער האָט זיך אויסגעלערענט לייענען און חשבונ'ען. ער פלעגט מיט'ן נאָז אַקערען ערגעץ אַ ביכעל צו געפינען. מען דערציילט, אַז ער פלעגט גיין צו פוס צענ־דליגער מייל'ען צו באָרגען ביי אימיצען אַ בוך. ער פלעגט זאָ־גען: „מיין בעסטער פריינד איז יענער מענש וואָס באָרגט מיר אַ בוך, וואָס איך האָב נאָך ניט געלייענט". און אַז ער פלעגט אַריינקריגען אַ בוך אין זיינע הענד פלעגט ער ניט מיד ווערען אים לייענענדיג, פינף מאָל, צען מאָל, הונדערט מאָל, ביז ער האָט אים געקענט אויף אויסענווייניג. שרייבען און רעכענען האָט ער זיך געלערענט מיט שטיקלאַך געברענטע האָלץ אויף הילצערנע לאָפּעטעס און רידלען, וואָס זיינען אין שטוב גע־שטאַנען.

אָבער דאָס לערנען איז פאַר אים געווען אַ לוקסוס וואָס ער האָט זיך פאַרגונען נאָר אין ליידיגער צייט. זיינע פליכטען זיינען באַשטאַנען פון אַרבייטען, האַקען וואַלד, אַקערען די ערד, זייען, שניידען, פירען תבואה אין מיל אַריין, ריינינגען די שטאַלען, און אַזוי ווי עס איז ניט געווען גענוג אַרבייט אויף דער איי־גענער פאַרם פלעגט דער פאָטער אים פאַרדינגען צו אַ שכן און פאַר אים נעמען 25 סענט אַ טאָג. דער יונגער אייבערהעם האָט זיך געמאַכט אַ שם פאַר דעם פייאיגסטען אין דער גע־גענד. איבערהויפּט איז ער געווען אַ קינסטלער אויף שפּאַלטען קלעצער און אויסהאַקען בוימער. קיינער האָט זיך מיט אים

ניט געקענט פארגלייכען אין דעם פרט. ער איז אליין געווען ווי א געזונטער בוים, זעקס פוס און פיר אינטשעס די הויך, דער בעסטער שווימער, דער בעסטער פעכטער, דער גבור פון דער געגענד. סאנדבורג שרייבט: „איינמאל איז ער געגאנגען 34 מייל אין איין טאג צו הערען א רעדע. ער האט געקענט באַפוילען זיין קערפער צו טאן כמעט אוממעגליכע זאכען און דער קערפער האט אים געפאלגט".

„ווען מענשען פלעגען ריידען וועגען לינקאלן, שרייבט סאנד־בורג, פלעגט די טעמע זיין איינע פון די פינף: (1) ווי הויך, פלינק, שטארק אדער אומגעלומפערט ער איז; (2) ווי ער דער־ציילט מעשיות און וויצען, ווי אנגענעם און פריינדליך זיינע געשפרעכען זיינען; (3) ווי ער איז צייטענווייז שטיל, מעלאנ־כאליש און אומעטיג; (4) ווי ער איז שטענדיג גרייט צו לער־נען, ווי ער זוכט שטענדיג א געלעגענהייט צו לערנען; (5) ווי ער איז גרייט צו העלפען א פריינד, א פרעמדען און אפילו א חיה וואס געפינט זיך אין א צרה."

וועגען לינקאלנ'ס ווייכהערציגקייט זיינען דא מאסען אנעק־דאטען. איינע פון די אינטערעסאנטסטע איז פאלגענדער: לינ־קאלן איז אמאל געגאנגען שפעט אין א ווינטער־נאכט צוזא־מען מיט א חברה פריינד. פלוצלונג האבען זיי באמערקט עפעס ליגענדיג טיף אין בלאטע. זיי האבען זיך איינגעקוקט, ערשט א שיכור'ער מאן ליגט און שלאפט. די נאכט איז געווען שרעק־ליך קאלט, א פראסט און בייסיגער ווינט. זיי האבען דעם שיכור געפרובירט אויפוועקען אבער דאס איז געווען אוממעגליך. די קעלט איז געוואקסען. אלע יונגע לייט זיינען אוועק אהיים, אבער לינקאלן איז געבליבן אליין לעבען דעם שלאפענדען מאן אין דער בלאטע.

א ווײלע איז לינקאלן געשטאנען און געטראכט. דאן איז ער אריין אין דער בלאטע, אויפגעהויבען דעם מאן, אים פאר־ווארפען אויף דער פלייצע און אים אוועקגעטראגען צו זיינעם א פריינד אין הויז. דארטען האט ער פארנאנדערגעלייגט א פייער און דעם פארפרארענעם מאן גוט אויסגעריבען און אים געלאזען

ווייטער שלאָפען. דער מאַן האָט שפּעטער אַלעמען דערציילט, אַז לינקאָלן האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבען.

אַ צווייטען מאָל האָט פּאַסירט אזא זאַך. לינקאָלן איז געגאַנגען אין פעלד אָנגעטאָן אין זיינע בעסטע, יום־טוב'דיגע קליידער. פּלוצלונג האָט ער דערהערט ווי אַ חזיר קוויטשעט. דער חזיר איז געווען איינגעשפּאַרט אין אַ פּלאַנקען און זיך ניט געקענט אַרויסרייסען. לינקאָלן האָט זיך געפונען אין אַ פאַרלעגענהייט. העלפען דעם חזיר וואָלט געמיינט פּטר'ן דעם איינציגען לייטישען קאָסטיום וואָס ער האָט פאַרמאָגט. ער האָט לכתחילה באַשלאָסען אוועקצוגיין און איז טאַקע אָפּגעגאַנגען עטליכע טריט. אָבער די געשרייען פון דעם חזיר האָבען אים אָפּגעשטעלט. ער האָט מקריב געווען זיין אָנצוג צו העלפען דער ליידענדיגער חיה.

אין 1830, ווען אייבראַהעם לינקאָלן איז אַלט געוואָרען 21 יאָר, האָט די פאַמיליע ווידער גענומען דאָס פּעקעל אויף די פּלייצעס און איז אוועק זוכען גליק ערגעץ ווייטער. די פאַרם אין אינדיאַנאַ איז געווען אַ דורכפאַל. מער ווי שווערע אַרבייט און אָרימקייט און צרות האָט די פאַמיליע פון איר ניט געהאַט. דאָס מאָל האָט דער פאָטער די פאַמיליע אַוועקגעפירט קיין אילינאָי. אייבראַהעם האָט געהאָלפען זיך איבערקלייבען און זיך איינשטעלען אויף דעם נייעם פּלאַץ. דערנאָך האָט ער דערקלערט זיין פאָטער, אַז די צייט איז געקומען ער זאָל זיך אוועקלאָזען אַליין אין דער וועלט זוכען זיין גליק. צו 21 יאָר גייט מען אין אמעריקע אַרויס פון דעם רשות פון די עלטערען. ער האָט זיין פאָטער'ס הויז פאַרלאָזען אַזוי ווי ער איז אין איר געקומען דעם טאָג פון זיין געבורט: אָרים און נאַקעט.

ער האָט געהאַט בלויז איין שטיק קאַפּיטאַל: זיינע געזונטע הענט, און דערמיט איז ער אין דער וועלט אוועק. ער האָט געאַרבייט אויף פאַרמס, אויף שיפלאַך, אין קראָמען. און עס פאַרשטייט זיך, אַז פון זיין גאַנצער האָרעוואַניע האָט ער קוים אויף אַ שטיקעל ברויט פאַרדינט. ער האָט אָבער אין דער צייט אָנגעהויבען צו זאַמלען אַן אַנדער סאָרט קאַפּיטאַל. וואו ער איז

געקומען האט ער זיך באקענט מיט די איינוואוינער און מיט זיי גערעדט, געשמועסט, דיסקוטירט פראגען. און ער האט אין זיך באלד ענטדעקט א פייאיגקייט צו דערציילען מעשיות, זאגען וויצען און געבען לאגישע ארגומענטען. און די מענשען מיט וועמען ער האט פארבראכט האבען דעם טאלאנט אין אים אויך שנעל ענטדעקט. ער איז גיך פאפולער געווארען אין יעדען שטעטעל און דערפעל, וואו ער האט זיך נאר אויף א ווילע אפגע־שטעלט. מען דערציילט, אז אין א קליין שטעטעל אין אילינאי איז נאך איצט פאראן א קלאץ וואו לינקאלן פלעגט זיצען און אונ־טערהאלטען דעם עולם. וועגען קלאץ איז דא אזא מין לעגענדע: די איינוואוינער פון דעם שטעטעל פלעגען זיך צוזעצען אויףביידע זייטען פון דעם קלאץ און יעדען מאל ווען לינקאלן האט געענדיגט א מעשה'לע אדער א וויץ פלעגען זיי זיך אזוי צו־לאכען, אז זיי פלעגען זיך אראפקייקלען פון קלאץ לאכענדיג. אויף אזא אופן איז דער קלאץ געווארען גלאט און גלאנציג.

און ער האט אויך געקראגען א נאמען פאר אן ערליכען און א גוטען מענשען. מען האט אים גערופען איבעראל „אנעסט אייב" (דער ערליכער אייב) און יעדער וואס האט געדארפט א טובה פלעגט קומען צו אים. איבערהויפט האבען זיך מיט זיין גוטסקייט באנוצט ארימע און הילפלאזע.

* * *

אין פאליטיק איז לינקאלן טעטיג געווארען באלד נאכדעם ווי ער איז געקומען פון פארם אין שטאט אריין. ער האט זיך דאמאלסט אויך גענומען לערנען פאר אדוואקאט, ניט חס־ושלום אין אוניווערזיטעט, נאר ביי זיך אין דער היים. גענומען א בוך און געשטודירט. א קאפ האט ער געהאט א גוטען, א זכרון א וואונדערבארען, האט ער זיך באגאנגען אן א לערער.

אין יענע יארען האט ער זיך מיט ווייניג־וואס אויסגע־צייכענט. ער האט געפרובירט מסחור, געקויפט א קרעמעל אין א קליין שטעטעל צוזאמען מיט שותפים. קיין געלד האט ניט געהאט ניט ער, ניט זיינע שותפים, און פייאיגקייטען אויף גע־

שעפּט האָבען זיי אויך וויינינ פּארמאָגט, האָט דאָס געשעפּט אין קורצען גאָר געקראַכט און לינקאָלן איז געבליבען מיט אַ באַרג חובות אויף די פּלייצעס. ער האָט געוואוסט, אַז זיינע שותּפים וועלען זייער חלק קיינמאָל ניט אָפּצאָלען, האָט ער אויף זיך דעם גאַנצען יאָר גענומען, און פאַר די נעקסטע פופצען יאָר האָט ער געשפּאָרט און געשיקט צו די בעלי חובות, ביז וואַנען ער האָט יעדען ביז'ן לעצטען סענט באצאָלט.

אין פּאָליטיק האָט ער געהאַט אַ ביסעל ערפאָלג. ער איז געלאָפען פאַר אסעמבלימאַן אין 1832 און איז דורכגעפאלען. אין צוויי יאָר ארום איז ער ווידער געלאָפען און איז אויסגעקליבען געוואָרען. פון דעמאָלט אָן איז ער אויסגעקליבען געוואָרען פיר מאָל נאָכאַנאַנד. ער איז אין דער אילינאָי אסעמבלי געזעסען אכט יאָר, פון 1834 ביז 1842.

אלס אַן אסעמבלימאַן האָט ער קיין אויסערגעוויינליכען איינדרוק ניט געמאכט. ער האָט זיך אָבער דערוואָרבען אַ נאָמען אלס אַ גוטער רעדנער, אַן אויסגעצייכענטער דעבאַטאַנט און אַן ערליכער פּרינציפּיעלער מענש.

איין פּאַסירונג אין דער אסעמבלי איז אָבער ווערט צו פאַרצייכענען. דאָס איז געשען אין 1837. דאָס לאַנד האָט דאַן געשטורעמט מיט דער נייער „אַבאָלישאָניסט" באַוועגונג, וואָס האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטען.

אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, אַלע איינפלוסרייכע אָרגאַניזאַציעס זיינען אַרויסגעטראָטען אין קאַמף געגען דער באַוועגונג, און אין דער לעדזשיסלייטשור פון אילינאָי איז אַריינגעטראָגען געוואָרען אַ רעזאָלוציע די באַוועגונג צו פאַרדאַמען. אין דער רעזאָלוציע איז געזאָגט געוואָרען אָט וואָס: „זיי עס באַשלאָסען, אַז דאָס רעכט צו באַנוצען נעגערס איז הייליג פאַר די שטאַטען פון דער סאַוט און דאָס רעכט קען אָן זייער צושטימונג פון זיי ניט אוועקגענומען ווערען".

אַלע מיטגלידער פון דער לעדזשיסלייטשור פון ביידע פּאַרטייען האָבען געשטימט פאַר דער רעזאָלוציע, אויסער צוויי: אייבערעהעם לינקאָלן און דען סטאָון. און די צוויי האָבען אַרויס־

געגעבען אן ערקלערונג וועגען זייער שטעלונג. די ערקלערונג ענטהאלט די פאלגענדע שטעלען:

„מיר גלויבען, אז די אינסטיטוציע פון שקלאפעריי שטיצט זיך אויף אומגערעכטיגקייט. אבער מיר גלויבען אויך, אז די „אבאלישאן" באוועגונג וועט ברענגען מער שאדען ווי גוטס. מיר גלויבען אויך, אז דער קאנגרעס אין וואשינגטאן האט קיין רעכט ניט, לויט דער קאנסטיטוציע, צו מישען זיך אין דער שקלאפען אינסטיטוציע אין די פארשידענע שטאטען".

דאס איז געוועזען לינקאלנ'ס שטעלונג צו שקלאפעריי ווען ער איז אלט געוועזען 28 יאר, און ביי דער שטעלונג איז ער פארבליבען ביז אין מיטען פון בירגער קריג.

אין די יארען וואס ער איז געוועזען אן אסעמבלימאן האט לינקאלן געהאט ביטערע ערפארונגען אין ליבע און הייראט.

לינקאלנ'ס ערשטער ראמאן איז געוועזען א טראגעדיע פון אנהויב ביז'ן סוף. באקענט האט ער זיך מיט דער מיידעל ענן ראטלעדזש ווען ער איז 24 יאר אלט געוועזען און זי ניט מער ווי 19. זי איז געוועזען א טאכטער פון א סוחר און קרעטשמער, ביי וועמען לינקאלן איז איינגעשטאנען. אין דעם שטעטעל איז זי בארימט געוועזען אלס די גרעסטע שיינהייט און א זייער געראטענע מיידעל: געבילדעט, קלוג, באגאבט. ווי עס ווייזט אויס האט לינקאלן דעמאלט ניט געהאט דעם מוט וועגען איר צו טראכטען. צו איר האבען זיך גע'שדכנ'ט די רייכסטע און די פיינסטע בחורים פון שטעטעל. וואס פאר א האפענונג האט דער ארימער האלב-אומוויסענדער לינקאלן געקענט האבען צו געווינען איר האנט?

ערשט אין צוויי יאר ארום האט ער געוואגט. אבער דאמאלסט איז זי שוין געוועזען מיט אצובראכענעם הארץ, א האלב אויסגעלאשען ליכט. מיט איר האט זיך א טרויעריגע דראמע אפגעשפילט. א יונגערמאן, וואס איז אין דעם שטעטעל געקומען פון ערגעץ אין דער איסט, האט איר הארץ געוואונען. זי האט אים שטערבליך געליבט און פארערט. דאן האט ער איר פלוצלונג אויפגעדעקט א סוד, אז ער גייט אונטער א פאלשען נאמען און

האָט איר פאַרלאָזען מיט אַ הייליגען פארשפּרעכען באַלד צוריק צו קומען און הייראַטען מיט איר. ער האָט אָבער זיין וואָרט ניט געהאַלטען. פון אָנפאנג האָט ער כאָטש בריף געשריבען, און שפּעטער האָט ער דאָס אויך אויפגעהערט. דאַן איז לינקאָלן צו איר געקומען מיט זיין ליבעס ערקלערונג. זי איז געווען אַן אומגליקליכע, אַ צובראָכענע און לינקאָלן האָט איר געטרויסט און גערעדט צו איר פון זיינע הייסע געפילען. זי האָט איינ־געוויליגט פארלאָבט צו ווערען מיט אים. לינקאָלנ'ס גליק האָט אָבער ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. דאָס מיידעל האָט אַן איר ערשטען געליבטען ניט געקענט פארגעסען און זי האָט פון אים געטרוימט ביז זי איז קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען.

אויף לינקאָלן האָט די דאָזיגע איבערלעבונג אַ שרעקליכען איינדרוק געמאַכט. ער איז אריינגעפאַלען אין אַ מרה שחורה און זיינע פריינד האָבען אים געהיט טאָג און נאַכט, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט ער זאָל ניט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד. ער האָט ענן ראַטלעדזש קיינמאָל ניט פאַרגעסען. אַ סך יאָר שפּע־טער האָט ער צו אַן אינטימען פריינד, ריידענדיג וועגען איר גע־זאָגט: „מיין האַרץ ליגט באַגראָבען אין איר קבר".

דאָס האָט פּאַסירט אין 1835. אין אַ יאָר אַרום איז ער שיער ניט אריינגעצויגען געוואָרען אין אַ הייראַט מיט אַן על־טערער מיידעל. די שוועסטער אירע האָט אים פאָרגעשלאָגען, ער זאָל דאָס מיידעל הייראַטען און ער האָט ניט געהאַט דעם מוט איר אָפּצוזאָגען. ערשט ווען עס האָט געהאַלטען ביי חתונה האָט ער דער כלה געשריבען אַ בריף, אז פאַר איר לוינט זיך ניט דער שידוך, ווייל ער איז אָרים און ער וועט פאַר איר ניט קענען זאָרגען ווי עס בעדאַרף צו זיין. דער בריף איז געשריבען גע־וואָרען אין אַזאַ טאָן, אז זי האָט לייכט געקענט לייענען צווישען די שורות, אז זיינע געפילען צו איר זיינען גלייכגילטיגע, און זי האָט אַליין דעם שידוך אָפּגעלאָזען.

דער צווייטער ערנסטער ראָמאַן, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט הייראַט, איז אויך געווען אַ שטורעמדיגער. דאָס מיידעל,

מערי טאָד, איז געווען די פּלימעניצע פון לינקאָלנ׳ס א קאָלעגע אין דער לעדזשיסלייטשור. זי איז געווען א יחסנ׳טע, פון א רייכער אריסטאָקראַטישער פאמיליע. א געבילדעטע און א לוס־טיגע. לינקאָלן האָט זיך אין איר פארליבט, און אים איז שווער אָנגעקומען ביז וואנען זי האָט זיך אויף זיין ליבע אָפּגערופען. דער ליבעס־שטראָם איז אָבער רואיג ניט געפלאָסען. זיי האָ־בען זיך אָפּט געקריגט און אָפּט זיך איבערגעבעטען. זי איז דער־צויגען געווען אין א רייכער שטוב, וואו מען האָט זיך געמוזט קליידען שיין, ריידען העפליך און זיך אויפפירען לויט דעם שולחן ערוך פון עטיקעט. לינקאָלן האָט די פאָדערונגען ניט געקענט נאָכקומען. מיט די אויסגעאיידעלטע מנהגים און מאָנע־רען פון דער אריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט איז ער גאָר ניט געווען באקאנט און האָט זיך אויך ווייניג וואָס געקימערט. דאָס פלעגט די כלה שטארק אויפרעגען און פירען צו ברוגז׳ן.

דאָן האָט פּאסירט עטוואס, וואס איז ביז היינטיגען טאָג נאָך ניט געגוי דערקלערט געווארען. די חתונה איז באשטימט געווארען פאר׳ן ערשטען יאנואר, 1841. ביי דער כלה אין שטוב איז אַלץ געווען צוגעגרייט. די כלה איז שוין געווען אָנ־געטאָן אין שלייער, די געסט פארזאמעלט. אָבער דער חתן איז ניט געקומען. מען האָט ארויסגעשיקט מענשען אים זוכען, אָבער זייער מי איז געווען אומזיסט.

וואס האָט מיט לינקאָלן יענעם אווענט פּאסירט? זיינע אינטימע פריינד האָבען שפּעטער ערקלערט, אז אויפ׳ן וועג צו דער חופה האָט זיך פאר אים פּלוצלונג באוויזען דאָס בילד פון ענן ראַטלעדזש און ער האָט זיך אומגעקערט. נאָך דער פּאסירונג איז ער ווידער אריינגעפאלען אין א מרה שחורה און זיינע פריינד האָבען אים ווידער געמוזט היטען. דעם מאָל האָט עס אפילו אויסגעוויזען, אז ער איז געווירט פון זינען.

אין א צייט ארום האָבען זיך באקאנטע אריינגעמישט און ווידער געמאכט שלום צווישען לינקאָלן און זיין כלה. זיי האָבען

ענדליך געהייראט סוף יאר 1842.*) לינקאָלן איז דאַן אַלט געוועזן 33 יאָר און זיין כלה 21 יאר. די הייראַט איז ניט געווען קיין גליקליכע. מאדאם לינקאָלן איז געווען אַ נערוועזע, אַ כעסנ׳טע און זי פלעגט אָפּט אירע נערוועז און איר צאָרן אויסלאָזען צו זיין קאָפּ. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט אָפּגעוויינען פון זיין איינפאַכער אויפפירונג, פון זיינע פּראָסטע קליידער, פון זיין באַהאַנדלען אַלע מענשען ווי זיין גלייכען, און פון ריידען אַ גאַסען־שפּראך, און דאָס האָט זי אים ניט געקענט מוחל זיין. ביי אים איז רעכט געווען צו פארשפּאָרען דעם דינער אַ גאַנג און אַליין עפענען די טיר פאַר געסט. ביי אים איז געווען אַ קרן אז ער האָט געקאָנט שפּאצירען אין גאַס אין אַ פּראָסטען היטעל, אנשטאָט אַ הויכען צילינדער הוט, ווי עס איז דעמאָלאָט געווען די מאָדע. די רייכע אַריסטאָקראַטען האָבען אויף לינ־

*) די אַלגעמיינע מיינונג צווישן די פריינד און באַקאַנטע פון די לינקאָלנס איז געווען, אז זי האָט אים ניט ליב געהאט. אירע בריף צו אים זיינען קאַלטע. זי שרייבט צו אים אזוי ווי ער וואָלט געווען אינ־גאַנצען אַ פרעמדער. זי פלעגט צו אים שטענדיג האָבען טענות, זיך שטענדיג באַקלאָגען. ער, פארקערט, איז שטענדיג געווען גוט און צאַרט צו איר. דער פאָלגענדער פאַקט קען דינען אַלס ביישפּיל פון זיין איבער־געבענהייט. זי האָט זייער מורא געהאט פאַר אַ דונער. איז יעדען מאָל ווען דער הימעל פלעגט זיך פארוואָלקענען און עס פלעגט אָנהויבען צו דונערען, פלעגט לינקאָלן אוועקווארפען זיין ארבייט און לויפען אהיים צו דער ווייב.

געוויסע היסטאָריקער זיינען מיט דער מיינונג, אז די וועלט איז ניט גערעכט צו מאַדאַם לינקאָלן. זיי ווייזען אָן, אז זי האָט געקענט טאָן אַ רייכערען און מער אריסטאָקראַטישען שידוך, דאָך האָט זי אויסגעקליבען לינקאָלנ׳ען. ווען זי האָט מיט אים חתונה געהאט איז ער געווען אַ בעל חוב אויף טויזענט דאָלאר. נאָך דער חתונה האָבען זיי אַ צייט געלעבט אָרים. זי האָט אליין געמוזט נייען די קליידער פאר די קינדער. די היסטאָריקער ווייזען אויך אָן, אז זי האָט אים אַ סך געהאָלפען אין זיין קאַריערע. זי איז געווען אַ קלוגע און זייער אמביציעזע פרוי. זי האָט פארשטאַנען מענשען פיליכט בעסער ווי לינקאָלן. זי האָט לינ־קאָלנ׳ען געטריבען ער זאָל גיין ווייטער און העכער. אָן איר שטענדיגען וועקען און טרייבען וואָלט ער אפשר קיינמאָל אזא מדרגה ניט דערגרייכט.

קאָלן אימער געקוקט ווי אויף א וואולגארען מענשען. אים האָט עס ווייניג וואס געארט, איר אָבער האָט עס שרעקליך ווײ געטאָן און זי האָט עס אים געלאָזט פילען.*)

לינקאָלן האָט געוואוינט אין ספרינגפילד, די הויפט־שטאָט פון אילינאָי, וואו ער האָט זיך באשעפטיגט אלס אדוואָקאַט. ער האָט זיך אויך באטייליגט אין פּאָליטיק אלס איינער פון די וויכטיגסטע פיגורען אין דער „וויג" פארטיי. ער האָט געקראגען א נאָמען אלס איינער פון די בעסטע אדוואָקאטען אין דעם געגענד. דאָך ווי עס ווייזט אוים האָט ער פון זיין פּראָפעסיע קיין גליקען ניט געמאכט. אָט איז א צעטעל פון זיינע פארדינסטען. אין 1846 האָט ער צוזאמען מיט זיין שותף געפירט 180 פּראָצעסען. פאר איין פּראָצעס האָבען זיי באקומען צוויי און א האלב דאָלער; פאר צוויי, צו דריי דאָלער; פאר 64, צו פינף דאָלער; פאר 5 צו זיבען דאָלער; פאר 63, צו צען דאָלער; פאר 5, צו זיבען דאָלער; פאר איינעם הונדערט דאָלער, און פאר די איבעריגע צווישען פופצען און פינף דאָלער א שטיק.

דעם ערשטען יאָר נאָך זיין חתונה האָט ער מיט זיין פרוי געוואוינט אין א קרעטשמע וואו זיי האָבען געצאָלט אכט דאָלער א וואָך פאר עסען און שלאָפען.

אין 1846 איז לינקאָלן אויסגעקליבען געווארען פאר קאָנגרעסמאן. אין דעם וואל־קאמף האָט זיין געגנער (א גלח) דערקלערט, אז לינקאָלן גלויבט ניט אז יעזוס איז גאָט'ס זון און אז

*) די פאָלגענדע צוויי מעשה'לאך ווערען דערציילט אין פארבינדונג מיט דער חתונה: לינקאָלנ'ס א פריינד האָט געזאגט, אז צו דער חופה איז לינקאָלן געגאנגען אזוי ווי מען וואָלט אים געפירט צו דער שחיטה. ווען לינקאָלן האָט זיך אָנגעטאָן צו דער חתונה האָט א קליין אינגעלע אים געפרעגט: „וואוהין גייט איר?" האָט לינקאָלן געענטפערט: „איך גיי צום טייפעל". אין א בריף וואָס לינקאָלן האָט געשריבען צו זיינעם א פריינד פינף טעג נאָך דער חתונה געפינט זיך די שטעלע: „קיין נייעס האָט דאָ ניט פאסירט, אויסער דעם וואָס איך האָב חתונה געהאט. ווי אזוי דאָס איז געשען איז נאָך פאר מיר א גרויסער חידוש."

לינקאָלן זאָל האָבען געזאָגט, אז יעזוס איז געווען א ממזר. לינ־קאָלן איז אין יענעם וואל־קאמף אויך אטאקירט געווארען דערפאר וואָס ער האָט געהייראט די טאָכטער פון אן אריסטאָקראטישער פאמיליע. די אַלע אטאקעס האָבען אָבער ניט געשטערט לינ־קאָלנ׳ס ערפאָלג אין דעם טאָג פון די וואלען.

לינקאָלן האָט אין דעם וואל־קאמף באוויזען, אז ער באזיצט אויסערגעוויינליכע פייאיגקייטען אלס פּראקטישער פּאָליטיקער. ער האָט אליין געפירט דעם וואל־קאמף, האָט געשריבען הונדער־טער בריף צו פריינד, אָנהענגער און סתם בירגער. ער האָט פארשטאנען וואס פאר אַן ארגומענטען צו באנוצען כדי צו גע־ווינען שטימען. ער איז געווען אַן אויסערגעוויינליך גוטער אָר־גאניזאטאָר.

וועגען יענעם וואל־קאמף שרייבט סאנדבורג דאָס פאָלגענדע:
„א גרופּע פריינד האָבען געגעבען לינקאָלנ׳ען די סומע פון צוויי הונדערט דאָלער אויף הוצאות. נאָך די וואלען האָט ער זיי צוריקגעגעבען 199 דאָלער און 25 סענט. „איך האָב זיך ניט גענויטיגט אין געלד, האָט ער זיי געזאָגט; ארומגעפארען בין איך אויף מיין אייגענעם פערד. געגעסען האָב איך ביי פריינד און זיי האָבען ביי מיר קיין געלד ניט גענומען. איך האָב אויס־געגעבען 75 סענט אויף א פעסעל קוואס, וואס א גרופּע פארם־ארבייטער האָבען געבעטען איך זאָל זיי קויפען".

אין קאָנגרעס איז לינקאָלן אנגעקומען נאָכדעם ווי דער קריג מיט מעקסיקאָ איז געווען פאראיבער. דער קאָנגרעס האָט פאר־האנדעלט פארשידענע פראגען וואס האָבען געהאט צו טאָן מיט דעם קריג און מיט די פרידענס־באדינגונגען. לינקאָלן האָט זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט צו מאכען שארפע אטאקעס אויף פּרעזידענט פּאָלק פאר ארייגשטויסען דאָס לאנד אין דער מלחמה. ער האָט אריינגעטראגען א רעזאלוציע אין קאָנגרעס, וועלכע האָט געפאדערט, דער פּרעזידענט זאָל באווייזען, אז „די מעקסיקאנער האָבען ווירקליך פארגאָסען אמעריקאניש בלוט אויף אמעריקאנער באָדען" (פּאָלק האָט דאָס אָנגעגעבען אלס אורזאך פאר זיין ווענדונג צום קאָנגרעס צו דערקלערען קריג געגען מעק־

סיקא). לינקאָלנ'ס רעדעס געגען פאָלק'ן פאר דער מלחמה האָבען אויפגערודערט דאָס לאנד. די פרעסע אין זיין אייגענעם שטאט האָט אים דערפאר שטארק קריטיקירט. טייל צייטונגען האָבען אים גערופען „פאררעטער", אנדערע, „בענעדיקט ארנאָלד". לינ־קאָלן האָט אויך געשטימט א מאָל פערציג פאר דעם „ווילמאָט פראָוויזיאָ", וועלכע האָט פאָרגעשלאָגען, אז אין די טעריטאָריעס וואס אמעריקע וועט קריגען דורך דעם קריג מיט מעקסיקא זאָל שקלאפעריי זיין פארבאָטען.

אין זיין רעדע וועגען דער מלחמה האָט לינקאָלן אויסגע־דריקט זיין מיינונג וועגען דעם רעכט פון פעלקער צו מאכען רעוואָלוציעס. ער האָט געזאָגט: „יעדעס פאָלק, ווען עס איז דערצו גענייגט און באזיצט דערצו די מאכט, האָט א רעכט צו מאכען אן אויפשטאנד און אראָפּווארפען די עקזיסטירענדיגע רע־גירונג און שאפען א נייע, וואָס פאסט דעם פאָלק בעסער. דאָס איז א ניצליך און הייליג רעכט — א רעכט, וואס מיר האָפען און גלויבען וועט באפרייען די וועלט. . . רעוואָלוציעס ווערען ניט געמאכט אויף אַלטע ליניעס, לויט אַלטע רעצעפּטען. רעוואָלו־ציעס ווערען געמאכט מיט דעם צוועק צו פארניכטען אַלטע לי־ניעס און אַלטע רעצעפּטען און שאפען נייע אויף זייער פּלאץ."

אין פארבינדונג מיט דער פראגע פון טאריף, וואס איז פאר־האנדעלט געווארען אין קאָנגרעס, האָט לינקאָלן אויסגעדריקט זיין מיינונג איבער ארבייט. ער האָט געשריבען: „אין די ערשטע טעג פון דער מענשליכער ראסע אויף דער וועלט האָט גאָט גע־זאָגט: „מיט דעם שוויים פון דיין געזיכט זאָלסטו עסען דיין ברויט". פון דעמאָלט אָן קענען מיר קיין גוטע זאך ניט קריגען (מיט דער אויסנאַמע פון לופט און זונען־שיין), סיידען מיר באַ־צאָלען דערפאר מיט ארבייט. און ווייבאלד די מערסטע גוטע זאכען ווערען באשאפען דורך ארבייט, דארפען די גוטע זאכען געהערען צו די, וואס ארבייטען כדי זיי צו שאפען. אָבער אין אַלע צייטען האָט עס פּאסירט, אז געוויסע מענשען האָבען גע־ארבייט און געוויסע אנדערע מענשען האָבען, ניט ארבייטענדיג, צוגענומען א גרויסען טייל פון דער פּרוכט פון ארבייט. דאָס

איז אן אומרעכט וואָס טאָר ווייטער ניט אָנהאַלטען. יעדע גוטע רעגירונג דאַרף זיך שטעלען פאַר אַ ציל, אז יעדער ארבייטער זאָל קריגען די פולע פּראָדוקטען פון זיין ארבייט. . . די איינציגע רפואה איז צו פאַרטרייבען פון דער געזעלשאַפט נוצלאָזע אַר־בייט און ליידיגייעריי".

נאָכדעם ווי לינקאָלן האָט געענדיגט זיין טערמין אין קאָנ־גרעס איז ער צוריקגעקומען אין ספּרינגפּילד און זיך ווידער גענו־מען צו זיין פּראָפעסיע אַלס אַדוואָקאַט. פון 1849 ביז 1854 האָט ער זיך מיט פּאָליטיק ווייניג באַשעפטיגט. ער האָט אפילו דערקלערט פאַר זיינע פריינד, אז ער איז „פון פּאָליטיק אינ־גאַנצען אוועק".

דער שטורמישער קאַמף אַרום דער שקלאַפען־פראַגע, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אין די פופציגער יאָרען, האָבען אים ווידער אריינגעצויגען אין פּאָליטיק. ער איז אין דעם קאַמף גיך געוואָרען איינער פון די אָנגעזעענסטע פיגורען.

אין יענער צייט האָט אַן אַלטער פריינד אָנגעפרעגט לינ־קאָלנ'ען אין אַ בריף: „וואו שטייסטו איצט אין פּאָליטיק?" דערויף האָט לינקאָלן געשיקט דעם פאָלגענדען ענטפער: „איך דענק, אז איך בין אַ „וויג", אָבער אַנדערע זאָגען אז קיין „וויגס" זיינען מער ניטאָ און אַז איך בין אַן „אַבאָלישאָניסט". איך בין בלויז געגען דעם אַז שקלאַפעריי זאָל זיך פאַרשפּרייטען. איך בין ניט קיין „נאָ־נאַטינג". דאָס איז זיכער. . . מיר גייען שנעל באַרג אַראָפּ. אַלס אַ פאָלק האָבען מיר אָנגעפאַנגען מיט דער דערקלערונג אז „אַלע מענשען ווערען באַשאַפען גלייכע". איצט זאָגען מיר פאַקטיש, אז „אַלע מענשען ווערען געבוירען גלייכע, אויסער די נעגער". אויב די „נאָ־נאַטינגס" וועלען אריין אין מאַכט וועלען מיר זאָגען אז „אַלע מענשען ווערען געבוירען גליי־כע אויסער נעגער, פרעמדע און קאַטאָליקען". אויב דאָס וועט געשען, וואָלט איך געוואָלט ארויסוואַנדערען אין אַ לאַנד, וואָס פּרעטענדירט ניט אז זי האָט ליב פרייהייט, אַ לאַנד, ווי רוס־לאַנד, צום ביישפּיל, וואו דער דעספּאָטיזם איז אַ ריינער, ניט אויסגעמישט מיט היפּאָקריטסטוואָ".

קאַפּיטעל 2.

# די סאַוט רייסט זיך אָפּ, גרינדעט אַ באַזונדער רעגירונג.

אויף מאָרגען נאָכדעם ווי עס באַקאַנט געוואָרען, אַז לינקאָלן איז דערוויילט געוואָרען פאַר פּרעזידענט, איז אין דער לעדזשיס־לייטשור פון סאַוט קאַראָליינאַ געמאַכט געוואָרען אַ פאָרשלאַג, צו פאַררופען אַ קאָנווענשאָן וואָס זאָל באַטראַכטען די פראַגע וועגען אָפּטיילען זיך פון די פאַראייניגטע שטאַטען. דער פאָר־שלאַג איז דורכגעגאַנגען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די בירגער פון דעם שטאַט זאָלען אויסקלייבען דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן דעם 23טען נאָוועמבער, און אַז די דעלעגאַטען זאָלען זיך פאַרזאַמלען צו דער קאָנווענשאָן דעם 17טען דעצעמ־בער. אַזוי שנעל ווי דער באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרען, האָ־בען די בעאַמטע פון דער וואַשינגטאָנער רעגירונג, וועלכע האָבען געדינט אין סאַוט קאַראָליינאַ — אַ ריכטער, אַ שטייער־זאַמלער, אַ קאַסיר און אַ מאַרשאַל — אַריינגעשיקט זייערע רעזיגנאַציעס קיין וואַשינגטאָן. עס האָבען אויך רעזיגנירט די צוויי יונייטעד סטייטס סענאַטאָרס און אַלע קאָנגרעסלייט, וועלכע האָבען פאַר־טראָטען סאַוט קאַראָליינאַ אין דער פעדעראַלע רעגירונג.

די קאָנווענשאָן האָט זיך פאַרזאַמעלט אין טשאַרלסטאָן. אויפ׳ן 4־טען טאָג פון אירע זיצונגען, דעם 20טען דעצעמבער, האָט זי איינשטימיג אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע האָט דער־קלערט, אַז די פאַרבינדונג פון סאַוט קאַראָליינאַ מיט די פאַר־אייניגטע שטאַטען איז אָפּגעבראָכען און אַז סאַוט־קאַראָליינאַ איז פון איצט אָן אַן אונאָפּהענגיגער שטאַט, אַ רעגירונג פאַר זיך.

אין סאַוט־קאַראָליינאַ איז דער דאָזיגער געוואַלדיגער שריט

געמאכט געווארען אָן שווערינקייטען. עס זיינען געווען איינינע אין דער לעדזשיסלייטשור, וואס האָבען געראטען ניט צו האנדלען צו געאיילט. אָבער די שטימונג אין דעם שטאַט, און איבער־הויפּט אין טשאַרלסטאָן און אין די גאַסען ארום דער רעגירונגס־געביידע, איז געווען אַזאַ אויפגערעגטע, אז די וואָס זיינען געווען געגען אָפּטיילען זיך האָבען כמעט ניט געוואגט אויפצוהויבען זייערע שטימען. ניט אזוי גלאט אָבער איז עס צוגעגאנגען מיט מיט די אַנדערע שטאַטען פון דער סאוט. איינע נאָך דער אַנ־דערער האָבען די לעדזשיסלייטשורס דאָרטען אויך אויפגענומען די פראגע. אָבער דאָרטען האָבען זיך שוין געפונען באדיי־טענדע אָפּאָזיציעס. אין דזשאָרדזשיא, צוםביישפּיל, איז געגען דעם פאָרשלאג ארויסגעטראָטען אזא וויכטיגע פערזענליכקייט ווי אַלעקסאנדער סטעפּענס. אָבער די אָפּאָזיציעס זיינען באַזיגט גע־ווארען. די אַנדערע שטאַטען פון דער סאוט האָבען נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון סאוט־קאראָליינא. יעדע לעדזשיסלייטשור האָט פאררופען א קאָנווענשאָן, און די קאָנווענשאָן האָט אָנגענו־מען די רעזאָלוציע אז דער שטאַט טיילט זיך אָפּ פון די פאראיי־ניגטע שטאַטען און ווערט אונאָפּהענגיג.

אויף אזא אופן זיינען אין משך פון די מאָנאטען דעצעמבער און יאַנואר ארויסגעטראָטען די שטאַטען סאוט־קאראָליינא, מיסי־סיפּי, פלאָרידא, אַלאבאמא, דזשאָרדזשיא, לואיזיאנא און טעק־סעס, די זיבען וויכטיגסטע קאָטען־שטאַטען.

דאָס פאָלק אַליין האָט אין די אַלע שטאַטען איבער דער פראַגע ניט געשטימט, אויסער אין שטאַט טעקסאס. די בירגער האָבען געוויילט די דעלעגאַטען צו די קאָנווענשאָנס, אָבער דער באשלוס פון די קאָנווענשאָנס איז ניט איבערגעגעבען געווארען צום פאָלק אָפּצושטימען.

ווי אזוי וואָלט געשטימט דאָס פאָלק ווען עס וואָלט געהאַט די געלעגענהייט? איבער דעם זיינען היסטאָריקער צוטיילט אין זייערע מיינונגען. זיי אַלע גיבען צו, אז בלויז דאָס קליין הייי־פעלע פון שקלאַפען־אייגענטימער און די פּאָליטישע פירער אין יענע שטאַטען זיינען געווען פאראינטערעסירט אין אָפּרייסען זיך.

אבער די גרויסע מאסע האט דערפון גארניט געהאט צו געווי־ נען און אלץ צו פארלירען. דאך, מיינען א סך היסטאריקער, וואלט די מאסע געשטימט מיט די שקלאפען אייגענטימער. אין פארלויף פון צענדליגער יארען איז אין דער סאוט אנגעפירט געווארען א העצע געגען דער נארט, און איבערהויפט געגען יענע גרופען אין דער נארט, וואס זיינען געווען געשטימט געגען שקלא־ פעריי. איין היסטאריקער באמערקט: „עס איז געקומען צו אזא לאגע, אז די נארט און די סאוט האבען שוין מער ניט גערעדט דיזעלבע שפראך". אין סאוט־קאראליינא, צום ביישפיל, איז די נייעס, אז די קאנווענשאן האט באשלאסען דער שטאט זאל זיך אפטיילען, אויפגענומען געווארען מיט ווילדער באגייס־ טערונג. די גאסען זיינען געווען געפאקט מיט מענשען, וועלכע האבען אזש געטאנצט פאר פרייד. מענשען זיינען געפאלען איינע די אנדערע אויף די העלזער און זיך געקושט. עפעס אזוי ווי ענדליך איז דאס לאנד באפרייט געווארען פון א שרעקליכען טיראנישען יאך.

טייל היסטאריקער מיינען אבער, אז די אלע דעמאנסטראציעס זיינען געווען אויפגעבלאזענע, אויפגעהעצטע, פון פאליטישענס און געשיקטע רעדנער. זיי גלויבען, אז אויב די פאליטישענס וואלטען געפילט, אז דאס פאלק איז מיט זיי, וואלטען זיי די פראגע אי־ בערגעגעבען דירעקט צום פאלק פאר אן אפשטימונג. די היסטא־ ריקער דענקען, אז ווען די גאנצע זאך וואלט ניט אפגעטאן גע־ ווארען אין אזא איילעניש; ווען דער עולם וואלט געהאט צייט זיך צו איבערלייגען און דערנאך זאגען זיין ווארט, וואלט דער ריס ניט געקומען.

דעם 4טען פעברואר, 1861, האבען די זיבען ארויסגעטרא־ טענע שטאטען געשיקט דעלעגאטען צו א קאנגרעס אין מאנט־ גאמערי, אלאבאמא. דער קאנגרעס האט ארגאניזירט א נייע רע־ גירונג מיט'ן נאמען „די קאנפעדערייט סטייטס אוו אמעריקא". ער האט אויך פארפאסט א צייטווייליגע קאנסטיטוציע און אויס־ געוויילט א פרעזידענט און א וויים־פרעזידענט. אלס פרעזידענט איז אויסגעוויילט געווארען דזשעפערסאן דייווים פון מיסיסיפי,

און אלס וויס־פּרעזידענט — אַלעקסאנדער סטעפענס פון דזשאָר־דזשיא (סטעפענס איז לכתחילה געווען געגען אָפּטיילען זיך. אָבער ווען זיין שטאַט, דזשאָרדזשיא, איז דאָך ארויס, איז ער געוואָרען אן איבערגעבענער אָנהענגער פון דער נייער רעגירונג).

די קאָנסטיטוציע פון דער נייער רעגירונג איז אין אַלגעמיין געווען דיזעלבע ווי די קאָנסטיטוציע פון דער אַלטער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאַטען. עס זיינען בלויז ארייננעשטעלט געוואָרען אייניגע פּונקטען צו פארזיכערען און באַפעסטיגען די אינסטיטוציע פון שקלאַפעריי: אז דער קאָנגרעס זאָל קיינמאָל ניט טאָרען מאכען קיין געזעצען צו שעדיגען דאָס אייגענטום פון שקלאַפען. עס זיינען אויך געמאכט געוואָרען אייניגע אומבאַדייטענדע ענדערונגען אין דער רעגירונגס־סאַרם, ווי צום ביישפּיל, אז דער פּרעזידענט זאָל אויסגעוויילט ווערען ניט אויף פיר יאָר, נאָר אויף זעקס, און אז מער ווי איין טערמין זאָל ער ניט טאָרען זיין אין אמט.

אין אַ רעדע, וואָס מר. סטעפענס, דער וויס־פּרעזידענט פון דער „קאָנפעדעריישי", (דאָס איז דער פּאָפּולערער נאָמען וואס די רעגירונג אין דער סאוט האָט געטראָגען) האָט געהאַלטען מיט אַ מאָנאַט שפּעטער, האָט ער דערקלערט: „דער פונדאַמענט פון אונזער רעגירונג שטיצט זיך אויף דעם גרויסען אמת, אז דער נעגער איז ניט קיין גלייכען צו דעם ווייסען; אז שקלאַפעריי איז נאַטירליך און נאָרמאַל. אונזער נייע רעגירונג איז די ערשטע אין דער וועלט וואָס שטיצט זיך אויף אָט דעם גרויסען פילאָזאָ־פישען, פיזישען און מאָראלישען אמת".

די רעגירונג אין וואשינגטאָן האָט די ערשטע צייט גאָר ניט געטאָן צו שטערען די רעוואָלטירענדע שטאַטען פון דער סאוט. דער אַלטער פּרעזידענט, דזשיימס ביוקענען, איז געווען אַ דעמאָקראַט און אַ ביטערער געגנער פון דעם ניי־דערוויילטען פּרעזידענט און פון דער רעפּובליקאנישער פּארטיי. זיינע סימפּאַ־טיען זיינען שטענדיג געווען מיט דער שקלאַפּישער סאוט. דערצו איז ער געווען אַ שוואַכער מענש, אָן ווילענס־קראַפט. זיין אד־מיניסטראציע איז געפירט געוואָרען פון זיינע מיניסטאָרען, און

די שטארקסטע דעה־זאגער אין קאבינעט זיינען געווען מענשען פון דער סאוט, וועלכע האבען געשטיצט די „סיסעשאן" (די באַוועגונג פון אפטיילען זיך). זיי זיינען געווען קאב פון דזשאָרדזשיא, פינאנס־מיניסטער; פלאיד פון ווירדזשיניא, קריגס־מיניסטער; און טאמפסאן פון מיסיסיפי, מיניסטער פון אינערען. ווען דער אלטער קאנגרעס האט געעפענט זיין לעצטע זיצונג, אין אנפאנג דעצעמבער, האט פרעזידענט ביוקענען אריינגעשיקט א מעסעדזש, וועלכער האט צוגעגעבען מוט די רעוואלטירענדע שטאטען. אין דעם מעסעדזש האט ער פארענטפערט די סאוט פאר איהר אפרייסען זיך פון דער רעגירונג. ער האט ערקלערט, אז די נארט האט יארען לאנג געהעצט געגען דער סאוט; אז זי האט אנגעשטעקט די שקלאפען מיט'ן געדאנק פון פרייהייט און דערמיט אנגעווארפען א שרעק אויף דער סאוט. ער האט שארף קריטיקירט די נארט־שטאטען פאר מאכען געזעצען צו העלפען אנטלאפענע שקלאפען, און אויך דערפאר ווייל זיי האבען אויסגעוויילט לינקאלנ'ען פאר פרעזידענט.

וועגען דעם עיקר, וואס ער דענקט צו טאן מיט די שטאטען וועלכע האבען זיך דערקלערט אונאפהענגיג, האט ביוקענען אין זיין מעסעדזש געמאכט אזא מין דערקלערונג: די שטאטען האבען קיין רעכט ניט זיך אפצוטיילען; אבער ניט דער קאנגרעס, און ניט דער פרעזידענט האט די מאכט צו צווינגען א שטאט ער זאל פארבלייבען אין די פאראייניגטע שטאטען ווען ער וויל ניט. דער איינציגער מיטעל איז צו זען ווירקען מיט גוטען אז די שטאטען זאלען צוריק אריין אין דער „יוניאן" (פאראייניגטע שטאטען). מיט גוואלט זיי צווינגען טאר מען ניט.

די סאוט איז אלזא געווען זיכער, אז כל זמן די אלטע אדמיניסטראציע איז אין מאכט, וועט זיי קיינער ניט שטערען דורכצופירען זייערע פלענער און גרינדען אן אייגענע, אונאפהענגיגע רעגירונג. זיי האבען געוואוסט, אז ווען לינקאלן וועט איבערנעמען די רעגירונג דעם 4טען מערץ, וועט זיך די לאגע ענדערען. זיי האבען אלזא אנגעשטרענגט די כחות צו באפעסטיגען זיך אי פיזיש, אי מאראליש, אין פארלויף פון די עטליכע מא־

נאַטען וואס איז פארבליבען ביז לינקאָלנ'ס איינשווערונג. די קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרען וואס האָבען די שטאַטען פאַר־טראָטען אין וואשינגטאָן האָבען רעזיגנירט און זיינען אוועקגע־פאָרען אהיים. די „נייע רעגירונג" האָט אויך פארנומען אלע געביידעס פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג וועלכע האָבען זיך גע־פונען אין זייערע גרענעצען: די אַקציז־ביוראָס, די מיליטערישע ארסענאַלען, די געריכט־הייזער, א. ז. וו.*)

דער קאָנגרעס האָט געפאָלגט דעם פרעזידענט'ס עצה און האָט גענומען זוכען מיטלען ווי אזוי דורכצוקומען מיט דער סאוט אויף א פרידליכען אופן. דער סענאַט האָט באַשטימט א קאָ־מיטע פון דרייצען; די האוז־אָוו־רעפּרעזענטאַטיווס — א קאָ־מיטע פון דריי־און־דרייסיג. די סענאַט־קאָמיטע האָט פארהאַנ־דעלט א פּשרה־פּלאַן, וועלכער וואָלט פיליכט צופרידענגעשטעלט די סאוט, אָבער לינקאָלן האָט געלאָזט וויסען, אז ער וועט שפּע־

*) וואָלטער גאַסטאָן שאַטוועל אין זיין ווערק „דער בירגער־קריג אין אמעריקע", גיט די פאָלגענדע ציפערען פון דעם מיליטערישען אייגענטום וואס די סאוט האָט פארכאַפּט: „ווען לינקאָלן איז איינ־געשוואָרען געוואָרען, זיינען בלויז דריי פעסטונגען אין די רעוואָלטי־רענדע שטאַטען פארבליבען אונטער דער מאַכט פון די יונייטעד סטייטס, — פאָרט סאָמטער, נעבען טשאַרלסטאָן, און צוויי נעבען דעם פלאָרידער ברעג. אלע אַנדערע פעסטונגען, מאגאזינען, האַפענס, מינצען, שטייער־ביוראָס און רעגירונגס־געביידעס זיינען פארכאַפּט געווארען. אין דער מינץ פון ניו־אָרלינס, וואס די „קאָנפעדעריסי" האָט פארכאַפּט, האָט זיך געפונען א האלבער מיליאָן דאָלאר אין גאָלד. אין די רעוואָלטירענדע שטאַטען זיינען געווען מער ווי דרייסיג פעסטונגען מיט דריי טויזענד הארמאַטען, וועלכע האָבען אָפּגעקאָסט איבער צוואנציג מיליאָן דאָלער. קריגס־מיניסטער פלאָיד האָט פאַר זיין רעזיגנירען אַריבערגעשיקט אין דער סאוט כמעט די גאַנצע וואפען וואָס די יונייטעד סטייטס האָט דאַן פארמאָגט. ער האָט, צום ביישפּיל, געהייסען אַריבערפירען 115 טויזענד ביקסען פון די ארסענאַלען אין דער נאָרט צו די ארסענאַלען אין דער סאוט. איידער ביוקענען איז ארויס פון אַמט, האָט די סאוט צוגע־נומען פון די יונייטעד סטייטס מיליטערישע זאַפּאַסען אין ווערט פון 30 מיליאָן דאָלער. זי האָט צוגענומען גענוג וואפען צו באַזאָרגען אַן ארמיי פון 150 טויזענד מאַן.

טער, אלס פרעזידענט, ניט שטיצען דעם פלאן. דער פונקט אין דעם פלאן וואס האט ארויסגערופען לינקאלנ'ס אפאזיציע, האט פארגעשלאגען, אז דאס לאנד זאל צוטיילט ווערען אין צוויי חלקים; א ליניע זאל געצויגען ווערען אויף א געוויסען פונקט, און אז די טעריטאריע וואס ליגט אויף דער דרום זייט פון דער ליניע זאל זיין אפען פאר שקלאפעריי. לינקאלן האט דערקלערט, אז ער איז דערוויילט געווארען אויף א פלאטפארמע וואס לויטעט, אז אין נייע טעריטאריעס זאל קיין שקלאפעריי ניט דערלויבט זיין און אז ער וועט זיך ביי דעם דאזיגען פרינציפ האלטען. ער איז וויליג געוועזען צו גאראנטירען דער סאוט, דאס אין זייערע אייגענע שטאטען, דארט וואו שקלאפעריי עקזיסטירט שוין איצט, וועט שקלאפעריי פארבלייבען. ער איז אבער געוועזען אנטשידען געגען דעם, אז שקלאפעריי זאל האבען די מעגליכקייט ארייצודרינגען אין נייע טעריטאריעס. לינקאלנ'ס אפאזיציע האט דעם שלום-פלאן צושטערט.

די האוז-קאמיטע האט אויך אויסגעארבייט א פשרה-פלאן. דארט איז געוועזען א פונקט, אז די קאנסטיטוציע זאל אזוי אמענדירט ווערען, אז דער קאנגרעס זאל קיינמאל ניט טארען אפשאפען שקלאפעריי דארט וואו שקלאפעריי עקזיסטירט שוין. דיביידע צווייגען פון קאנגרעס האבען דעם אמענדמענט אנגענומען מיט מאיאריטעטען פון צוויי-דריטעל. די לעדזשיסלייטשורס פון די שטאטען האבען אים אבער צוריקגעוויזען. פון דעם פלאן איז אויך גארניט געווארען.

פרעזידענט ביוקענענ'ס לאגע איז געווארען שווערער פון טאג צו טאג. ער האט געוואוסט, אז די נארט קריטיקירט אים דערפאר, וואס ער נעמט ניט קיין שטעלונג געגען די רעוואלוציאנערע שטאטען. וואשינגטאן איז געוועזען פול מיט פארשווערער געגען דער רעגירונג, מיט שפיאנען פון דער סאוט. קאנגרעסלייט און סענאטארען און הויכע רעגירונגס-בעאמטע האבען אין געהיים געארבייט צו שטארקען די הענט פון דעם אויפשטאנד. דער קריגס-מיניסטער פלאיד האט געהאלטען אין איין טראנספערירען געווער פון די ארסענאלען אין דער נארט און אין דער

וועסט צו די ארסענאלען פון דער סאוט, כדי די סאוט זאל עם קענען צונעמען. ער האט אויך אריבערגעשיקט א גרויסען טייל פון דער פעדעראלער ארמיי קיין טעקסעס, און דארטען האט דער קאמאנדיר פון דער ארמיי זי איבערגעגעבען אלס קריגס־געפאנגענע אין די הענט פון דער „קאנפעדערייסי". די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען האט דורך פלאיד'ס פארראט פארלארען מיליטערישע זאפאסען וואס האבען באטראפען א מיליאן און צוויי הונדערט טויזענד דאלער.

סוף דעצעמבער איז אין וואשינגטאן אנגעקומען א קאמיסיע פון דריי פארשטייער פון דער סאוט־קאראליינער אונאפהענגיגער רעגירונג. זי איז געקומען פארהאנדלען מיט'ן פרעזידענט וועגען אויסגלייכען זיך מכח דעם אייגענטום פון דער וואשינגטאנער רעגירונג וואס געפינט זיך אין סאוט־קאראליינא. די קאמיסיע האט זיך געווענדעט צום פרעזידענט, ער זאל זי אויפנעמען און מיט איר פירען אונטערהאנדלונגען. דער פרעזידענט האט געענטפערט, אז דאס קען ער ניט טאן, ווייל ער האט קיין רעכט ניט צו אנערקענען די אונאפהענגיגקייט פון סאוט־קאראליינא; אז דאס קען טאן בלויז דער קאנגרעס.

די קאמיסיע האט אין איר בריף צום פרעזידענט אויך פראטעסטירט געגען דעם, וואס אין דעם האפען פון טשארלסטאן האט אן אפיצער פון דער וואשינגטאנער רעגירונג טראנספערירט זיין גארניזאן פון איין אינזעל אויף א צווייטען. דער אפיצער, מאיאר ענדערסאן, איז פריער געשטאנען אויף דעם אינזעל מאלטרי, וועלכער איז געווען שוואך באפעסטיגט און זייער נאענט צום טשארלסטאנער ברעג. האט ער מורא געהאט דארט צו פארבלייבען, ווייל דארט וואלט די ארמיי פון סאוט־קאראליינא אים לייכט געקענט באמבארדירען. האט ער אין מיטען נאכט, דעצעמבער דעם 26טען, אריבערגעפירט דעם גארניזאן אויף א צווייטען אינזעל, סאמטער, וועלכער איז געווען שטארק באפעסטיגט. די קאמיסיע האט געפאדערט, אז דער פרעזידענט זאל באפעלען ענדערסאנ'ען ער זאל זיך צוריקציען פון פארט־סאמטער, ווייל דערמיט וואס ער איר אריבער אויף א שטארקערע פאזיציע, האט

ער געמאכט א קריגערישען שריט געגען סאוט־קאראליינא. דערויף האט דער פרעזידענט געענטפערט, אז ער וועט דאס ניט טאן. ער האט אנגעוויזען, אז סאוט־קאראליינא האט צוגענומען פון טשארלסטאן אמוניציע פאר א האלבען מיליאן דאלער, וואס האט געהערט צו דער יונייטעד סטייטס רעגירונג, און אז זי האט קיין רעכט ניט געהאט צו פארכאפען דאס אייגענטום פון דער יונייטעד סטייטס רעגירונג.

די קאמיסיע האט געשיקט אן ענטפער אויף דעם ענטפער. איר טאן איז איצטער געווען א באליידיגענדער. זי האט אים געסטראשעט מיט מלחמה. פרעזידענט ביוקענען האט אויף דעם בריף קיין ענטפער ניט געשיקט.

די אלע זאכען האבען געווירקט אויף פרעזידענט ביוקענען ער זאל ווערען אביסעל מוטיגער. דער קריגס־מיניסטער פלאיד האט רעזיגנירט פון קאבינעט אזוי שנעל ווי מאיאר ענדערסאן האט פארנומען פארט סאמטער. קורץ נאכדעם זיינען ארויס־געטראטען די אנדערע אומטרייע מיניסטארען. אין קאבינעט זיינען איצט אריין מיניסטארען, וועלכע האבען ניט געהאט קיינע סימפאטיען מיט די רעוואלטירענדע שטאטען פון דער סאוט.

ביוקענען האט זיך געפילט פארלאזען פון ביידע צדדים. ער האט פארלארען דעם צוטרוי אי פון דער נארט, אי פון דער סאוט. ער איז געווען אין טויט־שרעק. פראפעסאר דרעיפער (אין זיין ווערק „דער בירגער־קריג אין אמעריקע") שרייבט: „ניי־יאר איז במעט קיינער ניט געקומען אים באגריסען און צוואוינשעווען. אי לאיאלע, אי ניט לאיאלע, האבען זיך אנט־זאגט אים צו געבען די האנט. צו זיינעם א פריינט האט ער געזאגט: „איך האב געוואלט טאן מיין פליכט צו ביידע צדדים און איך האב אויסגעפירט אז ביידע זיינען אומצופרידען. איך בין געבליבען איינער אליין אויף דער וועלט".

דאס לאנד האט געוואַרט אומגעדולדיג אויף דעם 4טען מערץ, ווען לינקאלן און זיין נייע אדמיניסטראציע וועט אריין אין מאכט. ווי וועט ער האנדלען?

קאפיטעל 3.

# לינקאָלן איינגעשוואוירען. — דער בירגער־קריג הויבט זיך אָן.

דעם 7טען פעברואר, 1861, איז אייבערהעם לינקאָלן ארויס־געפאָרען פון זיין היים, ספרינגפילד, אילינאָי, קיין וואשינגטאָן, איבערצונעמען דעם פּרעזידענט־אמט. ער האָט באקומען א גרוי־סע צאָל איינלאדונגען פון די לעדזשיסלייטשורס און פון שטאָט־בעאמטע אין אינדיאנא, אָהייאָ, פענסילווייניא, ניו יארק, מאסא־טשוזעטס און ניו דזשוירזי, ער זאָל זיך ביי זיי אָפּשטעלען אלס גאסט. א סך פון די איינלאדונגען האָט ער אָנגענומען. דערפאר איז ער דאָס ארויסגעפאָרען אזוי פרי — א גאנצען מאָנאט כמעט פאר דעם טאָג פון דער איינשווערונג.

ווען ער האָט פארלאָזען ספרינגפילד, האָבען ארום א טויזענד פריינד און פארערער אים באגלייט צום באן. איידער דער צוג האָט גענומען פאָרען, האָט לינקאָלן, שטייענדיג אויף דער פּלאט־פאָרמע, זיך געזעגענט מיט דעם עולם. ער האָט אזוי געזאָגט: „מיינע פריינד, א מענש וואָס איז ניט אין מיין לאגע, קען ניט אָפּשאצען דעם געפיל פון אומעט וואָס איך האָב איצט, ביים שיידען זיך מיט אייך. אָט דער שטאָט און דער פריינדשאפט פון אירע איינוואוינער האָב איך אלץ צו פארדאנקען. דאָ האָב איך געלעבט א פערטעל יאָרהונדערט. דאָ בין איך פון א יונגען מאַן אַן אַלטער מאַן געוואָרען. דאָ זיינען מיינע קינ־דער געבוירען געוואָרען און איינעם האָב איך דאָ באערדיגט. איצטער פארלאָז איך אייך, און ווייס ניט צי איך וועל ווען־עס־איז צוריקקומען. און פאר מיר שטייט אַן אויפגאבע וואָס איז נאָך שווערער ווי די אויפגאבע וועלכע דזשאָרדזש וואשינגטאָן האָט

געהאט. אָן דער הילף פון גאָט, וואָס איז אים בייגעשטאַנען, וועל איך ניט קענען זיין ערפאָלגרייך. מיט זיין הילף אָבער קען איך ניט דורכפאַלען. איך ווינש אייך אַ הארציגען זייד געזונט".

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ צען גרויסע שטעט און אין אַ סך קליינע שטעטלאך. איבעראל זיינען גריסע מאסען אים נעקומען באגריסען. אלע זיינען, פארשטייט זיך, געווען נייגעריג צו הערען אַ וואָרט פון אים וועגען זיינע פּלענער בנוגע דער סאוט, אָבער ער האָט די פראַגע אינגאַנצען אויסגעמידען אין זיינע רעדעס.

דעם 21טען פעברואר איז ער אָנגעקומען אין פילאדעלפיע. דאָרט האָט ער געקראָגען ידיעות, אז אין באַלטימאָר איז דאָ אַ געהיימע פאַרשווערונג אים צו דערמאָרדען אַזוי שנעל ווי ער וועט זיך דאָרט באווייזען. לויט זיין פּראָגראַם, האָט ער געדאַרפט זיך אָפּשטעלען אין באַלטימאָר און דאָרט האַלטען אַ רעדע. זיינע פריינד האָבען אים געוואַרענט ער זאָל זיך ניט דערוועגען דאָס צו טאָן. באַלטימאָר האָט אים טאַקע אָפיציעל איינגעלאַדען, אָבער זי איז דאָך געווען אין מערילאַנד, אַ שקלאַפען־שטאַט. דערצו זיינען די צייטונגען געווען פול מיט פאַרשיידענע קלאַנגען, אז די סאוט איז אנטשלאָסען ניט צו דערלאָזען אַז לינקאָלן זאָל איבערנעמען דעם פּרעזידענט־שטול. זיינע פריינד האָבען אים אויך דערמאָנט, אז מיט אים פאָרט מיט זיין פאַמיליע, און אז ער מוז אין זינען האָבען די לעבענס פון זיין פרוי און קינדער.

לינקאָלנ׳ס ענטפער איז געווען, אַז אויב פון באַלטימאָר וועט קומען אַ רעגירונגס־קאָמיטע אים צו באַגלייטען פון פילאַדעלפיא אין זייער שטאָט, וועט ער מיט איר מיטפאָרען. אויב ניט, וועט ער פאָלגען זיינע פריינד. קיין קאָמיטע איז ניט געקומען. אויסמיידען דורכצופאָרען באַלטימאָר האָט ער אָבער ניט געקענט, ווייל די באַן פון פילאַדעלפיא קיין וואַשינגטאָן גייט דורך באַלטימאָר. האָט ער זיך דורך באַלטימאָר דורכגעגנב׳עט. ער האָט זיך פאַרקליידט פאַר אַ געוויינליכען רייזענדען און איז

ארויף אויפ'ן באַן ביינאכט, אין דער באַגלייטונג פון איין מענ־שען, זיינעם אַ פריינד. קיינער אויפ'ן באַן האָט אים ניט דער־קענט. ביי דער סטאַנציע אין וואשינגטאָן האָבען אויף אים גע־ווארט צוויי פון זיינע פארטרויטסטע פריינד — סענאטאָר סיוארד און אַ קאָנגרעסמאַן פון אילינאָי. זיין פאַמיליע איז ארויסגעפא־רען קיין וואַשינגטאָן נאָכדעם ווי לינקאָלן איז שוין דאָרט גע־ווען.*)

די צערעמאָניע פון דער איינשווערונג, מאָנטאָג, דעם 4טען מערץ, איז דורכגעפירט געוואָרען אונטער אַ שטרענגער מיליטערי־שער וואך. אויף דעם גאַנצען וועג פון דעם פּרעזידענט'ס וואוי־נונג ביז'ן „קעפּיטאָל" זיינען געשטאַנען דאָפּעלטע רייען קאַוואַ־לעריע. פאָראויס פון דער פּראָצעסיע איז געגאַנגען אַ טרופּע סאָלדאטען, און הינטער דער פּראָצעסיע זיינען אויך געגאַנגען סאָלדאטען. אויף די דעכער פון די הייזער זיינען געשטאַנען סאָלדאטען מיט ביקסען אין די הענט. מען האָט מורא געהאט טאָמער וועט אימיצער מאכען אַ פארזוך צו שיסען דורך אַ פענס־טער. ביי די טרעפּ פון „קעפּיטאָל" זיינען ווידער געווען סאָל־דאטען, און סאָלדאטען זיינען געשטאַנען אין די פענסטער אין די אויבערשטע עטאַזשען אין דער געביידע.

אין דער רעדע וואס לינקאָלן האָט געהאלטען ביי דער איינ־שווערונגס־צערעמאָניע האָט ער פאָרגעלייגט זיין שטאַנדפּונקט און זיין פּראָגראַם בנוגע די רעוואָלטירענדע שטאַטען און בנוגע דער סאוט אין אַלגעמיין. אויף דער רעדע האָט דאָס גאַנצע לאַנד געוואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולד. ער האָט מיט אַלע כחות געזוכט צו בארואיגען די סאוט, צו ווירקען אויף די שטאַטען וואָס זיינען שוין ארויס, זיי זאָלען אריין צוריק, און אויף די שטאַטען וואָס זיינען נאָך ניט ארויס — אַז זיי זאָלען

*) די שרעק פאַר דורכפאָרען באַלטימאָר איז געווען אזוי גרויס, ווייל דעמאָלט פלעגט זיך די באַן אָפּשטעלען הינטערן שטאָט. מען פלעגט אָפּשפּאַנען דעם לאָקאָמאָטיוו און איינשפּאַנען פערד. די באַן פלעגט דורכפאָרען דורך דער שטאָט אזוי ווי אַ טראַמוויי.

דעם שריט ניט מאכען. אין דער סאוט, דאס הייסט, אין דעם שקלאפישען טייל פון לאנד, האבען זיך געפונען עלף שטאטען. ביז איצט זיינען ארויס ניט מער ווי זיבען. אויב עס וואלט גע־לונגען איינצוהאלטען די איבעריגע פיר, וואלט לייכט געווען דעם רעוואלט צו אונטערדריקען. לינקאלן האט געוואוסט, אז די פיר וואקלען זיך צווישען צוויי געפילען: דאס געפיל פון שקלאפעריי ציט זיי צו דער קאנפעדערייסי; דאס געפיל פון „יוניאן" ציט זיי צו די יונייטעד סטייטס. האט ער געשטרעבט אין זיין רעדע צו איבערצייגען די וואקעלדיגע שטאטען, אז זיי האבען קיין שום אורזאכען ניט נאכצוטאן דעם ביישפיל פון די אנדערע זיבען. ער האט פארזיכערט, אז ער וועט ניט שטערען די שקלאפעריי אין יענע שטאטען, וואו שקלאפעריי עקזיסטירט שוין. ער האט אפילו דערקלערט, אז ער וועט זען, אז דאס געזעץ וועגען אנט־לאפענע שקלאפען זאל אפגעהיט ווערען. דאן האט ער גערעדט אויספירליך וועגען דער „יוניאן", וועגען דער גאנצקייט פון לאנד. ער האט דערקלערט, אז אונטער קיינע אומשטענדען וועט די „יוניאן" ניט צוריסען ווערען, און ער האט פארזיכערט אז ער וועט זען, אז די געזעצען פון די פאראייניגטע שטאטען זאלען אפ־געהיט ווערען אין אלע שטאטען. ווייטער האט ער דערקלערט, אז ער וועט זען אויסמיידען בלוט־פארגיסונג; אז עס וועט ניט פארקומען קיין בלוט־פארגיסונג, סיידען דאס וועט אויף אים ארויפגעצוואונגען ווערען. ער האט זיין רעדע געענדיגט מיט אן אפיל צו די רעוואלטירענדע שטאטען: „אין אייערע הענט — האט ער געזאגט — מיינע אומצופרידענע ברידער־בירגער, און ניט אין מיינע, ליגט די אנטשיידונג וועגען א בירגער־קריג. די רעגירונג וועט אייך ניט אטאקירען. עס וועט ניט קומען צו קיין צוזאמענשטויס, סיידען איר וועט אנגרייפען. . . מיר זיינען ניט קיין שונאים, נאר פריינד; מיר טארען ניט זיין קיין שונאים. די ליידענשאפטען האבען פאנאנדערגעצויגען דעם באנד פון ליבע, וואס מיר טראגען איינע צו די אנדערע. מיר טארען ניט דערלאזען, אז דער באנד זאל אינגאנצען איבערגעריסען ווערען".

אויף מאָרגען נאָך דער איינשווערונג האָט לינקאָלן אריינגע־שיקט אין סענאט די נעמען פון זיינע מיניסטאָרען. אויפ'ן צעטעל האָבען זיך געפונען פיר דעמאָקראַטען. עס זיינען דאָרט אויך געשטאַנען פיר נעמען פון מענשען וואָס זיינען געווען זיינע קאָנ־קורענטען פאַר דעם פּרעזידענט־אַמט אויף דער רעפּובליקאַנישער קאָנווענשאָן אין 1860. לינקאָלן האָט דורך די קאַבינעט־מיניס־טאָרען געזוכט צו פאַראייניגען ארום זיך די אַלע פראקציעס אין זיין אייגענער פּארטיי און אויך צוציען די דעמאָקראַטישע פּאַר־טיי. אָט איז דער קאבינעט וואָס לינקאָלן האָט צונויפגעשטעלט און וואָס דער סענאט האָט גוטגעהייסען: סעקרעטערי אָוו סטייט, — וויליאם ה. סיוארד, פון ניו יארק; פינאַנץ־סעקרעטער, — סעמאָן פּ. טשעיס, פון אָהייאָ; קריגס־מיניסטער — סיימאָן קאמעראָן, פון פּענסילוויינ יא; פלאָטען־סעקרעטער, — גידעאָן וועללס, פון קאָנעטיקוט; אינערען־מיניסטער, — קעילעב ב. סמיט, פון אינדיאַנאַ; אַטוירני־דזשענעראַל, — עדוואַרד בעיטס, פון מיזורי; פּאָסטמאַסטער־דזשענעראַל, — מאָנגאָמערי בלער, פון מערילאַנד.

אין דערזעלבער צייט ווען לינקאָלן איז אריינגעטראָטען אין אמט אַלס פּרעזידענט, איז אין וואַשינגטאָן אָנגעקומען אַ נייע קאָמיסיע, געשיקט פון דער קאָנפעדערייסי (די פריערדיגע קאָמי־סיע אין ביוקענען'ס צייט, האָט פארטראָטען בלויז סאָוט־קאַראָ־ליינא). די קאָמיסיע האָט זיך געווענדט צו דעם סעקרעטערי־אָוו־סטייט סיוארד, ער זאָל מיט איר פאַרהאַנדלען ווי מיט פאָר־שטייער פון אַ פרעמדער רעגירונג. סיוארד האָט זיך אנטזאגט די קאָמיסיע אויפצונעמען. ער האָט דערקלערט, אַז אַלס מיניס־טער פון אויסערליכע אנגעלעגענהייטען קען ער האנדלען בלויז מיט פרעמדע רעגירונגען. שטאַטען פון דער סאָוט זיינען אָבער ניט קיין פרעמדע, נאָר אַ טייל פון די פאראייניגטע שטאַטען. די קאָמיסיע האָט פאַרבראַכט אין וואַשינגטאָן דריי וואכען, און צום סוף האָט זי ארויסגעגעבען אַ בייזע דערקלערונג, באַשול־דיגענדיג די לינקאָלן־אדמיניסטראַציע, אַז זי זוכט ארויפצוצוויני־גען אַ מלחמה אויף דער סאָוט. די דערקלערונג האָט, אגב

אורחא, פארזיכערט, אז די סאוט איז גרייט אויף קריג. נאכדעם איז די קאמיסיע אפגעפארען.

די ערשטע גרויסע פראגע, וואס איז אויפגעשוואומען פאר פרעזידענט לינקאלן און זיין קאבינעט איז געווען: וואס זאל מען טאן מיט פארט סאמטער? אין דער פעסטונג האבען זיך געפונען 77 סאלדאטען און אפיצערען, 10 מוזיקאנטען און 43 ארבייטער. זינט מאיאר ענדערסאן האט זיך אהין אריבערגע־קליבען, האט סאוט־קאראליינא גענומען באפעסטיגען דעם ברעג און די אינזלען ארום פארט סאמטער. איצט האט די קאנ־פעדערייסי ארויסגעגעבען א באפעל, אז קיינער אין סאוט קארא־ליינא זאל מער ניט פארקויפען קיין עסענווארג צו דעם גארני־זאן אין פארט סאמטער. ענדערסאן האט זיך געפונען אין א באלאגערונגס־צושטאנד. ער האט געהאט פראוויאנט בלויז אויף עטליכע וואכען צייט.

די פראגע פאר פרעזידענט לינקאלן איז איצט געווען, צי זאל ער הייסען ענדערסאנ'ען זיך אליין צוריקציען פון פארט סאמטער און אליין איבערגעבען די פעסטונג צו דער קאנפעדע־רייסי, אדער שיקען ענדערסאנ'ען הילף? ענדערסאן האט גע־לאזט וויסען, אז כדי צו פארטיידיגען די פעסטונג, וועט נויטיג זיין אן ארמיי פון 20 טויזענד מאן.

די לאגע איז געווען א פארפלאנטערטע. פיר וויכטיגע שטאטען פון דער סאוט האבען נאך פארלויפיג ניט גענומען קיין שטעלונג, האבען זיך נאך ניט אנגעשלאסען אן דעם אויפשטאנד. איינע פון די איז געווען ווירדזשיניא. די דארטיגע לעדזשיסלייטשור האט איצט געהאלטען אין פארהאנדלען די פראגע: צי בלייבען טריי די פאראייניגטע שטאטען אדער אריבערגיין אין דער קאנפעדערייסי. לינקאלן האט געוואוסט, אז אויב ער וועט שיקען אן ארמיי קיין פארט סאמטער און וועט אטאקירען סאוט־קאראליינא, וועט דאס ווירקען אריינצושטויסען ווירדזשיניא אין די ארעמס פון דעם אויפשטאנד. פארקערט, אונטערגעבען זיך האט ער אויך ניט געוואלט. דאס וואלט געמאכט א שלעכטען איינדרוק אין דער נארט. דאס וואלט אויך געווען געגען זיין

אויסגעשפּראָכענעם פּראָגראם צו פאַרטיידיגען דאָס אייגענטום פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

ער האָט די פראַגע פאָרגעלייגט פאַר׳ן קאַבינעט, און אַלע מיניסטאָרען, מיט דער אויסנאַם פון צוויי, זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז ענדערסאָן זאָל זיך צוריקציען. לינקאָלן האָט זיך מישב געווען א פּאָר וואָכען און ענדליך האָט ער באַשלאָסען אויף א מיטעל־וועג: צו שיקען בלויז עסענוואַרג, ניט קיין ארמיי, און ער האָט געלאָזט וויסען דעם גאָווערנאָר פון סאַוט־קאַראָליינא, אַז דאָס איז זיין באַשלוס. ער וועט, הייסט עס, זיך ניט באַנוצען מיט מאַכט, נאָר ער וועט בלויז שיקען שיפען מיט פּראָווינאַט.

די שיפען מיט עסענוואַרג זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען.

איצטער האָט די קאָנפעדערייסי געדאַרפט מאַכען דעם נעקסטען צוג. אין דער סאַוט האָט געהערשט דאָס געפיל, אַז לינקאָלנ׳ס פרידליכע סטראַטעגיקע איז א געפאַר פאַר דער קאָנפעדערייסי; אַז זי גראָבט אונטער די רעוואָלוציאָנערע מאָראַל פון דער סאַוט. די צייטונגען האָבען געפאָדערט, אַז די קאָנפעדערייסי זאָל ווייזען איר מאַכט. פון ווירדזשיניא איז אָנגעקומען די נייעס, אַז זי וואַרט מיט איר אנטשיידונג אויף א צוזאמענשטויס צווישען די צוויי צדדים, און אַז אַזוי שנעל ווי דער צוזאמענשטויס וועט פאָרקומען, וועט ווירדזשיניא צושטיין צו דער קאָנפעדערייסי. פּרעזידענט דייוויס און זיין קאַבינעט האָבען באַשלאָסען צו האַנדלען.

דעם 10טען אַפּריל האָט דער קאָמאַנדיר פון דער קאָנפעדערייסי־ארמיי אין סאַוט קאַראָליינא, באָורעגאַרד, באַקומען א באַפעל פון פּרעזידענט דייוויס, אויפצופאָדערען ענדערסאָנ׳ען ער זאָל אָפּליידיגען פאָרט סאָמטער. באָורעגאַרד האָט געפאָלגט. ענדערסאָן האָט זיך אנטזאָגט דאָס צו טאָן. ער האָט אָבער דערביי דערקלערט, אַז אין „עטליכע טעג ארום וועלען מיר זיין אויסגעהונגערט”. באָורעגאַרד האָט אים געשטעלט אַן אולטימאַטום, ער זאָל זיך אונטערגעבען פאַר האַלבע נאַכט, אַפּריל דעם 11טען. דערויף האָט ענדערסאָן געענטפערט: „איך וועל אָפּליי־

דיגען די פעסטונג דעם 15טען אפריל מיטאָג, אויב איך וועל ביז דעמאָלט ניט קריגען פון מיין רעגירונג קיין אנדערע אינ־סטרוקציעס אָדער קיין פראָוויאַנט". באָורעגארד האָט געוואוסט, אַז די שיפען מיט פראָוויאַנט זיינען שוין אויפ'ן וועג. ער האָט זיך אנטזאגט צו ווארטען. האלב נאָך פיר פארטאָג, דעם 12טען אַפריל, האָט ער אָנגעפאנגען צו באָמבארדירען די פעסטונג.

די ערשטע עטליכע שטונדען האָט ענדערסאָן אויף דער שי־סעריי ניט געענטפערט. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צו שיסען צוריק.

דער קאמף האָט אָנגעהאלטען זעקס־און־דרייסיג שטונדען. פאָרט סאָמטער איז באָמבארדירט געווארען פון אַלע זייטען, אָבער ענדערסאָן האָט זיך ניט אונטערגעגעבען אזוי לאנג ווי ער האָט געהאַט וואָס צו עסען און מיט וואָס צו שיסען צוריק. די פּאָר שיפען מיט פראָוויאַנט, וועלכע זיינען פאר אים אָנגע־קומען, האָבען ניט געקענט צושווימען צו זיין פעסטונג. זיי וואָלטען לייכט צושאָסען געווארען פון דעם שונא. ענדערסאָן האָט ענדליך קיין אנדער ברירה ניט געהאַט ווי אונטערצוגעבען זיך. ער האָט אָבער געשטעלט אַלס תנאי, מען זאָל אים און זיינע סאָלדאַטען ערלויבען צו פארלאָזען די פעסטונג מיט זייערע וואפען און מיט זייער פלאַג. באָורעגארד האָט איינגעשטימט. ענדערסאָן האָט אַרויסגעפירט זיין קליינע אַרמיי מיט מוזיק, אונ־טער דער פלאַטערדיגער פאָן פון די פאראייניגטע שטאַטען. זיי האָבען זיך אַלע ארויפגעזעצט אויף אַ יונייטעד סטייטס שיף, וועלכע האָט זיי אָפּגעפירט קיין ניו יאָרק.

אין דער שלאַכט זיינען קיין סאָלדאַטען ניט געפאַלען, ניט פון איין צד און ניט פון צווייטען. אָבער מיט איר האָט זיך אָנ־געפאנגען די מלחמה.

אין דער סאוט איז די נייעס וועגען פאָרט סאָמטער אויפ־גענומען געווארען מיט גרויס פרייד און באַגייסטערונג אַלס אַ גרויסער זיג. אין דער נאָרט האָט מען זיך איצט איבערצייגט, אַז קריג איז אומפארמיידליך; אַז די סאוט וועט זיך מיט גוטען ניט אונטערגעבען.

מיט דער שיסעריי אַרום פאָרט סאָמטער פאַנגט זיך אָן דער שרעקליכע בירגער־קריג, וואָס האָט פאַרפלייצט דאָס גאַנצע לאַנד מיט טייכען בלוט.

פאָרט סאָמטער איז געפאַלען זונטאָג, אַפּריל דעם 14טען. אויף מאָרגען אין דער פרי האָט פּרעזידענט לינקאָלן פאַרעפענט־ליכט אַן אויפרוף צו די גאָווערנאָרס פון די פרייע שטאַטען, זיי זאָלען מאָביליזירען זייערע מיליץ און זי שטעלען אין דינסט פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג אויף דריי מאָנאַט צייט. יעדער שטאַט האָט געדאַרפט צושטעלען אַ געוויסע צאָל מענשען, לויט דער גרויס פון דער באַפעלקערונג. אַלע שטאַטען צוזאַמען האָבען געדאַרפט שאַפען אַן אַרמיי פון 75 טויזענד מאַן.*)

אין זיין פּראָקלאַמאַציע פאַר סאָלדאַטען האָט לינקאָלן דער־קלערט, אַז ער נויטיגט זיך אין זיי כדי דורכצופירען די געזעצען פון לאַנד אין די זיבען שטאַטען פון דער סאַוט, וועלכע אַנט־זאָגען זיך די געזעצען צו פאָלגען. ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער וועט זיין זייער פאָרזיכטיג, אַז די פרידליכע איינוואוינער פון דער סאַוט זאָלען ניט געשעדיגט ווערען. ער האָט אויך אויפגע־פאָדערט די וואָס מאַכען די שטערונגען אין דער סאַוט, זיי זאָ־לען אין צוואַנציג טעג צייט אויפהערען זייער טעטיגקייט און

---

*) די רעגולערע אַרמיי פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג איז באַ־שטאַנען פון 18 טויזענט מאַן. און אָט די קליינע אַרמיי איז אויך געווען צעוואָרפען איבער'ן גאַנצען לאַנד, אַ טייל פון איר — אין דער סאַוט. לינקאָלן האָט אויף איר דערפאַר ווייניג געקענט בויען.

לינקאָלן האָט באַשטימט דעם טערמין פון דער מיליץ־אַרמיי אויף דריי מאָנאַט, ניט דערפאַר ווייל ער האָט געגלויבט אַז אין דער קורצער צייט וועט איהם געלינגען צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד, נאָר ווייל ער איז געווען געבונדען פון אַן אַלטען געזעץ. דאָס דאָזיגע געזעץ האָט געהייסען, אַז דער פּרעזידענט האָט אַ רעכט אַרויסצופאָדערען די מיליץ פון די שטאַטען צו העלפען דער נאַציאָנאַלער רעגירונג בלויז ביז דרייסיג טעג נאָך דער ערעפענונג פון דער נעקסטער זיצונג פון קאָנגרעס. אַזוי ווי לינקאָלן האָט פאַררופען דעם קאָנגרעס אויף דעם 4טען יולי, האָט ער ניט געטאָרט באַנוצען די שטאַט־מיליץ מער ווי ביז דעם 4טען אויגוסט — אומגעפער דריי מאָנאַט צייט.

„זיך צוריקציען פרידליך צו זייערע היימען". לינקאָלן האָט נאָך אלץ געהאָפט, אז עס וועט אים געלינגען צו ווירקען מיט גוטען אויף די רעוואָלטירענדיגע שטאטען.

דער ענטפער אויף לינקאָלנ'ס רוף האָט איבערגעשטיגען אלע זיינע דערווארטונגען. א כוואליע פון פאטריאטיזם האָט פאר־פלייצט די נאָרט. „אין צוויי וואָכען צייט", — שרייבט פראָ־פעסאָר שאטוועל — „זיינען די הויפט שטעט פון דער נאָרט פארוואנדעלט געווארען אין גרויסע קאזארמעס. עס האָבען זיך אָנגעבאָטען אין דער מיליץ מער ווי מען האָט געקענט ארייננע־מען". פארטיי שטרייטיגקייטען זיינען פארשוואונדען. דעם טאָג ווען פאָרט סאָמטער איז געפאלען איז סענאטאָר דאָגלעס, דער פירער פון די דעמאָקראטען און לינקאָלנ'ס ביטערסטער געגנער, געקומען צו לינקאָלן אין הויז און אים אָנגעבאָטען זיין אב־סאָלוטע הילף און שטיצע. אפילו דער געוועזענער פרעזידענט ביוקענען האָט דערקלערט, אז ער איז מיט'ן גאנצען הארצען פאר דער נאָרט. איינצעלנע מענשען, גאנצע שטעט און שטעטלאך, און שטאטען, האָבען אָנגעבאָטען צו העלפען דער נאציאָנאלער רע־גירונג מיט געלט. אין פארלויף פון דריי וואכען צייט, ביז'ן 8טען מאַי, איז אין וואשינגטאָן אָנגעקומען אין מתנות א סומע פון 23 מיליאָן דאָלער, צו העלפען פירען דעם קריג.

דער ענטוזיאזם פאר דער אייגענער רעגירונג און די אויפ־רעגונג געגען די רעוואָלטירענדיגע שטאטען זיינען נאָך פיל פאר־שטארקט געווארען אין דער נאָרט דורך די באריכטען וואס די צייטונגען האָבען געדרוקט וועגען דער שטימונג אין דער סאוט. איין טאָג האָבען די צייטונגען געמאָלדען, אז דער קריגס־מיניס־טער פון דער קאָנפעדערייסי האָט אין א רעדע געזאָגט, אז פאר דעם 1טען מאַי וועט דער פלאַג פון דער קאָנפעדערייסי פלאטערען איבער וואשינגטאָן, און אז אויב דער קאמף וועט זיך פארציען לאנג, וועט דער זעלבער פלאג פלאטערען איבער באָסטאָן. א צווייטער באריכט האָט געמאָלדען, אז אין דעם קאבינעט פון דער קאָנפעדערייסי האָט אויסגעבראָכען א געלעכטער, ווען מען האָט

דאָרטען געבראַכט די נייעס, אַז לינקאָלן האָט אַרויסגעשיקט אַן אויפרוף פאר 75 טויזענד סאָלדאַטען. עס איז אוממעגליך צו זאָגען אויף זיכער צי די זאַכען האָבען טאַקע פּאַסירט. אָבער די צייטונגען אין דער נאָרט האָבען אזוי געשריבען, און דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף די לעזער.

די קאָנפעדעריסי האָט זיך גענומען גרייטען צו מלחמה נאָך פריער ווי די נאָרט. דעם 8טען אַפּריל האָט איר קריגס־מיניסטער אַרויסגעגעבען אַן אויפרוף פאר 20 טויזענד פרייוויליגע סאָלדאַטען. דעם 16טען אַפּריל האָט ער געלאָזט וויסען די גאָווערנאָרס פון די שטאַטען, אַז ער נויטיגט זיך אין נאָך 32 טויזענד מאַן. אויף מאָרגען האָט פּרעזידענט דייווים אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציע, אַז די יעניגע בירגער אין דער סאַוט, וואָס ווילען אויסריכטען קריגס־שיפען אויף זייערע אייגענע הוצאות, ווילען באַקומען דערלויבעניש צו באַפאַלען די האַנדעלס־שיפען פון דער נאָרט און אַוועקנעמען פון זיי זייער סחורה.

אויף דער דאָזיגער פּראָקלאַמאַציע פון פּרעזידענט דייווים האָט פּרעזידענט לינקאָלן מיט צוויי טעג שפּעטער געענטפערט מיט אַ געגען־פּראָקלאַמאַציע. ער האָט דערקלערט, ערשטענס, אַז אַלע האַפענס פון די רעוואָלטירענדיגע שטאַטען זיינען פאַרשלאָסען, שטייען אונטער אַ בלאָקאַדע, און האָט געוואָרענט נייטראַלע שיפען, זיי זאָלען אַהין ניט פאָרען. צווייטענס, האָט ער דערקלערט, אַז די שיפען וואָס ווילען וואַגען זיך צו באַנוצען מיט פּרעזידענט דייווים'עס אָנבאָט און ווילען באַפאַלען האַנדעלס־שיפען פון דער נאָרט, ווילען באַטראַכט ווערען ווי פּיראַטען, ווי ים־רויבער, און זייערע מאַטראָזען ווילען באַשטראָפט ווערען מיט'ן טויט.

ביז'ן מאָנאַט יולי האָט די נאָרט שוין געהאַט אַן אַרמיי, טיילווייז מיליץ, און טיילווייז רעגולערע סאָלדאַטען, פון 310 טויזענד מאַן. די אַרמיי פון דער קאָנפעדעריסי איז דעמאָלט שוין אויך באַשטאַנען פון 100 טויזענד.

ביז דער אַטאַקע אויף פאָרט סאָמטער האָבען בלויז זיבען שקלאַפען־שטאַטען זיך אָפּגעריסען פון דער רעגירונג. אין דער

סאוט זיינען אבער געווען נאך אכט שקלאפען־שטאטען. די אכט שטאטען זיינען אלע געלעגעןביים גרענעץ (מען האט זיי דער־פאר גערופען „באָרדער סטייטס“, גרענעץ־שטאטען). זיי זיינען געלעגען צווישען דער נארט און דער קאנפעדעריישי. צו וועל־כען צד וועלען די אכט שטאטען צושטיין? דאס איז איצט געווען די וויכטיגסטע פראגע. לינקאלן האט זיך דער עיקר גע־שראקען פאר דעם, אז די צוויי קליינע שטאטען וואס זיינען געלעגען נעבען וואשינגטאן, דעלעווער און מערילאנד, זאלען זיך ניט אפרייסען. ווען זיי שליסען זיך אן אן דעם אויפשטאנד, וואלט וואשינגטאן זיכער איינגענומען געווארען, און דאס וואלט געהאט א שלעכטע ווירקונג אויף דער מאראל פון דער ארמיי און אויף דער באציאונג פון די פרעמדע לענדער.

קאַפּיטעל 4.

## די גרענעץ שטאַטען; ענגלאַנד.

די וואָך צווישען דעם 19טען און דעם 25טען אפּריל איז פאַר לינקאָלנ'ען, און פאַר גאַנץ וואשינגטאָן, געווען זייער א שווערע, פול מיט נערוועזיטעט און שרעק. לינקאָלן האָט גע־וואָלט זיין זיכער מיט דער שטאָט, אז זי איז גוט באשיצט געגען אַן אָנפאַל. האָט ער געבעטען די גאָווערנאָרס פון די פאַרשיי־דענע נאָרט־שטאַטען, זיי זאָלען זייערע מיליץ־קוואָטאס שיקען די־רעקט קיין וואשינגטאָן. דעם 19טען אפּריל האָט די באַן גע־בראַכט אין באַלטימאָר דעם ערשטען גוט־באוואפענטען, גוט־דיס־ציפּלינירטען רעגימענט — דעם „זעקסטען" רעגימענט פון מאסאַ־טשוזעטס. דער רעגימענט איז אראָפּגעשטיגען אויפ'ן וואקזאל אין דעם נאָרדליכען טייל פון שטאָט. די סאָלדאטען האָבען איצט געדאַרפט זיך אַריבערזעצען אויף א צווייטען צוג, וועלכער איז אָפּגעגאַנגען פונ'ם וואקזאל אין דעם זידליכען טייל פון שטאָט, און וועלכער איז געגאַנגען דירעקט קיין וואשינגטאָן. דורך דער שטאָט האָבען זיי געדאַרפט פאָרען אויף טראַמווייען. א טייל פון דעם רעגימענט איז אָנגעקומען צום זידליכען וואקזאל אָן א שום סיבה. די נייעס, אז סאָלדאטען זיינען געקומען, האָט זיך פאַרשפּרייט אין שטאָט, און די גאסען זיינען פול געוואָרען מיט מענשען, וואָס האָבען סימפּאטיזירט מיט דער סאוט, און זיי האָבען אויפגעריסען די רעלסען פון די טראַמווייען. די סאָלדאטען האָבען דעריבער געמוזט גיין צו־פוס. האָט דער המון זיי פאַר־וואָרפען מיט שטיינער און אויך געשאָסען אויף זיי. די סאָלדאַ־טען האָבען געענטפערט מיט קוילען. אין דעם צוזאַמענשטויס זיינען פיר סאָלדאטען געפאַלען טויט און עטליכע פאַרוואונדעט.

פון דעם המון זיינע געפאלען צוועלף טויטע און א היבשע צאל פארוואונדעטע.

דאס האט פאסירט אין דער פרי. נאך מיטאג איז אפגעהאלטען געווארען א גרויסע מאסענפארזאמלונג, ביי וועלכער עס האבען גערעדט דער גאווערנאר פון מערילאנד און דער מעיאר פון באלטימאר. די פארזאמלונג האט פארדאמט די מאסאטשוזעטס'ער סאלדאטען און די גאנצע האנדלונג פון דער פעדעראלער רעגירונג. דער גאווערנאר האט אין זיין רעדע דערקלערט, אז ער וועט בעסער זיך לאזען אפשניידען די רעכטע האנט איידער אויפהויבען זי געגען א ברודער־שטאאט. אין מיטען נאכט האט דער מעיאר און די פאליציי געהייסען אויפרייסען די באן־בריקען צווישען באלטימאר און פילאדעלפיא און צווישען באלטימאר און העריסבורג, כדי עס זאל ניט מעגליך זיין אריינצופירען מער קיין סאלדאטען פון דער נארט.

וואשינגטאן איז איצט געווען ווי אין א באלאגערונגס־צושטאנד. די טעאטערס האבען זיך געשלאסען; דער טעלעגראף האט ניט געארבייט; מען האט ניט געקענט אריינפירען ניט קיין פאסט און ניט קיין צייטונגען פון דער נארט. די פרייזען פון לעבענס־מיטעל האבען זיך געהויבען. מענשען וואס האבען סימפאטיזירט מיט דער סאוט האבען זיך ארויסגע'גנב'עט פון שטאט און זיינען אוועק זיך אנשליסען אן דער ארמיי פון דער קאנפעדערייסי. לינקאלן איז געווארען זייער נערוועז. איינער פון זיינע סעקרעטערע האט שפעטער דערציילט, אז דעם 23טען אפריל, אין דערפרי, האט ער געזען ווי לינקאלן שטייט לעבען פענסטער א צוטראגענער, און ער האט געהערט ווי לינקאלן האט פלוצלונג אויסגעשריען: „פארוואס קומען זיי ניט? פארוואס קומען זיי ניט?“ ער האט געוואוסט אז די סאלדאטען זיינען אויפ'ן וועג קיין וואשינגטאן און האט ניט געקענט באגרייפען פארוואס זיי זיינען נאך ניטא.

ערשט מיט צוויי טעג שפעטער, דעם 25טען אפריל, האבען זיך די סאלדאטען באוויזען. צוליב די אויפגעריסענע בריקען און צוליב די אומרוען אין באלטימאר האט מען זיי געמוזט פירען

אויף אַן אנדער וועג. זיי האָבען זיך אונטערוועגס אָפּגעשטעלט צו פאַרריכטען די בריקען און די לאָקאָמאָטיווען. דאָס האָט זיי פארהאַלטען. איצט האָט זיך די שטימונג אין וואשינגטאָן געביטען. די שטאָט האָט זיך דערפילט זיכער. מיט עטליכע וואָכען שפּעטער האָט אַן אנדער ארמיי פון אַ טויזענט מאַן זיך באַפעסטיגט אין באַלטימאָר, און די שטימונג דאָ האָט זיך אויך שנעל געביטען. דער גאָווערנאָר האָט זיך גלייך ערקלערט טריי צו דער „יוניאָן", און האָט אָרגאַניזירט זיין קוואָטא פון מיליץ־סאָלדאַטען וואָס לינקאָלן האָט פון אים געפאָדערט. מערילאַנד איז געבליבען אויף דער זייט פון דער נאָרט. אַ קליינע צאָל פון איבערגעגעבענע פריינט פון דער סאוט האָבען פארלאָזען די שטאָט און זיינען אַוועק העלפען דער סאוט.

אויך דער שטאַט דעלעווער איז געבליבען טריי צו דער נאָרט. די צאָל שקלאַפען אייגענטימער אין דעם שטאַט איז געווען זייער קליין, און זיי האָבען געהאַט אַ קליינע ווירקונג אויף דער באַפעלקערונג.

אין קענטאָקי האָט פון אָנפאַנג אויסגעוויזען, אַז עס וועט געלינגען די פּאָליטישע פירער ארייינצוציען דעם שטאַט אין דער קאָנפעדערייסי. דער גאָווערנאָר איז געווען אַן איבערגעגעבענער אָנהענגער פון דעם אויפשטאַנד און ער האָט געזוכט מיט אַלע כוחות צו ווירקען אויף דער לעדזשיסלייטשור, זי זאָל איינרופען אַ קאָנווענשאָן צו באַשטימען די פּראַגע וועגען אָפּרייסען זיך די לעדזשיסלייטשור האָט זיך אנטזאגט דאָס צו טאָן. זי האָט באַשלאָסען צו שטיין נייטראַל. אין יוני זיינען פאָרגעקומען וואַלען פאַר קאָנגרעסלייט, און דער צד וואָס האָט געהאַלטען מיט דער סאוט האָט געוואונען בלויז איין קאָנגרעסמאַן, בשעת דער צד וואָס האָט געהאַלטען מיט דער נאָרט, האָט אויסגעקליבען ניין. קענטאָקי איז פאַקטיש פארבליבען אין דער „יוניאָן", כאָטש אָפיציעל האָט עס געהייסען, אַז דער שטאַט איז נייטראַל.

אין מיזורי איז די לאַגע געווען שווערער. דאָרט איז דער גאָווערנאָר און אַ מאַיאָריטעט פון דער לעדזשיסלייטשור געשטאַ־

נען פאר אנשליסען זיך אן דער קאנפעדערייסי. זיי האבען נאכגעטאן דעם ביישפיל פון די אנדערע שטאטען אין דער סאוט און האבען דורכגעפירט א רעזאלוציע איינצורופען א קאנווענשאן, וועלכע זאל באשליסען וואס צו טאן. די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן זיינען אבער אויסגעוויילט געווארען פון פאלק, און די גרויסע מאסע איז געווען געגען אפרייסען זיך. די קאנווענשאן האט איינשטימיג באשלאסען אז מיזורי זאל בלייבען אין דער „יוניאן״.

אבער דער גאווערנאר און זיינע מענשען האבען דעם באשלוס איגנארירט. זיי האבען ארגאניזירט אן אייגענע מיליץ צו באשיצען דעם שטאט געגען דער וואשינגטאנער רעגירונג. פרעזידענט לינקאלן, פון זיין זייט, האט אריינגעשיקט זיינע פארשטייער אין מיזורי, וועלכע האבען ארגאניזירט אן ארמיי פון מענשען, וואס זיינען טריי געווען דער „יוניאן״. לינקאלן האט זיין הויפט שטיצע געהאט אין סעינט לואיס, די וויכטיגסטע שטאט אין מיזורי, וואו עס האבען געוואוינט א סך דייטשע אימיגראנטען. דער שטאט איז געווען א צייט לאנג צוטיילט אין צוויי לאגערען, יעדער לאגער מיט זיין ארמיי. דער „יוניאן״-צד האט אבער ביסלעכווייז געוואונען די אויבערהאנט. דער גאווערנאר איז ארונטערגעזעצט געווארען, און זיין אמט האט פארנומען א געטרייער לינקאלנ׳יאנער. א געוויסער טייל פון דער באפעלקערונג פון מיזורי איז געבליבען טריי צו דער סאוט, און זיי האבען געשטיצט און געהאלפען דער סאוט ווי ווייט זיי האבען געקענט. אין אלגעמיין אבער איז מיזורי געווען אויף דער זייט פון דער נארט.

נארט-קאראליינא האט פאררופען א קאנווענשאן אין מאנאט מאי, און די קאנווענשאן האט איינשטימיג באשלאסען, אז דער שטאט זאל זיך אנשליסען אן דער קאנפעדערייסי. אומגעפער אין דערזעלבער צייט האט ארקאנסא באשלאסען צו טאן דאס זעלבע.

דער שטאט ווירדזשיניא איז, אלס רעזולטאט פון דעם קאמף, געשפאלטען געווארען אין צוויי. דער מזרח-טייל, וואס

ליגט נעבען אַטלאַנטישען ברעג, איז אַריבער צו דער קאָנפעד־עריישי. דער טייל וואָס ליגט אויף דער אַנדער זייט פון די בערג איז געבליבען טריי דער „יוניאָן". אָבער דער דאָזיגער טייל האָט אין דער רעגירונג פון ווירדזשיניא געהאַט א מינאָריטעט ; האָט ער זיך איינגאַנצען אָפּגעריסען פון דעם שטאַט און אָרגאַניזירט אַן אייגענע רעגירונג. דער קאָנגרעס אין וואשינגטאָן האָט יענעם טייל געגעבען ערלויבנים צו אָרגאַניזירען זיך אין א באַזונדער שטאַט מיט'ן נאָמען „וועסט ווירדזשיניא", און אַלס אַזא שטאַט איז ער פאַרבליבען ביז היינטיגען טאָג.

צווישען די צוויי טיילען פון ווירדזשינא איז פון שטענדיג אָן אָנגעגאַנגען א קאַמף. אין דעם מזרח־טייל האָט געוואוינט די אַלטע ווירדזשיניער אַריסטאָקראַטיע, די וואָס האָבען געהאַט די גרויסע טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס מיט נעגער־שקלאַפען. אין דעם מערב טייל, אויף דער אַנדערער זייט בערג, האָבען זיך באַזעצט די אָרימע קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען זיך אין דער איסט צו קיין זאַך ניט געקענט דערשלאָגען. דאָרט האָבען זיי אויפגעבויט קליינע פארמס און געמאַכט א געמוטשעט לעבען. אָבער די רעגירונג פון דעם שטאַט איז געלעגען אין די הענט פון דער שקלאַפען־אריסטאָקראַטיע, און זי האָט זיך דעריבער וויי ניג־וואָס געקימערט פאַר די אָרימע קאָלאָניסטען אויף דער אַנדערער זייט. פאַר דער אַריסטאָקראַטישער איסט האָט די שטאַט־רעגירונג גע־בויט וועגען, בריקען, געהאַלפען בויען באַנען ; אָבער פאַר אויס־בעסערען די וועסט האָט די שטאַט־רעגירונג קיינמאָל „קיין געלט ניט געהאַט". די וועסט האָט דערפאַר שטענדיג געהאַסט די איסט און איר גאַנצע אָרדנונג : די גרויסע פּלאַנטאַציעס, די שקלאַפעריי, די אריסטאָקראַטיע. איצטער האָט זי געקראָגען א געלעגענהייט זיך אָפּצורעכענען מיט דער איסט און זי האָט די געלעגענהייט אויסגענוצט.

אין איסט־ווירדזשיניא האָט די באַפעלקערונג געציילט א מי־ליאָן און א פערטעל נפשות ; אין וועסט־ווירדזשיניא — ניט מער ווי 370 טויזענד.

ווען ווירדזשיניא האט באשלאסען זיך אפצורייסען, האבען צוויי מיליטערישע בעאמטע אין דער ארמיי פון די פאראייניגטע שטאטען אריינגעשיקט לינקאלנ׳ען זייערע רעזיגנאציעס: גענע־ראל דזשאזעף דזשאנסטאן און קאלאנעל ראבערט ע. לי. ביידע זיינען זיי באטראכט געווען צווישען די סאמע פייאיגסטע מילי־טערישע בעאמטע אין לאנד. שפעטער זיינען זיי געווארען די הויפט פירער אין דער ארמיי פון דער קאנפעדעריישי. ראבערט ע. לי איז די גאנצע צייט געווען געגען דעם, אז ווירדזשיניא זאל זיך אפרייסען. ווען דער שטאט האט אבער גענומען דעם שריט, האט ער ערקלערט אז ער מוז בלייבען טריי זיין שטאט און האט רעזיגנירט פון דער יונייטעד סטייטס־ארמיי. גלייך נאכדעם איז ער באשטימט געווארען אלס הויפט־קאמאנדיר פון דער ווירדזשיניער שטאט־מיליץ. אלס הויפט גענעראל פון דער קאנפעדערייסי־ארמיי איז באשטימט געווארען דזשאזעף דזשאנ־סטאן.

אין דער נארט זיינען איצט געווען דריי־און־צוואנציג שטא־טען און אין דער סאוט — עלף. די באפעלקערונג פון דער נארט איז געווען צוויי מאל אזוי די גרויס ווי פון דער סאוט. די נארט איז געווען אן אן ערך רייכער ווי די סאוט. זי איז גע־ווען אנטוויקעלט אינדוסטריעל און האט געפירט א גרויסען האנ־דעל. די סאוט איז געווען כמעט אינגאנצען באשעפטיגט מיט לאנד־ווירטשאפט. איר קאפיטאל איז געלעגען אין לאנד און אין שקלאפען.

אבער אין איין פרט איז די לאגע פון דער סאוט געווען א גינסטיגערע — איר טעריטאריע איז געווען קאמפאקט, און עס איז פאר איר לייכט געווען צו טראנספערירען אירע סאלדאטען פון איין פונקט צו א צווייטען. דערצו האט זי דאך געפירט א פארטיידיגונגס־קאמף, בשעת די נארט האט געדארפט פירען אן אפענסיווען קאמף. די סאלדאטען פון דער סאוט זיינען שטענדיג געווען ביי זיך אין דערהיים; די סאלדאטען פון דער נארט זיינען געווען ענטוועדער אין דער פרעמד, אדער ווייט פון זייערע היימען.

אַט ווי דער היסטאָריקער ראודס פאסט־אויף די מעגליכקיי־טען פון ביידע צדדים ביים אָנפאַנג פון קריג :

„די יוניאַן פון 23 שטאַטען און די קאָנפעדערייסי פון 11 שטאַטען זיינען איצט געשטאַנען איינע געגען די אַנדערע : 22 מיליאָן געגען 9 מיליאָן, און צווישען די 9 מיליאָן זיינען דריי־און־א־האלב מיליאָן געווען שקלאַפען. די יוניאַן איז געווען א סך רייכער — א לאַנד מיט א פאַרצווייגטער ציוויליזאציע, מיט פאַרשיידענאַרטיגע אינדוסטריען, א פאַראייניגונג פון דער פאַרם, דעם וואַרשטאַט און דער פאַבריק. די קאָנפעדערייסי איז געווען בלויז א פאַרם, און איז אפּהענגיג געווען פון אייראָפּא און פון דער נאָרט מיט אַלע אירע לעבענסמיטעל, אויסער ברויט און פלייש. די נאָרט האָט געהאט דעם געלט־מאַרק און האָט גע־קענט קריגען הלוואות א סך לייכטער ווי די סאוט. דאָס איז גע־ווען די „צייט פון אייזען". די נאָרט האָט שוין דעמאָלט א סך אויפגעטאָן צו אנטוויקלען איר אייגענע אינדוסטריע, וואָס איז אַזאַ מעכטיגע הילף פאַר ציוויליזאציע און אַזאַ נויטווענדיג־קייט פאַר קריג. די סאוט האָט אירע מינעראַל־זאפּאסען כמעט ווי ניט אָנגערירט. כמעט אין יעדען רעגימענט פון דער נאָרט זיינען געווען פאַרשיידענע סאָרטען מעכאַניקער, געשולטע גע־שעפטסלייט, וועלכע האָבען געוואוסט ווי צו אַרבייטען סיסטעמ־מאַטיש. די אַרמיי פון דער סאוט איז געווען צונויפגעשטעלט פון אריסטאָקראַטען און פון „אָרימע ווייסע", מוטיגע מענשען, איבערגעבענע, געטרייע, אָבער זיי האָט געפעלט די בילדונג און דאָס וויסען וואָס די סאָלדאַטען פון דער נאָרט האָבען געהאַט".

איינע פון די ערשטע פראַגען וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר ביידע צדדים איז געווען : ווי וועלען זיך באַציען די לענ־דער אויף יענער זייט ים, הויפּטזעכליך ענגלאַנד ? וועט זי אָנ־ערקענען די קאָנפעדערייסי אַלס אַן אונאָפּהענגיג לאַנד און פירען מיט איר דיפּלאָמאַטישע און קאָמערציעלע געשעפטען, אָדער ניט ?

די סאוט האָט זייער פיל געבויט אויף דער האָפנונג, אז ענג־לאַנד וועט זי אָנערקענען. די סאוט האָט געמוזט אימפּאָרטירען פון אויסלאַנד אַלע מלחמה־מאַטעריאַלען און כמעט אַלע לעבענס־

מיטלען. זי איז געווען זיכער, אז ענגלאנד וועט איר פארזאָר־
גען מיט די אלע זאכען. ענגלאנד האָט זיך שטארק גענויטיגט
אין די קאטאן און אין די טאבאק וואָס די סאוט האָט איר
פארקויפט. אַ צייטונג אין ווירדזשיניא, דער „ריטשמאָנד עק־
זאמינער", האָט דעם 2טען יולי געשריבען: „סוף זומער וועט
דער זאפּאס פון קאטאן און טאבאק אין אייראָפּא זיך אויסשעפּען.
אייראָפּא וועט מוזען קריגען נייע קאטאן און טאבאק. אויב
ניט, וועלען דארטען אויסברעכען שרעקליכע רעוואלוציעס, רע־
וואָלוציעס פאראורזאכט פון הונגער. זיי וועלען דעריבער גע־
צוואונגען זיין דורכצוברעכען די בלאָקאדע, כדי צו קריגען אונ־
זערע פּראָדוקטען אונטער דעם שוץ פון זייערע נייטראלע פאָנען".
די סאוט האָט געגלויבט, אז ניט בלויז וועט ענגלאנד און אנדערע
אייראָפּעאישע לענדער אנערקענען איר רעגירונג און איר אונאָפּ־
הענגיגקייט, נאָר אז זיי וועלען אויך דורכברעכען אַ וועג דורך
דער בלאָקאדע, מיט וועלכער לינקאָלן האָט פארשפּארט אירע
ברעגען, און זיי וועלען אריינפירען אין אירע האפענס אלע נויטיגע
מלחמה מאטעריאלען און לעבענסמיטעל.

פאר דער נאָרט איז פּונקט אזוי וויכטיג געווען אז די סאוט
זאָל ניט קריגען די אנערקענונג. אויסער דעם וואס עס וואָלט
דעמאָלט שווער געווען פאר דער סאוט צו באקומען סחורה פון
אויסלאנד, איז דאָ געווען נאָך אַ וויכטיגער פּונקט. די קאָנ־
פעדערייסי האָט באפאָלמעכטיגט פּריוואטע שיפען זיך צו באוואָ־
פענען און באפאלען די האנדעלס־שיפען פון דער נאָרט. ווען
די קאָנפעדערייסי וועט ניט אנערקענט פון אויסלענדישע מאכטען
און ווערט באטראכט ווי אַ רעוואָלט־אויפשטאנד, דעמאָלט וואָל־
טען יענע מאכטען באטראכט אָט די באוואפענטע שיפען אלס פּי־
ראטען־שיפען און זיי, די פרעמדע לענדער, וואָלטען דעמאָלט
געהאָלפען צו פארטרייבען די באוואפענטע שיפען פון די ים'ען.
אויב אָבער די סאוט קריגט די אנערקענונג, האָבען די באוואָ־
פענטע שיפען דיזעלבע רעכט ווי די שיפען פון דער נאָרט און
מוזען אפילו קריגען דיזעלבע אנערקענונג.

די ענגלישע רעגירונג האָט זיך געפונען אין אַ פארלעגענ־

הייט. דער גרויסער עולם, די מאַסען, האָבען סימפּאַטיזירט מיט דער נאָרט. זיי האָבען געוואוסט, אז נאָך אלעמען, איז דאָך די מלחמה איבער שקלאַפעריי, און די מאַסען האָבען געוואָלט אז די שקלאַפען־מאכט זאָל געבראָכען ווערען. די הערשענדיגע קלאַסען האָבען אָבער סימפּאַטיזירט מיט דער סאוט, טאקע דער־פאר וואס דאָרטען איז געווען וויניגער דעמאָקראַטיע און וואס דאָרט האָט געהערשט אַן אריסטאָקראַטיע. די הערשענדיגע קלאַ־סען זיינען אויך באאיינפלוסט געוואָרען פון די עקאָנאָמישע אינ־טערעסען פון די רייכע אין ענגלאַנד. די ענגלישע פאַבריקען האָ־בען זיך גענויטיגט אין די קאַטאָן פון דער סאוט, און די ענג־לישע סוחרים האָבען זיך גענויטיגט אין דעם מארק פון דער סאוט. אין דער נאָרט איז דער מארק פאר זיי געווען טיילווייז פארשלאָסען דורך דעם הויכען טאריף. די רעגירונג פון דער סאוט, די קאָנפעדערייסי, האָט אלס איינעם פון אירע פונדאמענ־טאלע געזעצען אוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ פון פרייען האַנדעל. די פירער פון דער רעגירונג זיינען אלזאָ געווען גענייגט מער צו דער סאוט.

אָנפאנג מאַי האָט לינקאָלן געשיקט קיין ענגלאַנד אלס אַמ־באַסאַדאָר דעם היסטאָריקער טשארלס פרענסיס עדעמס. דעם־זעלבען טאָג וואס עדעמס איז אָנגעקומען אין ענגלאַנד, האָט די ענגלישע רעגירונג ארויסגעגעבען אַ נייטראַליטעט־פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער עס איז דערקלערט, אז די ענגלישע רעגירונג „וועט זיך באַציען שטרענג נייטראַל אין דעם קאַמף צווישען די פאר־אייניגטע שטאַטען און געוויסע אַנדערע שטאַטען וואס רופען זיך „קאָנפעדערייסי".

די ערקלערונג פון דער ענגלישער רעגירונג האָט אַנטוישט אי די נאָרט, אי די סאוט. די קאָנפעדערייסי האָט ניט געקראָ־גען די פולע אנערקענונג אלס אַן אונאָפּהענגיגע רעגירונג, ווי זי האָט זיך געריכט. זי האָט אָבער יע באַקומען די אנערקענונג אלס אַ קריגס־פירענדיגע מאַכט. לויט דער שטעלונג וואס ענג־לאַנד האָט גענומען, האָבען די שיפען פון דער סאוט, וואס זיינען באַפאַלען שיפען פון דער נאָרט, ניט געקענט באַטראַכט ווערען

אַלס פיראַטען, ווי די נאָרט האָט געוואָלט. ווייבאַלד די סאוט האָט באַקומען די אנערקענונג אַלס אַ קריגס־פירענדיגע מאכט, האָט זי געמעגט אַרויסשיקען באוואפענטע שיפען צו באַפאַלען דעם שונא׳ס שיפען. דערמיט וואָס ענגלאַנד האָט אנערקענט די סאוט אַלס אַ קריגס־פירענדיגע מאכט האָט זי אויך געעפענט פאַר די שיפען פון דער סאוט אַלע אירע (ענגלישע) האַפענס.*)

אין דער נאָרט האָט ענגלאַנד׳ס שטעלונג אַרויסגערופען גרויס אויפרעגונג. דאָס וואָס די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבען איר פּראָקלאַמאַציע דעמזעלבען טאָג ווען עדעמס, דער אַמעריקאַ־נער אַמבאַסאַדאָר, איז אַהין אָנגעקומען, האָט פאַרשאַרפט די אויפרעגונג. עס האָט געהייסען, אַז ענגלאַנד האָט אפילו ניט געוואַרט ביז וואַנען דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר וועט האָ־בען אַ געלעגענהייט פאָרצולייגען זיינע אַרגומענטען. אין דער סאוט איז מען אויך געווען ענטוישט אין ענגלאַנד׳ס האַנדלונג, אָבער דאָרטען האָט מען געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועט ענג־לאַנד געבען דער סאוט די פולע אנערקענונג. מען האָט דאָרט אויסגעטייטשט ענגלאַנד׳ס פּראָקלאַמאַציע אַלס ערשטען שריט אין דער ריכטונג פון פולער אנערקענונג.

אין דער נאָרט זיינען אויך געווען אַזוינע וואָס האָבען פאַר־טיידיגט ענגלאַנד׳ס שטעלונג. זיי האָבען אָנגעוויזען דערויף, אַז, נאָך אַלעמען, האָט דאָך לינקאָלן אַליין באַהאַנדעלט די סאוט ניט ווי בונטאָווטשיקעס, נאָר ווי אַ קריגס־פירענדיגע מאכט. לינקאָלן האָט באַפוילען, אַז די קריגס־געפאַנגענע פון דער סאוט זאָלען באַהאַנדעלט ווערען ניט ווי רעבעלען, נאָר ווי קריגס־געפאַנגענע. אַלס רעבעלען וואָלט מען די געפאַנגענע געדאַרפט הענגען; אַלס קריגס־געפאַנגענע האָט מען זיי פאַרשפּאַרט אין אַ געפענגניס און זיי אויסגעהאַלטען אויף די הוצאות פון דער נאָרט. דערמיט

*) די אינטעליגענץ אין ענגלאַנד איז געווען צוטיילט אין אירע סימפּאַטיען. דער גרויסער נאָוועליסט טשאַרלס דיקענס, צום ביישפּיל, האָט סימפּאַטיזירט מיט דער סאוט. דער דיכטער טעניסאָן און דער נאַטורפאָרשער דאַרווין האָבען סימפּאַטיזירט מיט דער נאָרט.

וואָס לינקאָלן האָט געמאכט א בלאָקאַדע אויף די האַפענס פון דער סאוט האָט ער אויך באוויזען אז ער באַטראַכט די סאוט ווי א קריגס־פירענדיגע מאכט. ווען ער וואָלט זי באַטראַכט ווי א טייל פון די פאַראייניגטע שטאַטען אין וועלכע עס געפינען זיך בונטאָווטשיקעס, וואָלט ער דאָך אירע האַפענס ניט געקענט פארשפּארען, ווייל דאַן וואָלטען דאָך די האַפענס געזעצליך געווען האַפענס פון די פאַראייניגטע שטאַטען. די ענגלישע דיפּלאָ־מאַטען האָבען זיך באַנוצט מיט די טענות צו פאַרטיידיגען זייער שטעלונג צו דער סאוט.

דאָס זיינען אָבער געווען ניט מער ווי תירוצים. אין דער נאָרט האָט מען גוט געוואוסט, אז די שטימונג אין די העכערע קרייזען פון ענגלאַנד איז א סך מער פריינדליך צו דער סאוט ווי צו דער נאָרט.

קאפיטעל 5.

# די ערשטע גרויסע שלאכט.

די ערשטע גרויסע שלאכט פון דעם בירגער־קריג איז פארגע־ קומען דעם 21טען יולי, 1861. די שלאכט איז כמעט ווי ארויפ־ געצוואונגען געווארען אויף דער נארט־ארמיי דורך דער עפענט־ ליכער מיינונג. דער עולם האט געפאדערט פון דער ארמיי, זי זאל טאן עפעס ממשות'דיגס, זי זאל געבען דער סאוט אזא שטארקען קלאפ, וואס זאל איר גלייך איבערצייגען, אז פאר איר איז קיין האפענונג ניטא. די קאנפעדערייסי האט געהאט בא־ שלאסען איבערצופירען די הויפט־קווארטיר פון דער רעגירונג פון מאנטגאמערי, אלאבאמא, קיין ריטשמאנד, ווירדזשיניא. דער קאנגרעס פון דער קאנפעדערייסי האט זיך געדארפט פארזאמלען אין ריטשמאנד דעם 20טען יולי. האט די פרעסע אין דער נארט אויפגעהויבען א געשריי אז דאס טאר ניט געשען. ריטש־ מאנד מוז איינגענומען ווערען איידער דער קאנגרעס פון די רע־ בעלען וועט זיך דארטען פארזאמלען. אויסערדעם, האט זיך סוף יולי געדארפט ענדיגען דער דריי־מאנאטליכער טערמין פון דער מיליץ־ארמיי. האבען פילע גע'טענה'ט, אז די ארמיי מוז עפעס טאן איידער זי ווערט פארנאנדערגעלאזען. אויב ניט, וועט דאך די הוצאות וואס עס האט געקאסט זי צונויפצוקלייי־ בען און צוצוגרייטען, זיין ארויסגעווארפען. צווישען די מאסען אין דער נארט האט געהערשט א געפיל, אז אויב עס וועט געלינ־ גען איינצונעמען ריטשמאנד, וועט דאס אנווארפען א שרעק אויף דער סאוט און זי וועט זיך גלייך אונטערגעבען.

די סאוט האט געהאט אן ארמיי פון א 22 טויזענד מאן, נעבען מענאסעס, אין ווירדזשיניא, 35 מייל צו דרום פון וואו־

שינגטאָן. נאָך אַ באַראַטונג אין דעם ווייסען הויז, איז באַ־שלאָסען געוואָרען צו שיקען אַן אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מעקדועל, צו אַטאַקירען מענאַסעס. די אַרמיי פון דער קאָנפעדערייטסי איז געשטאַנען אונטער דער פירערשאַפט פון גענעראַל באָרעגאַרד.

די שלאַכט איז פאָרגעקומען דעם 21טען יולי, אויף די ברעגען פון אַ קליין טייכעל בול־ראָן, נעבען מענאַסעס. פון אָנפאַנג האָט דאָס אויסגעוויזען, אַז די נאָרט האָט די אויבער־האַנט, אָבער די גענעראַלען פון דער סאַוט האָבען אַזוי מאַנעווּרירט מיט זייערע רעגימענטען, אַז זיי איז געלונגען צו ברענגען פרישע סאָלדאַטען פונקט דעמאָלט, ווען ביידע אַרמייען זיינען געווען שרעקליך אויסגעמאַטערט. די אַרמיי פון דער נאָרט איז צוריקגעשטויסען געוואָרען, און די אַרמיי פון דער סאַוט איז פאַרבליבען די זיגערין. די נאָרט האָט פאַרלאָרען אין טויטע, פאַרוואונדעטע און געפאַנגענע נאָענט צו דריי טויזענד מאַן. די סאַוט האָט פאַרלאָרען ווייניגער ווי צוויי טויזענד.

די נייעס פון דער שלאַכט איז אויפגענומען געוואָרען מיט ווילדער פרייד אין דער סאַוט. די דאָרטיגע צייטונגען האָבען זיך באַרימט, אַז די שלאַכט האָט באַוויזען, אַז איין סאָלדאַט פון דער סאַוט קען שלאָגען צוויי סאָלדאַטען פון דער נאָרט. אַ סך מענשען אין דער סאַוט האָבען אפילו קריטיקירט זייער איי־גענעם גענעראַל דערפאַר וואָס ער האָט זיך ניט באַנוצט מיט דעם זיג און האָט ניט גלייך אַריינגעמאַרשירט אין וואַשינגטאָן. אין דער נאָרט האָט די נייעס געבראַכט טרויער און ענטוישונג. „איינער פון די תירוצים איז ווערט צו דערמאָנען" — שרייבט ראָודס — „ווייל עס באַווייזט ווי פרום דער עולם איז דעמאָלט געווען. דער תירוץ איז געווען, אַז די נאָרט האָט פאַרלאָרען דערפאַר וואָס זי האָט די אַטאַקע אויפ'ן שונא אָנגעפאַנגען זונ־טאָג. דאָס האָט דערצאָרנט גאָט, און ער האָט געגעבען דעם נצחון דעם שונא".

קאַפּיטעל 6.

# לינקאָלנ׳ס שטעלונג צו דער שקלאַפּען פראגע.

לינקאָלן האָט ניט געענדערט זיין שטעלונג צו דער נעגער־פראגע אפילו נאָכדעם ווי עס איז קלאָר געווארען, אז מיט גר־טען וועט זיך די סאוט ניט אונטערגעבען. ער האָט זיך אליץ געסטאַרעט צו איבערצייגען דעם עולם אין דער סאוט, און אי־בערהויפּט אין די גרענעץ־שטאַטען, ווי אויך דעם עולם אין אויס־לאַנד, אז ער פירט ניט קיין מלחמה צו באפרייען די שקלאפען, נאָר אויפצוהאַלטען די אייניגקייט פון לאַנד. ער האָט דערביי געהאַט א פּאָליטישען חשבון. ער האָט מורא געהאַט, אז אויב די שקלאַפּען־פראגע וועט ווערען א לעבעדיגער שטרייט־פּונקט, וועלען די צווייפעלהאַפטע וואקעלדיגע שטאַטען ביים גרענעץ, ווי קענטאָקי און מיזורי, און פּילייכט אויך מערילאַנד, אריבערגיין צו דער קאָנפעדערייסי. אין קענטאָקי און מיזורי זיינען געווען מעכטיגע שקלאַפּען־פּראַקציעס, און די פראַקציעס וואָלטען נאָך א סך מעכטיגער געוואָרען ווען די באַפעלקערונג וואָלט זיך אי־בערצייגט, אז א זיג פאַר דער נאָרט וועט הייסען די באפרייאונג פון די שקלאַפען.

די שטעלונג פון פּרעזידענט לינקאָלן האָט אים געשאפען א סך געגנער, האָט ארויסגערופען ביטערע און שאַרפע קריטיק און פאַראורזאכט פּאָליטישע פּלאָנטערס און צרות דאָ אין לאַנד און אויך אין אויסלאַנד.

די פראגע איז אויפגעשוואומען צום ערשטען מאָל אין מאָ־נאַט מאַי, אין ווירדזשיניא. אויף מאָרגען נאָכדעם ווי ווירר־דזשיניא האָט אָפיציעל באשלאָסען אריינצוטרעטען אין דער קאָנ־פעדערייסי, דעם 24טען מאַי, האָבען די באַלעבאַטים פון דריי

אַנטלאָפענע שקלאַפען זיך געווענדט צו גענעראל באַטלער, אַ קאָמאַנדיר פון א יוניאָן־פּאָסטען אין ווירדזשיניא, ער זאָל זיי די שקלאַפען צוריק אָפּגעבען. די דריי אַנטלאָפענע נעגערס האָבען זיך אליין איבערגעגעבען צו גענעראל באָטלער. באָטלער האָט זיך אַנטזאגט צו באַוויליגען דעם פארלאַנג פון די באַלעבאַטים. ער האָט גע'טענה'ט, אז ערשטענס, זיינען די באַלעבאַטים בירגער פון א רעוואָלטירענדיגען שטאַט, און צווייטענס, זיינען די נעגערס פריער באַשעפטיגט געוואָרען ביי מיליטערישע ארבייט אין דער רעוואָלטירענדיגער ארמיי. די נעגערס זיינען אלזאָ קריגס־קאָנטראַבאַנד און דערפאר האָט ער, אַלס גענעראל, אַ רעכט זיי צו פארהאַלטען.

מיט עטליכע טעג שפּעטער, מאַי דעם 27טען, איז באָטלער געגאַנגען אַ שריט ווייטער. ער האָט געלאָזט וויסען דעם קריגס־דעפּארטמענט אין וואַשינגטאָן, אז אין דער געגענד וואס ער האָט פארנומען אין ווירדזשיניא געפינען זיך אַ צאָל נעגער־שקלאַפען, מענער, פרויען און קינדער, וואָס ווערען געשאַצט אין זעכציג טויזענד דאָלער, און אז ער האָט באַשלאָסען זיי צוצונעמען. ער וועט זיי באַזאָרגען מיט לעבענסמיטעל. די מענער וועט ער שיקען ארבייטען. ער וועט האַלטען אַ חשבון פון זייער ארבייט און פון די הוצאות זיי אויסצוהאַלטען. שפּעטער וועט ער זיך מיט אַלעמען אויסגלייכען. דעם 30טען יולי האָט גענעראל באָטלער געהאַט אונטער זיין קאָנטראָל ארום 900 נעגער.

דערווייל האָט דער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן אנגענומען א באַשטימטע פּאָליטיק צו די נעגער־שקלאַפען. דער באַשלוס איז געווען אזוי: נעגער־שקלאַפען וואָס ווערען פון שונא באַנוצט פאר מיליטערישע צוועקען אלס סאָלדאַטען אָדער אלס ארבייטער אין די פעסטונגען, אָדער אין דער פלאָטע, אדער אויף וועלכען עס איז אנדער מיליטערישען שטייגער, זאָלען באטראכט ווערען אַלס קאָנטראַבאַנד און זאָלען קאָנפיסקירט ווערען אזוי שנעל ווי זיי ווערען געפאַנגען.

לויט דעם דאָזיגען געזעץ איז אויסגעקומען, אַז אַלע אַנדערע געפאַנגענע נעגער אדער אנטלאָפענע נעגער געהערען צו

זייערע באלעבאטים. די גענעראלען פון דער נארט האבען גע־קראגען אינסטרוקציעס, אז אין די לאיאלע שקלאפען־שטאטען ווי מערילאנד און קענטאקי, מוז דורכגעפירט ווערען דאס אלטע געזעץ וועגען אנטלאפענע שקלאפען, דאס הייסט, אז מען מוז די אנטלאפענע שקלאפען צוריקשיקען צו זייערע באלעבאטים. אין די ניט־לאיאלע שטאטען מעג מען באפרייען בלויז אזוינע שקלאפען, וועלכע האבען זיך דירעקט באטייליגט אין מיליטע־רישער ארבייט פאר דער סאוט.

די אבאלישאניסטען און די ראדיקאלע רעפובליקאנער זיי־נען געווען שטארק אומצופרידען מיט לינקאלנ׳ס שטעלונג צו דער שקלאפען־פראגע. זיי האבען געגלויבט אז נאך אלעמען ווערט דאך די מלחמה געפירט איבער שקלאפעריי, און אז דערפאר דארף מען די שקלאפען איצט גלייך באפרייען. די גרופען אומ־צופרידענע האבען געפונען א פארשטייער אין איינעם פון די גע־נעראלען אין דער יוניאן־ארמיי: גענעראל פרעימאנד, דעם קא־מאנדיר פון דער ארמיי אין דעם וואקעלדיגען, צוטיילטען גרע־נעץ־שטאט מיזורי.

דעם 30טען אויגוסט האט פרעימאנד ארויסגעגעבען א פראק־לאמאציע, אין וועלכער ער האט ערקלערט אז ער קאנפיסקירט דאס אייגענטום און באפרייט די שקלאפען פון אלע יענע איינ־וואוינער אין מיזורי, וואס באטייליגען זיך אקטיוו אין דעם אויפ־שטאנד פון דער קאנפעדערייסי. גלייך נאכדעם האט ער אר־גאניזירט א ביורא, וועלכע האט זיך אפגעגעבען ספעציעל מיט דער ארבייט פון ארויסגעבען באפרייאונגס־פאפירען צו נעגער־שקלאפען אין יענעם שטאט.

פרעימאנד׳ס האנדלונג איז געווען געגען דעם געזעץ וואס דער קאנגרעס האט מיט א קורצער צייט פריער אנגענומען. לויט יענעם געזעץ האט מען געמעגט באפרייען בלויז אזוינע שקלא־פען, וואס זיינען באנוצט געווארען פאר מיליטערישע צוועקען. פרעזידענט לינקאלן האט וועגען דעם געשריבען פרעימאנד׳ן א בריף, א גאנץ מילדען בריף. „איך דענק" — האט לינקאלן גע־

שריבען — „אַז עס איז דאָ אַ געפאַר, אַז אייער פּראָקלאַמאַ־ציע וועט איבערשרעקען די פריינד וואָס מיר האָבען אין דער סאוט און וועט זיי פאַרוואַנדלען אין שונאים. דאָס וועט אויך פּילייכט רואינירען אונזערע אויסזיכטען אין קענטאָקי. דער־לויבט מיר דערפאַר אייך צו בעטען, איר זאָלט אַליין ענדערען דעם פּונקט אין אייער פּראָקלאַמאַציע אַזוי, אַז ער זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט'ן געזעץ וואָס איז אַריין אין קראַפט דעם 6טען אויגוסט".

מיט גוטען האָט לינקאָלן ביי פרעימאָנד'ן ניט געקענט פּועל'ען ער זאָל זיין פּראָקלאַמאַציע ענדערען. האָט ער אים מיט אַ וואָך שפּעטער באַפוילען דאָס צו טאָן. דערויף טאַקע האָט פרעימאָנד געוואַרט. פרעימאָנד איז איצט געוואָרען דער פאָר־שטייער פון דער גאַנצער ראַדיקאַלער גרופּע פון דער רעפּוב־ליקאַנישער פּאַרטיי און אויך פון די אַבאָלישאָניסטען. לינקאָלן איז ביטער אַטאַקירט געוואָרען פון איינציגע פון די פּראָמינענט־סטע מענשען אין זיין אייגענער פּאַרטיי. סענאַטאָר סאָמנער האָט אין אַ רעדע פאַר דער רעפּובליקאַנישער קאָנווענשאָן אין וואוסטער ערקלערט, אַז די בעסטע כלי־זיין געגען דער קאָנפעדע־רייסי איז די באַלדיגע באַפרייאונג פון אַלע שקלאַפען. טייל האָבען באַשולדיגט לינקאָלנ'ען אַז ער האָט באַפוילען פרעי־מאָנד'ן צו ענדערען די פּראָקלאַמאַציע דערפאַר וואָס ער האָט פרעימאָנד'ן באַטראַכט אַלס אַ קאָנקורענט אין די נעקסטע פּרע־זידענט־וואַלען. ער האָט, הייסט עס, מורא געהאַט טאָמער וועט פרעימאָנד'ס פּאָליטיק זיך ארויסווייזען פאַר אַן ערפאָלג, וועט פרעימאָנד דורך דעם ווערען פּאָפּולער: אויף די אַלע אַטאַקעס האָט לינקאָלן עפענטליך ניט געענטפערט. אין אַ פריוואַטען בריף צו זיינעם אַ פריינט, אַ סענאַטאָר, וועלכער האָט אָבער געהאַל־טען אין דער פראַגע מיט פרעימאָנד'ן, האָט לינקאָלן געשריבען אַזוי: „די לעדזשיסלייטשור פון קענטאָקי וואָלט זיך פון אָרט ניט גערירט אַזוי לאַנג ווי פרעימאָנד'ס פּראָקלאַמאַציע וואָלט ניט געענדערט געוואָרען. איך גלויב, אַז פאַרלירען קענטאָקי הייסט פאַרלירען אַלץ. אויב קענטאָקי גייט אַריבער צו דער סאוט, ווע־

לען מיר ניט קענען איינהאלטען מיזורי, און, איך גלויב, אויך ניט מערילאנד.״*)

איידער דער שטורם איבער פרעימאָנד'ס פראָקלאמאציע איז איינגעשטילט געווארען, האָט זיך אויפגעהויבען א נייער טומעל. עס האָבען זיך דערטראגען קלאנגען אין וואשינגטאָן, אז פרעי־מאָנד איז ארומגערינגעלט מיט א חברה פריינד, וועלכע באַ־שווינדלען און בארויבען די רעגירונג. אלס הויפט־קאָמאנדיר פון דער ארמיי אין מיזורי, האָט פרעימאָנד ארויסגעגעבען פאָדריאדען, קאָנטראקטען, פאר מיליטערישע פראָוויאנט און פאר מיליטערישע ארבייט. עס האָט געהייסען, אז פרעימאָנד שטייט אונטער'ן איינפלוס פון ספעקולאנטען און גנבים, וועלכע חנפ'ענען אים און נארען אויס גרויסע סומען געלט פון דער רעגירונג־קאסע. צו דערזעלבער צייט זיינען אָנגעקומען קלאנגען פון אָפיצירען אין פרעימאָנד'ס ארמיי, אז ער איז גוואלדיג אומפייאיג אלס גענעראל; אז ער פארנאכלעסיגט די מיליטערישע ארבייט; אז אים ליגט גאָר ניט אין זינען די ארמיי און די שלאכטפעלדער; אז ער גיט אָפּ זיין צייט און זיין אויפמערק־זאמקייט צו די ספעקולאנטען און קאָנטראקטאָרס; אז פאר אָפיצירען און ארמיי־קאָמאנדירען איז כמעט אונמעגליך צו אים צוצוקומען.

פרעזידענט לינקאָלן האָט געשיקט קאָמיסיעס אויסצופאָרשען דאָס אלץ, און די באריכטען וואס ער האָט באקומען האָבען באַ־שטעטיגט די באשולדיגונגען. איינער פון די אויספאָרשער האָט געשריבען: „אונזער קאָמיטע האָט געארבייט צוויי וואכען צייט אין סט. לואיס, און די פאקטען וואס מיר האָבען אויפגעדעקט וועלען ערשטוינען די וועלט און אונז פארשעמען אלס פאָלק.

*) גראָד דעמאָלט האָט די לעדזשיסלייטשור אין קענטאָקי אפּגעהאל־טען אירע זיצונגען, און דאָרט איז אָנגעגאנגען דער קאמף צווישען די צוויי צדדים. לינקאָלנ'ס מענשען אין קענטאָקי האָבען אים געלאָזט ווי־סען, אז פרעימאָנד'ס פראָקלאמאציע האָט פארשטארקט דעם צד, וועלכער האָט געזוכט צו ווירקען, אז קענטאָקי זאָל זיך אָנשליסען אָן דער קאָנ־פעדערייסי.

מען קען זיך קוים פאַרשטעלען וואס פאַר רויבערייען, שווינדלען און גניבות עס זיינען פאָרגעקומען אין פרעימאָנד'ס דעפּאַרט־מענט. אונטער פרעימאָנד'ס נאָז האָט עקזיסטירט אַן אָרגאַ־ניזירטע סיסטעם פון רויבעריי... דער קרעדיט פון דער רעגי־רונג ווערט דאָ רואינירט. אַלע ווייסען דאָ וועגען די שווינדלען, און מענשען האָבען מורא צו געטרויען דער רעגירונג. איך פיל זיך דערשלאָגען און אָפּהענטיג. אַ פאָלק וואָס איז אַזוי בלינד, אַזוי קאָרופּט און אַזוי אומערליך, פאַרדינט ניט צו האָבען אַ פרייע רעגירונג".

לינקאָלן האָט, נאָך אַ לאַנגען ישוב הדעת, אַרונטערגעזעצט פרעימאָנד'ן פון זיין אמט. פרעימאָנד'ס פריינט האָבען גע־סטראַשעט, אַז אויב ער וועט עס וואַגען צו טאָן, וועט פאָר־קומען אַן אויפשטאַנד אין סט. לואיס, און אַז אַ סך אָפיצירען אין פרעימאָנד'ס ארמיי וועלען גלייך רעזיגנירען און צוברעכען זייערע שווערדען. דאָס האָט אָבער ניט פּאַסירט. דאָך איז לינקאָלן ביטער אַטאַקירט געוואָרען פון אַ סך פון די אָנהענגער וואָס פרעימאָנד האָט זיך פאַרשאַפט דורך זיין פּראָקלאַמאַציע. זיי האָבען געשריען, אַז פרעימאָנד איז אַ מאַרטירער; אַז די אַלע באַשולדיגונגען זיינען פאַבריצירט געוואָרען כדי אים צו דיסקרע־דיטירען אין די אויגען פון פאָלק. דער רעדאַקטאָר פון אַ גרויסער צייטונג אין סינסינעטי האָט אין אַ בריף צום פינאַנס־מיניסטער טשעיס געשריבען אַזוי: „פרעימאָנד איז איצטער דער פּאָפּולערסטער מענש אין לאַנד. אַזוי, צום ווייניגסטענס, פילען מיר דאָ אין דער וועסט... לינקאָלן האָט פאַרלאָרען דעם צו־טרויען פון פאָלק.*)

*) וועגען דער גאַנצער אנגעלעגענהייט זיינען היסטאָריקער נאָך ביז היינטיגען טאָג צוטיילט אין זייערע מיינונגען. ראָודס איז אָבער איבער־צייגט, אַז פרעימאָנד האָט לכתחילה ארויסגעגעבען זיין פּראָקלאַמאַציע מיט דער האָפענונג, אַז דאָס וועט אים באַשיצען געגען די קלאַגען פון קאָ־רופּציע.

קאַפּיטעל 7.

# אן ערנסטער סכסוך מיט ענגלאַנד.

לינקאָלנ'ס אנטשלאָסענהייט ניט צו דערלאָזען אז שקלאַ־פעריי זאָל ווערען אן עפענטליכע פראגע אין דער מלחמה האָט זיך אפּגערופען אויף דער עפענטליכער מיינונג אין ענגלאַנד. די סאוט האָט דערפון אינדירעקט געוואונען און די פריינד פון דער סאוט אין ענגלאנד האָבען פארשטאַנען ווי אזוי צו שלאָגען קאַפּיטאל פאר זייער צד.

נאָך דער שלאַכט ביי בול־ראָן זיינען די אַקציעס פון דער נאָרט שטאַרק געפאלען אין ענגלאנד און פראנקרייך און די אקציעס פון דער סאוט האָבען זיך דאָרט שטאַרק געהויבען. די אריסטאָקראטיע און די קאַפּיטאַליסטישע קלאסען (די פאַב־ריקאנטען און הענדלער) האָבען אין הארצען נאָך פריער סימפּאַ־טיזירט מיט דער סאוט. זיי האָבען אָבער ניט געוואגט צו נע־מען א שטעלונג צוליב צוויי אורזאכען: ערשטענס, האָבען זיי אפּגעשאצט, אז די כוחות פון דער נאָרט זיינען פיל שטארקער ווי די כוחות פון דער סאוט. זיי האָבען זיך ניט געוואלט שטעלען אויף דער זייט וואָס האָט, לויט זייער אייגענער מיינונג, געמוזט פארלירען. צווייטענס, איז די סאוט געשטאַנען פאר שקלאַ־פעריי און די גרויסע מאסען אין ענגלאַנד האָבען באטראכט די מלחמה אלס אַ קאמף צווישען שקלאַפעריי און פרייהייט. דער הערשענדיגער קלאַס האָט פּשוט מורא געהאַט אפען צו שטיצען די שקלאַפעריי.

די שלאַכט ביי בול־ראָן האָט אָבער געשאפען די מיינונג ביי דעם הערשענדיגען קלאַס, אז דער נאָרט וועט ניט געלינגען צו באַזיגען די סאוט. מען האָט אין יענע קרייזען גענומען

ריידען, אז עס וואָלט געווען גלייכער די מלחמה זאָל זיך וואס שנעלער ענדיגען. זיי האָבען זיך אויך באַנוצט מיט לינקאָלנ'ס שטעלונג צו שקלאַפּעריי און האָבען געגומען ריידען צום עולם, אז אייגענטליך האָט שקלאַפּעריי מיט דעם גאַנצען ענין גאָרניט צו טאָן. די לאָנדאָנער „טאַימז" האָט אין סעפּטעמבער געשריבען אַזוי: „די סאַוט איז ניט אַזוי שטאַרק ווי די נאָרט, אָבער ביז איצט האָט זי זיך אַרויסגעוויזען ערפאָלגרייך אויפ'ן שלאַכט־פעלד. און מסתמא וועט זי שטענדיג זיין גענוג שטאַרק אז זי זאָל זיך ניט דאַרפען אונטערגעבען." אין אַ צווייטער אויס־גאַבע האָט די „טאַימז" געשריבען: „די פראַגע פון שקלאַפּעריי האָט ווייניג־וואָס צו טאָן מיט דעם קאַמף. דאָס שלאַגוואָרט פון דער סאַוט איז — אומאָפּהענגיגקייט. דאָס שלאַגוואָרט פון דער נאָרט איז — יוניאָן. אין די צוויי ווערטער ליגט די אמת'ע אורזאַך פון דער מלחמה".

דער איינציגער קלאַס וואָס האָט נאָך איצטער סימפּאַטי־זירט מיט דער נאָרט איז געווען דער אַרבייטער־קלאַס. ראָודס שרייבט „דער אַרבייטער־קלאַס, אויף אַזוי פיל ווי ער האָט אי־בערהויפּט געטראַכט דערפון, האָט סימפּאַטיזירט מיט די פאַר־אייניגטע שטאַטען. די אַרבייטער האָבען קלאָר געזען, אז דער זיג פון דער נאָרט אין אַמעריקע איז אַ זיג פאַר דעמאָקראַטיע אין ענגלאַנד. אָבער די אַרבייטער האָבען דעמאָלט געהאַט ווייניג געוויכט אין דער עפענטליכער מיינונג פון לאַנד. זיי האָבען נאָך דעמאָלט געהאַט אַ קליינע פּאָליטישע דעה". דזשאָן סטו־אַרט מיל אין זיין אויטאָביאָגראַפיע שרייבט: „כמעט דער גאַנ־צער הויכער און מיטעלער קלאַס פון מיין לאַנד, אפילו די וואָס האָבען זיך געהאַלטען פאַר ליבעראַלען, איז געווען פאַרקאָכט פּאַרטייאיש פאַר דער סאַוט. די אַרבייטער און טייל ליבע־ראַלען און וויסענשאַפטסלייט זיינען געווען די איינציגע אויס־נאַמען אין דער משוגעת."

די ענגלישע רעגירונג האָט זיך אָבער אַלץ געהאַלטען נײַ־טראַל. אין פראַנקרייך האָט דעמאָלט געהערשט נאַפּאָלעאָן דער דריטער, וועלכער האָט אָפּגעשאַפט די רעפּובליק און זיך גע־

קרוינט פאר אימפעראטאר. נאפאלעאן האט זיך געווענדט צו ענגלאנד מיט א פארשלאג, אזביידע לענדער זאלען אנערקענען די אומאפהענגיגקייט פון דער סאוט און דאן זאלען זיי ביידע, מיט בשותפות'ע קרעפטען, דורכברעכען א וועג דורך דער בלא־קאדע צו די האפענס פון דער סאוט. ענגלאנד האט דעם פאר־שלאג צוריקגעוויזען. דער ענגלישער קאבינעט איז געווען צו־טיילט. דער פרעמיער, פאלמערסטאן, האט זיך געהאלטען פאר דער פאליטיק פון נייטראליטעט. זיין אויסערן מיניסטער, לארד ראסעל, האט געהאלטען אז מען דארף יע עפעס טאן צו העלפען דער סאוט. ער האט פארגעשלאגען, אז ענגלאנד און פראנקרייך זאלען זיך אריינלייגען אין א שלום, און אויב די נארט וועט זיך דערפון אנטזאגען, זאלען די צוויי לענדער זיך שטעלען אויף דער זייט פון דער סאוט. פאלמערסטאן האט ראסעל'ס פלאן ניט אנגענומען, כאטש ער האט סימפאטיזירט מיט דער סאוט.

די שטימונג אין ביידע לענדער איז געווען אן אנגעצויגענע. די וויכטיגע ניו יארקער צייטונג, „העראלד", האט געענטפערט אויף די אטאקעס אין די ענגלישע צייטונגען מיט קאנטער־אטא־קעס. זי האט אפילו געסטראשעט ענגלאנד, אז אמעריקע וועט איר ערקלערען קריג. און פלוצלונג האט עפעס פאסירט, וואס האט די פארביטערטקייט נאך שארפער געמאכט און ביידע לענ־דער זיינען טאקע שיער, שיער ניט אריינגעשטויסען געווארען אין א מלחמה מיט אנאנדער.

די קאנפעדעראציע האט באשלאסען צו שיקען צוויי פאר־שטייער קיין ענגלאנד און קיין פראנקרייך. זי האט פאר דעם צוועק אויסגעקליבען צוויי מענשען, וואס זיינען אין דער נארט געווען זייער פארהאסט, דזשיימס מעיסאן און דזשאן סלידעל. זיי איז געלונגען זיך דורכצושמוגלען דורך דער בלאקאדע און אנצו־קומען אויף א קליינער שיף אין האוואנא, קובא. דארט האבען זיי זיך דעם 7טען נאוועמבער געזעצט אויף דער ענגלישער פא־סאזשיר שיף „טרענט" און זיינען אפגעפארען קיין ענגלאנד. אויף מארגען האט די אמעריקאנער קריגס־שיף „סאן דזשאקאנ־טא" אנגעיאגט די „טרענט" און איר באפוילען זיך אפצושטעלען.

די „טרענט” האָט פון אָנפאנג זיך אנטזאגט צו פאָלגען. די „סאן דזשאקאנטא” האָט אויסגעשאָסען עטליכע מאָל. די „טרענט” האָט דאַן ערלויבט, אז אַן אָפיציר און עטליכע סאָלדאַטען פון דער „סאן דזשאקאָנטא” זאָל אַרויפקומען אויף איר דעק און אראָפנעמען די צוויי פאָרשטייער פון דער סאוט, מעיסאָן און סלידעל, צוזאמען מיט זייערע סעקרעטאַרען. די פיר געפאַנגענע זיינען אָפגעפירט געווארען אין באָסטאָנער האפען און זיינען איינגעשפאַרט געווארען דאָרט אין א פעסטונג.

די נייעס האָט אַרויסגערופען אי שרעק אי באגייסטערונג אין דער נאָרט. מען האָט זיך געשראָקען פאַר ענגלאַנד, טאָמער וועט זי עס באַטראַכטען פאַר אַ פארגוואלטונג פון אירע רעכט אויפ'ן ים און וועט ערקלערען קריג; אין דערזעלבער צייט האָט זיך דער עולם געפרייט מיט דעם, וואָס די צוויי פארהאַסטע שלוחים פון דער סאוט זיינען אַריינגעפאַלען אין זייערע הענד. „דער קאַפיטאן פון דער „סאן דזשאקאנטא”, — שרייבט פראָפעסאָר מעקמעסטער, — איז געווען דער העלד פון טאָג. מען האָט פאַר אים געמאכט באַנקעטען, אים געשיקט דאנקזאָגונגען. אין באָסטאָן האָט מען פאר אים געמאַכט א יום־טוב. אין ניו יארק האָט מען אים געגעבען אַן עפענטליכען קבלת פנים אין סיטי האָל. . . דער פלאָטען מיניסטער וועלס האָט אים געשריבען אַן אָפיציעלען בריף מיט די ווערטער: „אייער טאַט צייכינט זיך אוים מיט אינטעליגענץ, פייאיגקייט, אנטשלאָסענהייט און זי האָט די גוטהייסונג פון דעם פלאָטען־מיניסטעריום”. דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע אים צו באַדאַנקען.

די שרעק, אז ענגלאנד וועט נעמען אַ שטעלונג געגען דער טאַט, איז מקוים געווארען. אזוי שנעל ווי די נייעס איז אָנגעקומען אין ענגלאַנד, האָט דאָרט אויסגעבראכען א שטורעם פון צאָרן. די צייטונגען האָבען געשריען, אז אַמעריקע האָט באַליידיגט ענגלאנד. דער אמעריקאַנער אמבאסאדאָר עדעמס האָט געשריבען: „די קלובס, די אַרמיי, די פלאָטע, מענשען אין גאס געוואלדעווען, אז די רעגירונג מוז ערקלערען קריג”. די לאָנדאָנער „טאַימז” האָט געשריבען: „ווילקס (דער קאַפיטאָן

פון דער „סאן דזשאקאנטא") איז דער טיפּישער יענקי . . . און ווי אַלע יענקים האָט ער ליב צו בושעווען איבער הילפלאָזע און שוואַכע, צו טרעטען מיט די פיס אויף דעם געזעץ און צו פארגוואַלדיגען די הייליגסטע אינטערעסען פון דער מענשליכער נאַטור. ער האנדעלט אזוי בלויז דאן ווען מען זעט אים ניט. אזוי שנעל אָבער ווי ער דערזעט פאר זיך אַ געפאַר אנטלויפט ער".

די ענגלישע רעגירונג האָט געשיקט אַ פּראָטעסט־נאָטע קיין וואשינגטאָן און זיך גענומען גרייטען צו קריג. זי האָט באַשטעלט זאפּאַסען פון אמוניציע, האָט גענומען אָנלאָדען געווער אויף שיפען צו שיקען קיין קענעדע. אין דערזעלבער צייט האָט זי פארבאָטען דעם ארויספיר פון אמוניציע פון אירע האַפענס. די לאָנדאָנער „טאַימז" האָט זיך געפרייט איבער די קריגס־הכנות. זי האָט געוואָרענט די פאראייניגטע שטאַטען, אז אזוי שנעל ווי ענגלאַנד וועט ערקלערען קריג וועלען ענגלאַנד'ס קריגסשיפען פארשפּאַרען אַלע האַפענס פון דער נאָרט. אין קענעדע האָט מען אויך גענומען מאַכען הכנות צו מלחמה.

דעם 18טען דעצעמבער איז אין וואַשינגטאָן אָנגעקומען ענגלאַנד'ס נאָטע, וועלכע האָט געפאָדערט אז מעיסאָן און סלידעל זאָלען גלייך באפרייט ווערען און אָפּגעשיקט ווערען קיין ענגלאנד, און אז די רעגירונג פון די פאראיינינגטע שטאַטען זאָל זיך אנטשולדיגען פאר איר טאַט. דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן האָט באַקומען אַ באַפעל פון זיין רעגירונג, אז מער ווי זיבען טעג זאָל ער אויף אַן ענטפער ניט וואַרטען. אויב ער וועט אין משך פון דער וואָך ניט באַקומען קיין ענטפער, אָדער דער ענטפער וועט ניט זיין צופרידענשטעלענדיג, זאָל ער גלייך פארלאָזען וואַשינגטאָן און אָפּברעכען באַציאונגען מיט די פאַראייניגטע שטאַטען.

דעם 25טען דעצעמבער האָט דער קאַבינעט אין וואַשינגטאָן זיך פארזאַמעלט צו באַטראַכטען די פראַגע. צוויי טעג האָט ער זיך מישב געווען. פּרעזידענט לינקאָלן איז געווען מיט דער מיינונג, אז מען דאַרף פאָרשלאָגען ענגלאַנד אז די גאַנצע אַנ־

געלעגענהייט זאָל איבערגעגעבען ווערען צו אומפּארטייאישע מענשען צו פּסקנ'ען. סעקרעטערי אָוו סטייט סואַרד איז געווען דערפאַר, אז אַמעריקע זאָל גלייך נאָכגעבען ענגלאַנד'ס פאָדערונגען. אייניגע מיניסטאָרען האָבען ערקלערט, אז אַמעריקע האָט געהאַט דאָס רעכט צו טאָן דאָס, וואָס זי האָט געטאָן, און זיי האָבען באַוויזען מיט פאַקטען, אז ענגלאַנד אַליין האָט א סך מאָל אזוי געהאַנדעלט, אז יעדען מאָל וואָס זי האָט געפירט מלחמה פלעגט זי אָפּשטעלען נייטראַלע שיפען און אראָפּנעמען מענשען און סחורה וואס האָבען געהערט צום שונא. דאָך האָבען די מיניסטאָרען איינגעשטימט מיט סואַרד'ן, אז מען מוז זיך בויגען, ווייל אַמעריקא איז ניט אימשטאַנד איצט צו ריזיקירען מיט אַ מלחמה געגען ענגלאַנד. סואַרד'ס פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען.

סעקרעטערי סואַרד'ס ענטפער צו ענגלאַנד איז געווען אזוי: קאַפּיטאַן ווילקס האָט געהאַנדעלט אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרטליכקייט, אָן דעם וויסען פון דער רעגירונג. די פיר געפאַנגענע וועלען צוריקגעשיקט ווערען קיין ענגלאַנד. די פאַראייניגטע שטאַטען איז שטענדיג געשטאַנען פאַר דעם פּרינציפּ, אז נייטראַלע שיפען מעגען פירען סחורה און מענשען פון קריגערישע לענדער, און זי האָט אין דער פאַרגאַנגענהייט פאַרטיידיגט דעם דאָזיגען פּרינציפּ אין אירע סכסוכים מיט ענגלאַנד. איצטער האַנדעלט אַמעריקע לויט איר אייגענעם פּרינציפּ.*)

דעם ערשטע יאַנואַר, 1862, האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג ארויפגעזעצט מעיסאָנ'ען און סלידעל'ן און זייערע סעקרעטערען אויף אַן ענגלישער שיף, וועלכע האָט זיי אָפּגעפירט קיין בערמודא. פון דאָרט זיינען זיי אָפּגעפאָרען קיין ענגלאַנד.

דערמיט האָט זיך דער אינצידענט געענדיגט.

*) די אַמעריקאַנער צייטונגען האָבען געדרוקט פאַקטען ווי ענגלאַנד האָט געטאָן פּונקט דאָסזעלבע וואָס זי האָט איצט פאַרדאַמט; אַז אַמעריקע האָט שטענדיג פּראָטעסטירט געגען ענגלאַנד פאַר פאַרגוואַלדיגען די רעכטע פון נייטראַלע לענדער, און ענגלאַנד האָט שטענדיג די פּראָטעסטען איגנאָרירט.

קאַפּיטעל 8.

# די שלאַכטען ארום ריטשמאָנד.

נאָך דער מפלה ביי בול־ראַן האָט די נאָרט איינגעזען, אז זי האָט די לאַגע ניט ריכטיג אָפּגעשאַצט, אז זי האָט זי גענומען צו לייכט. פּרעזידענט לינקאָלן האָט גלייך אראָפּגעזעצט גענע־ראל מעקדועל פון זיין אמט און אויף זיין פּלאַץ באַשטימט גענע־ראל מעקלעלאַן, וועלכער האָט זיך געמאכט א נאָמען מיט עטלי־כע נצחונות אין וועסט ווירדזשיניא. מעקלעלאַן איז נאָך דע־מאָלט געווען גאָר א יונגערמאַן, איננאַנצען 34 יאר אלט. ער איז אָבער שוין געווען אזוי פּאָפּולער און אזוי באַליבט ביים פאָלק, אז מען האָט אים גערופען דער „קליינער נאפּאָלעאָן”.

ווען גענעראל מעקלעלאַן האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער דער ארמיי אין ווירדזשיניא אין יולי, 1861, איז די ארמיי געווען שטאַרק דעמאָראַליזירט. „אומאָרדנונג און מהומה האָבען געוועלטיגט, — שרייבט מעקמעסטער, — טויזענטער רויע רעקרוטען זיינען געלאָפען צום פראָנט, און טויזענטער אויסגעדינטע פון דעם דריי־מאָנאַטליכען טערמין זיינען געלאָפען פון פראָנט אהיים. אין די גאַסען פון וואשינגטאָן האָבען זיך ארומגעטראָגען מחנות סאָלדאַטען. אין די האָטעלען האָבען הונ־דערטער אָפיצירען זיך געלאָזט וואוילגיין און האָבען גאָרניט גע־טראכט וועגען זייערע מיליטערישע פליכטען אדער וועגען צו־נויפקלייבען זייערע צואוואָרפענע און צוטומעלטע סאָלדאַטען”. דער היסטאָריקער מעקארטני שרייבט: „די גאַסען, די האָטע־לען, די סאַלונען זיינען פול געווען מיט שיכור'ע אָפיצירען און מיט סאָלדאַטען וואס האָבען זייערע רעגימענטען פארלאָזען אָן ערלויבעניש”.

מעקלעלאַן האָט זיך די ערשטע זאַך גענומען צו „שאַפען אַן ארמיי”, צו ברענגען אָרדנונג און דיסציפּלין צווישען די סאָל־דאַטען, און ער האָט די זאַך דורכגעפירט מיט גרויס ערפאָלג. אין דריי מאָנאַט צייט האָט ער געהאַט אַן ארמיי פון א 170 טויזענד מאַן, גוט באַוואָפענט, גוט געלערענט און גוט דיסציפּלינירט.

אָבער שוין דעמאָלט האָט זיך גענומען ארויסווייזען מעק־לעלאַנ'ס גאוה'דיגער כאַראַקטער. ער האָט זיך גענומען קריגען מיט דעם איינציגען מיליטערישען העכערען בעאַמטען איבער אים, מיט דעם 75 יעריגען גענעראַל ווינפריד סקאָט. ער האָט סקאָט'ן באַליידיגט און סקאָט האָט אריינגעשיקט זיין רעזיגנאַציע. לינ־קאָלן און זיינע מיניסטאָרען זיינען געווען צופרידען וואָס זיי זיינען פּטור געוואָרען פון דעם אַלטען, קראַנקען סקאָט און האָ־בען מיט פרייד איבערגעגעבען די הויפּט־קאָמאַנדע צו מעקלע־לאַנ'ען. זיי האָבען אַלע געהאַט דעם גרעסטען צוטרוי צו אים, דעם שטאַרקסטען גלויבען אין זיין פייאיגקייט. זיי האָבען זיך געריכט, אז ער וועט באַווייזען וואונדער אזוי שנעל ווי ער וועט ארויסמאַרשירען געגען דעם שונא מיט זיין גוט דיסציפּלינירטע ארמיי. איצט האָט מעקלעלאַן זיך געפילט נאָך גאוה'דיגער, נאָך שטאָלצער ביי זיך.

דערווייל זיינען זיך די וואָכען און די מאָנאַטען געגאַנגען. דאָס לאַנד איז געוואָרען אומרואיג, אומגעדולדיג. די צייטונ־גען האָבען גענומען פרעגען: אויף וואָס וואַרט מעקלעלאַן? פאַר־וואָס פאַנגט ער ניט אָן עפּעס צו טאָן מיט זיין וואונדערבאַרער ארמיי? די פראַגע איז אויפגעהויבען געוואָרען אין קאָנגרעס. א קאָמיטע איז באַשטימט געוואָרען זיך צו זען מיט'ן פּרעזידענט וועגען דעם ענין. לינקאָלן האָט מעקלעלאַנ'ען פאַרענטפערט: מסתמא וויים ער וואָס ער טוט. אָבער ווען עס זיינען וויטער אוועק וואָכען און אויף דעם „פּאָטאָמעק טייך איז נאָך אַלץ שטיל געווען” (אזוי פלעגען זיך די צייטונגען וויצלען יעדען טאָג), האָט אויך לינקאָלן גענומען ווערען אומגעדולדיג און גענר־

מען פרעגען מעקלעלאנ׳ען ווען ער וועט שוין עפּעס טאָן, ווי לאַנג נאָך וועט ער ווארטען?

אין דעצעמבער איז מעקלעלאן קראנק געווארען אויף טי־פוס. עטליכע וואכען איז ער געלעגען אין בעט. לינקאָלן האָט זיך איצט בּעראַטען מיט די אנדערע וויכטיגע גענעראלען וועגען אָנהויבען אַן אטאַקע. ער האָט די פראגע אויך דיסקוטירט אין קאַבינעט. צווישען די מיניסטארען זיינען געווען איינינגע מיט דער מיינונג, אַז מעקלעלאן מוז גלייך אראָפּגעזעצט ווערען. זיינע צוויי גרעסטע געגנער זיינען געווען: דער קריגס־מיניסטער סטענטאָן און דער פינאַנץ־מיניסטער טשעיס. עס זיינען פּאָרגע־קומען אפענע קריגערייען צווישען מעקלעלאנ׳ען און די מיניס־טאָרען ביי די בּעראַטונגען. לינקאָלן האָט שטענדיג געמוזט ביידע צדדים בּארואיגען. ביי מעקלעלאנ׳ען אין קאָפּ האָט זיך אַנט־וויקעלט דער געדאנק, אַז טשעיס וויל ער זאָל מאכען זיין אטאקע איידער ער איז נאָך צוגעגרייט, כדי ער זאָל די שלאַכט פּאר־לירען. טשעיס איז געווען אַ „ראַדיקאלער רעפּובּליקאנער"; די ראַדיקאַלע רעפּובּליקאנער האָבען געוואָלט, אַז די נעגער זאָלען גלייך ערקלערט ווערען פריי און קריגען גלייכבּארעכטיגונג. האָט מעקלעלאן ביי זיך אין געדאַנק אזוי אויסגע׳פּשט׳לט: אויב איך וועל געווינען גלייך איצט ביים אָנפאנג פון קריג און די סאוט וועט זיך אונטערגעבען, וועט געשלאָסען ווערען פרידען אויף די אַלטע בּאדינגונגען. די שקלאַפען וועלען בּלייבען שקלאַפען. אויב אַבער איך וועל איצט פּארלירען און די מלחמה וועט זיך פּארציען וועלען די ראַדיקאַלע רעפּובּליקאַנער קריגען די אויבער־האנד אין דער רעגירונג און וועלען בּאפרייען די שקלאַפען. מעק־לעלאן האָט אויך געגלויבט אַז לינקאָלן ווערט בּאאיינפלוסט פון די קאַבּינעט־מיניסטאָרען און אַז אין הארצען איז אויך לינ־קאָלן פיינדליך געשטימט צו אים.

לינקאָלן האָט איצט גענומען פאָדערען פון מעקלעלאנ׳ען ער זאָל אָנפאנגען זיין אַטאַקע. מעקלעלאן האָט אַלץ אפּגע־לייגט אויף שפּעטער. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז ער דארף נאָך צייט אויף צוצוגרייטען זיך. אין פעברואר האָט לינקאָלן בּא־

פוילען מעקלעלאנ'ען ער זאָל אָנהויבען די אַטאַקע דעם 22טען פעברואר (וואַשינגטאָנ'ס געבורטסטאָג). מעקלעלאן האָט אָבער ווייטער געפונען אַ תירוץ און דעם באַפעל ניט געפאָלגט. דעם 5טען מערץ האָט לינקאָלן גערופען מעקלעלאנ'ען צו זיך און אים ערקלערט אז עס טראָגען זיך אַרום קלאַנגען אז ער, מעקלעלאן, פלאַנעוועט צו פאררעטען די רעגירונג, אז ער וויל אָפּציען זיין אַרמיי פון וואשינגטאָן און מעגליך מאַכען פאַר דעם שונא צו פארנעמען די שטאָט. מעקלעלאן איז געווארען אן אויפגעקאָכטער און געפאָדערט פון פרעזידענט ער זאָל די באַשולדיגונג צוריקציען. דער פרעזידענט האָט אים ערקלערט, אז ער באַשולדיגט אים ניט, נאָר אז ער וויל ער זאָל וויסען וועגען די קלאַנגען.

אַזוי זיינען געווען די באַציאונגען צווישען דעם הויפּט גענעראַל און די פירער פון דער רעגירונג, ווען מעקלעלאן האָט זיך ענדליך גענומען רירען פון אָרט. מעקלעלאן האָט אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן ווי צו אַטאַקירען און איינגעמען ריטשמאָנד, די הויפּטשטאָט פון דער קאָנפעדערייסי. זיין פּלאַן איז געווען ניט צו מאַרשירען גלייך פון וואשינגטאָן אויף ריטשמאָנד, נאָר אַריבערצופירען די אַרמיי מיט שיפען צו פאָרט מאָנראָו, ביים ברעג, און פון דאָרט גיין אויף ריטשמאָנד. אין מיטען מאָנאַט מערץ האָט ער גענומען פירען די סאָלדאַטען צו פאָרט מאָנראָ. דאָס האָט געדויערט איבער אַ מאָנאַט צייט. מעקלעלאן האָט געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע אין פאָרט מאָנראָו אַרום 120 טויזענד מאַן.

און דאָ איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישען מעקלעלאנ'ען און דעם פרעזידענט. לינקאָלן האָט פארהאַלטען צוואַנציג טויזענד סאָלדאַטען אונטער גענעראַל מעקדועל נעבען וואַשינגטאָן. מעקלעלאן האָט געפאָדערט, אז מעקדועל'ס סאָלדאַטען זאָלען זיך אָנשליסען אָן זיין אַרמיי. לינקאָלן איז געווען מיט דער מיינונג, אַז אויב מעקדועל מיט זיינע 20 טויזענד מאַן וועלען אוועק, וועט וואַשינגטאָן בלייבען אומבאַשיצט און דער שונא וועט קענען באַפאַלען די שטאָט און זי איינגעמען. מעקלעלאן

האט גע'טענה'ט, אז צו באשיצען וואשינגטאן האט ער געלאזען אנדערע 10 טויזענד מאן. לינקאלן האט געענטפערט, אז 10 טויזענד מאן זיינען ניט גענוג. מעקלעלאן האט געשריבען צו פרע־




די וויכטיגסטע שלאכט־פונקטען צווישען וואשינגטאן און ריטשמאנד.

זידענט לינקאלן, אז זיין האנדלונג שטערט אים, אז ער, מעקלעלאן, קריגט ניט די נויטיגע שטיצע פון דער רעגירונג. לינקאלן האט אים פארזיכערט אז ער מאכט א טעות. „איך פארזיכער

אייך", האָט לינקאָלן אים געשריבען, „אז איך האָב צו אייך קיינ־מאָל ניט געשריבען מיט מער פריינדליכע געפילען ווי איצט".
די פאַרזיכערונגען האָבען אָבער ניט געהאָלפען. מעקלעלאַן איז געווען איבערצייגט, אז די רעגירונג אין וואשינגטאָן, דער פּרעזידענט און דער קאַבינעט, ווילען אים שטערען, ווילען אים ניט געבען די מעגליכקייט צו האָבען ערפאָלג אויפ'ן שלאַכטפעלד.

די קאַמפּאַניע וואס האָט זיך איצט אָנגעפאַנגען האָט זיך געצויגען פון מיטען אַפּריל ביז מיטען יולי. אין משך פון די דריי מאָנאַטען זיינען פאָרגעקומען שלאַכטען אַרום ריטשמאָנד און אַרום וואשינגטאָן. אלע ארמייען וואס זיינען געשטאַנען אין די פאַרשידענע־פונקטען פון ווירדזשיניא, סיי אין דעם נאָרד־ליכען טייל, נאָענט צום פּאָטאָמאַק טייך און צווישען די שאַנענ־דאהא בערג און טאָלען, און סיי די, וואס זיינען געשטאַנען אין דעם זידליכען טייל, אויף דעם האַלב־אינזעל צווישען די טייכען דזשיימס און יאָרק — אלע זיינען זיי אריינגעצויגען געוואָרען אין די שלאַכטען. צייטענווייז האָט עס אויסגעזען, אז וואשינג־טאָן שטייט אין געפאַר איינגענומען צו ווערען, און צייטענווייז, ווידער, האָט עס אויסגעזען אז ריטשמאָנד שטייט אין געפאַר איינגענומען צו ווערען. געענדיגט האָט זיך די קאַמפּאַניע מיט א מפּלה פאַר מעקלעלאַנ'ען. די מפּלה איז באַשטאַנען אין דעם, וואס נאָך דריי מאָנאַטען פון שלאָגען זיך, האָט ער געמוזט זיין ארמיי צוריקציען און צוגעבען אז ער קען ריטשמאָנד ניט איינ־נעמען.

לכתחילה האָט עס אויסגעוויזען, אז מעקלעלאַנ'ס סטראַטע־גיקע וועט זיך איינגעבען. אין מיטען אַפּריל האָט ער באַלאַגערט יאָרקטאָון, א באַפעסטיגטער פּונקט אויפ'ן וועג צו ריטשמאָנד. כאָטש זיין ארמיי איז געווען צווייצמאָל אזוי די גרויס ווי דזשאָנס־טאָנ'ס ארמיי, פונדעסטוועגען האָט ער יאָרקטאָון ניט אַטאַקירט. ער האָט זי בלויז באַלאַגערט. דערפאַר ווערט ער שאַרף קריטי־קירט פון געוויסע היסטאָריקער און מיליטערישע עקספּערטען. זיי זאָגען, אז ווען ער וואָלט יאָרקטאָון גלייך אַטאַקירט וואָלט ער צושמעטערט דזשאָנסאָנ'ס ארמיי און וואָלט דאַן געקענט גלייך

גיין און איינגעמען ריטשמאָנד. מעקלעלאן האָט אָבער אַנדערש געדענקט און עס זיינען פאראן היסטאָריקער און מיליטערישע עקספערטען וואָס שטימען מיט אים איין. מעקלעלאן האָט גע־גלויבט, אז זיין ארמיי איז ניט גרויס גענוג פאר אַן אטאַקע. און ער האָט טאַקע געהאלטען אין איין שרייבען צו לינקאָלנ׳ען ער זאָל אים גלייך שיקען מעקדועל׳ס רעגימענטען וואס ער האָט פאר־האלטען נעבען וואשינגטאָן.

דערווייל האָט דזאשנסטאָן פארשטאַרקט זיין ארמיי און פארגרעסערט. דעם דריטען מאַי האָט דזשאנסטאָן אַליין זיין ארמיי צוריקגעצויגען פון יארקטאון. און דאָ ווערט אויך מעק־לעלאן קריטיקירט פון זיינע געגנער. מעקלעלאן האָט געדארפט נאָכיאָגען דזשאנסטאָנ׳ען און אים גלייך אטאַקירען, זאָגען זיי. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן. שרייבט ראודס: „מעקלעלאן האָט זיך גערירט שרעקליך לאנגזאם. אים האָט געדויערט צוויי וואָכען צו דעקען אַ שטרעקע פון אַ פערציג מייל. אמת, די ווע־גען זיינען געווען שלעכטע, מיט טיפע בלאָטעס, אָבער מעקלע־לאן האָט איבערטריבען די שטערונגען און די שלעכטע וועטערען פונקט ווי ער האָט איבערגעשאַצט די כוחות פון דעם שונא. לינ־קאָלן, וועלכער איז שוין מיד געווען פון מעקלעלאנ׳ס אייביגע קלאגען, האָט באמערקט, אז די געגנערישע קאָנפעדערייטע ארמיי באוועגט זיך דאָך, טראָץ די שלעכטע וועטערען. ער האָט איינ־מאָל געזאָגט: „מעקלעלאן, ווייזט אויס, דענקט פונקט פאר־קערט ווי אין פסוק שטייט. ער דענקט אז דער הימעל שיקט די רעגענס בלויז אויף די קעפ פון די צדיקים און ניט אויף די קעפ פון די רשעים״.

דערווייל איז אַ פלאָטע פון עטליכע שיפען אראָפגעשוואומ־מען אויף דעם טייך דזשיימז און זיך גענומען רוקען נענטער און נענטער צו ריטשמאָנד. פאר דער פלאָטע האָט מען זיך אין ריטשמאָנד געשראָקען מער ווי פאר מעקלעלאנ׳ס ארמיי פון 100 טויזענד מאַן. פון 11טען ביז׳ן 17טען מאַי איז אין ריטשמאָנד געווען אַ פאניק. פרעזידענט דייוויס האָט איין טאָג געהייסען אַלעמען גיין אין קירכע תפילה טאָן. זיין אייגענע פאמיליע

האָט ער אַרויסגעשיקט פון שטאָט. זיינע מיניסטאָרען האָבען גע־טאָן דאָסזעלבע. מענשען האָבען מאַסענווייז גענומען לויפען פון שטאָט. זיי האָבען זיך אפילו ניט אָפּגעשטעלט איינצופּאַקען און מיטצונעמען זייערע זאַכען. דעם 15טען מאַי איז שוין די פלאָטע געווען ניט מער ווי אכט מייל פון שטאָט.

אָבער ווייטער איז די פלאָטע ניט געגאַנגען. ביי דעם דאָ־זיגען פּונקט איז זי אַטאַקירט געוואָרען פון עטליכע שיפען פון דער קאָנפעדערייסי, וואָס האָבען זיך געפונען ביי די ברעגען. די נאָרדליכע פלאָטע האָט זיך געמוזט צוריקציען און ריטשמאָנד האָט פריי אויפגעאָטעמט. און דאָ ווערט מעקלעלאַן ווידער קריי־טיקירט. ער האָט געדאַרפט אַרויסהעלפען דער פלאָטע מיט אַן אַטאַקע פון דער יבשה. דאָס האָט ער ניט געטאָן. ער האָט גע־לאָזען די פלאָטע פירען איר אַטאַקע אַליין.

מעקלעלאַן האָט גענומען מאַכען הכנות צו אַטאַקירען ריטש־מאָנד. ער איז געשטאַנען אויף דעם טייך טשיקאַהאָמיני. ער האָט אָבער אַלץ געפאָדערט מען זאָל אים שיקען נאָך סאָלדאַטען. ענדליך האָט אים לינקאָלן געלאָזט וויסען, אז ער שיקט אַרויס מעקדועל'ס אַרמיי פון 40 טויזענד מאַן. די אַרמיי האָט גע־זאָלט אַרויסמאַרשירען דעם 23טען מאַי. מעקלעלאַן האָט אויף איר געוואַרט און דערווייל געמאַכט די נויטיגע הכנות זיך צו פאַראייניגען מיט איר. אָבער מעקדועל'ס אַרמיי איז קיינמאָל ניט אָנגעקומען. די גענעראַלען פון דער סאַוט האָבען דאָ דורכ־געפירט אַ שטיקעל סטראַטעגיקע, פאַר וועלכער זיי ווערען שטאַרק גערימט פון מיליטערישע עקספּערטען. איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכענט גענעראַל סטאָונוואָל דזשעקסאָן (איינער פון די גרעסטע העלדען און איינער פון די בעסטע מיליטערישע קעפּ פון דער סאַוט).

דאָס פּראָבלעם פאַר די גענעראַלען פון דער סאַוט איז גע־ווען, ווי אזוי האַלט מען צוריק מעקדועל'ס אַרמיי זי זאָל ניט קומען צו הילף מעקלעלאַנ'ען? דזשעקסאָן איז דעמאָלט גע־שטאַנען מיט אַן אַרמיי פון אַרום 20 טויזענד מאַן אין דער שאַ־נענדאָהאַ געגענד. אין דערזעלבער געגענד זיינען געשטאַנען צוו־

וואָרפען איינינע ארמייען פון דער נאָרט. יעדע פון די ארמייען באזונדער איז געווען קלענער ווי דזשעקסאָנ׳ם ארמיי, כאָטש צו־זאמען זיינען זיי געווען אנדערהאלבען מאָל אזוי די גרויס. דזשעקסאָן האָט אויסגעארבייט א געוואגטען פלאן. ער איז בא־פאלען יעדע ארמיי באזונדער און זי באזיגט. זיין בריה׳שאפט איז באשטאנען אין דעם, וואס ער האָט זיין ארמיי אזוי מאַ־נעווורירט, געפירט מיט אזא שנעלקייט, אז ער האָט צוטומעלט די ארמייען פון דער נאָרט. איידער איינע האָט צייט געהאט צו קומען דער צווייטער צו הילף האָט ער זי צושלאָגען און פאר־טריבען. און אזוי שלאָגענדיג און טרייבענדיג די ארמייען פון דער נאָרט איז דזשעקסאָן צוגעקומען נאָענט צו וואשינגטאָן. פונקט דעמאָלט ווען מעקדועל האָט געדארפט אָנהויבען מארשירען צו מעקלעלאנ׳ען, האָט לינקאָלן באקומען דעם באריכט, אז דזשעק־סאן האָט דורכגעבראכען איינע פון די וויכטיגסטע ליניעס אויפ׳ן וועג צו וואשינגטאָן. לינקאָלן האָט גלייך באפוילען מעק־דועל׳ען ער זאָל שיקען זיין ארמיי אין דעם שאנענדאָהא געגענד צו העלפען צוריקטרייבען דזשעקסאָנ׳ען. אין וואשינגטאָן האָט איצט געהערשט גרויס שרעק. לינקאָלן האָט טעלעגראפירט צו די גאָווערנאָרס פון די ארומיגע שטאטען זיי זאָלען גלייך שיקען זייער מיליץ און זייערע רעקרוטען צו באשיצען וואשינגטאָן. ער האָט אויך איבערגענומען די באנען פון לאנד, אלס א מיליטערישע נויטווענדיגקייט, און זיי געשטעלט אונטער זיין קאָנטראָל.

דזשעקסאָן האָט פארשטאנען, אז געגען די פאראייניגטע אר־מייען פון דער נאָרט וועט ער זיך ניט קענען פארמעסטען. האָט ער זיך גענומען צוריקציען. די נאָרט־ארמייען האָבען געפרובט אים נאָכיאָגען. ער איז אָבער געווען צו קלוג און צו פלינק פאר זיי. ער האָט זיין ארבייט אין דעם שאנענדאָהא געגענד אפגע־טאָן. איצט איז ער אוועק מיט זיין ארמיי העלפען זיינע קאָלעגען באשיצען ריטשמאָנד.

דעם 31טען מאי האָט דזשאנסטאָן אנגעפאנגען זיין אטאַ־קע אויף מעקלעלאנ׳ס ארמיי, וועלכע איז איצט געשטאנען ניט מער ווי א צען מייל פון ריטשמאָנד אויףביידע זייטען פון דעם

טייך טשיקאַהאָמיני. די פריעריגע נאַכט איז גראָד געווען א שרעקליכער שטורעם. די געגענד איז פאַרפלייצט געוואָרען פון אַן אמת'ן מבול. דער טייך איז אַרויס פון די ברעגען. די סאָלדאַטען האָבען געמוזט בראָדזשען אין בלאָטע און וואַסער, ערטערווייז צוויי פוס די טיף. די שלאַכט האָט זיך אנגעפאַנגען ביים פונקט „פעער אוקס". מעקלעלאַנ'ס לאַגע איז געווען א שווערע, ווייל זיין ארמיי איז געווען צוטיילט, איין טייל איז געשטאַנען אויף איין זייט פון טייך און די צווייטע אויף דער אַנדער זייט. די רעגימענטען האָבען איינע די אַנדערע ניט געקענט העלפען. דאָך האָט דזשאָנסטאָן זיין צוטיילטע ארמיי ניט געקענט באַזיגען. די שלאַכט האָט אָנגעהאַלטען א גאַנצען טאָג. מעקלעלאַן איז געבליבען ביי זיינע וויכטיגע פּאָזיציעס. די סאוט האָט געליטען א גרויסען פּאַרלוסט — דער הויפּט גענעראל, דזשאָנסטאָן, איז געפאַלען א שווער פאַרוואונדעטער.

אויף מאָרגען האָט גענעראל לי איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער דער ארמיי אין דער סאוט.

און דאָ ווערט מעקלעלאַן ווידער קריטיקירט. זיינע קריטיקער זאָגען, אז ער האָט געדאַרפט גלייך דעמאָלט אטאַקירען ריטשמאָנד, אָבער אנשטאָט דעם האָט ער זיך אפּגערוט. דערמיט האָט ער געגעבען גענעראל לי די געלעגענהייט בעסער צו אָרגאַניזירען זיין ארמיי. מעקלעלאַן האָט געטאָן דאָס זייניגע און געשיקט קיין וואַשינגטאָן איין טעלעגראַמע נאָך דער צווייטער מיט דער פאָדערונג אז ער מוז האָבען נאָך סאָלדאַטען. ענדליך איז זיין פאָדערונג דערפילט געוואָרען. לינקאָלן האָט אַרויסגעשיקט נאָך 21 טויזענד מאַן. אָבער אפילו איצט, ווען מעקלעלאַן האָט שוין געהאַט נאָך סאָלדאַטען און די וועגען זיינען געווען טרוקען און דאָס וועטער גוט, האָט ער זיין אטאַקע אויף ריטשמאָנד אפּגעלייגט.

גענעראל לי האָט דערווייל אויסגעאַרבייט א פּלאַן אנצופאַלען אויף מעקלעלאַנ'ען. דזשעקסאָנ'ס ארמיי איז אים געקומען צו הילף. דעם 27טען יוני איז פאָרגעקומען די שלאַכט ביי „געינס מיל", אין וועלכער ביידע צדדים האָבען געליטען שרעקליכע פאַר־

לוסטען. מעקלעלאן האט זיך אבער געמוזט צוריקציען. יענע נאכט האט ער טעלעגראפירט צום קריגס־מיניסטער אין וואשינג־טאן: „איך האב פארלארען די שלאכט וויל מיין ארמיי איז גע־וועזן צו קליין. . . איך פיל מיך איצט צו־שלעכט. איך האב געזען צופיל טויטע און פארוואונדעטע קאמעראדען, אז איך זאל קענען דענקען אנדערש, ווי אז די רעגירונג האט ניט געשטיצט די ארמיי. אויב מיר וועט איצט געלינגען די ארמיי צו ראַ־טעווען וועל איך ניט שולדיג זיין קיין דאנק ניט אייך און קיי־נעם ניט אין וואשינגטאן. איר האט געטאן אייער בעסטעס די ארמיי מקריב צו זיין“.

מעקלעלאן האט איצט גענומען צוריקציען זיין ארמיי צום טייך דזשיימז. עס זיינען פארגעקומען נאך איניגע שלאכטען אויפ׳ן וועג, אבער מעקלעלאנ׳ען איז געלונגען צו דערפירען זיין ארמיי ביז׳ן טייך. אין דעם ריקצוג האט ער ארויסגעוויזען מיליטערישע פייאיגקייט. גענעראל לי איז אין דער סאוט קריי־טיקירט געווארען פארוואס ער האט ביי דער געלעגענהייט איג־גאנצען ניט צוקלאפט מעקלעלאנ׳ס ארמיי.

די שלאכטען האבען אנגעהאלטען פון 25טען יוני ביז׳ן 1טען יולי און זיי ווערען דערפאר באצייכענט אלס די „שלאכטען פון די זיבען טעג“. מעקלעלאן האט פארלארען נאענט צו 16 טויזענד מאן און לי איבער 20 טויזענד.ביידע ארמייען זיי־נען געוועזן אויסגעמוטשעט, און ביידע גענעראלען האבען בא־שלאסען זיך אויסצורוען איידער זיי הויבען אן נייע אטאקעס.

די קאמפאניע אויף דער האלב־אינזעל (טהי פענינסיולע קאמפיין) וועלכען מעקלעלאן האט אנגעפאנגען אין אפריל, האט זיך געענדיגט מיט א דורכפאל. ריטשמאנד איז געבליבען פעסט אין די הענד פון דער קאנפעדעריישי. די ארמיי וועלכע מעק־לעלאן האט כמעט א יאר צייט געלערענט און צוגעגרייט, איז געוועזן א צושלאגענע, אן אויסגעמוטשעטע, אן ענטוישטע. פון זיין ארמיי פון 150 טויזענד מאן זיינען איצט פארבליבען ניט מער ווי 86 טויזענד.

גענעראל לי האט אין זיין באריכט זיך בארימט, אז מעק־

לעלאן האט געהאט גרעסערע פארלוסטע ווי ער. ער האט געפאנ־
גען 10 טויזענד פון מעקלעלאנ׳ס סאלדאטען און פארנומען א
מאסע געווער און אמוניציע.

---

אין וואשינגטאן זיינען מעקלעלאנ׳ס געגנער איצט געווארען
טעטיג. די צוויי מיניסטארען, טשעיס און סטענטאן, האבען גע־
נומען באאיינפלוסען דעם פרעזידענט ער זאל באשטימען אן אנ־
דערען אויף מעקלעלאנ׳ס פלאץ. און זיי האבען אויסגעפירט.
אין מיטען יולי האט לינקאלן איבערגעגעבען די קאמאנדע פון
אלע ארמייען אין ווירדזשיניא צו גענעראל העלעק, דערזעלבער
העלעק, וועכער האט געהאלטען די הויפט קאמאנדע אין דער
וועסט, אין קאנטאקי און טענעסי. די אדמיניסטראציע אין וואש־
שינגטאן און דאס פאלק אין דער נארט האט געהאט צוטרויען
צו העלעק׳ן, דערפאר וואס די ארמיי אין דער וועסט האט אפ־
געהאלטען א גאנצע רייע וויכטיגע נצחונות.

מיט עטליכע וואכען איידער העלעק איז באשטימט געווארען
הויפט קאמאנדיר, האט לינקאלן באשטימט גענעראל פאופ פאר
דעם הויפט פון די ארמייען אין דעם נארדליכען טייל פון וויר־
דזשיניא, די ארמיי וואס איז געשטאנען צווישען וואשינגטאן און
ריטשמאנד.

גענעראל העלעק איז אלזא איצט געווארען דער הויפט גע־
נעראל. אונטער אים זיינען געשטאנען גענעראל פאופ מיט זיין
ארמיי לעבען וואשינגטאן און גענעראל מעקלעלאן מיט זיין ארמיי
ביים טייך דזשיימז.

און ווידער האט מען זיך אין וואשינגטאן גענומען אויס־
ארבייטען א פלאן ווי צו אטאקירען ריטשמאנד. מעקלעלאנ׳ס
פלאן איז געווען דער אלטער, דערזעלבער וואס ער האט שוין
אויסגעפרובירט און וואס האט זיך געענדיגט מיט א מפלה. ער
האט געבעטען נאך עטליכע צענדליג טויזענד פרישע סאלדאטען.
דאן, האט ער פארזיכערט, וועט ער מארשירען אויף ריטשמאנד
און זי איינגעמען. דעם דאזיגען פלאן האט גענעראל העלעק
צוריקגעוויזען. ער האט באפוילען מעקלעלאנ׳ען צוריקצוברענ־

גען זיין ארמיי צום טייך פּאָטאָמעק, און האָט געהייסען פּאופּ'ן ער זאָל זיין ארמיי צוגרייטען צו גיין אויף ריטשמאָנד. העלעק האָט געהאָפט, אז מיט די פאראייניגטע ארמייען פון גענעראל פּאופּ און גענעראל מעקלעלאַן וועט אים געלינגען איינצונעמען ריטשמאָנד דורך אַן אטאקע פון צפון זייט.

אין מיטען אוגוסט האָט מעקלעלאַן אָנגעפאנגען אפּצוריי־ניגען זיינע פּאָזיציעס אויף דעם טייך דזשיימס און אריבערפירען זיין ארמיי אויף דעם פּאָטאָמעק. אין דערזעלבער צייט וואס די נאָרט־ארמייען האָבען געמאַכט הכנות צו אטאַקירען ריטשמאָנד, האָט גענעראל לי פון דער סאוט געמאכט זיינע אייגענע פּלע־נער. ער האָט באַשלאָסען זיך צו באַנוצען מיט דער צייט איי־דער די צוויי ארמייען פון דער נאָרט וועלען זיך פאראייניגען, צו אַטאַקירען און אויב מעגליך, פארניכטען איינע פון זיי. זיין גורל איז געפאלען אויף פּאופּ'ס ארמיי.

לי'ס ערשטע אַטאַקע האָט זיך ניט איינגעגעבען. דעם 25טען אוגוסט אָבער האָט ער אַוועקגעשיקט דעם גענעראל דזשעקסאָן מיט אַן ארמיי פון 25 טויזענד מאַן, ער זאָל זיך אריבער'גענב'ענען הינטער פּאופּ'ס ארמיי און אָפּשניידען איר פארבינדונג מיט וואשינגטאָן. דזשעקסאָן איז אויף אַזוינע שנעלע און געוואגטע צוגען געווען אַ בריה. דעם 26טען אוגוסט האָט ער אויפגע־ריסען די רעלסען און אָפּגעשניטען די טעלעגראף דראָטען צווי־שען פּאופּ'ס ארמיי און וואשינגטאָן. ער האָט זיך אויך אריינ־געכאפּט אין איינינגע פון די הינטערשטע לאַגערען פון פּאופּ'ס ארמיי און דאָרט צוגענומען אַ מאַסע שפּייז. „די קאָנפעדערייסי סאָלדאטען האָבען דאָרטען געקראגען די קליידער און די שיך אין וועלכע זיי האָבען זיך אַזוי שטארק גענויטיגט", שרייבט ראודס, „זיי האָבען גענעסען דאָס ברויט און דאָס פלייש וואס איז געווען אָנגעגרייט פאר פּאופּ'ס ארמיי, בשעת פּאופּ'ס סאָלדא־טען האָבען געהונגערט".

ווען פּאופּ האָט זיך דערוואוסט וואס דזשעקסאָן האָט אָפּגע־טאָן האָט ער באַפוילען אַלע זיינע דיוויזיעס זיי זאָלען ארומרינג־לען דזשעקסאָנ'ס ארמיי און זי ענטוועדער פארניכטען אדער פאנ־

גען. ער האָט געוואוסט, אז לי מאַרשירט מיט זיין ארמיי דזשעקסאָנ'ען צו הילף. ער האָט אָבער געהאָפּט, אז אים וועט געלינגען דזשעקסאָנ'ען צו צוקלאַפּען איידער לי וועט אָנקומען.

די ארמייען האָבען זיך באַגעגענט אין דערזעלבער געגענד וואו עס איז פאָרגעקומען די ערשטע שלאַכט פון דעם קריג, ביי בול-ראָן. די שלאַכט האָט אָנגעהאַלטען צוויי טעג. גענעראל לי איז געקומען אין צייט. דער ערשטער טאָג פון דער שלאַכט, דעם 29טען אויגוסט, האָט זיך געענדיגט אומבאַשטימט. אי פּאופּ אי לי האָבען געמאָלדען צו זייערע רעגירונגען אז זיי האָבען געוואונען א זיג. וועגען דעם צווייטען טאָג איז שוין מער קיין ספק ניט געווען. פּאופּ'ס ארמיי איז צוריקגעטריבען געוואָרען מיט גרויסע פארלוסטען.

און ווידער אמאָל האָט וואשינגטאָן איבערגעלעבט טעג פון שרעק. גענעראל העלעק אליין, וואס האָט מיט א פּאָר טעג פריער צוגענומען פון מעקלעלאַנ'ען זיין גאנצע ארמיי און אים איבערגעלאָזען בלויז מיט זיין טיטעל, האָט זיך איצט צו אים געווענדט מיט דער בקשה ער זאָל אים העלפען באַשיצען וואשינגטאָן. דעם צווייטען סעפּטעמבער איז אין וואשינגטאָן אנגעקומען א טעלעגראמע פון גענעראל פּאופּ מיט די פאָלגענדע ווערטער: „אויב עפּעס וועט ניט געטאָן ווערען עס צו פארהיטען וועט די ארמיי אינגאַנצען צורונען ווערען". די סאָלדאטען זיינען געווען שרעקליך דעמאָראליזירט. זיי האָבען ניט געהאַט ניט קיין ליבע און ניט קיין אכטונג, ניט צו גענעראל העלעק און ניט צו גענעראל פּאופּ. פּרעזידענט לינקאָלן האָט געוואוסט, אז עס איז דאָ בלויז איין מענש וואס קען האָבען דעם נויטיגען איינפלוס אויף די סאָלדאטען, איין מענש צו וועמען די סאָלדאטען וועלען זיך צוהערען, און דער מענש איז גענעראל מעקלעלאַן. לינקאָלן האָט ווידער אנגעבאָטען מעקלעלאַנ'ען די קאָמאַנדע איבער דער ארמיי.

ראָודס שרייבט: „אזוי שנעל ווי די סאָלדאטען האָבען זיך דערוואוסט, אז מעקלעלאַן איז צוריק אין אמט זיינען זיי געוואָרען ווילד פאר פרייד. מעקלעלאַן האָט זיך ווידער גענומען

צו דער ארבייט, צו וועלכער ער האָט זיך אמבעסטען געטויגט, די ארבייט צו ברענגען אָרדנונג און דיסציפּלין אין די רייען. אלס מיליטערישער אָרגאַניזאַטאָר האָט מעקלעלאַן צו זיך קיין גלייכען ניט געהאַט".

ביים קאַבינעט מיטינג זיינען פאָרגעקומען שטורמישע דע־באַטען. די מיניסטאָרען טשעיס און סטענטאָן האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען לינקאָלנ'ס האנדלונג. טשעיס האָט אויסגע־שריען: „דערמיט וואס איר האָט איבערגעגעבען די ארמיי צו מעקלעלאַנ'ען האָט איר אפּגעגעבען וואשינגטאָן צו די רעבעלען!" לינקאָלן האָט געענטפערט: „אונטער די אומשטענדען איז מעק־לעלאַן דער בעסטער מענש".

גענעראַל פּאופּ האָט רעזיגנירט פון זיין אמט. אין דער שלאַכט האָט ער פּארלאָרען ארום 30 טויזענד מאַן. לי האָט פּארלאָרען אַן ערך פון 15 טויזענד מאַן.

קאַפּיטעל 9.

# די נאָרט נעמט איין וויכטיגע שטעט.

אין דער צייט וואס די צוויי ארמייען האָבען געטריבען איינע די אַנדערע הין און צוריק צווישען די הויפּטשטעט וואַשינגטאָן און ריטשמאָנד, זיינען אין אַנדערע טיילען פון לאַנד פּאָרגעקומען אַ ריי שלאַכטען וואס זיינען געווען פון גרוים וויכטיגקייט פאר דעם גאַנצען גאַנג פון קריג. יענע פּאַסירונגען האָבען געצויגען ווייניג אויפמערקזאַמקייט ביי די מאַסען. דער עולם האָט גע־טראַכט בלויז וועגען איינגעמען די הויפּטשטאָט וואַשינגטאָן אדער איינגעמען די הויפּטשטאָט ריטשמאָנד. ערשט שפּעטער איז קלאָר געוואָרען, אז די מיליטערישע צוגען אין די ווייטע געגענדען אין וועלכע עס האָבען זיך באַטייליגט קלענערע ארמייען אונטער דער פּירערשאַפט פון קלענערע קאָמאַנדירען, האָבען פאַרזיגעלט דעם שיקזאַל פון דער סאוט.

עטליכע פון די דאָזיגע שלאַכטען זיינען געווען ים־שלאַכטען און זיינען פאָרגעקומען ביים ברעג ים. אויף דעם אויסגאַנג פון די דאָזיגע שלאַכטען איז אָפּגעהאַנגען די בלאָקאַדע וואס די נאָרט האָט איינגעשטעלט ארום דעם ברעג פון דער סאוט. די בלאָקאַדע איז געווען פון העכסטער וויכטיגקייט. די סאוט האָט דאָך גע־מוזט אימפּאָרטירען פון אויסלאַנד איר אַמוניציע און אַלע אַנ־דערע מיליטערישע נויטווענדיגקייטען. אויב עס וועט אַלזאָ גע־לינגען דער נאָרט צו פאַרצאַמען דעם ברעג און ניט אריינלאָזען קיין שיפען אין די האפענס פון דער סאוט, וועט די סאוט מיט דער צייט ניט האָבען קיין מיטלען אָנצופירען דעם קריג. לינ־קאָלן האָט פּראָקלאַמירט אזאַ בלאָקאַדע גלייך ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכען. אָבער צווישען דער ערקלערונג פון אַ בלאָקאַדע

און איר דורכפירונג איז א גרויסער מהלך. בשעת די מלחמה האָט זיך אָנגעפאנגען איז די גאנצע נאָרט־פלאָטע באשטאַנען פון 42 שיפען. דער גאנצער ברעג פון דער סאוט, די פעסטונגען, די אַרסענאַלען זיינען געווען אין די הענד פון דער קאָנפעדעריישי. עס איז געווען לעכערליך זיך פאָרצושטעלען אז א פּאָר צענדליג שיפען וועלען קענען פאַרצאַמען א ברעג פון דריי טויזענד מייל מיט א סך באפעסטיגטע פונקטען.

די נאָרט האָט באלד גענומען פארגרעסערען איר פלאָטע. זי האָט געקויפט האנדעלס־שיפען און זיי פארוואנדעלט אין קריגס־שיפען. זי האָט אויך געבויט נייע שיפען. ענדע יאָר 1861 האָט שוין די פלאָטע געציילט 264 שיפען. מיט א יאר שפּעטער, דעצעמבער 1862, האָט שוין די צאָל שיפען דערגרייכט 427. יעדען יאר זיינען צוגעקומען ארום הונדערט שיפען. ביים סוף פון קריג האָט די פלאָטע געהאט 671 שיפען.

מיט דער פארשטאַרקטער פלאָטע איז געלונגען דער נאָרט ניט בלויז צו מאכען די בלאָקאַדעווירקזאמער, נאָר אויך איינ־צונעמען וויכטיגע פעסטונגען און פונקטען אויפ'ן ברעג פון דער סאוט. אין אוגוסט, 1861, האָבען די שיפען פון דער נאָרט איינ־גענומען די האטערעס פעסטונג ביים ברעג פון נאָרט־קאראָליינא. די פעסטונג האָט קאָנטראָלירט דעם בעסטען אריינגאנג צום ברעג פון דעם שטאַט. אין נאָוועמבער פון זעלבען יאָר האָבען די שי־פען איינגענומען דעם באפעסטיגטען פונקט פּאָרט ראָיאל אין סאוט קאראָליינא. אין פעברואר, 1862, האָט זי איינגענומען דעם ראַנאָק אינזעל, א צווייטער העכסט וויכטיגער פונקט ביים ברעג פון נאָרט־קאראָליינא. אין אפּריל איז געפאלען די פעס־טונג פולאסקי, נעבען סאוואנאַ, דער וויכטיגסטער האפען פון דזשאָרדזשיא. א מאָנאט שפּעטער איז די סאוט געצוואונגען געווען אפצורייניגען דעם האפען פּענסאַקאָלא אין פלאָרידא.

דאָס זיינען געווען זייער ערנסטע פארלוסטען פאר דער סאוט. יעדער פון די פונקטען איז געווען אָן אָדער וואָס האָט פאר־בונדען די סאוט מיט דער אויסערליכער וועלט פון וואנען זי האָט איר חיונה געצויגען. יעדעס מאָל וואס אזא אָדער איז

איבערגעהאקט געווארען איז די געפאר פאר דער סאוט געווארען גרעסער.

אנפאנג מערץ, 1862, איז ביים ברעג פון ווירדזשיניא פאר־געקומען א שלאכט צווישען צוויי שיפען, וועלכע האט אויפ־געררודערט ניט בלויז אמעריקא נאר די גאנצע וועלט. די שלאכט גופא איז ניט געווען וויכטיג. וויכטיג איז געווען וואס אין איר האבען זיך באטייליגט א נייער מין קריגסשיף. מיט דער שלאכט הויבט זיך אן א נייער קאפיטעל אין דער געשיכטע פון דער פלאטע אין אלגעמיין.

די סאוט האט גענומען אן אלטע הילצערנע שיף מיט'ן נאמען „מערימעק" און איר ארומגעקלאפט מיט אן אייזערנעם פאנצער. דעם ערשטען מערץ איז זי ארויסגעפארען פון איר האפען און אטאקירט צוויי שיפען פון דער נארט ביים ווירדזשינישער ברעג. די שיפען האבען אויף איר געשאסען אבער זיי האבען ניט גע־קענט דורכלעכערען איר פאנצער. אבער די מערימעק מיט אירע קוילען האט יא דורכגעלעכערט די הילצערנע זייטען פון דעם שונא'ס שיפען און זי האט זיי ביידע געזונקען.

די שלאכט האט אנגעהאלטען ביז פארנאכט. דערווייל זיינען אנגעקומען נאך שיפען פון דער נארט. די „מערימעק" האט זיך צוריקגעצויגען זיך אפצורוען. אויף מארגען אין דערפרי איז זי ווידער ארויסגעשוואומען, גרייט צו אטאקירען די אנדערע שי־פען. ווען זי איז ארוים האט זי דארט געטראפען אן אומגעריכ־טען גאסט — א קליין שיפעל וואס האט אויסגעוויזען ווי „א קליין קעזעל אויף א לאנגער ברעט". דאס שיפעל איז די פא־ריגע נאכט אנגעקומען פון ניו יארק. זי איז אויך געווען א נייעס — א שיף געפאנצערט מיט אייזען. די צוויי שיפען הא־בען גענומען שיסען איינע אויף די אנדערע. אבער זיי האבען איינע די אנדערע ניט געקענט באזיגען. די נייע שיף פון דער נארט האט געהייסען „מאניטער". עס האט זי געבויט א שווע־דישער ערפינדער, דזשאן עריקסאן.

די נאכט פון ניינטען מערץ, ווען אין וואשינגטאן איז אנ־געקומען די נייעס אז די „מערימעק" האט געזונקען צוויי שיפען

איז דארט געפאלען אויף אלעמען א שרעק. די מיניסטארען זיינען געלאפען צו לינקאלן זיך מישב זיין וואס צו טאן. קריגס־מיניס־טער סטענטאן האט געזאגט: „די מערימעק וועט ענדערען דעם גאנצען כאראקטער פון דער מלחמה. זי וועט פארניכטען איינע נאך די אנדערע יעדע שיף אונזערע. זי וועט אטאקירען אלע אונ־זערע האפען־שטעט. איך וועל גלייך לאזען וויסען די גאווערנארס אין דער נארט זיי זאלען נעמען שריט צו באשיצען זייערע ברעגען.”

אביסעל שפעטער, ווען עס איז אנגעקומען די נייעס אז די „מאניטער” האט זיך ארויסגעוויזען פונקט אזוי שטארק ווי די „מערימעק”, האט זיך די נארט בארואיגט. איצט איז געווען בלויז א פראגע, וועלכער פון די צוויי צדדים וועט קענען בויען מער אייזען־געפאנצערטע שיפען און וועלכער צד עס וועט זיי קענען בויען שנעלער. די נארט איז געווען זיכער, אז אויב עס האנדעלט זיך וועגען מיטלען און מעגליכקייטען צו בויען, וועט זי זיכער ניט בלייבען הינטערשטעליג. און אזוי איז עס טאקע געווען.

די נייעס וועגען דער שלאכט צווישען דער „מערימעק” און דעם „מאניטער” האט אויפגערודערט ענגלאנד ניט ווייניגער ווי אמעריקע. די דארטיגע צייטונגען זיינען ארויס מיט א געשריי, אז ענגלאנד איז איצט אין געפאר, אז אירע הילצערנע שיפען וועלען זי מער ניט קענען באשיצען. מיר מוזען גלייך אויפגעבען אונזערע הילצערנע שיפען און נעמען בויען אייזערנע, האבען זיי געשריבען. די פראגע איז אויפגעהויבען געווארען אין פארלא־מענט.

אין אפריל, 1862, איז א קריגס־פלאטע פון דער נארט, אונ־טער דער קאמאנדע פון אדמיראל דייוויד גלאסקא פאראגאט, אריינגעפארען אין דעם מיסיסיפי און גענומען שווימען ארויף, צו דער וויכטיגסטער האפען־שטאט פון דער סאוט, ניו ארליענס. די שטאט איז געווען באוואכט פון צוויי שטארקע פעסטונגען אויף די ברעגען פון דעם טייך. איבער דער ברייט פון דעם טייך איז געווען פארשפרייט א שווערע קייט. אויסער דעם זיינען ביי די ברעגען געשטאנען א צאל באוואפענטע שיפען.

פאַראַגאַט האָט געוואוסט אַז באַזיגען די פעסטונגען וועט ער ניט קענען. האָט ער באַשלאָסען צו מאַכען אַ געוואַגטען שריט — פאַרביילויפען די פעסטונגען און דאַן ארויפשווימען ארויף טייך און איינגעמען די שטאָט (ניו אָרליענס איז געלעגען ארום נײַנציג מייל העכער ווי די פעסטונגען). ווען די שטאָט וועט זיין אין זיינע הענד וועלען זיך די פעסטונגען אליין מוזען אונטערגעבען, ווייל די פעסטונגען האָבען דאָך זייער אַמוניציע און פּראָוויאַנט באַקומען פון דער שטאָט, און ווען זיי וועלען זיין אָפּגעשניטען פון דער שטאָט וועלען זיי קיין אנדער ברירה ניט האָבען ווי נאָר זיך אונטערצוגעבען.

דער געוואַגטער שריט האָט זיך איינגעגעבען. פאַראַגאַט האָט דורכגעבראָכען אַ וועג דורך דער קייט. דאַן האָט ער גענומען פירען זיינע שיפען ארויף טייך. די פעסטונגען האָבען אויף אים געשאָסען. איינע פון זיינע שיפען איז געזונקען. די פלאַג־שיף אויף וועלכער פאַראַגאַט אליין איז געפאָרען איז שיר ניט פאַרברענט געוואָרען. ער האָט אָבער זיין פּלאַטע דערפירט ביז ניו אָרליענס. די שטאָט איז געווען אומבאַשיצט און פאַראַגאַט איז אריין אין ניו אָרליענס.

אָט וואָס פּראָפעסאָר מעקמעסטער דערציילט וועגען דעם:

„אַ המון האָט אונטערגעצונדען די פּעק קאַטאָן וואָס זיינען געלעגען ביים ברעג. זיי האָבען אויך אויפגעריסען די פעסער צוקער און סיראָפּ און זיי אויסגעליידיגט. זיי האָבען אונטערגעצונדען די האַנדעלס־שיפען וואָס זיינען געשטאַנען ביים ברעג. פאַראַגאַט האָט געשיקט צוויי פון זיינע אָפּיצירען אין סיטי האָל און געפאָדערט די שטאָט זאָל זיך אונטערגעבען. דער מעיאָר האָט זיך אנטזאָגט דאָס צו טאָן. . . דריי טעג האָט פאַראַגאַט געפירט פאַרהאַנדלונגען מיט די שטאָט־בעאַמטע. ענדליך האָט ער פאַרלאָרען די געדולד. ער האָט אריינגעשיקט אין שטאָט אַ צאָל סאָלדאַטען מיט האַרמאַטען און זיי האָבען איבערגענומען די שטאָט. קורץ נאָכדעם האָבען זיך די פעסטונגען אונטערגעגעבען. דעם ערשטען מאַי איז אין ניו אָרליענס אָנגעקומען גענעראַל באַטלער

מיט אן ארמיי פון 25 הונדערט מאן און ער האט איבערגענומען די פארוואלטונג פון דער שטאט און זי געשטעלט אונטער מיליטערישען אויפזיכט און מיליטערישען געזעץ".

גענעראל באטלער האט ארויסגעגעבען א פראקלאמאציע אין וועלכער ער האט געווארענט די באפעלקערונג זי זאל ניט ארויסווייזען קיין פריינדשאפט צו דער קאנפעדערייסי און קיין פיינדשאפט צו די פאראייניגטע שטאטען. ער האט פארבאטען די צייטונגען צו דרוקען נייעס אדער ארטיקלען וואס קענען באאיינפלוסען דעם עולם געגען די פאראייניגטע שטאטען. ער האט איינגעפירט א צענזור איבער אינפארמאציע וואס האט צו טאן מיט מיליטערישע אנגעלעגענהייטען. ער האט אויך רעגולירט די שפייז־פארטיילונג אין שטאט און די צירקולאציע פון געלד.

באלד אבער האט זיך גענעראל באטלער ארייגעפלאנטערט אין א סכסוך איבער די ווייבער פון שטאט, א סכסוך וואס האט געפירט צו א ויכוח מיט ענגלאנד. א טייל פון די פרויען אין ניו ארליענס האבען זיך באנומען זייער ניט העפליך צו די סאלדאטען. ווען א סאלדאט פלעגט פארבייגיין נעבען זיי אין גאס פלעגען זיי זיך אפקערען פון אים, אדער איינגאנצען ארופגיין פון טראטואר, אדער מאכען אויף אים מיאוס'ע העויות. גענעראל באטלער האט ארויסגעגעבען א באפעל, אז יעדע פרוי וואס וועט מיט א ווארט אדער מינע אדער באוועגונג באליידיגען אדער ארויסווייזען פאראכטונג צו אן אפיציר אדער סאלדאט פון די פאראייניגטע שטאטען וועט באטראכט ווערען און באהאנדעלט ווערען ווי א גאסען פרוי.

דער מעיאר פון שטאט (אן אנהענגער פון דער קאנפעדערייסי) האט גלייך פראטעסטירט געגען דעם באפעל און האט געווארענט, אז ער וועט מער ניט זיין פאראנטווארטליך פאר דעם פרידען פון דער שטאט. באטלער האט דאן געלאזט ארעסטירען דעם מעיאר, זיין סעקרעטאר, דעם פאליציי־שעף, און נאך איינינע פאראנטווארטליכע פערזענליכקייטען. ער האט זיי געלאזט פארשפארען אין דער פעסטונג.

דאס האט פאסירט אין מאנאט מאי. אין יוני איז די נייעס

וועגען דעם אָנגעקומען קיין לאָנדאָן. גענעראל באָטלער'ס האַנד־לונג איז פאַרדאַמט געוואָרען אין פאַרלאַמענט. דעם עלפטען יוני האָט דער אמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד באַקומען פון דעם ענגלישען פּרעמיער, לאָרד פאַלמערסטאָן, אַ בריף וועלכען דער היסטאָריקער מעקמעסטער באַצייכענט אַלס „דער מערק־ווירדיגסטער בריף וואָס אַן אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר האָט ווען עס איז באַקומען". אין דעם בריף איז געשטאַנען אָט וואָס: „איך קען זיך ניט צוריקהאַלטען פון נעמען זיך די פרייהייט און אייך זאָגען, אַז עס איז שווער, אויב ניט אינגאַנצען אונמעג־ליך אויסצודריקען דעם פולען עקעל וואָס מוז זיך דערוועקען אין געדאַנק פון יעדען אַנשטענדיגען מענשען דורך דעם באַפעל פון גענעראַל באָטלער. . . אפילו ווען אַ שטאָט ווערט איינגענומען נאָך אַ קאַמף, פירט זיך, אַז דער קאָמאַנדיר פון דער זיגרייכער אַרמיי באַשיצט מיט אַלע כוחות די איינוואוינער און ספּעציעל די פרויען. איך וועל וואַגען צו באַהויפּטען, אַז אין דער געשיכטע פון ציוויליזירטע לענדער קען מען ניט געפינען נאָך אַביישפּיל פון אַ גענעראַל, וואָס איז געווען שולדיג אין אַזאַ שאַנדטאַט ווי איבערצוגעבען קאַלטבלוטיג די פרויען פון אַן איינגענומענער שטאָט צו דער ניט־איינגעצאַמטער תאוה פון די סאָלדאַטען".

אויף דעם בריף האָט דער אמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, מר. עדעמס, געענטפערט מיט אַ בריף אין וועלכען ער האָט פאַלמער־סטאָנ'ען געשטעלט די פראַגע: „האָט איר מיר אייער בריף גע־שיקט אַלס אַן אָפיציעלען דאָקומענט אָדער אַלס אַ פּריוואַטע מיינונג?" איידער פאַלמערסטאָן האָט דערויף געענטפערט איז די גאַנצע אַנגעלעגענהייט פאַרהאַנדעלט געוואָרען אין פאַרלאַ־מענט. עס האָבען גערעדט דעפּוטאַטען און עס האָבען אויך גע־רעדט מיניסטאָרען. פאַלמערסטאָן האָט געהאַלטען די שלום־רעדע. דאָס מאָל איז זיין אַטאַקע געווען נאָך שאַרפער ווי אין דעם בריף. ער האָט אָבער געענדיגט מיט דער דערקלערונג, אַז וועגען דעם וואָס די ענגלישע רעגירונג דענקט צו טאָן אין דער אַנגעלעגענהייט קען ער פאָרלויפיג גאָרניט זאָגען — מען דאַרף זיך נאָך מישב זיין.

זיין צווייטער בריף צו עדעמס'ן איז געווען א דיפלאָמאַטישער. ער האָט ניט געזאָגט אפען אז זיין פראָטעסט איז אן אָפיציעלער. ער האָט אָבער באַטאָנט, אז ווען ער וואָלט ניט געווען פרעמיער פון ענגלאנד, און ווען עדעמס וואָלט ניט געווען דער אַמבאַסאַדאָר פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וואָלט ער דעם ערשטען בריף צו אים ניט געשריבען.

דער אינצידענט האָט זיך געענדיגט דערמיט וואס גענעראל באָטלער איז אראָפּגעזעצט געווארען פון זיין אמט אלס מיליטערישער קאָמאַנדיר פון ניו אָרליענס.*)

*) אָט וואָס ראודס שרייבט וועגען דער פּאסירונג: „די פרויען פון דער שטאָט האָבען כסדר באליידיגט די אָפיצירען און סאָלדאַטען. צום ביישפּיל: איין פרוי האָט אַריינגעשפּיגען א סאָלדאַט אין פּנים אריין. ער איז דאן געווען אויפ'ן וועג אין קירכע. א צווייטע פרוי האָט פון א פענסטער אראָפּגעגאסען א כלי מיט שמוציגע וואסער אויף אדמיראל פאַראַגאט און אַן אָפיציר, ווען זיי זיינען געגאנגען אויף איינער פון די הויפּט גאַסען פון שטאָט. . . לויט דעם באַפעל וואָס גענעראל באָטלער האָט ארויסגעגעבען האָט מען פאר אזוינע מעשים געקענט אַרעסטירען די פרויי און זי איינשפּאַרען אין דערזעלבער טורמע וואו מען האָט איינגעשפּארט פּראָסטיטוטקעס. ווי באָטלער האָט ערקלערט האָט קיין פרוי ניט געליטען פון זיין באַפעל. די סאָלדאַטען האָבען דעם באפעל ניט אויסגענוצט. נאָכדעם ווי דער באפעל איז ארויסגעגעבען געווארען האָבען די פרויען אויפגעהערט צו באליידיגען די סאָלדאַטען. ווארשיינליך איז דער באַפעל געווען די הויפּט־אורזאך פאר וואס באָטלער איז אראָפּגעזעצט געווארען. די פרויען פון שטאָט זיינען אויפגעבראכט געווארען, פילע פון זיי זיינען געווען פון פראנצויזישער אפּשטאַמונג. דער פראנצויזישער אמבאַסאַדאָר אין וואשינגטאָן האָט פּראָטעסטירט".

קאפיטעל 10.

# די נאָרט זיגט אין דער וועסט, אויף דעם טייך מיסיסיפי.

אין פעברואר, 1862, האָט זיך אָנגעפאנגען דער קאמף אין דער וועסט, דער פארזוך פון דער נאָרט ארויסצושטויסען די קאָנפעדעריישי פון די וועסטליכע גרענעץ־שטאטען, קענטאָקי און טענעסי, און אָפצוריינינגען דעם טייך מיסיסיפי פון דעם שונא. די ארמיי וואס די קאָנפעדערייסי האָט געהאט אין יענער געגענד איז געשטאנען אונטער דער קאָמאנדע פון גענעראל אל־בערט סידני דזשאָנסטאָן. זיין ליניע האָט זיך געצויגען פון קאָלאָמבוס, א שטארקע, באפעסטיגטע פאָזיציע אויף דעם טייך מי־סיסיפי (די סאוט האָט די פאָזיציע גערופען „גיבראלטאר") ביז באולינג גרין, א פונקט וואו די צוויי וויכטיגסטע באַן־ליניעס פון יענער געגענד פארבינדען זיך, אין דעם מיטעל־זידליכען טייל פון קענטאָקי. צווישען די דאָזיגע צוויי פונקטען האָט די סאוט געהאט צוויי שטארקע פעסטונגען: פאָרט הענרי, אויפ'ן טייך טענעסי, און פאָרט דאָנעלסאָן, אויפ'ן טייך קאָמבערלענד. די אַלע באפעסטיגטע פאָזיציעס זיינען באוואכט געווארען פוי אן ארמיי פון 60 טויזענד מאן.

די נאָרט האָט געהאט צוויי ארמייען: איינע איז געשטאנען אין קאירא, אילינאָי, א פונקט ביי דער גרענעץ פון קענטאָקי, דאָרטען וואו דער טייך אָהייאָ פאלט אריין אין דעם מיסיסיפי. די דאָזיגע פאָזיציע איז געשטאנען אונטער דער קאָמאנדע פון גענעראל יוליסים סעמיועל גרענט. די צווייטע ארמיי איז גע־שטאנען אין לואיוויל, קענטאָקי, אנטקעגען באולינג גרין. איר קאָמאנדיר איז געווען גענעראל ביועל. דער הויפט גענעראל פון דעם גאנצען ראיאָן איז געווען גענעראל האלעק.

די גענעראלען פון דער נארט האבען אויסגעארבייט אזא פלאן: זיי וועלען אטאקירען די צוויי מיטעלסטע פאזיציעס, די פעסטונגען הענרי און דאנעלסאן. אויב עס וועט געלינגען איינצונעמען די מיטעלסטע פאזיציעס, וועלען די ארמייען אין די צוויי אנדערע פאזיציעס, אויף דער רעכטער און דער לינקער זייט, אליין געצוואונגען זיין זיך צוריקצוציען. גענעראל גרענט איז אנפארטרויט געווארען מיט דער אויפגאבע צו אטאקירען די צוויי פעסטונגען.

גרענט האט די אטאקע געמאכט מיט דער הילף פון קריגס־שיפען. צוערשט האט ער אטאקירט פארט הענרי. ער אליין האט מיט אן ארמיי פון 17 טויזענד מאן אנגעגריפען די פעסטונג פון דער יבשה, און אדמיראל פוט האט מיט א פלאטע פון זעקס שיפען זי אנגעגריפען פון דעם טייך טענעסי, אויף וועלכען די פעסטונג איז געשטאנען. דער קאמף האט אנגעהאלטען ניט מער ווי א שטונדע. די פעסטונג האט זיך אונטערגעגעבען. עס איז אבער געלונגען דעם קאמאנדיר פון דער פעסטונג ארויסצושמוגלען זיין ארמיי און זי אריבערשיקען אין דער צווייטער פעסטונג, פארט דאנעלסאן (די צוויי פעסטונגען זיינען געווען בלויז 12 מייל ווייט איינע פון דער אנדערער). ווען פארט הענרי האט זיך אונטערגעגעבען זיינען אין איר געווען ניט מער ווי 60 סאלדאטען. דאס איז געשען דעם 6טען פעברואר.

גלייך נאכדעם האט זיך גענעראל גרענט גענומען צו דער צווייטער פעסטונג. זיין פלאן איז געווען דערזעלבער, צו אטאקירען פוןביידע זייטען, אי פון דער יבשה אי פון טייך.

די שלאכט ארום פארט דאנעלסאן האט אנגעהאלטען צוויי טעג. פון אנפאנג האט עס אויסגעזען אז די קאנפעדערייסי וועט געווינען. די אטאקע פון די שיפען איז צוריקגעשטויסען געווארען. דריי שיפען זיינען פארקריפעלט געווארען און די איבעריגע האבען זיך צוריקגעצויגען. אדמיראל פוט, דער קאמאנדיר פון דער פלאטע, איז פארוואונדעט געווארען. די אטאקע אויף דער יבשה האט זיך אויך ניט איינגעגעבען. די ערשטע רעגימענטען זיינען צוריקגעשלאגען געווארען פון שונא.

אָבער גרענט האָט די אַטאַקע געפירט ווייטער. ער האָט אויך באַקומען פאַרשטאַרקונג פון גענעראַל ביועל. ווען ער האָט די אַטאַקע אָנגעפאַנגען האָט ער געהאַט 15 טויזענד סאָלדאַטען. דעם צווייטען טאָג האָט ער שוין געהאַט 27 טויזענד. דער הויפּט קאָמאַנדיר פון דער סאַוט אין יענער פעסטונג איז געווען גענעראַל פלאָיד (דערזעלבער פלאָיד וואָס איז געזעסען אין ביוקענען'ס קאַבינעט און האָט דאָרטען שטילערהייט געאַרבייט אין די אינטער־רעסען פון די רעבעלירענדיגע שטאַטען). פלאָיד האָט פאַרלאָרען זיין מוט. ער האָט מורא געהאַט אליין צו בלייבען אין דער פעס־טונג, טאָמער וועט ער אריינפאַלען אלס געפאַנגענער און דאַן וואָלט מען אים אין דער נאָרט גע'משפט פאַר זיין פאַרראַט אין קאַבינעט. ער האָט דעריבער באַשלאָסען איבערצוגעבען די קאָ־מאַנדע צו אַ נידעריגערען קאָמאַנדיר און אליין זיך ארויסצו־גנב'ענען פון פעסטונג און אַנטלויפען קיין נעשוויל. נאָכדעם ווי ער וועט אנטלויפען וועלען די איבעריגע זיך אַליין קענען אונ־טערגעבען.

אָט וואָס פּראָפעסאָר דרעיפּער דערציילט וועגען דעם:

„פלאָיד האָט ביי אַ באַראַטונג מיט זיינע גענעראַלען געזאָגט: מיר מוזען זיך אונטערגעבען. אָבער איך קען זיך ניט אונטער־געבען. איר ווייסט דאָך אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך בין. ער האָט ביי זיי געפרעגט אַן עצה וואָס צו טאָן. טייל אָפיצירען האָ־בען ערקלערט, אַז ער טאָר ניט אַנטלויפען... ער האָט איבערגע־געבען די קאָמאַנדע צו גענעראַל פּילאָו. גענעראַל פּילאָו האָט די קאָמאַנדע איבערגעגעבען צו גענעראַל באָקנער. פלאָיד האָט זיך ארויסגע'גנב'עט אויף אַ קליין שיפעל, מיטנעמענדיג עטליכע סאָלדאַטען. ביים ברעג זיינען געשטאַנען סאָלדאַטען פון פעסטונג און אים געשאָלטען און אויסגעפייפט."

אין דערפרי האָט באָקנער ארויפגעצויגען אַ ווייסען פלאַג און געשיקט אַ בריוועל צו גרענט'ן, אַז ער וויל פאַרהאַנדלען מיט אים וועגען אונטערגעבען זיך. אויף דעם בריוועל האָט גרענט געענטפערט, אַז עס איז ניטאָ וועגען וואָס צו פאַרהאַנדלען. „עס זיינען ניטאָ קיין אַנדערע באַדינגונגען ווי נאָר אַז איר זאָלט זיך

אונטערגעבען אָן שום באַדינגונגען”, האָט גרענט געשריבען. באָקנער האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי אָנצונעמען גרענט׳ס פאָרשלאג.

גרענט האָט איבערגענומען פאָרט דאנעלסאָן מיט 15 טויזענד געפאנגענע. אין דער שלאַכט פאר דער פעסטונג האָט גרענט פארלאָרען איבער צוויי טויזענד מאן: 425 טויטע און די איבעריגע פארוואונדעטע.

די סאוט האָט איצט אָפגערייניגט באולינג גרין און אויך נעשוויל. אַביסעל שפּעטער האָט זי אויך פארלאָרען קאָלאָמבוס — דעם „גיבראַלטאַר פון דער וועסט”. וועגען נעשוויל שרייבט פּראָפעסאר דרעיפּער: „נעשוויל איז געווען אזוי וויכטיג פאר דער סאוט אז מען האָט געטראכט זי צו מאכען פאר דער הויפּט־שטאָט פון דער קאָנפעדערייסי. שבת איז אנגעקומען די נייעס אז די קאָנפעדערייסי האָט געוואונען א זיג ביי פאָרט דאָנעלסאן. די שטאָט איז געווען ווילד פון פרייד. אָבער זונטאָג אין דערפרי, ווען די מאַסען האָבען אין די קירכעס געדאַנקט גאָט פאר דעם זיג, איז אָנגעקומען די ידיעה אז די פעסטונג איז געפאלען. די שטאָט האָט געוואוסט, אז איצט וועט זי זיך מוזען אונטערגעבען. א העסליכע מהומה האָט אויסגעבראכען. מענשען זיינען ארויסגעלאָפען אין די גאַסען און געכאפּט וואָס פאר א וואָגען זיי האָבען נאָר געקענט קריגען כדי וואס שנעלער צו אנטלויפען. מען האָט געווארפען ווערטפולע זאכען פון די פענסטער. די וואָס זיינען געבליבען אין שטאָט האָבען אלץ צוראַבירט.”

נאָכדעם ווי די קאָנפעדערייסי־ארמיי האָט אָפגעליידיגט קאָלאָמבוס האָט זי באַפעסטיגט צוויי פונקטען אויף דעם טייך מיסיסיפּי: ניו מאַדריד אין מיזורי, און דעם „אינזעל נומער צען”, וועלכער ליגט אין מיטען טייך ביים פונקט וואו ער בויגט זיך אראָפּ נעבען גרענעץ פון טענעסי. גענעראל האלעק האָט געשיקט גענעראל פּאופּ ער זאָל אַטאַקירען ניו מאַדריד. די ארמיי איז אַהין אנגעקומען פעברואר 24, 1862. די גאַנצע געגענד איז דערמאָלט געווען טיף פארזונקען אין בלאָטעס. עס האָט די סאַל־

דאטען געגומען ביז'ן 7טען מערץ איידער זיי האָבען זיך גע־קענט צורוקען נאָענט מיט זייערע הארמאטען. אָבער אזוי שנעל ווי גענעראל פּאופּ האָט ערנסט אָנגעהויבען זיין אטאַקע האָבען זיך די קאָמאנדירען פון דער פעדערייסי איבערציינגט אז זיי זיינען פארלאָרען. זיי האָבען אפּגעליידיגט ניו מאדריד אין מיטען נאכט, איבערלאָזענדיג דאָרט 33 שווערע הארמאטען, א מאסע פולווער, און ביידלאך פאר צען טויזענד מאן. די סאָלדאטען האָבען זיך צוריגעצויגען צו דער צווייטער פּאָזיציע, אינזעל נומער צען.

דעם 15טען מערץ האָט אדמיראל פוט מיט א פלאָטע פון א פּאָר צענדליג שיפען גענומען באָמבארדירען דעם אינזעל. די אטאַקע האָט אָנגעהאלטען דריי וואכען, אָבער אָן שום ערפאָלג. דאן איז גענעראל פּאופּ געקומען דער פלאָטע צו הילף. ער האָט פון ניו מאדריד דורכגעגראָבען א קאנאל 12 מייל די לענג ביז'ן צווייטען פונקט פון דעם טייך. די אונטערנעמונג איז געווען א ריזיגע. דאָך איז זי דורכגעפירט געווארען אין ניינצען טעג צייט. דורך דעם קאנאל האָט פּאופּ דורכגעפירט זיינע סאָלדאטען פון ניו מאדריד אויף דעם קענטאָקי ברעג פון דעם מיסיסיפּי. איצט איז „אינזעל נומער צען" אטאַקירט געווארען אי פון דעם טייך אי פון דער יבשה. די פארטיידיגער פון דעם אינזעל אויף דער יבשה זיינען גלייך אנטלאָפען. פּאופּ האָט זיי נאָכגעיאָגט און אויף מאָרגען, דעם 8טען אַפּריל, האָבען זיי זיך אונטערגע־געבען. ווען דער גארניזאָן אויפ'ן אינזעל האָט זיך דערפון דער־וואוסט, האָט ער געשיקט זאגען אדמיראל פוט אז ער וויל זיך אויך אונטערגעבען. פּאופּ און פוט האָבען גענומען געפאנגען 67 הונדערט סאָלדאטען און דריי גענעראלען, אויסער א מאסע געווער און אַמוניציע. די נאָרט האָט דאָ ניט פארלאָרען קיין איין סאָלדאט.

פּראָפעסאר דרעיפּער שרייבט: „דער פארלוסט פון דעם אינזעל איז אויף דער סאוט געפאלען ווי א דונער. דער באַ־ריכט וואס איז אָנגעקומען אין ריטשמאָנד האָט געלויטעט: מיר האָבען ניט געראטעוועט קיין איינציגען הארמאט, קיין אַמוני־

ציע. מיר האבען פארלארען אונזערע שיפען. מיר האבען גע־
מוזט איבערלאזען אונזערע קראנקע.״

דער נעקסטער וויכטיגער פונקט אויפ׳ן טייך מיסיסיפי איז
געווען מעמפיס, טענעסי. אין מעמפיס האט זיך געפונען א באן־
צענטער. פון דאנען האבען זיך אנגעפאנגען צוויי אייזענבאנען,
וואס האבען דורכגעשניטען די גאנצע ברייט פון דער סאוט ביז׳ן
ברעג, און האבען פארבונדען די פארשידענע באנען אויף די פאר־
שיידענע וועגען אין די סאוט־שטאטען. מעמפיס איז אלזא גע־
ווען פון העכסטער סטראטעגישער וויכטיגקייט פאר דער סאוט.
דאך איז די שטאט ניט געווען באפעסטיגט. די סאוט האט זיך
פארלאזען אויף די פעסטונגען ביי די אויבערשטע טיילען פון
דעם טייך — די פעסטונגען וואס זיינען שוין איצט געווען אין
די הענט פון דער נארט.

די איינציגע פארטיידיגונג פון מעמפיס איז געווען א קליינע
פלאטע פון אכט שיפען. דעם 6טען יוני איז א פלאטע פון דער
נארט אראפגעשוואומען איבער׳ן מיסיסיפי און אטאקירט די פלא־
טע פון דער סאוט וואס האט באוואכט מעמפיס. די שלאכט
האט געדויערט ניט מער ווי א האלבע שטונדע. אויפ׳ן ברעג
זיינען געשטאנען טויזענדער מענשען און זיך צוגעקוקט צו דער
סצענע. די פלאטע פון דער נארט איז ארוים די זיגערין. פון
דעם שונא׳ס פלאטע האט זיך בלויז איין שיף געראטעוועט.
מעמפיס איז איצט געבליבען אינגאנצען אומבאשיצט.

די קאנפעדעריישי־ארמיי האט זיך איצט קאנצענטרירט אין
דעם שטעטעל קארינט, אין דעם שטאט מיסיסיפי. דאס שטעטעל
איז אויך געווען א באן־צענטער. דארט האבען זיך פאראייניגט
די ליניעס וואס האבען זיך געצויגען פון דעם גאלף און מעקסיקא,
און די ליניעס וואס האבען זיך געצויגען צום אטלאנטישען
ברעג. גענעראל אלבערט סידני דזשאנסטאן, דער קאמאנדיר פון
דער סאוט, האט אהער צוזאמענגעצויגען די רעגימענטען פון דער
גאנצער ארומיגער געגענד. זיין ארמיי האט געציילט ארום 60
טויזענד מאן.

אט דעם פונקט האט גענעראל האלעק, דער קאמאנדיר פון

דער נאָרט אַרמיי, איצט באַשלאָסען איינצונעמען. ער האָט די אויפגאַבע אָנפאַרטרויט גענעראַל סמיט. דער גענעראַל האָט גע־מאַכט אַלע נויטיגע הכנות אָבער איידער ער האָט אָנגעהויבען דעם קאַמף איז ער געשטאָרבען פון בלוט־פאַרגיפטונג. האַלעק האָט אויף זיין פּלאַץ באַשטימט גענעראַל גרענט, דערזעלבער וואס האָט איינגענומען די פעסטונגען פאָרט הענרי און פאָרט דאָנעלסאָן.

גרענט'ס אַרמיי האָט זיך באַפעסטיגט אין פּיטסבורג לענדינג, אַ פּונקט אויף דעם וועסטליכען ברעג פון דעם טייך מיסיסיפּי, אַרום דרייסיג מייל פון קאָרינט. ער האָט געוואַרט מיט דער אַטאַקע ביז ער וועט קריגען פאַרשטאַרקונג פון אַ צווייטער אַרמיי פון 40 טויזענד מאַן אונטער גענעראַל ביועל, וועלכער איז גע־שטאַנען אין נעשוויל און וועלכער האָט באַקומען אַ באַפעל צו מאַרשירען צו פּיטסבורג לענדינג. גענעראַל דזשאָנסטאָן האָט גע־וואוסט וועגען גרענט'ס פּלענער און ער האָט באַשלאָסען צו אַטאַ־קירען גרענט'ן איידער די פאַרשטאַרקונג וועט אָנקומען. די אַטאַקע האָט זיך אָנגעפאַנגען זונטאָג פאַרטאָג, דעם זעקסטען אַפּ־ריל. אין מיטען פון דעם שלאַכטפעלד איז געשטאַנען אַ הילצ־צערנע געביידע, וואס האָט פאַר די אַרומיגע פאַרמער געדינט ווי אַ מין קלויסטער, אַ געביידע אָן טיר און פענסטער, און אָן אַ ברוק. זי האָט זיך גערופען די „שיילאָה קירכע“, און מיט'ן נאָמען פון דער דאָזיגער געביידע איז אין דער געשיכטע פאַר־צייכענט די שלאַכט וואס איז דאָרט פאָרגעקומען: די „שיילאָה שלאַכט“. ווען די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבען האָט גרענט געהאַט 33 טויזענד מאַן און דזשאָנסטאָן, 40 טויזענד מאַן.

צוויי טעג האָט די שלאַכט אָנגעהאַלטען. דער ערשטער טאָג איז געווען גינסטיג פאַר דער סאַוט. דזשאָנסטאָן האָט צוריקגע־שטויסען גרענט'ס אַרמיי פון יעדען פּונקט און זי געטריבען אַלץ ווייטער און ווייטער צום וואַסער־צו. דעם שטאַרקסטען ווידער־שטאַנד האָט געמאַכט גרענט'ס רעכטער פליגעל, אונטער גענע־ראַל שערמאַן. און גרענט האָט שפּעטער דערקלערט, אַז אים האָט ער געהאַט צו פאַרדאַנקען וואס ער האָט געקענט ווי־עס־איז זיך האַלטען ביז ביינאַכט. ווען דער טאָג איז געווען פאַרביי האָט

גענעראל בארעגארד, דער קאמאנדיר פון דער סאוט (דזשאנסטאן איז דער'הרג'עט געווארען אין מיטען טאג און בארעגארד האט פארנומען זיין פלאץ) געמאלדען, אז ער האט געהאט א גרויסען זיג: „מיר האבען איינגענומען אלע פאזיציעס, אויסער איינע. מיר האבען פארכאפט דעם שונא'ס הארמאטען, געפאנגען דריי טויזענד סאלדאטען און איין גענעראל, א מאסע אמוניציע. דעם שונא'ס ארמיי איז פארטריבען געווארען. ער האט זיך צוריק־געצויגען אונטער'ן שוץ פון קאנאנען צום ברעג טייך און אויף שיפען אויפ'ן טייך".

דורך דער נאכט איז אנגעקומען גענעראל ביועל מיט זיין ארמיי פון 27 טויזענד מאן. אין דערפרי האט גרענט אנגעפאנ־גען זיין נייע אטאקע אויף דעם שונא. איצט האט שוין פאסירט דער היפך פון דעם פאריגען טאג. די ארמיי פון דער סאוט איז אפגעשטויסען געווארען אויף צוריק. גרענט האט אפגענומען אלע פאזיציעס און בארעגארד האט זיך צוריקגעצויגען קיין קארינט.

די "שיילאה שלאכט" איז געווען איינע פון די בלוטיגסטע אין דער געשיכטע פון דעם קריג. דא האבען זיך אויףביידע זייטען באטייליגט ארום הונדערט טויזענד מאן. יעדער צד האט פארלארען אין טויטע און פארוואונדעטע צו צען טויזענד מאן, צוזאמען צוואנציג טויזענד.

ביז היינט זיינען היסטאריקער צוטיילט אין זייערע מיי־נונגען איבער דער פראגע, ווער איז שולדיג געווען אין גרענט'ס פארלוסטען דעם ערשטען טאג און וועמען עס קומט אנערקענונג פאר דעם זיג דעם צווייטען טאג. טייל האלטען אז פאר דער מפלה איז פאראנטווארטליך געווען גרענט און אז פאר'ן זיג איז צו פארדאנקען ביועל'ן. אנדערע ווידער מיינען, אז גרענט האט אייגענטליך שוין געזיגט דעם ערשטען טאג פארנאכט, ווען ער האט אפגעשטעלט דעם גאנג פון בארעגארד'ס ארמיי ביים ברעג. אלע היסטאריקער זיינען איניג אין דעם, אז אויפ'ן שלאכטפעלד האט, איבער אלע קאמאנדירען אין גרענט'ס ארמיי, זיך אויסגע־צייכענט גענעראל שערמאן.

אט איז א שילדערונג פון איינעם וואס האט אליין געזען

דעם ריקצוג פון בארעגארד'ס ארמיי נאָך דער שלאכט: „די צוריקציענדיגע ארמיי האָט זיך געשלעפּט איבער אַ שמאָלען, שווערען וועג, אכט מייל די לענג. אָט איז אַ לאַנגע ליניע וועגענער אָנגעלאָדען מיט פארוואונדעטע, קרעכצענדיגע, פליענדיגע סאָלדאַטען, אָנגעוואָרפען ווי זעק תבואה. די אייזלען בראָדזען אין בלאָטע און אין וואסער ביז'ן טייך. ערטערווייז איז דאס וואסער אריין אין די וועגענער. נאָך זיי גייט אַ רעגימענט אינפאַנטעריע. דערנאָך סאָלדאַטען מיט צובראָכענע הענט און מיט אנדערע וואונדען. צו די שרעקען פון דעם בילד איז באַלד צוגעקומען נאָך אַ צרה: אַ קאַלטער רעגען האָט אָנגעהויבען צו פאַלען. דער שטורעם האָט אָנגעהאַלטען דריי שטונדען נאָכאַנאַנד. איך האָב געזען אַ לאַנגע ריי פון וועגענער פול מיט פאַרוואונדעטע און שטערבענדע סאָלדאַטען אָן אַ צודעק צו באַשיצען זיי פון דעם רעגען און דעם האָגעל, וואס איז אויף זיי געפאַלען ווי שטיינער. דריי הונדערט פון די פארוואונדעטע זיינען געשטאָרבען אונטערוועגנס אין צייט פון דעם צוריקטריט. מען האָט זייערע קערפּערס ארויסגעוואָרפען פון די וועגענער, כדי צו מאַכען פּלאַץ פאַר די אַנדערע, וועלכע האָבען פאַרוואונדעטערהייט זיך געמוזט שלעפּען צופוס דורך דעם שטורעם".

אַביסעל שפּעטער איז גענעראַל האַלעק אָנגעקומען אין פּיטסבורג לענדינג, און נאָכדעם ווי ער האָט די ארמיי ווידער אָרגאַניזירט האָט ער גענומען מארשירען אויף קאָרינט. גענעראַל בארעגארד האָט זיך איצט איבערצייגט, אז אים וועט אונמעגליך זיין צו פארטיידיגען דעם פּונקט, און נאָך איידער האַלעק'ס ארמיי איז אַהין אנגעקומען האָט ער זיך צוריקגעצויגען. דעם 30טען מאַי איז האַלעק אריין אין קאָרינט.

די קאַמפּאַניעס וואס די נאָרט האָט געפירט אויף דעם טייך מיסיסיפּי, אין קענטאָקי און טענעסי זיינען געווען אַן ערפאָלג. דער טייך איז אפּגערייניגט געוואָרען ביז מעמפּיס. די אַלע באַפעסטיגטע פּונקטען וואס די קאָנפעדערייסי האָט געהאַלטען אין קענטאָקי און טענעסי, ווי פאָרט הענרי, פאָרט דאָנעלסאָן, באָולינג גרין, נעשוויל זיינען איצט געווען אין די הענט פון דער נאָרט.

די נאָרט האָט אויך געהאלטען דעם וויכטיגען באַן־צענטער, קאָרינט.

די קאָנפעדערייסי־ארמיי האָט זיך צוריקגעצויגען נידעריגער, אי אויף דעם טייך מיסיסיפּי, אי אויף די אייזענבאַנען. אירע באַפעסטיגטע פונקטען זיינען שוין איצט געווען אין דעם שטאַט מיסיסיפּי.

קאפיטעל 11.

# בלוטיגע שלאכטען אין קענטאַקי און טענעסי.

אין די לעצטע פּאָר מאָנאַטען פון יאָר 1862 האָבעןביידע ארמייען אָנגעפירט אַ רייע שלאַכטען און געמאַכט א פּאָר סטראַטעגישע צוגען צו געווינען די אויבערהאַנט אין די צוויי שטאַטען קענטאָקי און טענעסי. די לאַגע איז איצט געווען אַזאַ: די נאָרט־ארמיי האָט געהאַלטען דעם וועסטליכען טייל פון די שטאַטען, דעם טייל, וואס ליגט ביים טייך מיסיסיפּי; די סאוט־ארמיי האָט געהאַלטען דעם אָסטליכען טייל. די נאָרט־ארמיי איז געשטאַנען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראל ביועל; די סאוט, אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראל ברעג.

לינקאָלן האָט געהאַלטען אין איין שיקען באַפעלען צו גענעראל ביועל ער זאָל זען איינגעמען טשאַטאַנוגא, דעם הויפּט־פּונקט פון דער סאוט־ארמיי. טשאַטאַנוגא איז געווען א וויכטיגער באַן־צענטער. ווען דער פּונקט וואָלט איבערגעריסען געווארען, וואָלט טענעסי, און במילא קענטאָקי, געווען אונטער דעם קאָנטראָל פון דער נאָרט. גענעראל ברעג, ווידער, האָט פון זיין רעגירונג באַקומען אַ באַפעל ער זאָל אריינמאַרשירען אין קענטאָקי און איינגעמען לואיוויל. אין דער סאוט איז מען געווען איבערצייגט, אַז די גרויסע מאַסע איינוואוינער אין קענטאָקי סימפּאַטיזירען מיט דער קאָנפעדערייסי און אַז אזוי שנעל ווי עס וועט זיך דאָרט באַווייזען אַן ארמיי פון דער סאוט, וועלען טויזענטער בירגער איר קומען צו הילף און אַ סך וועלען זיך אָנשליסען אָן איר.

איידער ביועל האָט זיך פאַרטיג געמאַכט אָנצופאַנגען דעם צוג האָט גענעראל ברעג גענומען מאַרשירען מיט זיין ארמיי. ער

האט געהאט ארום פופציג טויזענד מאן. א טייל פון זיין ארמיי האט געמארשירט פון טשאטאנוגא און א טייל פון נאקסוויל. דער ערשטער צוזאמענשטויס איז פארגעקומען אין ריטשמאנד, קענטאקי. דארט האט ברעג'ס ארמיי געהאט א פאלשטענדיגען זיג. זי האט גענומען פינף טויזענד געפאנגענע. א טייל פון ברעג'ס ארמיי איז אנפאנג סעפטעמבער אריין אין לעקסינגטאן, קענטאקי. גענעראל ביועל האט געשיקט זיין ארמיי אפצושטעלען דעם שונא, ער זאל ניט פארכאפען לואיוויל. די נייעס, אז ברעג'ס ארמיי האט אריינגעדרונגען אזוי ווייט אין קענטאקי האט אנגעווארפען א שרעק אויף דער נארט. אין סינסינעטי איז אויסגעבראכען א פאניק. דארט איז מען זיכער געווען, אז ברעג פלאנעוועט די שטאט צו פארכאפען. ביידע ארמייען זיינען איצט געווען ווייט פון לואיוויל און זיי האבען ביידע מאנעווורירט צו מארשירען ווייטער; ביידע גענעראלען האבען ניט געוואלט ריזיקירען מיט א שלאכט. צום סוף האט זיך ברעג'ס ארמיי צוריקגעצויגען. דעם 25טען סעפטעמבער איז ביועל אריין אין לואיוויל. דער היסטאריקער ראודס איז מיט דער מיינונג, אז אין די עטליכע וואכען וואס ברעג איז געווען אין קענטאקי האט ער זיך איבערצייגט, אז די באפעלקערונג פון דעם שטאט האלט מיט דער נארט און אז עס איז פאר אים קיין האפענונג ניטא דארט צו מאכען ערפאלג.

גענעראל ברעג האט זיך איצט גענומען צוריקציען. ער האט עס אבער געטאן זייער לאנגזאם. זיינע סאלדאטען האבען אפגעגעבען א גרויסען טייל פון זייער צייט אויף זאמלען עסענווארג. פראפעסאר דרעיפער שרייבט: „ברעג האט ארויסגעשיקט פארטיעס סאלדאטען וועלכע האבען צוגענומען ביי די פארמער זייער ברויט, זייער פי, זייער פלייש. די סאלדאטען האבען זיך אריינגעריסען אין קראמען, גענומען אלץ וואס זיי האבען געפונען און באצאלט מיט אסיגנאציעס פון דער קאנדעפעריסי. זיי האבען אפילו געצוואונגען מענשען אריינצוטרעטען אין זייער ארמיי."

גענעראל ביועל האט איצט גענומען נאכיאגען ברעג'ס ארמיי.

ביידע אַרמייען צוזאַמען האָבען געציילט אַרום 100 טויזענד מאַן. די אַרמייען האָבען זיך באַגעגענט אין שטעטעל פּעריוויל. די שלאַכט איז פאָרגעקומען דעם 8טען אָקטאָבער. ביינאַכט האָט זיך בּרעג צוריקגעצויגען. ביידע גענעראַלען האָבען זיך באַרימט, אַז זיי האָבען די שלאַכט געוואונען. בּרעג איז צוריק אַוועק קיין טשאַטאַנוגאַ. ביועל האָט אים אַרויסגעטריבען פון קענטאָקי, אָבער זיין אַרמיי האָט ער ניט צושלאָגען. דערצו האָט בּרעג אַרויסגעפירט פון קענטאָקי אַ מאַסע פּראָוויאַנט פאַר זיין אַרמיי: 200 וואַגאָנען מיט פלייש, 6000 פעסלאַך חזיר־פלייש, 1000 אייזלען, 8000 אָקסען און אַ גרויסע צאָל חזירים.

אין וואַשינגטאָן איז מען געווען זייער אומצופרידען מיט דעם רעזולטאַט. דאָרט האָט מען זיך גערעכט, אַז ביועל וועט ניט נאָר פאַרטרייבען בּרעג'ן, נאָר אַז ער וועט צוקלאַפּען זיין אַרמיי און פאַרנעמען טשאַטאַנוגאַ. ביועל איז אָראָפּגעזעצט געוואָרען. אויף זיין פּלאַץ איז באַשטימט געוואָרען גענעראַל ראָזענקראַנץ, איינער פון ביועל'ס לוטענאַנטען. ראָזענקראַנץ האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע אין די לעצטע טעג פון אָקטאָבער.

איצט האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען דיזעלבע געשיכטע. בּרעג האָט ווידער געקראָגען אַ באַפעל פון זיין רעגירונג ער זאָל אריינדרינגען אין קענטאָקי. די סאַוט האָט געפילט, אַז זי מוז דורכברעכען די קייט מיט וועלכער די נאָרט האָט זי אַרומגעצאַמט אין דער וועסט. בּרעג האָט גענומען מאַרשירען אויף נעשוויל.

אין דער לעצטער וואָך פון יאָר, אויף מאָרגען נאָך קריסטמעס (ווייַנאַכטען), האָבען זיך ביידע אַרמייען באַגעגענט אין מוירספריסבאָראָ. ביועל'ס אַרמיי האָט געציילט 43 טויזענד; בּרעג'ס, 62 טויזענד מאַן. די שלאַכט האָט זיך אָנגעפאַנגען ערב ניי־יאָר. אין ערשטען צוזאַמענשטויס האָט בּרעג געוואונען. אָבער ראָזענקראַנץ איז ניט אָפּגעטראָטען. ניי־יאָר האָבען ביידע אַרמייען זיך אָפּגערוט. ווען בּרעג האָט אַטאַקירט ראָזענקראַנצ'ן דעם צווייטען יאַנואַר, איז ער שוין צוריקגעשטויסען געוואָרען. אויף מאָרגען האָט בּרעג זיך צוריקגעצויגען. די שלאַכט איז געווען אַ שרעקליך בּלוטיגע: ראָזענקראַנץ האָט פאַרלאָרען איבער

13 טויזענד מאן, און ברעג איבער 10 טויזענד. אין דער שלאכט האט זיך אם שטארקסטען אויסגעצייכענט גענעראל שערידאן. אים האט ראזענקראנץ געהאט צו פארדאנקען, וואס זיין ארמיי איז ניט צוקלאפט געווארען דעם ערשטען טאג פון דער שלאכט.

דער צווייטער ניט געלונגענער פארזוך האט איבערצייגט דער סאוט, אז זי קען מער ניט האפען דורכצוברעכען פאר זיך א וועג דורך טענעסי און קענטאקי. דאס יאר 1862 האט פארזיגעלט דעם שיקזאל פון דער סאוט אין די צוויי וויכטיגע שטאטען.

קאַפּיטעל 12.

# גענעראַל ראָבערט ע. לי.

ראָבערט ע. לי, דער הויפּט־גענעראַל פון דער קאָנפעדערייסי, איז געווען די וויכטיגסטע פּערזענליכקייט אין דער סאוט אין משך פון דער מלחמה. אפיציעל האָט ער פאַרנומען דעם צווייטען פּלאַץ נאָך דזשעפערסאָן דייוויס, דעם פּרעזידענט פון דער קאָנ־פעדערייסי, אָבער אין דער אמת'ן האָט ער געשפּילט א וויכ־טיגערע ראָלע. ניט נאָר האָט ער געפירט די אַרמייען און גע־האַלטען אין זיינע הענט דעם שיקזאַל פון דער מלחמה, נאָר ער איז אויך געווען א ריזיגע מאָראַלע קראַפט. די גרויסע מאסען אויפ'ן שלאַכטפעלד און אין דער היים האָבען זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער און אים געגלויבט. מיליאָנען אין דער סאוט האָ־בען אים איינפאַך פאַרגעטערט. אויך אין דער נאָרט איז די באַציאונג צו אים געווען אַ פיל פריינדליכערע, א פיל ווייכערע ווי צו דזשעפערסאָן דייוויס און די אַנדערע וואָס זיינען גע־שטאַנען בראש פון דער רעוואָלט־באַוועגונג. שפּעטער, ווען די מלחמה איז געווען אַריבער, און די קריגס־ליידענשאַפטען האָבען זיך אָפּגעקילט, איז לי אפילו אריינגענומען געווארען אין דעם רייסטער פון אַמעריקאַנער העלדען. אין דער נאָרט אַזוי גוט ווי אין דער סאוט ווערט לי'ס נאָמען הייכט געשעצט און געריכט. לי'ס גרויסקייט אַלס גענעראַל איז איצט דער שטאָלץ פון דער פּאַטריאָטישער אַמעריקע. וועגען לי'ס פּערזענליכקייט, וועגען זיין כאַראַקטער, וועגען זיין אַרט לעבען, רופען זיך אָפּ סימפּאַטיש און אַפילו מיט באַגייסטערונג די היסטאָריקער פון דער נאָרט אַזוי גוט ווי די היסטאָריקער פון דער סאוט.

לי האָט געשטאַמט פון אַן אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע אין

ווירדזשיניא. זיין פאטער, הערי לי, האט זיך אויסגעצייכענט אלס גענעראל אין דער רעוואלוציע און שפעטער אלס פאליטיקער און שטאטסמאן אין זיין אייגענעם שטאט ווירדזשינא און אין דער נאציאנאלער רעגירונג. צוויי פעטערס פון ראבערט לי זיינען אונטערגעשריבען אויף דער „דעקלעריישאן אוו אינדעפענדענס". איינער פון די לי'ס האט עס געמאכט דעם ערשטען פארשלאג ביים רעוואלוציאנערען קאנגרעס אין 1776, אז די קאלאניעס זאלען זיך דערקלערען פריי און אומאפהענגיג פון ענגלאנד. דזשארדזש וואשינגטאן, וועלכער איז געווען אן אינטימער פריינד און א שכן פון דער לי פאמיליע אין ווירדזשיניא, האט וועגען איר געשריבען: „איך ווייס ניט פון נאך א געגענד וואס קען זיך בארימען מיט א פאמיליע פון אזעלכע געראטענע מענשען ווי אונזער פאמיליע לי איז".

ראבערט ע. לי איז געבוירען געווארען דעם 19טען יאנאור, 1807. זיין פאטער איז געשטארבען ווען ראבערט איז אלט גע־ווען א יאר עלף. אין זיינע יונגע יארען האט זיך ראבערט מיט גארניט אויסגעצייכענט. צו 18 יאר איז ער אריינגעטראטען אין דער מיליטערישער שולע פון דער נאציאנאלער רעגירונג, אין וועסט פאינט. דארט האט ער ארויסגעוויזען פייאיגקייטען. ער האט געענדיגט דער צווייטער אין זיין קלאס. אין 1831 האט ער געהייראט מיס מיס קוסטיס, אן אוראייניקעל פון דזשארדזש וואשינגטאנ'ס פרוי. זי האט אים שפעטער געבראכט א גרויסען פארמעגען וואס זי האט גע'ירש'נט פון אירע עלטערען (די קוס־טיסעס זיינען געווען פיליכט די רייכסטע פאמיליע אין ווירדזשי־ניא). זיין היים איז געווען אויף א גרויסען, פראכטפולען מא־יאנטיק, ארלינגטאן, אין דעם נארדליכען טייל פון ווירדזשיניא, ניט ווייט פון דער גרענעץ פון מערילאנד. (איצט איז ארלינגטאן א נאציאנאלער בית־עולם. דארט ליגען באערדיגט גענעראלען, אפיצירען און סאלדאטען וואס זיינען געפאלען אין דעם בירגער־קריג און אין די שפעטערדיגע מלחמות וואס אמעריקע האט גע־פירט. לי'ס מאיאנטיק איז נאכ'ן בירגער קריג קאנפיסקירט גע־

וואָרען און איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ נאַציאָנאַלען בית־עולם).

לי איז פאַרבליבען אַן אָפיציר אין דער אַמעריקאַנער ארמיי. ער האָט געדינט אין מעקסיקאַנער קריג און האָט זיך אויסגע־צייכענט. ער האָט פאַרנומען פאַרשידענע פּאָסטענס אין פאַרשי־דענע מיליטערישע אונטערנעמונגען. ווען דזשאָן בראַון האָט גע־מאַכט זיין טרויעריגען פאַרזוך אויפצואוועקען די נעגערס פון ווירדזשיניא צו אַן אויפשטאַנד, ווען ער האָט פאַרכאַפּט האַר־פּערס פערי אין ווירדזשיניא, איז ראָבערט לי געשיקט געוואָרען צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד. ער האָט דזשאָן בראַונ׳ען באַזיגט און אַרעסטירט. אין די שפּעטערדיגע יאָרען האָט לי, ריידענדיג וועגען דער דאָזיגער פּאַסירונג געזאָגט צו זיינע פריינד: „איך פיל גליקליך וואָס איך האָב בראַונ׳ען ניט געדאַרפט הרג׳־נען, ווייל איך גלויב אַז ער איז געווען אַן ערליכער און געוויסענ־האַפטער מענש“.

די גאַנצע צייט פון דעם פּאָליטישען קאַמף צווישען דער נאָרט און דער סאַוט, ערב דעם אויסברוך פון דעם בירגער־קריג, האָט לי זיך געהאַלטען אָן דער זייט. ער איז געווען אַ בעאַמטער אין דער אַרמיי און האָט זיך אָפּגעגעבען מיט זיינע מיליטערישע פליכטען. ווען די קאָטאַן־שטאַטען האָבען נאָך לינ־קאָלנ׳ס דערוויילונג גענומען אַרויסטרעטען פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, איז לי געווען געגען אַזאַ שריט. ער האָט ניט גע־וואָלט אַז זיין שטאַט ווירדזשיניא זאָל נאָכטאָן יענע שטאַטען. אָבער ווירדזשיניא האָט לסוף באַשלאָסען צו גיין מיט דער קאָנ־פעדעריישאַן. דאַן האָט לי, נאָך אַן אינערליכען קאַמף, אריינגע־שיקט זיין רעזיגנאַציע, ערקלערענדיג אַז געגען זיין אייגענעם שטאַט קען ער זיין שווערד ניט אַרויסנעמען.

אָט איז אַ ציטאַטע פון גמליאל ברעדפאָרד׳ס ווערק „לי דער אַמעריקאַנער“:

„אין אַפּריל 1861 איז לי געווען אין דערהיים אין אַרלינג־טאָן. דעם 18טען האָט ער געהאַט אַ געשפּרעך מיט פּרענסים בלער, וועלכער האָט מיט׳ן וויסען פון פּרעזידענט לינקאָלן און

קריגסמיניסטער קאמעראן, אים אנגעבאטען ער זאל ווערען דער קאמאנדיר פון דער אמעריקאנער ארמיי אויפ'ן שלאכטפעלד. לי האט וועגען דעם שפעטער דערציילט אזוי: „נאכדעם ווי איך האב אויסגעהערט זיינע ווערטער, האב איך זיך אפגעזאגט אנ־צונעמען דעם אנבאט. איך האב אפענהערציג געזאגט, אז כאטש איך בין געגען דעם, אז די סאוט זאל זיך אפרייסען, דאך וועל איך ניט קענען אנטייל נעמען אין אן אטאקע אויף די שטאטען פון דער סאוט".

„גלייך נאכדעם האט לי געהאט א געשפרעך מיט דעם דא־מאלסדיגען הויפט קאמאנדיר פון דער אמעריקאנער ארמיי, גענע־ראל סקאט. זיי ביידע זיינען א סך יאר געווען ווארימע פריינט. סקאט האט געפרובט אויף אים ווירקען ער זאל בלייבען אין דער ארמיי. לי האט אים קיין באשטימטען ענטפער ניט געגעבען. ער האט זיך מיט זיך אליין געראנגעלט. אבער קורץ נאכדעם איז ווירדזשיניא ארויס פון דער „יוניאן" און זיך אנגעשלאסען אן דער קאנפעדערייסי. לי האט אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע מיט א בריף, אין וועלכען ער האט אויסגעדריקט זיין טיפסטע באדויערונג וואס ער איז געצוואונגען אזוי צו האנדלען. ער האט אין בריף געשריבען: „איך וועל ציען מיין שווערד בלויז צו פארטיידיגען מיין אייגענעם שטאט ווירדזשיניא".

לי איז געווען געגען דעם, אז די סאוט זאל זיך אפרייסען. ער האט אבער באטראכט ווירדזשיניא אלס זיין פאטערלאנד; און אז ווירדזשיניא איז ארויס האט ער אויך געמוזט ארויס. ער האט ניט געקענט פארראטען זיין פאטערלאנד.

דעם 23טען אפריל האט ווירדזשיניא באשטימט לי'ן אלס קאמ־מאנדיר פון די שטאט־טרופען. דעם 25טען אפריל האט זיך וויר־דזשיניא אנגעשלאסען אן דער קאנפעדערייסי און לי מיט זיין ארמיי איז געווארען א טייל פון דער קאנפעדערייסי־ארמיי. די רעגירונג פון דער קאנפעדערייסי האט זיך איבערגעקליבען קיין ריטשמאנד, ווירדזשיניא, און ריטשמאנד איז געווארען די הויפט שטאט פון דער רעגירונג. לי איז פארבליבען אין זיין אמט אלס קאמאנדיר פון דער ווירדזשיניער ארמיי. אין דעם וועסטליכען

טייל פון ווירדזשיניא זיינען פארגעקומען איינינע שלאכטען, וועל־כע לי'ס ארמיי האט פארלארען. דאך איז ער אין יוני, 1862, דערהויבען געווארען צו דעם ווינטיגסטען פאסטען אין דער ארמיי פון דער קאנפעדערייסי. ער איז באשטימט געווארען אלס הויפט גענעראל פון דער ארמיי ארום ריטשמאנד.

א סך מענשען אין דער סאוט זיינען געווען געגען דעם, אז לי זאל קריגען אזא וויכטיגען מיליטערישען אמט. זיי האבען אנגעוויזען, אז לי האט זיך ביז דעמאלט מיט גארניט אויסגע־צייכענט, אז אין פארלויף פון דעם פארגאנגענעם יאר האט ער, פארקערט, געליטען מפלות. זיי האבען גע'טענה'ט, אז עס איז א סכנה אים צו פארטרויען מיט דער פירערשאפט פון דער וויכ־טיגסטער ארמיי. אבער לי האט באלד באוויזען, אז זיינע קריי־טיקער האבען געמאכט א טעות. ער האט אפגעהאלטען איין זיג נאכ'ן צווייטען. אין משך פון די נעקסטע עטליכע מאנאטען איז ער געווארען דער העלד פון דער סאוט און זיין גרויסער נאמען אלס גענעראל איז געוואקסען פון טאג צו טאג, ביז וואנען ער איז געווארען דער אפגאט פון דער ארמיי פון דער סאוט.

וועגען לי'ס גרויסקייט אלס גענעראל זיינען ניט אלע היסטא־ריקער און ניט אלע מיליטערישע עקספערטען איינשטימיג. טייל שטעלען אים אויף דערזעלבער הויך ווי די גרעסטע גענעראלען אין דער וועלט־געשיכטע. זיי פארגלייכען אים מיט נאפאלעאנ'ען. אנדערע זאגען אז דאס איז א סך איבערטריבען. אבער אלע גיבען צו, אז צווישען די גענעראלען וואס האבען זיך באטייליגט אין דעם בירגער־קריג אויף ביידע זייטען איז ער געווען, אויב ניט דער סאמע גרעסטער, איז וויינינגסטענס איינער פון די צוויי אדער דריי גרעסטע. צווישען די גענעראלען פון דער סאוט איז דא בלויז איינער מיט וועמען מען פארגלייכט אים. דאס איז גענע־ראל סטאונוואל דזשעקסאן.

דעם הויכען רעספעקט און די ליבע וואס לי האט געוואונען אין דער ארמיי און צווישען דער באפעלקערונג האט ער געהאט

צו פארדאנקען ניט אזוי זיין מיליטערישער פייאיגקייט ווי זיין כאראקטער. ער איז געווען א באשיידענער מענש. ער האָט ניט געזוכט קיין כבוד, האָט ניט אויסגענוצט זיין מאכט צו דער־הויבען און צו דערנידעריגען אנדערע. ער האָט געהאט א ווייך הארץ, האָט שטענדיג ארויסגעוויזען סימפאטיע צו די קרבנות פון דער מלחמה, צו געפאנגענע פאָלדאטען אָדער צו סאָלדאטען וואָס האָבען זיך פארזינדיגט. ער האָט שטענדיג געזוכט אויפ־צוהאלטען די דיסציפּלין אין דער ארמיי ניט דורך שרעק, ניט מיט אן אייזערנעם פויסט, נאָר דורך מאָראלישען איינפלוס. ווי ערנסט דער מאָמענט איז ניט געווען, ווי אויפגערעגט ער איז ניט גע־ווען האָט ער זיך אויסגעהיט נישט צו ריידען גראָב אדער זיד־לען זיינע אָפיצירען. ער איז געווען זייער אַן ערנסטער מענש, און האָט זיך אָלץ גענומען שטארק צום הארצען. ער האָט געלי־טען ווען זיינע סאָלדאטען האָבען געליטען. ער האָט שטענ־דיג געזוכט פאר זיינע סאָלדאטען צו קריגען בעסערע עסענס, בעסערע קליידער, בעסערע באדינגונגען, מאכען זייער לעבען גרינגער.

אָט זיינען איינינע ציטאטען פון ברעדפאָרד׳ס ווערק וועגען לי:

„לי האָט זיין ארמיי באהאנדעלט ניט ווי א קאמפּס־מאשין, נאָר ווי א מענשליכען קערפּער וועלכער מוז באזאָרגט ווערען מיט שפּייז און קליידער. . . און די סאָלדאטען האָבען אים שטענדיג געגלויבט. ווען ער האָט זיי פארזיכערט, אז די שלעכטע לאגע איז אומפארמיידליך, זיינען זיי גרייט געווען אויסצוגיין פון הונגער. . . ער האָט זיך באצויגען צו די סאָלדאטען ניט ווי א מיליטערישער בעאמטער, נאָר ווי א פאָטער. די אנדערע גענע־ראלען האָבען זיך באקלאָגט, אז ער איז צו מילד אין זיין דיס־ציפּלין. . . זיין באציאונג צו די סאָלדאטען איז געווען ווי פון א גלייכען צו א גלייכען, ווי מענש צו מענש. . . ער האָט גע־לעבט אזוי ווי זיי. ער האָט ניט געזוכט קיין כבוד. ארום זיין הויפּטקווארטיר זיינען ניט געשטאנען קיין וועכטער. ער האָט

געהאט פאר זיך א קליין ביידעל אין פעלד. ווען ער איז ארויס־געגאנגען האט ער ניט מיטגענומען מער ווי עטליכע מענשען פון זיין שטאב, און פערזענליכע באדינער. געקליידט איז ער געווען איינפאך, בלויז א פאר שטערען אויפ'ן קאלנער צו באצייכענען זיין ראנג. . . ווען זיין ארמיי איז אריין אין א שטאט אדער דארף, פלעגט ער אנזאגען, אז קיינער זאל ניט שטערען אדער באהאנדלען שלעכט די איינוואוינער. . . ער האט געגעסען די איינ־פאכסטע שפייז. ווען עס האט אויסגעפעלט שפייז פאר די סאל־דאטען האט ער ניט ערלויבט אז מען זאל פאר אים צוגרייטען מער ווי פאר אנדערע. זיין מאלצייט איז אפט באשטאנען פון בלויז קרויט מיט זאלץ. סוויט פאטייטאס און זויער מילך האט ער באטראכט פאר א לוקסוס".

לי איז געווען זייער א פרומער. ער איז דערצויגען גע־ווארען אין א פוריטאנישע הויז און ער איז זיין גאנץ לעבען געבליבען אן איבערגעבענער פוריטאנער. ער איז געווען אן איינ־זאמער מענש. ער פלעגט שטענדיג זאגען: „אלע זיינען פריי־ליך, נאר איך בין אומעטיג". איין איינציגען פריינד האט לי געהאט, שרייבט ברעדפארד, „דאס איז געווען גאט". ער איז ניט געווען קיין עסטעט. ער האט ניט געהאט קיין שטארקע ליבע צו ליטעראטור אדער קונסט. זיין כאראקטער איז געווען א מאראלישער און א פראקטישער. „זיין רעליגיע איז אויך געווען א פראקטישע. ער האט שטענדיג אפגעהיט אלע צערעמאניעס פון זיין קירכע. ער איז אבער געווען העכסט טאלעראנט צו אנדערע רעליגיעס. נאך דער מלחמה האט ער שטענדיג גערעדט און אגיטירט, אז ביידע צדדים זאלען פארגעסען די פארגאנגענ־הייט און לעבען אינאיינעם אין אחדות און פריינדשאפט".

נאך דער מלחמה האט לי באקומען וויכטיגע פארשלאגען פאר באשעפטיגונגען. גרויסע געשעפטסלייט האבען אים אנגע־באטען גרויסע סומען געלט ער זאל זיך פארבינדען מיט זייערע פירמעס. זיי האבען פון אים ניט פארלאנגט זיין ארבייט אדער זיין צייט, בלויז זיין נאמען. ער האט די אלע אנבאטען צוריק־

געוויזען. ער האָט אָנגענומען א שטעלע אלס פרעזידענט פון א קאלעדזש אין ווירדזשיניא, מיט דעם קליינעם געהאלט פון פופ־צען הונדערט דאָלער א יאר. דעם אמט האָט ער געהאלטען די פיר יאר וואס ער האָט געלעבט נאָכ'ן בירגער קריג. אין פארלויף פון דער קורצער צייט האָט ער דעם קאלעדזש געבראכט צו דער מדרגה פון א הויכער בילדונגס־אינסטיטוציע.

קאַפּיטעל 13.

# לי דרינגט אַריין אין דער נאָרט.

נאָך זיינע נצחונות אין ווירדזשיניא האָט גענעראל לי באַשלאָסען אריבערצוגיין דעם טייך פּאטאמעק און אריינמאַרשירען אין מערילענד. עטליכע אורזאַכען האָבען אים געפּירט דאָס צו טאָן. ערשטענס, האָט ער געהאָפּט אז אים וועט געלינגען ארויסצורופען אן אויפשטאַנד אין מערילאנד. צווייטענס, זיינען זיינע סאָלדאַטען געווען אָפּגעריסען: א סך פון זיי זיינען אפילו געגאנגען באָרוועס. ער האָט געהאָפּט, אז אין מערילענד וועט ער קריגען שיך און קליידער פאר זיי. דריטענס, איז די נאָרט־ארמיי איצט געווען דעמאָראליזירט. לי האָט גערעכענט, אז זיין מאַרש פאָרווערטס, זיין אריינדרינגען אין דעם שונא'ס טעריטאָריע וועט אויפוועקען אין דער נאָרט א חשק צו שליסען פרידען. פערטענס, האָט ער געגלויבט, אז אפשר וועט דער שונא אים ניט אָפּשטעלען און אים וועט געלינגען דורכצומאַרשירען אומגעשטערט דורך מערילענד און אריינדרינגען אין פּענסילווייניע. דאָרטען וואָלט ער געקענט אָפּשניידען די באַן־ליניעס וואס פאַרבינדען די איסט מיט דער וועסט. דאָס וואָלט פאר דער נאָרט געווען כמעט ווי אַ טויט קלאַפּ.

דאָס איז געווען אומגעפּער אין הערזעלבער צייט ווען אַן ענליכער צוג האָט זיך אָנגעפאנגען אין דער וועסט, וואו גענעראל ברעג האָט גענומען גיין אויף לואיוויל אין קענטאָקי און זיך צוגערוקט נאָענט צו סינסינעטי. לי'ס פּלאַן איז געווען, שרייבט פּראָפעסאָר דרעיפּער, אז גענעראל ברעג זאָל זיך רוקען צו לואיוויל און סינסינעטי אין דער וועסט אין דערזעלבער צייט וואס לי וועט זיך רוקען צו פילאַדעלפיא אין דער איסט.

דעם 5טען סעפּטעמבער, 1862, דעמזעלבען טאָג ווען ברעג איז אריינגעדרונגען אין קענטאָקי, איז לי אַריבער דעם פּאטאמעק און אריינגעדרונגען אין מערילענד. די ערשטע רעגימענטען, דער אַוואַנגאַרד, איז געפירט געווארען פון גענעראל דזשעקסאָן. דעם 6טען סעפּטעמבער זיינען דזשעקסאָנ'ס סלאָדאַטען אריין אין פרעדעריק סיטי, מערילענד, זינגענדיג דאָס מלחמה ליד „מערילענד, מיין מערילענד" (א ליד וואס איז באַרימט ביז היינטיגען טאָג). גלייך ווי די ארמיי איז אריין אין שטאָט האָט דזשעקסאָן ארויסגעגעבען א פּראָקלאַמאַציע צו די איינוואוינער פון מערילענד, און ערקלערט, אז ער איז געקומען זיי „העלפען אראָפּווארפען פון זיך דעם פרעמדען יאָך". אָבער גלייך דאָ האָט ער באַגעגענט זיין ערשטע אנטוישונג. די באַפעלקערונג האָט זיך אויף זיין פּראַקלאַמאַציע ניט אָפּגערופען. זיין ארמיי איז אויפגענומען געווארען קאַלט. פון דער ערשטער אנטוישונג איז ארויסגעוואקסען א צווייטע. דזשעקסאָנ'ען איז אָנגעקומען זייער שווער צו קריגען לעבענסמיטעל פאר זיינע סאָלדאַטען. ראודס שרייבט: „לי האָט אָנגעבאָטען דער באַפעלקערונג פאר אַלץ צו באַצאָלען. אָבער זיין געלט איז באַשטאַנען פון אַסיגנאַציעס פון דער קאָנפעדערייסי, און אַזאַ געלט האָבען די פארמערס זיך אנטזאגט צו נעמען. די אַרמיי וואס האָט באַזיגט מעקלעלאַנ'ען און פּאופּ'ן האָט ניט געהאַט גענוג כוח צו צווינגען די פארמער צו דרעשען ווייץ, און די מילנער צו מאָלען מעל. זיי האָבען אויך ניט געקענט שטערען די אייגענטימער פון פי ניט אוועקצופירען די בהמות און אָקסען קיין פּענסילוויינִיא. די בירגער פון פרעדעריק האָבען צוגעשלאָסען זייערע קראָמען".

אויף דער נאָרט איז איצט אָנגעפאַלען א שרעק. לי האָט געשיקט גענעראל דזשעקסאָן מיט אַן אָפּטיילונג סאָלדאַטען איינצונעמען הארפּער'ס פערי, אַ וויכטיגער פּונקט אויף דער „באַליטמאָר און אָהייאָ" אייזענבאַן. לי אליין האָט ארויסגעמאַרשירט פון פרעדעריק און גענומען גיין העכער צו פּענסילוויינִיא צו. דערווייל איז אָנגעקומען די נייעס אז אין דער וועסט האָט ברעג'ס ארמיי זיך צוגערוקט נאָענט צו סינסינעטי. סעקרעטער

און סטייט סוארד האט דעם 10טען סעפטעמבער געשריבען: „דער פרעזידענט האט דעם גאנצען טאג געפילט זייער שלעכט. מיר שטייען נאענט צו א קריזים.” די פארמערס ביים גרעניץ פון פענסילוויינא האבען אוועקגעשיקט זייערע פרויען און קינדער פון דערהיים, און אליין האבען זיי זיך באוואפענט. דער גאווערנאר פון פענסילוויינא האט ארויסגערופען 50 טויזענד מיליץ צו פארטיידיגען דעם שטאט. אין פילאדעלפיא האט מען זיך גערינכט, אז דער שונא וועט קומען אהין אויך. די רייכע איינוואוינער האבען זיך געגרייט צו אנטלויפען.

אלע האבען זייער האפענונג געלייגט אויף מעקלעלאנ׳ען, אפשר וועט אים געלינגען אפצושטעלען לי׳ס ארמיי. דעם 10־טען סעפטעמבער האט מעקלעלאן ארויסגעשיקט זיין ארמיי נאכצויאגען לי׳ס ארמיי. דעם 12טען סעפטעמבער איז מעקלעלאן אריין אין פרעדעריק סיטי. לי איז שוין דארט ניט געווען. די באפעלקערונג האט מעקלעלאנ׳ען אויפגענומען מיט ווילדע אוואציעס. „מען האט מיך שיר ניט צוריסען אויף שטיקער”, האט ער געשריבען.

דעם 14טען סעפטעמבער האט מעקלעלאנ׳ס ארמיי אנגעיאגט א טייל פון לי׳ס ארמיי ביי סאוט מאונטיין און דארט געווארנען א זיג. דער זיג האט אריינגעגעבען נייעם מוט דעם פרעזידענט און דער גאנצער נארט.

די צוויי ארמייען האבען זיך מיט צוויי טעג שפעטער באגעגענט נעבען א טייכעל מיט׳ן נאמען ענטיטעם. עס האט זיך אנגעפאנגען א שלאכט דעם 16טען נאכמיטאג, און אנגעהאלטען ביז ביינאכט. אויף מארגען אין דערפרי איז די שלאכט פארגעזעצט געווארען און האט אנגעהאלטען דעם גאנצען טאג. די שלאכט איז געווען איינע פון די בלוטיגסטע אין דעם קריג. מעקלעלאן האט פארלארען איבער 12 טויזענד מאן און לי איבער 11 טויזענד. ווער עס האט די שלאכט געוואונען איז א פראגע אין וועלכער היסטאריקער און עקספערטען זיינען צוטיילט. ביידע הויפט גענעראלען זיינען קריטיקירט געווארען

ביי זיך אין דער היים. מעקלעלאן האָט געהאַט אַ סך אַ גרע־סערע אַרמיי ווי לי: 87 טויזענד געגען 55 טויזענד. איז ער קריטיקירט געוואָרען דערפאַר, וואָס ער האָט לי׳ס אַרמיי ניט




די שלאַכט אין מערילענד און אַרום וואַשינגטאָן.

צושטערט איינגאַנצען; לי איז קריטיקירט געוואָרען דערפאַר וואָס ער האָט זיין אַרמיי צוטיילט אין אָנהויב פון זיין מאַרש און האָט אַ טייל פון זיינע סאָלדאַטען אוועקגעשיקט איינצונעמען

הארפער'ס פערי. דערמיט האט ער זיך אליין אפגעשוואכט און געשטעלט זיין ארמיי אין סכנה.

דעם 19טען סעפטעמבער האט ליך זיך צוריקגעצויגען. ער האט פארלאזען מערילאנד, איז אריבער דעם פאטאמעק און אריין צוריק אין ווירדזשיניא.

און איצט האט זיך מיט מעקלעלאנ'ען ווידערהאלט די אלטע געשיכטע. די רעגירונג אין וואשינגטאן האט פון אים גע־פאדערט ער זאל נאכיאגען לי'ן און אריינדרינגען אין ווירדזשי־ניא און גיין אויף ריטשמאנד, אבער מעקלעלאן האט אפגע־לייגט. ער האט געווארט ביז זיין ארמיי וועט ווערען גרעסער, וועט זיין בעסער ארגאניזירט, בעסער צוגעגרייט. סוף אקטא־בער האט ער ענדליך זיך גענומען רירען. ער איז אריבער דעם פאטאמעק. ער איז אבער געגאנגען פאמעלאך. לינקאלן האט פארלארען די גערולד און דעם 7טען נאוועמבער האט ער בא־פוילען מעקלעלאנ'ען ער זאל איבערגעבען די קאמאנדע פון דער ארמיי צו גענעראל בארנסאיד.

בארנסאיד האט באשלאסען גלייך צו מארשירען אויפ'ן שונא. זיין ארמיי האט געציילט 113 טויזענד מאן. לי האט זיך באפעסטיגט נעבען דער שטאט פרעדעריקסבורג מיט אן אר־מיי פון 78 טויזענד מאן. בארנסאיד האט נאך שווערער מי אריבערגעפירט זיין ארמיי איבער דעם טייך שאנענדאהא נעבען פרעדעריקסבורג. דעם 13טען דעצעמבער האט בארנסאיד אנ־געפאנגען צו אטאקירען לי'ס באפעסטיגטע פאזיציעס. צוזא־מען מיט לי זיינען געווען זיינע צוויי בעסטע גענעראלען, דזשעק־סאן און לאנגסטריט. די „יוניאן" סאלדאטען האבען ארויס־געוויזען וואונדערליכען מוט. אבער די פאזיציעס פון דעם שונא זיינען געווען אזוי שטארק, אז יעדע אטאקע אויף זיי האט זיך געענדיגט מיט א בלוטבאד. די שלאכט האט זיך געענדיגט מיט איינער פון די ערגסטע מפלות וואס די נארט האט געליטען אין דער מלחמה. לי האט פארלארען איבער 5 טויזענד מאן און בארנסאיד האט פארלארען מער ווי צוויי מאל אזוי פיל, איבער 12 טויזענד מאן.

אין מיטען נאַכט, דעם 15טען דעצעמבער, אין אַ שרעקלי־כען שטורם און רעגען האָט באָירנסאַיד צוריקצגעצויגען זיין ארמיי. „באָירנסאַיד'ס פאַרלוסטען אין טויטע און פאַרוואונדעטע זיינען געווען גרויס, שרייבט ראודס, אָבער דאָס איז געווען גאָר־ניט אין פאַרגלייך מיט דעם פאַרלוסט אין מאָראַל פון דער ארמיי. אָפיצירען און סאָלדאַטען, פילענדיג אז מען האָט זייערע קאַמע־ראַדען אומזיסט מקריב געווען, האָבען פאַרלאָרען זייער צוטרויען צום קאָמאַנדיר.

דער צושטאַנד פון דער ארמיי — שרייבט מעקמעסטער, — איז געוואָרען ערגער פון טאָג צו טאָג. די סאָלדאַטען זיי־נען געווען דערשלאָגען, פאַרצווייפעלט, אומצופרידען. זיי האָבען פאַרלאָרען זייער צוטרויען צו באָירנסאַיד'ן און טויזענדער פון זיי האָבען דעזערטירט. באָירנסאַיד האָט די שולד געוואָרפען אויף זיינע אונטער־גענעראַלען. ער האָט באַשלאָסען פיר פון זיי צו דעגראַדירען. איינער פון די פיר האָט געזאָלט זיין גענע־ראַל הוקער. ער האָט זיך דאַן געווענדעט צו פּרעזידענט לינ־קאָלן מיט דעם פאָרשלאַג ער זאָל אננעמען איינע פון די צוויי ברירות: ענטוועדער אראָפּזעצען די אונטער־גענעראַלען אָדער אננעמען זיין, באָירנסאַיד'ס רעזיגנאַציע. לינקאָלן האָט אויס־געקליבען די צווייטע ברירה. באָירנסאַיד האָט אַלזאָ רעזיגנירט. אויף זיין פּלאַץ האָט לינקאָלן באַשטימט דעמזעלבען גענעראַל הו־קער, וועלכען באָירנסאַיד האָט געוואָלט מאַכען פאַר איינעם פון זיינע כפרות.

קאַפּיטעל 14.

# די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער נאָרט אין די מלחמה־יאָרען.

דאָס ערשטע יאָר האָט זיך די מלחמה אָפּגערופען שווער אויף דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דער נאָרט. פאבריקאַנטען האָבען מורא געהאַט צו פאַבריציר(ען), אימפּאָרטער האָבען מורא געהאַט אריינצופירען סחורה, פינאַנסירען האָבען מורא געהאַט צו לייען אָדער אריינצולייגען געלט אין געשעפט. קיינער איז ניט געווען זיכער וואס פאַר אַ פאָרם, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער, די מלחמה וועט אָננעמען; צי זי וועט זיך פאַרשפּרייטען איבער די גרעניץ־שטאַטען, צי זי וועט זיך פאַרציען לאַנג, צי עס וועט געשטערט ווערען דער אויסלענדישער האַנדעל. געשעפטסלייט און פינאַנ־סירען איבערהויפּט האָבען געוואַרט צו זען וואָס עס וועט זיין. דערווייל האָט זיך אַ גרויסער טייל פון דעם האַנדעל און פאַב־ריקאַציע אָפּגעשטעלט.

דער קריזיס אין דער נאָרט האָט אָבער לאַנג ניט אָנגע־האַלטען. דאָס צווייטע יאָר האָט זיך איבער'ן לאַנד פאַרשפּרייט אַזאַ שפע, וואס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט געהאַט אין דער גאַנצער געשיכטע פון לאַנד. אַלע געשעפטען האָבען געבליט. דאָס אייגענטום פון לאַנד איז אויסגעוואַקסען, מענשען זיינען שנעל רייך געוואָרען. און אַזוי ווי אין אַלע מלחמות, איז דאָ אויך געווען אַן עולם וואָס האָט געמאַכט געלט גרינג און האָט דאָס געלט פאַרשווענד אויף הולטאַיסטוואָ און לוקסוס.

אויף די פעלדער אין דער וועסט איז אין די אַלע יאָרען פון דער מלחמה געווען גרויס גערעטעניש. פּראָפעסאָר פאַיט (אין זיין ווערק „סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדען אין דער

נאָרט אין משך פון בירגער קריג״) שרייבט אזוי: „ביז דער מלחמה האָט די סאוט געגלויבט אז „קאטאן איז קעניג״. אירע שטאטסלייט האָבען אין רעדעם דערקלערט, אז די גאנצע וועלט וועט מוזען העלפען דער סאוט ווייל אָן די קאטאן פון דער סאוט וועט די וועלט ניט קענען עקזיסטירען. אָבער ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער אמת׳ער קעניג אין אמעריקא איז ניט קאטאן נאָר ווייץ״. אין די לעצטע יאָרען פון דער מלחמה האָבען די וויכטיגע אגריקול־טור שטאטען פון דער וועסט פארדאָפעלט זייער פראָדוקציע אויף די פעלדער.

וואו האָבען די פארמס גענומען גענוג מענשען, ווען די יונגע און שטארקע זיינען אוועק אין דער ארמיי, און א סך, ווידער, זיינען אוועק אין דער ווייטער וועסט וואו עס האָבען זיך דעמאָלט גענומען עפענען מעטאַל מינעס? דארויף גיט פראָפעסאר פאיט אזא ערקלערונג: ערשטענס, האָבען די פאר־מער גענומען איצט באנוצען מער מאשינען ווי פריער. צוויי־טענס, האָבען די פרויען און די קינדער איצט געארבייט אויף די פעלדער. דריטענס, זיינען אין דער וועסט אָנגעקומען א מאסע אימיגראנטען. א טייל פון די נייע־אָנגעקומענע האָבען זיך אהין אריבערגעקליבען פון די גרענעץ־שטאטען, א טייל פון דער איסט און א טייל זיינען אהין געקומען דירעקט פון איי־ראָפּע. אין די פיר יאָר פון דער מלחמה האָבען 45 טויזענד אימיגראנטען וואָס זיינען אָנגעקומען אין ניו יארקער האפען, דערקלערט, אז זיי פאָרען ווייטער, כדי צו באזעצען זיך אויפ׳ן לאנד אין אילינאָי. 23 טויזענד פון די אייראָפּעאישע אימי־גראנטען זיינען אוועק קיין וויסקאָנזין. א געוויסע אייזענבאן האָט אריבערגעפירט אין פארלויף פון דער צייט ניט ווייניגער ווי 80 טויזענד אימיגראנטען פון ניו יארק אין דער וועסט.

לאנד אין דער וועסט האָט מען דעמאָלט געקענט קריגען זייער ביליג. די באן־קאָמפאניעס האָבען פון דער רעגירונג באקומען מיליאָנען אקער לאנד פריי. זיי האָבען דאָס לאנד איצט צושניטען אין קליינע חלקים און עס פארקויפט פאר בי־

ליגע פרייזען. די וואשינגטאנער רעגירונג האט אויך אוועקגע־שענקט שטיקער לאנד צו די שטאט־רעגירונגען מיט דעם תנאי אז זיי זאלען דאס לאנד פארקויפען און דאס געלט באנוצען צו גרינדען אוניווערזיטעטען. אין מאי, 1862, האט לינקאלן אונטערגעשריבען דעם „האומסטעד ביל", וואס האט מעגליך גע־מאכט פאר יעדען, וואס האט געוואלט ווערען א פארמער, צו קריגען פון דער רעגירונג לאנד פאקטיש פריי. אונטער דעם דאזיגען געזעץ איז אין די נעקסטע צוויי יאר צייט צוטיילט געווארען צוויי און א האלב מיליאן אקער לאנד. אויפ'ן לאנד האבען זיך באזעצט אן ערך פון 100 טויזענד מענשען. די וואס האבען באקומען דאס פרייע לאנד האבען דערמיט ניט געטארט ספעקולירען. זיי האבען די פארמס געמוזט אליין בעארבייטען.

וואס האבען די פארמער געטאן מיט דעם גרויסען צופלוס אין זייערע פראדוקטען איצט, ווען דער מארק אין לאנד גופא איז דאך פארקלענערט געווארען, ווייל די שטאטען פון דער סאוט האבען אין דער נארט מער ניט געקויפט?

א טייל האבען די היגע פארמער אוועקגעשיקט קיין אויס־לאנד. אין אייראפא זיינען גראדע יענע יארען געווען זייער שלעכטע אויף די פעלדער. איבערהויפט ענגלאנד האט שטארק געליטען פון טריקעניש און זי האט געקויפט א סך תבואה אין דער נארט. טייל היסטאריקער זיינען מיט דער מיינונג אז דאס איז איינע פון די הויפט־סיבות פארוואס ענגלאנד האט ניט אנ־ערקענט די „קאנפעדערייסי". אן די קאטאן פון דער סאוט האט ענגלאנד געקענט עקזיסטירען, אבער אן דעם ווייץ פון דער נארט וואלט זי ניט געקענט אויסקומען. גראד זיינען אין יענע יארען פארגעקומען פאליטישע אומרוען אין אייראפא. עס האט זיך גע־טומעלט וועגען אן אויפשטאנד אין פוילען, וועגען א מלחמה אי־בער שלעזיען־האלשטיין. ענגלאנד האט געוואוסט, אז אונטער די אומשטענדען קען זי זיך ניט פארלאזען צו קריגען תבואה פון רוסלאנד, פון פרייסען אדער פון פראנקרייך. און זי האט גע־וואלט זיין זיכער מיט'ן אמעריקאנער ווייץ.

די פארמער פון דער וועסט האבען זייער תבואה געשיקט

אין דער נארט מיט דער באן און מיט שיפען אויף די „לעיקס״ (אזיערעס). דער האנדעל איז געגאנגען דורך שיקאגא. אין דער איסט איז די תבואה פארקויפט געווארען טיילווייז צו היגע הענדלער און טיילווייז צו אייראפּעאישע סוחרים. אין 1838 איז דורך שיקאגא דורכגעפירט געווארען ניט מער ווי 78 בושעל ווייץ; אין די מלחמה יארען האט מען דורך דערזעלבער שטאט דורכגעפירט יעדען יאר 20 מיליאן בושעל ווייץ און 28 מיליאן בושעל קארן.

אלע צווייגען פון פאבריקאציע זיינען זייער פיל געוואקסען אין פארלויף פון די מלחמה יארען. עס זיינען געווען בלויז א פּאר אויסנאמען, ווי צום ביישפּיל, די פאבריקאציע פון קאטאן סחורה, ווייל די פאבריקען האבען ניט געקענט באקומען די קאטאן פון דער סאוט. אבער אפילו אין יענע אינדוסטריען, אין וועלכע די פאבריקאציע האט זיך פארקלענערט, זיינען געמאכט געווארען גרויסע פּראפיטען. איבערהויפּט האבען זיך ענטוויקעלט די אינדוסטריען וואס זיינען געווען פארבונדען מיט דער מלחמה. די ארמיי האט זיך גענויטיגט אין קליידער, שפּייז און אמוניציע. און די פאדערונג איז באפרידיגט געווארען הויפּטזעכליך דורך די פאבריקען אין לאנד גופא. די ערשטע צייט נאך דעם אויסברוך פון דער מלחמה האט די רעגירונג גע־נומען איינקויפען קליידער און אמוניציע אין אויסלאנד, ווייל עס זיינען נאך דא דעמאלט ניט געווען די נויטיגע פאבריקען. עס האט אבער ניט געדויערט לאנג ביז וואנען די פאבריקען זיינען אויסגעבויט געווארען. און דעמאלט האט ניט נאר די רע־גירונג געמאכט אירע באשטעלונגען אין די היגע פאבריקען, זי האט זיי נאך געשטיצט געגען דער קאנקורענץ פון אויסלאנד דורך א הויכען גרענעץ־אפּצאל.

די קליידער פאר דער ארמיי זיינען געמאכט געווארען פון וואל. דער פּראגרעס פון וואל־פאבריקען איז געווען ריזיג גרויס. פּראפעסאר פאיט שרייבט: „די מערסטע פון די פאבריקען הא־בען זיך געפונען אין ניו יארק און אין ניו ענגלאנד. יעדע פאבריק איז געווען פארווארפען מיט ארבייט. א סך האבען גע־

ארבייט 24 שעה א מעת־לעת און זיינען געווען אפען זיבען טעג א וואך. די ריוחים זיינען געווען גרויס. א געוויסער פאבריקאנט האט עטליכע מאנאטען נאכ'ן אויסברוך פון קריג דערקלערט, אז ער האט אין דער קורצער צייט געמאכט 200 טויזענד דאלער. א צווייטער פאבריקאנט האט פארדינט צוויי טויזענד דאלער א טאג". די צייטונגען האבען געמאלדען אז די פאבריקאנטען אין ניו ענגלאנד מאכען פון צען ביז פערציג פראצענט ריוח.

עס האט זיך איצט ענטוויקעלט די שניידער־אינדוסטריע אויף א גרויסען מאסשטאב. אין די פריערדיגע יארען איז די אינדוסטריע שוין אויך געווען אין א בליענדיגען צושטאנד. מען פלעגט פאבריצירען קליידער פאר די פארמער אין דער וועסט און אין דער סאוט. די אינדוסטריע איז געווען כמעט אויסשליסליך אין די הענט פון די דייטשע אידען אין די פיר שטעט — ניו יארק, באסטאן, פילאדעלפיע און סינסינעטי. איצט האבען די פאבריקאנטען באקומען גרויסע קאנטראקטען צו מאכען קליידער פאר דער ארמיי. דאס האט זיי געגעבען די מעגליכקייט צו פארגרעסערען די פאבריקען און צו באנוצען זיך מער מיט די ניי־מאשינען, וואס זיינען ערפונדען געווארען נאך מיט א צען־צוועלף יאר פריער.

דאסזעלבע האט פאסירט מיט דער שוך־אינדוסטריע. אומגעפער אין יענער צייט איז דערפונדען געווארען א מאשין אויף צונויפצונייען די זוילען מיט די קאלעועס. די גרויסע נאכפראגען אויף שיך פאר דער ארמיי, די גרויסע רעגירונגס קאנטראקטען, האבען מעגליך געמאכט פאר די פאבריקאנטען צו בויען גרויסע פאבריקען און צו באנוצען זיך מיט די מאשינען. „אזוי ווי דורך כישוף", — שרייבט פאיט — „זיינען איצטער די קליינע שוך־ווארשטאטען פארשוואונדען און די גרויסע פאבריקען האבען פארנומען זייער פלאץ". א צייטונג אין לין, מאסאטשוזעטס, האט געשריבען: שיך ארבייטער קומען אן אין שטאט אזוי שנעל ווי מען מאכט פלאץ פאר זיי. אויף אלע זייטען בויט מען שוך־פאבריקען. איבעראל הערט זיך דאס הודזשען

פון די שוך־מאַשינען." די צענטערען פון דער שוך־פאַבריקאַציע זיינען געוועזן הייווערהיל, דענבורי, לין און אַנדערע שטעטלאך אין מאסאטשוזעטס. דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט מער ווי אַ העלפט פון דער גאַנצער שוך־אינדוסטריע. עס זיינען אויך אויס־געבויט געווארען שוך־פאַבריקען אין ניו יאָרק און אין פילאַ־דעלפיא.

אין די מלחמה־יאָרען איז שיקאַגאָ געווארען דער הויפט צענ־טער פון דער פלייש־אינדוסטריע. פריער פלעגט מען די חזירים הרג'ענען און צוגרייטען פאר'ן מארק אין די שטעט סט. לואיז, לואיוויל און סינסינעטי. איצט, אז דער טייך מיסיסיפּי איז פארשלאָסען געווארען, איז די אינדוסטריע גרעסטענטייל אריי־בער אין שיקאַגאָ וועלכע האָט דורך אייזענבאַנען פאראייניגט די איסט מיט דער וועסט. אין משך פון די מלחמה־יאָרען זיינען אין שיקאַגאָ אויסגעבויט געווארען די גרויסע „סטאָק יארדס" (שלאכט הייזער).

גרויס פאָרטשריט איז געמאכט געווארען אין דער ענטוויקלונג פון דער אייזען אינדוסטריע: אייזען־מינען, אייזען־גיסערס, און די פאַבריקאַציע פון אייזענווארג. די אינדוסטריע האָט זיך קאָנ־צענטרירט אין דריי שטאַטען: ניו יארק, פענסליווייניא און ניו דזשוירזי. פיטסבורג, פענסילווייניא, איז געווארען די וויכטיגסטע אייזען־שטאָט. אין די לעצטע אַנדערהאלבען יאָר פון דער מלחמה איז דאָרט פאבריצירט געווארען אייזען און שטאָל אויף דער סומע פון 26 מיליאָן דאָלער.

אַלע נויטיגע מעטאַלען און מינעראַלען האָט די נאָרט באקו־מען פון אירע אייגענע מינעס. אין די מלחמה־יארען איז גע־מאכט געווארען ריזיגער פאָרטשריט אין דער ענטוויקלונג פון קוילען־מינעס, ווי אויך אין די מינעס פון אייזען, קופּער, זאַלץ, גאָלד און זילבער. די אַלטע מינעס זיינען גרינטליכער בעאר־בייט געווארען און נייע מינעס זיינען ענטדעקט געווארען.

דער וויכטיגסטער קוילען־שטאַט איז געווען פענסילווייניא. אין 1860 האָט מען פון די מינען אין דעם שטאַט ארויסגע־גראבען ניין־און־א־האלב מיליאָן טאָן הארטע קוילען; אין 1864

האט מען דארט ארויסגעגראבען צען מיליאן טאן. אין פענסיל־וויניא זיינען אויך געווען א סך אייזען־מינען. אין פארלויף פון די מלחמה־יארען זיינען ענטוויקעלט געווארען אייזען־מינעס אויך אין מישיגען. דערזעלבער שטאט מישיגען האט אויך באַזאָרגט די נאָרט מיט קופער. די דאָרטיגע מינעס האבען ארויס־געגעבען זעקס טויזענד טאן קופער א יאר. מען האט דעמאלט אויך ענטדעקט קופער אין קאליפארניע.

ערב דעם אויסברוך פון דער מלחמה זיינען אין זעלבען שטאט מישיגען ענטדעקט געווארען זאלץ־זאפאסען. אין די נעקסטע פיר יאר האט מען דארט ארויסגענומען א האלבען מיליאן פעסער זאלץ א יאר. דאס איז פאר דער נארט געווען פון דער גרעס־טער וויכטיגקייט. איר הויפט קוואל פון זאלץ איז פריער געווען א געוויסע געגענד אין ווירדזשיניא. איצט איז יענע געגענד גע־ווען ביי די רעבעלען. אין דער איסט וואלט מען זיך ווי־עס־איז קענען באגיין, ווייל אין ניו יארק זיינען געווען זאלץ־זאפאסען. אָבער די וועסט האט זיך אימער פארלאזען אויף די זאלץ פון ווירדזשיניא. איצט האט זיך די וועסט געניטיגט אין מער זאלץ ווי פריער, צוליב דער ענטוויקלונג פון דער פלייש־אינדוסטריע אין שיקאגא. עס איז דערפאר געווען א גליק פאר דער נארט וואס גראד דעמאלט איז ענטדעקט געווארען דער נייער זאלץ־קוואל אין א שטאט וואס איז געווען א טייל פון דער וועסט, אין מישיגען.

אויל איז צום ערשטען ענטדעקט געווארען אין א שטעטעל אין פענסילווייניא אין 1859. אין פארלויף פון די מלחמה־יארען האט מען געעפענט טויזענטער אויל־קוואלען אין פענסיל־וויניא און אין די ארומיגע שטאטען. דאס גאנצע לאנד האט דערמיט געקאכט. ספעקולאנטען האבען ארגאניזירט אויל־קאר־פאראציעס, מענשען האבען ארייגעלייגט זייער געלט מיט דער האפענונג אז זיי וועלען איבער נאכט רייך ווערען. ביים סוף פון דער מלחמה זיינען אין לאנד געווען עלף הונדערט אויל־געזעלשאפטען מיט אן איינגעצאלטען קאפיטאל פון 90 מיליאן דאָ־

לער; אקציעס האָבען די געזעלשאַפטען (קאָרפּאָרײשאָנס) ארויס־געגעבען אויף 600 מיליאָן.

אין זעלבען יאָר ווען עס איז ענטדעקט געווארען אויל אין פּענסילווייניא איז ענטדעקט געווארען גאָלד און זילבער אין נע־ווארא. אין די ערשטע פאָר יאר האָט מען דאָרט אויסגע־גראָבען גאָלד און זילבער אין באטרעף פון 52 מיליאָן דאָ־לער. אומגעפער אין דערזעלבער צייט האָט מען ענטדעקט גאָלד אין קאָלאָראדאָ. מענשען האָבען אָנגעהויבען אהין צו לויפען. שפּעטער אביסעל האָט מען געפונען גאָלד אין מאָנטאנא. עס איז אינטערעסאנט, אז גראָד דעמאָלט זיינען די גאָלד־מינען אין קאַליפאָרניא טיילווייז אויסגעשעפּט געווארען. פונקט דעמאָלט ווען קאַליפאָרניא האָט אויפגעהערט צו באַזאָרגען דאָס לאַנד מיט גאָלד, זיינען אונטערגעקומען די ענטדעקונגען אין קאָלאָראדאָ און מאָנטאנא. אין פארלויף פון די מלחמה־יארען האָט די נאָרט אויסגעגראָבען פון אירע מינעס מיט צען מיליאָן דאָלער א יאָר מער גאָלד ווי אין די פריערדיגע יארען.

די ענטדעקונג פון גאָלד און זילבער אין דער ווייטער וועסט האָט געמאכט א געוואלדיגען איינדרוק. מענשען האָבען מאסענ־וויז גענומען לויפען אהין; איבערהויפּט איז מען געלאָפען פון די גרענעץ־שטאַטען, וואו די מלחמה האָט פאראורזאכט א סך ליידען. עס זיינען אהין אויך געלאָפען מענשען פון דער סאוט, אזעלכע וואס האָבען איינגעזען, אז די סאוט קען ניט געווינען די מלחמה. פון דער נאָרט זיינען אהין געקומען מענשען וואס זיינען אנטלאָפען פון מיליטער־דינסט.

די שפע אין אגריקולטור און אין די מינען־אינדוסטריען האָט זיך נאטירליך אָפּגעשפּיגעלט אויף די טראנספּאָרט־ליניעס, אי אויפ׳ן וואסער אי אויף דער יבשה. צום סוף פון יעדען מלחמה־יאָר האָבען די באַן־קאָמפּאַניעס ארויסגעגעבען אָפּטימיסטישע באריכטען — יעדען יאָר מער אָפּטימיסטיש ווי אין פריערדיגען יאָר. צום סוף פון 1861 האָט דער באריכט געלויטעט: „דאָס יאָר איז געווען זייער גינסטיג פאר די באַנען אין דער נאָרט. זייערע פארדינסטען האָבען א סך איבערגעשטיגען די פארדינס־

טען פון יאר 1860.״ צו ענדע 1862 האט דער באריכט אזוי געלויטעט: „דאס יאר 1862 וועט פארשריבען ווערען אלס דאס בעסטע וואס די באן־קאמפאניעס האבען ווען געהאט. די באן־קאמפאניעס האבען אין די אלע יארען פון זייער עקזיסטענץ ניט פארדינט אזוי פיל ווי זיי האבען פארדינט היינטיגס יאר, פאר וועלכען מען האט זיך אזוי געשראקען.״ צו ענדע פון יאר 1863 האט דער באריכט אזוי געלויטעט: „די באנען האבען זיך לעצטען יאר פאנאנדערגעבליט. טייל האבען אויסגעצאלט זייערע חובות און טייל האבען פארקלענערט זייערע חובות. זייערע פארדינסטען האבען זיך פארגרעסערט. דאס פארגאנגענע יאר איז געווען דאס בעסטע, וואס די קאמפאניעס האבען ביז איצט געהאט.״

די באנען האבען איצט אנגעהויבען צו צאלען פראצענטען אויף אקציעס, און גרויסע פראצענטען. דער ווערט פון די אקציעס איז געשטיגען. די אירי־באן האט ביז דער מלחמה קיין ריוחים ניט געמאכט און זי האט ניט געצאלט קיין דיווידענדען אויף די אקציעס. איצט האט זי גענומען צאלען אכט און ניין פראצענט. פאר דער מלחמה זיינען אירע אקציעס ווערט געווען 17 דאלער. דעם דריטען יאר פון דער מלחמה האט מען פאר זיי געצאלט 126 און א האלב דאלער. דאסזעלבע איז געווען מיט אנדערע גרויסע אייזענבאנען. די אקציעס פון 16 באן־קאמפאניעס וואס זיינען פאר דער מלחמה ווערט געווען 70 מיליאן, זיינען איצט ווערט געווען 150 מיליאן.

די באנען האבען אבער געהאט א גרויסען קאנקורענט — דער וואסער פארקער. איבערהויפט האבען די קאנקורענץ געפילט יענע באנען, וואס האבען זיך געצויגען איבער דער ברייט פון לאנד, פון איסט צו וועסט. די פארמער פון דער וועסט האבען זייער תבואה געשיקט מיט דער באן קיין שיקאגא. פון שיקאגא קיין ניו יארק אדער באסטאן האט מען די תבואה געקענט פירען ענטוועדער מיט דער באן אדער מיט א שיף. די שיפען זיינען געגאנגען איבער די „לעיקס״ קיין באפלא. פון דארט האבען שיפען געפירט די תבואה איבער׳ן אירי קאנאל,

ארונטער מיט'ן הודסאָן ביז ניו יארק. פון ניו יארק האָט מען די תבואה מיט שיפען געקענט פירען קיין באָסטאָן. די שיפען האָבען טאקע געקראָגען א גרויסען טייל פון דער פראכט, און דאָס איז געווען א גליק פאר די פארמער. די קאָנקורענץ פון די שי־פען האָט אוממעגליך געמאכט פאר די באן־קאָמפּאַניעס ארויפ־צוציען די פרייזען פאר פירען תבואה. אין משך פון דער מלחמה האָט זיך די צאָל פון שיפען אויף דעם אירי קאנאל פארדאָפּעלט, פון דריי טויזענד שיפען אויף זעקס טויזענד.

---

דער קריזיס אין דער נאָרט אין פארלויף פון ערשטען קריגס־יאָר איז געקומען דורך עטליכע אורזאכען:

ערשטענס, האָבען די געשעפטסלייט אין דער נאָרט געהאט גרויסע פארלוסטען דורכדעם וואס זייערע קונדען אין דער סאוט האָבען זיך ענטזאגט צו צאָלען זייערע חובות. די סאוט האָט געקויפט אירע סחורות אין דער נאָרט. אזוי שנעל ווי אין דער סאוט האָט זיך אנגעהויבען צו רודערען וועגען אָפּרייסען זיך האָבען זיך די דאָרטיגע סוחרים אנגעהויבען אונטערצופוילען צו צאָלען דער נאָרט זייערע וועקסעלן. נאָכדעם ווי די סאוט האָט זיך אָפּגעריסען האָט די רעגירונג דארט אנגענומען א געזעץ וואס האָט פארבאָטען די געשעפטסלייט פון דער סאוט צו שיקען געלד אין די נאָרט־שטאַטען. איצט האָבען אפילו די, וואס האָ־בען געוואָלט צאָלען, אויך ניט געטאָרט. ארום און ארום איז די סאוט שולדיג געווען דער נאָרט 300 מיליאָן דאָלער, און דאָס האָט די נאָרט פארלאָרען. די הענדלער פון ניו יארק זיינען גע־טראָפען געווארען אם שטארקסטען. זייערע פארלוסטען האָבען דערגרייכט די ציפער פון 160 מיליאָן. איבערהויפּט האָבען געליטען די הענדלער פון קליידער, שיך, צירונג און גאַלאַנטעריי.

א צווייטע אורזאך פון דעם קריזיס איז געווען די מלחמה גופא. ווען א מלחמה ברעכט אוים אין א לאנד ווערט דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון אָנפאנג פאראליזירט. מענשען דער־שרעקען זיך. יעדער הויבט אָן איינצושפּארען. מען האָט מורא צו קויפען, אויסצוגעבען געלד. און וויבאלד מען קויפט ניט

הערט דער פאבריקאנט אויף צו פאבריצירען. יעדערער איז צוטומעלט. עס דארף געדויערען א שטיקעל צייט איידער מען געוואוינט זיך צו צו דער נייער לאגע, איידער דאס עקאנאמישע לעבען ווערט ווידער נארמאל.

א דריטע אורזאך איז געווען די פריערדיגע זינד פון די באנקען. די באנקען פון גאנצען לאנד האבען געהאלטען א צו קליינעם רעזערוו. אז דער עולם האט ביים אויסברוך פון קריג זיך דערשראקען און גענומען ארויסציען זייער געלט, האבען א סך באנקען ניט געהאט מיט וואס צו צאלען. דאס גליק איז נאך געווען וואס גראד דעמאלט האט זיך אנגעהויבען א גרויסער עקספארט פון תבואה קיין אייראפא און אייראפא האט אריינגעשיקט א היבש ביסעל גאלד. ווען ניט דער גליקליכער צופאל וואלטען קיינע פון די באנקען ניט געקענט אויסלייזען זייערע פאפירען מיט גאלד און אלע באנקען וואלטען זיך געמוזט ערקלערען טיילוויין באנקראט.

אין דער וועסט האבען זיך טאקע א סך באנקען צוגעשלאסען. דארט איז געווען א ספעציעלע לאגע. די באנקען אין דער וועסט פלעגען ארויסגעבען געלט־אסיגנאציעס אויף דעם סמך פון אקציעס וואס זיי האבען איינגעלייגט אלס גאראנטיע ביי דער רעגירונג. די אקציעס פלעגען די באנקען קויפען אין דער סאוט. עס האט ניט אויסגעמאכט צי די אקציעס זיינען טאקע ווערט געווען די פולע סומע צי ניט, געלט פלעגען די באנקען דרוקען אויף דער פולער סומע. איצט זיינען די אקציעס פון דער סאוט שטארק געפאלען אין ווערט. דער עולם האט גע־גלויבט, אז די אקציעס זיינען אינגאנצען ווערטלאז. די באנקען אין דער איסט און די הענדלער האבען זיך ענטזאגט צו נעמען דאס געלט וואס די באנקען פון דער וועסט האבען ארויסגעגעבען און די באנקען אין דער וועסט האבען זיך געמוזט שליסען. עס איז דארט געווארען א הונגער אויף געלט. פראפעסאר פאיט שרייבט: „יעדען טאג איז געלט פון דער אדער יענער באנק ערקלערט געווארען אלס ווערטלאז און די באנק האט זיך געמוזט צומאכען. איין טאג אין נאוועמבער, נאך לינקאלנ׳ס דערוויי־

לונג, האָבען די באַנקירען און די „בראוקערס" פון שיקאַגאָ ארויסגעווארפען דאָס געלט פון זיבען באַנקען אין איליניאָי. אין מאָנאַט אפּריל, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, האָבען 37 באַנקען פון איליניאָי באַנקראָטירט. פון 100 באַנקען אין דעם שטאַט האָבען 89 באַנקראָטירט אין פארלויף פון יאָר. שיקאַגאָ האָט פארלאָרען איר גאַנצען באַנק־קאַפּיטאַל. פאַר דער מלחמה האָבען אין איליניאָי צירקולירט אסיגנאַציעס אויף דער סומע פון 12 מיליאָן, און איצט זיינען דאָרט געוועזן אסיגנאַציעס פאַר ניט מער ווי 400 טויזענד דאָלער. אין וויסקאָנזין האָבען 39 באַנקען זיך געשלאָסען; אין אינדיאַנא, 27.

„געליטען פון די באַנקראָטען האָט דאָס פאָלק. די באַנקען האָבען קיין פארזוך ניט געמאַכט אויסצולייזען די איינגעלייגטע אַקציעס מיט גוטע געלט. זיי האָבען זיך פון די אַקציעס אָפּ־געטרייסעלט און געלאָזען די רעגירונג זאָל זיי פארקויפען אין „אָקשען". דער ווערט פון די אסיגנאַציעס איז אָפּהענגיג גע־ווען אָן דער סומע וואָס די פארקויפטע אַקציעס האָבען ארייננ־געטראָגען. טייל אַקציעס האָבען ארייננגעבראַכט 60 סענט אויפ׳ן דאָלער, טייל 70, טייל 80. עס האָט געשאַפען אַ מאָדנע צו־טומעלטע לאַגע. די אסיגנאַציעס פון די פארשידענע באַנקען האָבען געהאַט פארשיידענע פּרייזען. דערזעלבער „דאָלער־ביל", אויב ער איז ארויסגעגעבען געוואָרען פון איין באַנק, איז ער ווערט געווען 60 סענט, און אויב פון אַן אַנדער באַנק, איז ער ווערט געווען 70 סענט, און אַזוי ווייטער. אָט דער געלט־כאַאָס אין דער וועסט איז געווען אַ קלאָפּ פאַר דעם האַנדעל וואָס די אַנדערע טיילען פון לאַנד האָבען מיט דער וועסט געפירט. אַ סך סוחרים פון דער איסט זיינען רואינירט געוואָרען ווייל עס איז געווען ענטוועדער זייער שווער אָדער אינגאַנצען אוממעגליך איינצומאָנען חובות אין דער וועסט".

דער קריזיס האָט ניט אָנגעהאַלטען לאַנג. דעם צווייטען יאָר איז די נאָרט געווען פול מיט שפע, מיט „פּראָספּעריטי". אָבער די פראַגע פון געלט, פון פינאַנץ איז דורך דער שפע ניט פארענטפערט געוואָרען. דאָס וואָס יעדע באַנק אין יעדען שטאַט

האט געהאט דאס רעכט ארויסצוגעבען איר אייגען געלט איז געווען א גרויסע שטערונג. די נאכפראגע אויף געלט איז געווען זייער גרויס. וואס מער דער האנדעל איז געוואקסען, וואס מער די אינ־דוסטריע האט זיך ענטוויקעלט אלץ מער האט מען זיך גענוי־טיגט אין געלט אלס פארמיטלער פון האנדעל און אינדוסטריעלען פארקער. די באנקען אין דער איסט האבען געדרוקט מער אסיג־נאציעס ווי זיי האבען געהאט א רעכט לויט זייער איינגעלייגטע גאראנטיע. א באנק אין פיטסבורג מיט א קאפיטאל פון א האלבען מיליאן דאלער האט געדרוקט אסיגנאציעס אויף דער סומע פון נאענט צו א מיליאן. עס זיינען געווען באנקען אין פענסילווייניא וואס האבען ארויסגעגעבען געלט אויף צוויי און דריי מאל אזוי פיל ווי זייער קאפיטאל האט זיי ערלויבט.

און אזוי ווי אלע באנקען האבען געדרוקט געלט און אין לאנד האבען צירקולירט טויזענדער פארשיידענע אסיגנאציעס, איז עס לייכט געווען פאר שווינדלער צו פעלשען געלט. פראפעסאר פאיט רעכענט אויס, אז אין לאנד האבען דעמאלט צירקולירט ניט ווייניגער ווי אכט טויזענט פארשיידענע סארטען אסיגנא־ציעס. ווער, אלזא, האט געקענט זיין זיכער צי די אסיגנאציעס וואס ער באקומט זיינען ריכטיגע צי געפעלשטע? עס איז גע־קומען אזוי ווייט, אז עס איז נויטיג געווען צו דרוקען זשור־נאלען וואס האבען געווארענט דעם עולם ווי צו היטען זיך פאר געפעלשטע געלט. איינער אזא זשורנאל האט זיך אין ניו יארק פארקויפט אין 100 טויזענט עקזעמפלארען. ווען א זשורנאל פלעגט ווארענען מען זאל זיך היטען פאר געפעלשטע געלט פון יענער און יענער באנק, פלעגט מען מורא האבען אפילו דאס גוטע געלט פון דער באנק צו נעמען.

די רעגירונגען פון די פארשיידענע שטאטען האבען געזוכט עצות, ווי אזוי צו פארבעסערען די לאגע. די באנקירען אליין האבען געזוכט עצות. די ערליכע פון זיי האבען זיך ארגאני־זירט אין געזעלשאפטען און אנגענומען מיטלען צו צווינגען די ניט־ערליכע באנקירען זיי זאלען זיין ראיעל מיט דרוקען געלט. אבער די מיטלען האבען ווייניג־וואס געהאלפען.

ענדליך האָט די נאַציאנאלע רעגירונג אין וואשינגטאָן אנ־גענומען א מיטעל. די נאַציאנאלע רעגירונג האָט אויך גע־דרוקט אסיגנאציעס. דאָס געלט וואס זי האָט ארויסגעגעבען איז איינגענטליך געווען הלואות, אזוי ווי וועקסלען. די נאַציאָ־נאלע רעגירונג האָט איינגעזען, אז אויב זי וועט דרוקען געלט און ערלויבען אז די באנקען אין לאנד זאָל זאָלען אויך דרוקען געלט, וועט עס פירען צו א פינאנציעלען קריזיס. געלט וועט ווערען אזוי ביליג, אז די פרייזען פון לעבענסמיטעל וועלען שטיי־גען זייער הויך. אין זיין מעסעדזש צום קאָנגרעס אָנפאנג 1863 האָט פרעזידענט לינקאָלן רעקאָמענדירט א געזעץ וועגען נאַציאָ־נאלע באנקען.

דעם פלאן האָט אויסגעארבייט פינאנץ־מיניסטער טשיים. דער פלאן איז געווען: פינף אָדער מער מענשען מעגען אָר־גאניזירען א נאַציאנאלע באנק. זיי מוזען האָבען א קאפיטאל פון ניט ווייניגער ווי 50 טויזענד דאָלער. אויב זיי לייגען איין ביי דער נאַציאנאלער רעגירונג אקציעס פון דער נאַציאנאלער רעגירונג וועט זי פאר זיי דרוקען אסיגנאציעס. לויט דעם פלאן איז די רעגירונג גרייט געווען צו דרוקען דעמזעלבען סארט געלד, דעמזעלבען סארט אסיגנאציעס, פאר אלע נאַציאָנאלע באנ־קען וואס וועלען זיך אָרגאניזירען. יעדע נאַציאָנאלע באנק־אסיגנאציע האָט געהאט דעם זעלבען ווערט אין אלע שטאטען פון לאנד.

דער פראָיעקט איינצופירען נאַציאָנאלע באנקען איז ביי־טער באקעמפט געווארען. מען האָט אויפגעהויבען דעם אלטען געשריי, אז די נאַציאָנאלע רעגירונג וויל אוועקנעמען מאכט פון די שטאט־רעגירונגען (פריער האָט זיך די נאַציאָנאלע רע־גירונג ניט געמישט, ניט אין באנקען און ניט אין זייערע גע־שעפטען. זי האָט עס איבערגעלאָזען צו די באזונדערע שטאט־רעגירונגען). די שטאט־באנקען האָבען אויך געקעמפט געגען דעם דאָזיגען פלאן, איבערהויפט יענע באנקען, וואס האָבען געהאט א גוטע רעפוטאציע. זיי האָבען ניט געוואָלט אויפגעבען זייער

עקזיסטענץ און זיך פארוואנדעלן אין עפעס אנדערש, אין נאציא־נאלע באנקען.

דאס געזעץ איז אבער אנגענומען געווארען. די וועסט האט זיך די ערשטע אפגערופען און גענומען ארגאניזירען נאציאנאלע באנקען. דארט האט מען אם שארפסטען געפילט די אומבאקוועמ־ליכקייט פון דער אלטער סיסטעם און דארט האט מען אם שטארק־סטען מורא געהאט פאר די געפערליכע רעזולטאטען פון דעם פינאנציעלען כאאס. עס זיינען ארגאניזירט געווארען נאציא־נאלע באנקען אין סינסינעטי, מילוואקי, קליוולאנד, טאלעדא, און דאן שיקאגא. די סוחרים אין די אלע שטעט האבען צווישען זיך אפגעמאכט, אז נאך א געוויסען דאטום זאלען זיי זיך ענטזאגען צו נעמען אנדערע אסיגנאציעס ווי נאר פון די נאציאנאלע באנ־קען. אויף דעם אופן איז געלונגען צו צווינגען דארט די שטאט־באנקען זיי זאלען זייערע אסיגנאציעס צוריקציען.

דאס אליין וואלט אבער דאס געלט פון די שטאט־באנקען ניט אויסגעראטען. איבערהויפט אין דער איסט וואלטען זיך די באנק־געלדער לאנג געהאלטען. איז אבער שפעטער אין וואשינג־טאן דורכגעפירט געווארען א געזעץ, אז שטאט־באנקען וואס דרו־קען געלט מוזען צאלען א שטייער אויף זייערע אסיגנאציעס, א שטייער פון צען פראצענט. דאס געזעץ האט אוממעגליך גע־מאכט פאר די שטאט־באנקען ווייטער צו דרוקען געלט. אין פארלויף פון אייניגע מאנאטען נאכדעם ווי דאס שטייער־געזעץ איז אריין אין קראפט, זיינען אין לאנד ארגאניזירט געווארען טויזענד נייע נאציאנאלע באנקען.

---

איין אינדוסטריע איז אין פארלויף פון די מלחמה־יארען כמעט אינגאנצען פארניכטעט געווארען — די אמעריקאנער האנ־דעלס־פלאטע. איידער די מלחמה האט אויסגעבראכען, אין פאר־לויף פון דעם יאר 1860, האבען די אמעריקאנער שיפען גע־פירט קיין אויסלאנד און צוריק סחורה אויף דער סומע פון 507 מיליאן דאלער; אין 1864 האבען זיי שוין געפירט בלויז 184 מיליאן. די אויסלענדישע האנדעלס־שיפען האבען, פארקערט,

אריינגעפירט און ארויסגעפירט סחורה פון די אמעריקאנער האַ־פענס צוויי מאָל אזוי פיל אין 1864 ווי אין 1860. אין פאר־לויף פון די מלחמה יארען איז די אמעריקאנער האנדעלס־פלאָטע פארקלענערט געווארען אויף פינף טויזענד מאַן.

די מלחמה איז ניט אינגאַנצען געווען שולדיג אין דעם. נאָך מיט צען, צוואַנציג יאָר פריער האָט ענגלאַנד זיך גענומען ארויסווייזען פאר אַ צו־שטארקען קאָנקורענט פון אמעריקע אין דעם דאמף־שיף טראנספּאָרט אויף דעם גרויסען ים. די ענגלישע רעגירונג האָט ארויסגעהאָלפען די פריוואטע שיף־קאָמפּאַניעס מיט סובסידיעס. ענגלאנד האָט אויך געהאט די מעגליכקייט צו בויען אירע דאמף־שיפען ביליגער ווי אמעריקע ווייל ביי איר איז אייזען און קוילען געווען ביליגער. אירע ארבייטער האָבען זיך אויך באַנוגענט מיט קלענערע שכירות.

די מלחמה האָט אָבער דעם פּראָצעס פארשנעלערט. אָן דער מלחמה וואָלט עס ווארשיינליך געדויערט לענגער איידער ענגלאַנד וואָלט אינגאַנצען באַזיגט די אַמעריקאנער שיף־אינדוס־טריע. אין פארלויף פון דער מלחמה זיינען אַ סך אַמעריקאַנער שיפען פארניכטעט געווארען פון דעם שונא. אַ סך שיף־אייגענ־טימער האָבען, פון מורא, אליין איבערגעשריבען זייערע שיפען אויפ'ן נאָמען פון ענגלישע קאָמפּאַניעס. די אַמעריקאַנער קאַ־פּיטאַליסטען האָבען מורא געהאט אריינצולייגען זייער געלט אין דער שיף־אינדוסטריע. דאָס אַלץ האָט מיטגעבראַכט, אַז אין פארלויף פון די פינף יאָר זיינען די אַמעריקאַנער האַנדעלס־שיפען כמעט אינגאַנצען פארשוואונדען פון דעם גרויסען ים.

---

די גרויסע שפע האָט געשאַפען אַ סך נייע קאַפּיטאַליס־טען. אין ניו יארק אליין זיינען שוין געווען עטליכע הונדערט מענשען וואָס האָבען פארמאָגט אַ מיליאָן (מיט צוואַנציג יאָר פריער זיינען אין גאַנץ אמעריקע ניט געווען מער ווי צוואַנ־ציג מיליאָנערען). די דריי רייכסטע לייט אין ניו יארק זיי־נען איצט געווען: אַסטאָר, וואַנדערבילט און סטוארט. סטוארט האָט געצאָלט „אינקאָם טעקס" אויף אַ סומע פון צוויי מיליאָן;

דאס הייסט, אז לויט זיינע אייגענע ציפערען האט ער פארדינט אן ערך פון צוויי מיליאן א יאר. אסטאר און וואנדערבילט האבען געצאלט כמעט אזוי פיל אינקאם טעקס ווי סטוארט.

וואס האבען די ארבייטער מאסען געהאט פון דער „פראס־פעריטי"?

די שכירות פון די ארבייטער האט זיך אין די מלחמה יארען פארגרעסערט, אבער ניט אויף אזוי פיל צו דעריאגען די העכע־רונג פון די פרייזען פון לעבענסמיטעל. די מלחמה האט גע־בראכט א גרויסען יקרות אין לאנד. און די העכערונג פון די שכירות האט ניט געקלעקט צו דעקען דעם יקרות.

אט וואס פראפעסאר פאיט שרייבט: „די לאגע אין ניו יארק סוף יאר 1863 קען דינען אלס ביישפיל פאר'ן גאנצען לאנד. דער פרייז פון אייער איז דארט געשטיגען פון 15 סענט א טוץ אויף 25 סענט; קעז — פון 8 סענט א פונט, אויף 18 סענט; קארטאפעל — פון א דאלער און א האלב א בושעל, אויף צוויי דאלער. און אזוי כסדר. אלע לעבענסמיטעל זיינען טייערער געווארען אויף 60, 75 און אפטמאל אויף גאנצע הונדערט פראצענט. די שכירות זיינען געבליבען הינטערשטעליג. די שכירות פון דעם שמיד זיינען פארגרעסערט געווארען פון א דאלער און 75 סענט א טאג אויף צוויי דאלער א טאג. דער ניט־קוואליפיצירטער ארבייטער האט געקראגען געהעכערט פון א דאלער א טאג אויף א דאלער און א פערטעל. די דורכשניטליכע העכערונג אין אלע פאלען איז געווען אויף 25 פראצענט. דאס הייסט, אז אין פארגלייך מיט דער העכערונג אין פרייזען האט דער ארבייטער באקומען א העכערונג פון וויניגער ווי א העלפט". דער דאלער איז געפאלען אין ווערט און דער ארבייטער איז גע־ווען אלץ מער און מער הינטערשטעליג".

די לאגע פון די פרויען־ארבייטער איז געווען א סך אן ערגערע ווי די לאגע פון די מענער־ארבייטער. די פרויען האט מען די שכירות כמעט גארניט געהעכערט. עס זיינען געווען פאלען אין פארלויף פון דער מלחמה ווען מען האט זיי נאך די שכירות געשניטען. „דער טרויעריגסטער פאל איז געווען

מיט די שניידערינס. טויזענדער פון זיי זיינען געווען באַשעפ־טיגט ביי נייען מונדירען פאַר דער אַרמיי. טייל האָבען גע־אַרבייט דירעקט פאַר דער רעגירונג און טייל פאַר קאָנטראַק־טאָרס (פּאָדריאַדטשיקעס). אין פילאַדעלפיע האָבען פרויען באַ־קומען פאַר אויפנייען אַ פּאָר סאָלדאַטסקע הויזען, 17 און אַ האַלב סענט. דעם פּרייז האָט די רעגירונג געצאָלט אין 1861. מיט דריי יאָר שפּעטער, ווען די פּרייזען פון לעבענס־מיטעל האָ־בען דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט פון יקרות, האָבען די פרויען באַקומען פאַר אויפנייען די זעלבע פּאָר הויזען 15 סענט. קאָנטאַרקטאָרס האָבען פאַר דערזעלבער אַרבייט געצאָלט ניט מער ווי אַכט סענט. . . עס זיינען אפּגעהאַלטען געוואָרען פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען פון בירגער. פּעטיציעס זיינען געשיקט געוואָרען צום פּרעזידענט און צום קריגס־מיניסטער, אָבער דאָס האָט ניט געהאָלפען. די אָרימע קרבנות זיינען איבערגעלאָזען געוואָרען אויף גאָט'ס באַראָט. זיי האָבען אָן צווייפעל אַם שטאַרקסטען געליטען פון דער מלחמה". די קאָנטראַקטאָרס וואָס האָבען גע־מאַכט די סאָלדאַטסקע קליידער פאַר דער רעגירונג האָבען געצאָלט די פרויען־אַרבייטער דורכשניטליך אַ דאָלער און אַ האַלב אַ וואָך.

די נאָכפראַגע אויף אַרבייטער איז געווען זייער גרויס. עס האָבען געפעלט אַרבייטער אין אַ סך אינדוסטריען, ווייל טוי־זענטער און טויזענטער יונגעלייט זיינען אוועק אין דער אַרמיי. דאָך איז שווער געווען פאַר די פאַרבליבענע אַרבייטער צו קריי־גען בעסערע באַדינגונגען. די באַלעבאַטים האָבען אריינגעצויגען אין די פאַבריקען וואָס מער פרויען, וואָס מער קינדער. זיי האָבען אויך געבראַכט אַהער אַרבייטער פון אייראָפּע. פּראָ־פעסאר פאַיט שרייבט: „אָפט האָבען די באַלעבאַטים, ביי וועמען די אַרבייטער האָבען געסטרייקט, געשיקט אַגענטען צו ברענ־גען אַהער אַרבייטער פון אייראָפּע. מינען־קאָמפּאַניעס און באַן־קאָמפּאַניעס וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אין אַרבייטער האָ־בען געטאָן דאָסזעלבע. פופצען טויזענד אַרבייטער זיינען אימ־פּאָרטירט געוואָרען פון אויסלאַנד צו בויען די „אַטלאַנטיק און

גרעיט וועסטערן" אייזענבאן. די שטאט־רעגירונגען זיינען באַ־הילפיג געווען אין דעם, ספּעציעל די שטאט־רעגירונג פון ניו יארק" . . . דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען צוויי געזעצען צו מאַ־כען לייכטער פאר די באַלעבאטים צו ברענגען ארבייטער פון אויסלאנד: איין געזעץ האָט פארזיכערט די אימיגראנטען אז מען וועט זיי ניט צווינגען אריינצוטרעטען אין דער ארמיי; דאָס צווייטע געזעץ האָט געלויטעט, אז ווען איינער שרייבט אונ־טער אַ קאָנטראקט אין אויסלאנד צו באַצאָלען אן אמעריקאנער בירגער די רייזע־קאָסטען פאר ברענגען אים קיין אמעריקע, איז דער קאָנטראקט געזעצליך. אָט דאָס צווייטע געזעץ האָט מעג־ליך געמאכט פאר היגע באַלעבאַטים צו ברענגען אהער ארבייטער אויף קאָנטראקטען צו ארבייטען פאר זיי. עס האָט זיך זאָגאַר אָרגאניזירט אַ קאָמפּאַניע, „די אמעריקען אימיגרענט קאָמפּאני", מיט אַ קאַפּיטאל פון אַ מיליאָן דאָלער, צו אימפּאָרטירען אר־בייטער. די קאָמפּאַניע האָט געהאַט אירע אגענטען אין אייראָפּא, וועלכע פלעגען דאָרט זוכען ארבייטער. ווען אַ באַלעבאָס האָט זיך דאָ געניטיגט אין ארבייטער פלעגט ער גיין אין דעם אָפיס (ביוראָ) פון דער קאָמפּאַניע און מאַכען זיין באַשטעלונג. דער היגער אָפיס פלעגט לאָזען וויסען די אגענטען אין אייראָפּע זיי זאָלען ארויסשיקען די נויטיגע צאָל ארבייטער.

אין די פיר־פינף מלחמה יארען זיינען אהער אָנגעקומען 800 טויזענד אימיגראנטען. די ערשטע צוויי יאר איז די אימי־גראציע געווען קליין, בלויז ארום 90 טויזענד אַ יאָר. נאָכדעם אָבער איז די אימיגראציע שטארק געשטיגען. עס זיינען געווען וואָכען ווען אין ניו יארקער האַפען אליין זיינען אָנגעקומען צען טויזענד אימיגראנטען.

„די ארבייטער האָבען געליטען פון נאָך אַ צרה, — שרייבט פּראָפעסאר פאַיט, — דאָס איז געווען די סיסטעם פון צאָלען די ארבייטער זייער לוין. אין די קאטאן, אייזען און גלאָז פאב־ריקען, אין די מינען פון פענסילווייניא, אין די דרוקערייען און אין געוויסע אנדערע פירמעס האָבען די ארבייטער געקראַגען באַ־צאָלט, אינגאנצען אָדער טיילווייז, מיט אָנווייזונגען אויף קראָמען.

א סך מאָל האָבען זיך די ארבייטער גאָר ניט גענויטיגט אין די זאכען, וואס זיינען געשטאַנען אין די אָנווייזונגען. זיי האָבען מיט די אַנווייזונגען געמוזט גיין אין באַשטימטע קראָמען און דאָרט האָט מען זיי גערעכענט אַזוינע פרייזען ווי די קראָמען האָבען געוואָלט. אין געוויסע פאַלען האָבען די קראָמען טאַקע באַלאַנגט צו די באַלעבאַטים פון די פאַבריקען. די קראָמען האָבען זיך אויך אָפטמאָל געפונען אין פאַרוואָרפענע געגענדען וואו עס איז קיין קאָנקורענץ ניט געווען און זיי האָבען געקענט שטעלען וואס פאר א פרייזען זיי האָט זיך געגלוסט".

דער דורכשניטליכער ארבייטס־טאָג איז געווען צען שטונדען. אין אַ סך אינדוסטריען האָט מען געארבייט פיל לענגער; די ארבייטער אויף טראַמווייען און אָמניבוסען האָבען געארבייט זעכצען שטונדען. אין די פאַפיר־פאַבריקען און אין די וואָל־פאַבריקען האָט מען געארבייט זיבעצען שטונדען.

די ארבייטער האָבען ניט געקענט אויסהאַלטען די הויכע פרייזען און די נידעריגע שכירות און עס זיינען פאָרגעקומען א סך סטרייקס. די באַלעבאַטים אָבער האָבען זיך אָרגאַניזירט צוצוברעכען די יוניאָנס. עס זיינען געמאכט געוואָרען א סך לאָקאוטס. „אין ניו יארק סטייט האָבען די פיאַנאָ־פאַבריקאַנטען אויסגעשלאָסען 12 הונדערט ארבייטער און דערקלערט, אז בלויז יענע ארבייטער וואס וועלען זיך אונטערשרייבען, אז זיי וועלען ניט באַלאַנגען צו קיין יוניאָן וועלען צוריקקריגען זייערע פלעצער". די באַלעבאַטים פון א סך פאכען האָבען אפגעמאכט צווישען זיך, אז קיינער זאָל ניט אריינעמען אין זיין פאבריק קיין ארבייטער סיידען ער ברענגט אַ שריפט פון זיין פריערדיגען באַלעבאָס צו ווייזען, אז ער איז „ערענהאפט אפגעזאָגט" געוואָרען, דאָס הייסט, אז ער איז ניט אַוועק צוליב אַ סטרייק אדער צוליב אַן אַנדער יוניאָן־אנגעלעגענהייט.

די רעגירונג האָט געהאַלטען מיט די באַלעבאַטים געגען די ארבייטער. אין סעינט לואיס און אין לואיוויל, צום ביישפיל, האָט דער מיליטערישער קאָמאַנדיר פאַרבאָטען סטרייקס. דער פירער פון אַ סטרייק אין אַן אַמוניציע פאַבריק אין ניו יארק

איז ארעסטירט געווארען און איינגעשפארט געווארען אין א פעסטונג. „גענעראל טאמעס אין טענעסי האט ארעסטירט צוויי הונדערט סטרייקערס און זיי ארויסגעשיקט פון שטאט. ווען די ארבייטער אויף א רעגירונגס-באן האבען געסטרייקט האט די רעגירונג געשיקט מאטראזען צו פארנעמען זייערע פלעצער. אין ניו יארק זיינען די דאק־ארבייטער ארויס אין סטרייק האט די רעגירונג געשיקט מיליטער צו באשיצען די סטרייק-ברעכער".

פראפעסאר פאיט שרייבט: „די קריוודעס פון די ארבייטער זיינען געווען א סך און ערנסטע. דאך איז פאר זיי שווער גע־ווען צו ציען די אויפמערקזאמקייט פון לאנד. פאר יעדען פונקט וואס זיי האבען געוואונען האבען זיי געמוזט שווער קעמפען". „מאנכע ארבייטער האבען זיך אנגעשלאסען אן דער ארמיי. אנ־דערע זיינען אוועק אויף די פארמס אין דער מיטעל־וועסט אדער אין די מינען אין דער ווייטער וועסט. אנדערע, ווידער, האבען אומגעוואנדערט פון איין שטאט אין אנדערען, אפשר וועלען זיי געפינען בעסערע פלעצער. א קליינע צאל איז אבער פארבליבען אויף זייערע פלעצער. צווישען זיי האט א נאך קלענערער טייל ארגאניזירט יוניאנס. אט די קליינע צאל וואס האט ארגא־ניזירט יוניאנס האט אויפגעטאן דאס מערסטע פאר דער אר־בייטער זאך".

ווען די מלחמה האט אויסגעבראכען זיינען אין לאנד געווען זייער ווייניג יוניאנס. דער יקרות האט געשאפען אומצופרי־דענהייט צווישען די ארבייטער און זיי האבען זיך ווידער גע־נומען ארגאניזירען. „אין די גרויסע אינדוסטריעלע שטעט — שרייבט פאיט, — ווי ניו יארק און פילאדעלפיע, איז ניט אוועק א וואך אז א נייע יוניאן זאל ניט ארגאניזירט ווערען. (דאס איז געווען אין די מיטעלע מלחמה־יארען.) אין די מאנאטען נאוועמבער און דעצעמבער פון 1863 איז ניט געווען כמעט איין נאכט ווען נייע יוניאנס זאלען זיך ניט ארגאניזירען. געווען טעג, ווען די צייטונגען האבען געמאלדען וועגען דער גרינדונג פון צוויי, דריי און מער נייע ארבייטער ארגאניזאציעס. . . אויף א געוויסען מאסמיטינג אין ניו יארק זיינען געווען פארטראטען

50 פארשידענע יוניאָנס, כמעט אלע נייע. עס זיינען דעמאָלט אין ניו יארק געווען, קאָנסערוואטיוו געשאצט, 300 יוניאָנס".

די יוניאָנס האָבען זיך פאראייניגט צווישען זיך. אין 1865 זיינען שוין געווען עלף נאַציאָנאלע אָרגאַניזאציעס.

דאָס הייסט אָבער ניט, אז די ארבייטער זיינען געווען גוט אָרגאַניזירט. די צאָל יוניאָנס איז געווען גרויס; אָבער די צאָל מיטגלידער אין די יוניאָנס איז געווען פארהעלטניסמעסיג קליין. אין ניו יארק איז געווען א מאַשיניסטען־לאָקאל מיט פינף הונדערט מיטגלידער; אָבער מאַשיניסטען זיינען אין שטאָט געווען פון 7 ביז 8 טויזענד. פון 1500 פיאנא־ארבייטער האָבען בלויז 6 הונדערט באלאנגט צו דער יוניאָן.

די יוניאָנס האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט קעמפען פאר דער עקאָנאָמישער פארבעסערונג פון דער ארבייטער לאַגע. הונדערטער סטרייקס זיינען פאָרגעקומען. די מערסטע פון זיי זיינען געסעטעלט געווארען שנעל. טייל האָבען זיך געצויגען וואכען און מאָנאטען לאנג. אין פילאדעלפיע האָבען 200 מאַשיניסטען געסטרייקט איבער א יאר צייט. אין ניו יארק האָבען די מאַשיניסטען געסטרייקט צוויי מאָנאטען. די פארצויגענע סטרייקס זיינען זעלטען־ווען געוואונען געווארען.

## קאפיטעל 15.

# מלחמה־דיקטאַטור אין דער נאָרט.

די פרייהייטען און רעכט וואס די קאָנסטיטוציע גאראַנ־טירט דעם איינצעלנעם און דער געזעלשאַפט ווערען אין צייט פון א מלחמה אונטערדריקט. אין זיין בוך „ציווילע פרייהייט אין די פאראייניגטע שטאַטען", שרייבט לעאָן וואהיפּל: „אין טעאָריע קען די קאָנסטיטוציע אין צייט פון מלחמה ניט אונ־טערדריקט ווערען. . . אין דער פּראַקטיק אָבער ווערען געוויסע טיילען פון דער קאָנסטיטוציע אונטערדריקט. אזוי איז געווען אין אלע אומרואיגע צייטען, און אזוי איז עס געווען אין דער צייט פון בירגער קריג. לינקאָלן האָט מיט א שטאַרקער האַנט פארבאָטען יעדען פארזוך, וואס איז געמאכט געווארען פון די מלחמה־געגנער אין דער נאָרט, אָדער פון די געגנער פון געוויסע מיליטערישע ריכטונגען, צו שטערען אים אדער די מיליטערישע בעאמטע. ער האָט אוועקגענומען פון די בירגער זייער קאָנ־סטיטוציאָנעלע רעכט פריי צו ריידען און פריי צו שרייבען און פריי זיך צו פארזאמלען. ער האָט געגעבען די מיליטערישע בעאמטע דאָס רעכט צו ארעסטירען מענשען אָן דער ערלויבניש פון א ריכטער, ווי עס פאָדערט דאָס געזעץ, און צו האלטען די ארעסטירטע פארשפּארט אזוי לאנג ווי די בעאמטע האָבען גע־פונען פאר נויטיג, אָן א משפּט, אָן א געריכט. ער האָט ער־לויבט די מיליטערישע בעאמטע צו אונטערדריקען צייטונגען, צו פארבאָטען סטרייקס, אפילו צו קאָנטראלירען די דרשות פון גלחים אין די קירכען".

געגען דער דיקטאַטארישער האנדלונג פון דעם פּרעזידענט האָבען א סך מענשען פּראָטעסטירט. עס האָבען פּראָטעסטירט

ראַדיקאַלען, ביי וועמען די פרייהייט איז געשטאַנען העכער פון אַלץ, אפילו העכער פון דער נאַציאָנאַלער געפאַר. צווישען די געגנער איז געווען דער בארימטער אבאָלישאָניסט ווענדעל פי־ליפס, וועלכער האָט אָנגערופען לינקאָלנ׳ען „דעספאָט“ און „דיק־טאַטאָר“. די מערסטע געגנער זיינען אָבער געווען פון אַן אַנ־דער סאָרט; אזוינע וואס האָבען אין הארצען סימפאַטיזירט מיט דער סאוט, אדער אזוינע וואס האָבען געוואָלט די מלחמה זאָל אפגעשטעלט ווערען, אדער אזוינע וואס האָבען באקעמפט לינקאָלנ׳ען פּאָליטיש און האָבען יעדען אקט זיינעם קריטיקירט. אין פארשיידענע טיילען פון לאַנד זיינען אפגעהאַלטען געווארען פּראָטעסט־מיטינגען געגען לינקאָלנ׳ס „דיקטאטור“. אין קאָנ־גרעס זיינען געהאַלטען געווארען רעדעס געגען אים. דער הויפּט ריכטער פון סופרים קאורט, דזשאָדזש טעיני, האָט אין א גע־וויסען פּראָצעס ענטשידען, אז דער פּרעזידענט האָט ניט געהאט דאָס רעכט אוועקצונעמען געוויסע פרייהייטען פון די בירגער. אַנדערע ריכטער אין נאַציאָנאַלע געריכטען האָבען ארויסגע־געצען ענליכע ענטשיידונגען. אָבער דאָס אַלץ האָט ניט גע־האָלפען. לינקאָלן האָט זיין פּראָגראַם דורכגעפירט, און די מאַ־יאָריטעט אין קאָנגרעס האָט אים געשטיצט. ער האָט זיין האַנדלונג פאַרטיידיגט מיט אַן ערקלערונג וואס איז בארימט גע־ווארען. ער האָט געזאָגט: „ווילט איר אז איך זאָל הינריכטען דעם נאַרישען סאָלדאַט וואס דעזערטירט און איך זאָל ניט אָנ־רירען קיין האָר אויפ׳ן קאָפּ פון דעם ביטרען אגיטאַטאָר וואס האָט אים איינגערעדט ער זאָל דעזערטירען?“

גלייך ווי די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען, אין אפּריל, 1861, האָט לינקאָלן באַפאָלמעכטיגט דעם הויפּט־גענעראַל פון דער ארמיי צו סוספּענדירען דאָס „הייביאַס קאָרפּוס“־געזעץ*)

*) דאָס וואָרט „הייביאַס קאָרפּוס“ איז דער טייטש „האָבען דעם קערפּער“. די באַדייטונג פון דעם „הייביאַס קאָרפּוס“ געזעץ איז פאָל־גענדער: ווען אַ מענש ווערט אַרעסטירט מעג ער זיך ווענדען צו א ריכ־טער ער זאָל פאַר אים אויסגעפינען די אורזאך פון דעם ארעסט. דער

אין דער געגענד צווישען פילאדעלפיע און וואשינגטאן, אויב ער וועט עס געפינען פאר נויטיג צו טאן. דעמאלט האט זיך לינקאלן געשראקען פאר די פילע איינוואוינער אין מערילענד, וואס האבען סימפאטיזירט מיט דער סאוט, און ער האט זיי געוואלט קאנטראלירען און אפשטעלען זייער אגיטאציע. אין יולי האט לינקאלן סוספענדירט דאס „הייביאס קארפוס" געזעץ אין דער גאנצער געגענד פון וואשינגטאן ביז ניו יארק. אין סעפטעמבער, 1862, האט לינקאלן סוספענדירט דאס געזעץ איבער'ן גאנצען לאנד.

לעאן וואהיפל שרייבט: „פון איצט אן איז די ציווילע מאכט געוועזן אונטערווארפען דער מיליטערישער מאכט. יעדער מענטש וואס איז שולדיג געוועזן אין באגיין א ניט לאיאלע טאט האט געקענט גע'משפט ווערען אין א מיליטערישען געריכט. לינקאלן איז ביטער קריטיקירט געווארען דערפאר. דער קאנגרעס

---

ריכטער קען דאן ארויסגעבען א באפעל צו די בעאמטע וואס האבען דעם מענשען ארעסטירט, זיי זאלען אים ברענגען צו אים אין געריכט, און געבען זייערע באווייזען, אז זיי האבען געהאט געזעצליכע אורזאכען דעם מענשען צו ארעסטירען. אויב דער ריכטער געפינט, אז די אורזאכען זיינען ניט גענוגענדע קען ער באפוילען מען זאל דעם ארעסטירטען באפרייען. אין דער קאנסטיטוטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען איז דא א פונקט וואס לייענט זיך אזוי: „דאס רעכט פון „הייביאס קארפוס" טאר ניט סוספענדירט ווערען, סיידען די זיכערקייט פון לאנד פאדערט עס, אין פאל פון אן אויפשטאנד אדער פון אן אנפאל פון א שונא". ווער עס האט דאס רעכט צו סוספענדירען דאס געזעץ „אין פאל פון אן אויפשטאנד" זאגט ניט די קאנסטיטוציע. ווען לינקאלן האט עס געטאן, זיינען געוועזן א סך וואס האבען גע'טענה'ט, אז בלויז דער קאנגרעס האט א רעכט דערויף; דער פרעזידענט אליין האט אזא רעכט ניט. לינקאלן האט געהאלטען, אז ער אליין האט יע דאס רעכט. די געגנער האבען אויך גע'טענה'ט, אז לויט דער קאנסטיטוציע קען דאס געזעץ סוספענדירט ווערען בלויז דארט וואו עס איז דא א געפאר, אין אזעלכע געגענדען, וואו עס קומען פאר אונרועןן. אבער אין רואיגע געגענדען וואו די ציווילע געריכטען זיינען אפען און טוען אומגעשטערט זייער ארבייט, דארט טאר דאס „הייביאס קארפוס" געזעץ קיינמאל ניט אנגעריהרט ווערען.

האָט געפונען פאַר נויטיג צו שטיצען לינקאָלנ'ס האנדלונג דורך א ספּעציעלען געזעץ, וואס ער האָט דורכגעפירט אין מערץ, 1863. דאָס געזעץ האָט געגעבען דעם פּרעזידענט דאָס רעכט צו סוס־פּענדירען דאָס „הייביאַס קאָרפּוס" געזעץ און אויך געגעבען די מיליטערישע בעאַמטע דאָס רעכט ניט צו פאָלגען א „הייביאַס קאָרפּוס" באַפעל פון וועלכען עס איז געריכט, אויב זיי האנדלען לויט דעם פּרעזידענט'ס ווילען.

די מיליטערישע בעאמטע האָבען געפאָלגט דעם פרעזידענט. זיי האָבען אין פאַרלויף פון דער מלחמה געמאַכט טויזענדער ארעסטען. די צאָל פון פּאָליטישע ארעסטאַנטען אין דער נאָרט ווייס מען ניט באַשטימט. פאַרשיידענע היסטאָריקער גיבען פאַר־שיידענע ציפערען. געוויסע דאָקומענטען ווייזען, אז די צאָל האָט דערגרייכט ביז 38 טויזענד. אין אנדערע דאָקומענטען זיי־נען דאָ נעמען פון איבער 13 טויזענד ארעסטירטע מענשען וואס זיינען איינגעשפּארט געווארען אָן שום ערקלערונגען, וועלכע האָ־בען ניט געוואוסט פאַר וואָס און פאַר ווען. טייל פון זיי האָט מען שפּעטער גע'משפט פאַר א מיליטערישען געריכט, טייל האָט מען קיינמאָל ניט גע'משפּט. מען האָט זיי געהאלטען פאַר־שפּארט א געוויסע צייט און דערנאָך באַפרייט.

טייל ארעסטירטע האָבען זיך געווענדט אין ציוויל־געריכטען און די ריכטער האָבען באַפוילען די מיליטערישע בעאַמטע זיי זאָלען די ארעסטירטע ברענגען צו זיי אין געריכט. אָבער די מי־ליטערישע בעאמטע האָבען די באַפעלען ניט געפאָלגט. די ריכ־טער האָבען קיין אַנדער ברירה ניט געהאט ווי צו באַנוגענען זיך מיט פּראָטעסטען. געוויסע ריכטער האָבען לכתחילה דערקלערט, אז זיי וועלען זיך אין אזוינע פּראָצעסען ניט מישען, ווייל זיי ווייסען אז די מיליטערישע בעאמטע וועלען זיי סיי ווי ניט פאָלגען.

צווישען די סך ארעסטען, וואס זיינען געמאכט געווארען האָט איין ארעסט אויפגערודערט דאָס גאנצע לאַנד. דער ארעסטיר־טער, קלעמענט ל. וואלענדיגהעם, איז געוועזן אַן אָנגעזעהענער פּאָ־ליטישער פירער אין אָהייאָ. ער איז געוועזן א דעמאָקראַט. ער

האָט אַגיטירט, אַז די מלחמה זאָל אָפּגעשטעלט ווערען און אַז מען זאָל מאַכען שלום דורך אַ פּשרה. אין יאַנואַר, 1863, האָט ער געהאַלטען אַ שאַרפע רעדע אין קאָנגרעס (ער האָט פאַרטראָטען אָהייאָ אין דעם רעפּרעזענטאַנטען־הויז) און האָט שטאַרק אָנגע־גריפען לינקאָלנ'ען מיט זיין קאַבינעט און מיט זיינע גענעראַלען, און האָט ערקלערט אַז די מלחמה איז פאַרלאָרען און אַז לינ־קאָלן פאַרגיסט אומזיסט בלוט.

מיט צוויי מאָנאַטען שפּעטער האָט ער אַן ענליכע רעדע גע־האַלטען ביי אַ פּאָליטישען מיטינג אין מאַונט ווערנאָן, אָהייאָ. וואַלענדיגהעם האָט געוואָלט קריגען די נאָמינאַציע פאַר גאָווער־נאָר אויף דעם דעמאָקראַטישען טיקעט און מיט דער רעדע האָט ער געוואָלט אויסנעמען ביי די דעמאָקראַטישע בירגער וועלכע זיינען געווען געגען לינקאָלנ'ס מלחמה־פּירערשאַפט.

אָהייאָ און די אַרומיגע שטאַטען זיינען דעמאָלט געשטאַנען אונטער דער מיליטערישער אויפזיכט פון גענעראַל באָירנסאַיד. דער גענעראַל האָט מיט עטליכע וואָכען פריער אַרויסגעגעבען אַ באַפעל, וואָס איז באַוואוסט געווען אלס באַפעל „נומער 38”, איי־נער פון די שטרענגסטע וואָס זיינען אין פאַרלויף פון דער מלחמה אַרויסגעגעבען געוואָרען. אין דעם דאָזיגען באַפעל האָט גענעראַל באָירנסאַיד געוואָרענט, אַז יעדער וואָס וועט באַגיין אַ טאַט לטובת דעם שונא וועט גע'משפט ווערען אלס שפּיאָן אָדער פאַר־רעטער און אויב ער וועט געפונען ווערען שולדיג וועט ער באַ־שטראָפט ווערען מיט'ן טויט”.

וואַלענדינגהעם האָט זיין רעדע געהאַלטען דעם ערשטען מאַי. גענעראַל באָירנסאַיד האָט צו דער פאַרזאַמלונג געשיקט צוויי אָפיצירען געקליידט אין ציוויל, און זיי האָבען פאַרצייכענט אַלץ וואָס וואַלענדיגהעם האָט געזאָגט. אַזוי שנעל ווי באָירנסאַיד האָט באַקומען אַ באַריכט פון דער רעדע האָט ער געשיקט סאָלדאַטען אים צו אַרעסטירען. זיי האָבען איינגעבראָכען אין וואַלענדינג־העם'ס הויז אין מיטען דער נאַכט און אים איינגעשפּאַרט אין אַ מיליטערישען קערקער. דעם 6טען מאַי איז וואַלענדינגהעם גע־משפּט געוואָרען פאַר אַ מיליטערישען געריכט. ער איז געפונען

געוואָרען שולדיג און איז פאַראורטיילט געוואָרען צו זיצען איינ־געשפּאַרט אזוי לאַנג ווי די מלחמה וועט דויערען.

לינקאָלן איז מיט דער גאַנצער געשיכטע געווען זייער אומ־צופרידען. ער האָט געלאָזט וויסען גענעראל באָירנסאיד, אז ער האָט וואָלענדינגהעמ׳ען ניט געדאַרפט ארעסטירען. איצט אָבער, אז די זאַך איז שוין געווען אָן אָפּגעטוענע האָט לינקאָלן ניט גע־וואָלט וואָלענדיגהעמ׳ען באַפרייען. ער האָט אָבער געהייסען באָירנסאיד׳ן ער זאָל וואָלענדינגהעמ׳ען ארויסשיקען אין דער סאוט. וויבאַלד וואָלענדינגהעם סימפּאַטיזירט מיט׳ן שונא זאָל ער גיין צום שונא. דער באַפעל איז דורכגעפירט געוואָרען. וואָ־לענדינגהעם איז פון דער סאוט אָפּגעפאָרען קיין קענעדע. פון דאָרט האָט ער געפירט זיין קאַמפּאַניע פאַר גאָווערנאָר אין אָהייאָ. אין די וואַלען איז ער דורכגעפאַלען. שפּעטער איז ער צוריקגעקומען אין אָהייאָ. די מיליטערישע בעאַמטע האָ־בען אים צורו געלאָזען.

צייטונגען וואָס האָבען קריטיקירט די מלחמה, אדער זיי־נען ניט געווען פּאַטריאָטיש גענוג, זיינען פאַרפאָלגט און אונטער־דריקט געוואָרען. דער פּאָסטמייסטער האָט זיך ענטזאָגט אזוינע צייטונגען דורכצולאָזען דורך דער פּאָסט. טייל צייטונגען זיי־נען אינגאַנצען אָפּגעשטעלט געוואָרען. אין ניו יאָרק זיינען אָפּ־געשטעלט געוואָרען צוויי צייטונגען: „טהי ניו־יאָרק ניוס" און „טהי דעיבוק". אין טרענטאָן האָט מען אָפּגעשטעלט די ציי־טונג „טרו אמעריקאַן". די „ברוקלין איגעל" און די „ניו־יארק דזשוירנאל אָוו קאָמערס" האָבען פארלאָרען זייער פּאָסט־רעכט. אין אייניגע פאַלען זיינען די רעדאַקטאָרען ארעסטירט געוואָרען. אזוינע פאַלע זיינען אָבער געווען ווייניג. די עטליכע וואָס זיי־נען יע ארעסטירט געוואָרען זיינען אָפּגעקומען מיט א לייכטער שטראָף. די ארעסטען האָבען אָבער אנגעוואָרפען א שרעק אויף שרייבער און רעדאַקטאָרען און זיי האָבען זיך געהיט ניט ארויס־צובאַפּען זיך מיט א טריף וואָרט. ארום דריי־פיר הונדערט צייטונגען זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרען, טייל אויף קורצע טער־מינען, טייל אויף לענגערע.

גענעראל בארנסאיד האט מיט א פאר מאנאטען שפעטער נאך דעם וואלענדינגהעם־פאל אנגעמאכט א טומעל מיט אן אנ־פאל אויף א צייטונג אין שיקאגא. די צייטונג, „שיקאגא טאימז", האט געדרוקט ארטיקלען געגען לינקאלנ'ען און געגען דער מלחמה. האט בארנסאיד ארויסגעגעבען א באפעל זי אפצושטעלען. דעם דריטען יולי, דריי אזייגער פארטאג, זיינען סאלדאטען באפאלען די רעדאקציע פון דער צייטונג, אפגעשטעלט די פרעס־מאשינען, קאנפיסקירט די אפגעדרוקטע צייטונגען און אוועקגעשטעלט א וואך ביי דער געביידע. דאס האט אויפגערודערט ניט בלויז דעם שטאט נאר דאס גאנצע לאנד. פראמינענטע איינוואוינער פון שיקאגא האבען פאררופען א פראטעסט פארזאמלונג אונטער דעם פארזיץ פון סיטי מעיאר. די לעדזשיסלייטשור פון שטאט האט געשיקט א פראטעסט צום פרעזידענט. א צווייטע מאסען־פארזאמלונג פון 20 טויזענד מענשען האט אויך אנגענומען א רע־זאלוציע פאר פרייער רעדע און פרייער פרעסע. אויף מארגען האט פרעזידענט לינקאלן געשיקט א באפעל צו גענעראל בארנ־סאיד ער זאל ערלויבען די טאימז" ווייטער צו ערשיינען.

אם שטרענגסטען האבען די מיליטערישע בעאמטע געהאנ־דעלט אין די גרענעץ־שטאטען, וואו די צאל פון די סימפאטי־זירער מיט דער סאוט איז געווען ווירקליך גרוים. אין מערי־לענד, מיזורי און קענטאקי האט דאס מיליטער געהאט אויפזיכט איבער די וואלען, כדי די מלחמה־געגנער זאלען מורא האבען צו גיין שטימען. „עס איז דא א באריכט", שרייבט פראפעסאר הארלאו, „אז אין די וואלען פון 1863, אין מערילענד, איז יעדער שטים־פלאץ באוואכט געווארען פון צוויי שורות סאלדאטען און יעדער בירגער וואס האט געוואלט שטימען האט געמוזט דורכ־גיין דורך די צוויי שורות סאלדאטען. די שטים־צעטלען פון די פארשיידענע פארטייען זיינען געדרוקט געווען אויף פאפיר פון פארשידענע קאלירען. יעדער בירגער וואס האט געבעטען דעם צעטעל פון דער פארטיי וואס איז געווען גינסטיג צו דער סאוט איז גלייך ארעסטירט געווארען."

די ארבייטער און די יוניאנס האבען פון דער מיליטערישער

אונטערדריקונג ווייניג געליטען. לעאָן וואָלף שרייבט: „עס זייַ־
נען געווען ווייניג פאַלען ווען די מיליטערישע מאכט האָט גע־
צוואונגען ארבייטער צו ארבייטען אדער ווען זי האָט פארבאָטען
סטרייקס". אָט זיינען אייניגע פון די אויסנאמס פאַלען. אין
מערץ, 1864, זיינען די ארבייטער אין אַן אמוניציע פאבריק אין
קאָלד ספרינג, ניו יארק, ארויס אין סטרייק. זיי האָבען געפאָ־
דערט זייערע שכירות זאָלען פארגרעסערט ווערען פון אַ דאָלער
און אַ פערטעל אויף א דאָלער און אַ האַלב א טאָג. דעם צווייטען
טאָג פון סטרייק זיינען פיר סטרייקערס ארעסטירט געווארען און
איינגעשפּארט געווארען אין אַ פעסטונג. זיי זיינען דאָרט אפּ־
געזעסען זיבען וואָכען. די פאבריק איז באוואכט געווארען פון
מיליטער. די גאנצע געגענד איז געשטעלט געווארען אונטער
קריגס־צושטאַנד און די ארבייטער האָבען זיך ענדליך געמוזט
אונטערגעבען.

אין סעינט לואיס האָבען געסטרייקט די שניידער, די מאַ־
שיניסטען און די שמידען. דאָס איז געווען אין אפּריל, 1864.
די באַלעבאַטים האָבען זיך געווענדט צו דער מיליטערישער מאכט.
די מיליטער־בעאמטע האָבען פארבאָטען די סטרייקער צו פּי־
קעטען, און האַלטען מיטינגען. מיטגלידער פון דער יוניאָן זיינען
ארעסטירט געווארען. אַן ענליכער פאַל האָט פּאַסירט אין לואי־
וויל, קענטאָקי. אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל איז דערציילט גע־
ווארען ווי אזוי דאָס מיליטער האָט געבראכען אַ סטרייק פון
באַן־ארבייטער אין פענסילווייניא און אַ סטרייק פון דאָק־ארביי־
טער אין ניו יארק.

דער אויסרייד איז, פארשטייט זיך, געווען אז די סטרייקס
שטערען דעם ערפאָלגרייכען גאַנג פון דער מלחמה.

קאַפּיטעל 16.

# געצוואונגענער מיליטער־דינסט — ראַיאָטען אין ניו יאָרק.

וואָס לענגער די מלחמה האָט זיך געצויגען אַלץ שווערער איז עס געווען צו קריגען סאָלדאַטען פאַר די אַרמייען. ווען לינ־קאָלן האָט, ביים אָנהויב פון קריג, אין אַפּריל, 1861, אַרויסגע־שיקט אַן אויפרוף צו די גאָווערנאָרס פון די שטאַטען זיי זאָ־לען אים צושטעלען 75 טויזענד מיליציאַנטען, איז דער אַפּרוף געווען אַ באַגייסטערטער. די גאָווערנאָרס פון די לאָיאַלע שטאַ־טען האָבען אים פאַרזיכערט אַז זיי וועלען גלייך צושטעלען זייערע קוואָטאַס. גרויסע מאַסען האָבען זיך פרייוויליג אַנגעשלאָסען אָן דער מיליץ. „ניו יאָרק, — שרייבט מעקמעסטער — איז פאַר־וואַנדעלט געוואָרען אין אַ גרויסער רעקרוטען־סטאַנציע”. און ווייטער שרייבט ער: „די פרעמד־געבאָרענע, סיי בירגער, סיי ניט בירגער, זיינען געווען ניט ווייניגער אַקטיוו ווי די עכטע אַמעריקאַנער עס האָבען זיך אָרגאַניזירט רעגימענטען פון איטאַליענער, דייטשען, איירישע, ענגלענדער, אונגאַרען און פּאָליאַקען.”

די מיליץ־אַרמייען האָבען געדאַרפט דינען בלויז דריי מאָנאַ־טען. צום סוף פון זייער טערמין איז פאָרגעקומען די שלאַכט ביי בול ראָן, וואו די אַרמיי פון דער נאָרט איז שרעקליך צו־קלאַפּט געוואָרען. דעמאָלט האָט דער קאָנגרעס, אין מיטען יולי, געגעבען דעם פּרעזידענט די מאַכט אַרויסצורופען אַ גאַנצען מי־ליאָן פרייוויליגע סאָלדאַטען: אַ האַלבען מיליאָן אויף אַ טער־מין פון ניט ווייניגער ווי זעקס מאָנאַטען און ניט מער ווי דריי יאָר; און אַ האַלבען אויף אַזוי לאַנג ווי די מלחמה וועט אָנ־

האלטען. דער קאָנגרעס האָט אויך באפאָלמעכטיגט דעם פּרע־זידענט צו פארגרעסערען די רעגולערע ארמיי. דער לוין פון די סאָלדאטען איז געהעכערט געווארען פון עלף אויף דרייצען דאָלער א מאָנאט.

דעם ערשטען יאָר איז די פרייוויליגע ארמיי געוואקסען. הונ־דערטער טויזענטער האָבען זיך אָנגעשלאָסען, טייל אויף קורצע טערמינען, טייל אויף לאנגע. זייער ווייניג זיינען אָבער ארייג־געטראטען אין דער רעגולערער ארמיי. (אין דער פרייוויליגער ארמיי האָבען אין פארלויף פון דער מלחמה געדינט צוויי און א האלב מיליאָן סאָלדאטען; אין דער רעגולערער ארמיי האָט די צאָל קיינמאָל ניט איבערגעשטיגען 25 טויזענד). שפּעטער האָט דער עולם אויפגעהערט צו זיין אזוי באגייסטערט פאר גיין פריי־וויליג אין דער מלחמה. ערשטענס, זיינען די צייטען געווען זייער גוטע, מען האָט געקענט מאכען געלד אין דערהיים. צוויי־טענס, האָט די נאָרט־ארמיי געליטען מפּלות און די צייטונגען האָבען געמאָלדען וועגען א סך טויטע און פארוואונדעטע אויף די שלאכט־פעלדער. דריטענס, איז דער עולם צוגעוואוינט גע־ווארען צו די פּאטריאטישע רעדעס און פראזען, און זיי האָבען שוין ניט געהאט דיזעלבע ווירקונג וואס פריער.

דאָס איז געווען די לאגע צום סוף יוני, 1862, ווען מעק־לעלאַן האָט געקראגען זיין מפּלה ביי ריטשמאָנד. לינקאָלן האָט איינגעזען, אז מען דארף האָבען פרישע 300 טויזענד סאָלדא־טען. ער האָט אָבער מורא געהאט אליין ארויסצולאזען אן אויפ־רוף נאָך פרייוויליגע. ער האָט פארשטאנען, אז אזא אויפרוף וועט אָנווארפען א שרעק אויף דער נאָרט. ער האָט מורא גע־האָט אז מען וועט זאָגען, אז אויב מען דארף שוין ווייטער פרישע סאָלדאטען, הייסט עס, אז די אלטע ארמיי איז אינגאנצען פאר־ניכטעט געווארען. לינקאָלן האָט אויך געוואוסט, אז זיין אויפרוף אונטער די אומשטענדען וועט ברענגען קלעגליכע רעזולטאטען. עס איז דערפאר געבליבען ביי אים און זיינע מיניסטארען, אז די זאך זאָל דורכגעפירט ווערען אויף א דיפּלאָמאטישען אופן. „סעקרעטערי אָוו סטייט" סוארד איז אָפּגעפארען קיין ניו יארק,

וואו ער האט אפגעהאלטען א קאנפערענץ מיט די גאווערנארס פון ניו יארק און פענסילוויינא. ביי דער קאנפערענץ האט סוארד ערקלערט די גאווערנארס אז עס איז וויכטיג, אז זיי און די גאווערנארס פון אלע אנדערע שטאטען זאלען שיקען א בשותפות'ע פעטיציע צו פרעזידענט לינקאלן און אים בעטען ער זאל ארויסרופען נאך פרייווילינע סאלדאטען. די צוויי גאווערנארס האבען צושיקט טעלעגראמעס צו אלע איבריגע גאווערנארס. די גאווערנארס האבען געענטפערט, אז זיי זיינען גרייט דאס צו טאן. די פעטיציע איז געשיקט געווארען צום פרעזידענט. לינקאלן האט געענטפערט, אז ער איז העכסט צופרידען פון דעם אנבאט. דעם צווייטען יולי האבען די צייטונגען פארעפענטליכט די נייעס, אז די גאווערנארס פון אלע שטאטען האבען „אליין אנגעבאטען" צוצושטעלען דעם פרעזידענט 300 טויזענט פרישע סאלדאטען און דער פרעזידענט האט דעם אנבאט אנגענומען.

איצט האבען די גאווערנארס אנגעהויבען צו זאמלען די וואלונטירען פאר דער נייער קוואטא. אבער עס איז ניט גע־גאנגען. מעקמעסטער שרייבט: „נישט קוקענדיג אויף די מאס־סענפארזאמלונגען, פאטריאטישע רעזאלוציעס און אנבאטונגען פון באלוינונג איז דער ענטפער אויף דעם רוף ניט געווען דאס וואס מען האט געהאפט. דער עולם האט געפונען פארשידענע תירוצים. עס איז געווען שניט־צייט, דער האנדעל וואס איז ביז דאן געווען שלעכט האט אויפגעבליט, עס איז געווען א גרויסע נאכפראגע אויף ארבייטער, שכירות האבען זיך געהויבען". מען האט אבער פארט געמוזט קריגען סאלדאטען. האט דער קריגס־מיניס־טער געהייסען די גאווערנארס זיי זאלען זיך באנוצען מיט צוואנג־מיטלען, אז אין יענע שטאטען וואו מען וועט ניט קריגען די קוואטא זאל מען ווארפען גורל און נעמען סאלדאטען מיט געוואלד.

מעקמעסטער שרייבט: „אזוי שנעל ווי עס איז באקאנט גע־ווארען, אז מען וועט נעמען סאלדאטען מיט געוואלד איז גע־ווארען א מהומה. היגע געבארענע האבען טויזענטערווייז ארייג־געשיקט זייערע „עקזעמפשענס" אדער האבען זיך גענומען גרייטען אפצופארען קיין אייראפא אדער קאנעדע. . . פרעמדע האבען

באלאגערט די אָפיסעס (ביוראָס) פון זייערע קאָנסולען און געפאָ־דערט פאַפּירען צו באווייזען אז זיי זיינען בירגער פון אנדערע לענדער. עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע וואס איז מכוח אימיגראנטען וואס האָבען ארויסגענומען די „ערשטע פּייפּערס". סעקרעטערי סוארד האָט גע'פסקנ'ט, אז זיי זיינען אויך פריי פון צוואנג מיליטער". די צייטונגען האָבען שארף קריטיקירט די אימיגראַנטען וואס האָבען זיך געזוכט ארויסצודרייען פון מי־ליטער־דינסט, אָבער די איינגעבאָרענע האָבען ניט געטאָן בעסער.

דער געלויף איז געווארען אזוי גרויס, אז די רעגירונג האָט פארבאָטען בירגער פון מיליטערישען אלטער ארויסצופאָרען פון לאנד. יעדער האַפען און די קענעדער גרעניץ זיינען באוואכט געווארען. ווען מען האָט איינעם געכאַפּט אוועקפאָרענדיג פון זיין שטאָט איידער ער איז באפרייט געווארען פון „דרעפט" (פריזיוו) האָט מען אים גלייך אפּגעגעבען פאַר אַ סאָלדאַט. די רעגירונג בעאַמטע האָבען אָפּגעשטעלט שיפען וואס זיינען ארויס פון ניו יארקער האַפען און אראָפּגענומען אלע מאנספארשוין־פּאַסאַזשירן. דעטראיט איז געווען געפּאַקט מיט מענשען וואס האָבען געזוכט צו אַנטלויפען קיין קענעדע. פון שיקאַגאָ האָט האָט מען זיך אויך אריבערגע'גנב'עט די גרעניץ.

דאָס געזעץ האָט ערלויבט דעם אָפּגעגעבענעם סאָלדאַט צו שיקען אַן אַנדערען אויף זיין פּלאַץ. עס איז אלזא איצט גע־באָרען געווארען אַ שפּאָגל נײַ געשעפט. מענשען האָבען אַנאָנ־סירט אין די צייטונגען, אז פאר אַ געוויסער סומע געלד נעמען זיי זיך אונטער צוצושטעלען „שטעל פארטרעטער" פאר אפּגע־געבענע סאָלדאַטען. די רעגירונג האָט פארבאָטען צו דרוקען אַזעלכע אַנאָנסען. דאָס געשעפט איז אָבער ווייטער אָנגעגאַנגען.

דער „דרעפט" (פריזיוו) האָט זיך גערארפט אָנהויבען אין סעפּטעמבער. אָבער די גאָווערנאָרס פון די פארשיידענע שטאַ־טען האָבען קיין חשק ניט געהאַט זיך צו נעמען צו דער ארבייט. יעדערער האָט אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. זיי האָבען געוואוסט, אז דער „דרעפט" איז ניט פּאָפּולער ביים עולם און זיי האָבען מורא געהאַט אז אויב זיי וועלען דעם „דרעפט"־דורכפירען ווע־

לען זיך די בירגער מיט זיי אפרעכענען אין די קומענדיגע וואלען. לאנג אפלייגען האבען זיי אבער ניט געקענט. אין די מערסטע שטאטען איז דער „דרעפט” פארגעקומען אין פארלויף פון די לעצטע צוויי וואכען פון מאנאט סעפטעמבער. דער „דרעפט” איז ניט אפגעלאפען רואיג. אין א סך פלעצער האט זיך דער עולם געשטעלט אנטגעגען. „אין קליוולאנד האבען זיך גרויסע מחנות פארזאמעלט ארום די צוויי „דרעפט”־ביוראס און געמאכט א פאר־זוך צו פארניכטען די ליסטעס מיט די נעמען און די „דרעפט”־מאשינען. . . אין הארטפארד, אינדיאנא, האט א המון פארניכטעט די ליסטען און די מאשינען, און געצוואונגען דעם בעאמטען צו רעזיגנירען. ווען מען האט גענומען ציען גורל אין פארט וואשינגטאן, וויסקאנזין, האט זיך דער עולם ארייגעריסען אין הויז, האט אליץ צובראכען, ארויסגעטריבען דעם בעאמטען און אנגעמאכט אזוי פיל שאדען, אז מען האט געמוזט שיקען סאל־דאטען צו מאכען ארדנונג. אין עטליכע ראיאנען אין מערי־לאנד האט מען צוריסען די ליסטעס און ארויסגעטריבען די בע־אמטע”.

דער פארזוך צו קריגען סאלדאטען דורך געצוואונגענער מי־ליטער־דינסט איז געווען א דורכפאל. נאך דעם גאנצען טומעל איז דורך דעם „דרעפט” די ארמיי פארגרעסערט געווארען ניט מער ווי אויף 87 טויזענד מאן. אנשטאט 300 טויזענד האט מען אלזא געקראגען ווייניגער ווי הונדערט טויזענד. די פראגע האט זיך איצט ווידער געשטעלט, וואס טוט מען פארט? ווי קריגט מען די נויטיגע רעקרוטען? מיט גוטען איז אוממעגליך געווען צו ווירקען. איז געבליבען אז מען זאל זיך פארט בא־נוצען מיט געוואלד. נאר אנשטאט דעם, אז די „דרעפטס” זאלען דורכגעפירט ווערען פון די שטאט־רעגירונגען, פון די גא־ווערנארס, זאל עס געטאן ווערען פון דער נאציאנאלער רעגי־רונג. אין מערץ, 1863, האט לינקאלן אונטערגעשריבען א גע־זעץ וואס האט געהייסען, אז יעדער בירגער פון די פאראייניגטע שטאטען און יעדער אימיגראנט וואס האט ארויסגענומען די ערשטע פייפערס, צווישען דעם עלטער פון 20 און 45 יאר, מעג

פון פרעזידענט גערופען ווערען אין דער ארמיי. דאס געזעץ האט געמאכט געוויסע אויסנאמען (עקזעמפּשאנס): דער וואס האט געהאט אימיצען צו דערנערען (א פאטער פון קליינע קינדער, אן איינציגער זון פון אן אלמנה אדער פון אלטע עלטערען) זיינען פריי געווען. דער וואס האט באצאלט דריי הונדערט דאלער, אדער דער וואס האט געבראכט א שטעל־פארטרעטער איז אויך באפרייט געווארען.

אזוי שנעל, ווי די נאציאנאלע רעגירונגס־בעאמטע האבען גענומען מאכען הכנות פאר'ן „דרעפט" האבען זיך גענומען טראגען קלאנגען וועגען אומרועןן און ווידערשטאנדען. דער ערשטער שריט אין די הכנות איז באשטאנען אין זאמלען די נעמען פון אלע מענער פון מיליטער־עלטער. עס זיינען ארויסגעשיקט געווארען מענשען צו גיין פון הויז צו הויז און קלייבען די נעמען. פון די מענשען זיינען אנגעקומען באריכטען וועגען ווידערשטאנדען: „אין פענסילוויינא, שרייבט מעקמעסטער, זיינען געווען עטליכע אזוינע ארגאניזאציעס (וואס האבען געהאלפען סאלדאטען צו דעזערטירען און וועלכע האבען באקעמפט דעם „דרעפט"). די מיטגלידער פון איינער פון די ארגאניזאציעס פלעגען זיך פארזאמלען אין קרעטשמעס, אין פריוואטע הייזער, אין שטאלען, און פלעגען זיך פארשווערען צו ווערען זיך געגען דעם דרעפט. קיינער איז דערפאר ניט געווען איבערראשט ווען עס איז באקאנט געווארען, אז די נעמען זאמלער ווערען דארט שלעכט באהאנדעלט. איינעם האט מען געצוואונגען ער זאל אויפגעבען זיין ארבייט, א צווייטען האט מען געשאסען, א דריטען האט מען אונטערגעצונדען די מיל, צוויי זיינען באפאלען און צושלאגען געווארען, ביי נאך אנדערע האט מען אונטערגעצונדען די שטאלען. אין דער געגענד פון די מינען־ארבייטער האט זיך ניט געפונען קיין איינער וואס זאל וועלען ווערען א זאמלער פון נעמען. אלע האבען מורא געהאט צו טאן די ארבייט. אפילו די באלעבאטים פון די מינען זיינען טעראריזירט געווארען און זיי האבען מורא געהאט ארויסצוגעבען די נעמען פון די אנפירער פון דעם ווידערשטאנד. . . מען האט גע־

רעדט, אז צוויי טויזענד מאינערס זיינען דא ארגאניזירט און אז זיי זיינען באוואפענט. אין דעלאווער זיינען די נעמען־זאמלער באפאלען געווארען. מען האט זיי אויך געסטראשעט דורך בריף. א ווידערשטאנד צו דער זאמלונג פון נעמען איז אויך פארגעקומען אין נוארק, ניו דזשוירזי, אין ניו העמשיר, און אין ווערמאנט".

„פון דער וועסט זיינען אנגעקומען ענליכע באריכטען, — שרייבט מעקמעסטער. — די נעמען־זאמלער זיינען אטאקירט געווארען פון די מענער און באליידיגט געווארען פון די פרויען. אין פינף ראיאנען אין אהייא האבען זיי געמוזט רעזיגנירען. אין אינדיאנא זיינען צוויי פון די נעמען־זאמלער דערמארדעט געווארען. יונגעלייט וואס האבען געדארפט קומען צום „דרעפט" זיינען אנטלאפען פון טאלעדא, סאנדאסקי און קליוולאנד".

פראפעסאר ראודס מאכט די אלע ראיאטען און ווידערשטאנדען צו קליינגעלט. ער שרייבט: „אין דער צייט ווען די נעמען זיינען געזאמעלט געווארען זיינען פארגעקומען שטערונגען. אבער זיי זיינען שנעל אונטערדריקט געווארען. און כאטש זיי האבען געפירט צו לאקאלע אומרוען זיינען זיי אבער ניט געווען פון אזא כאראקטער, אז זיי זאלען באדייטען א ברייטע און שארפע אפאזיציע צו דער נייער מעטאדע פון נעמען סאלדאטען. דורך צוואנג".

אין יולי האט מען געדארפט אנהויבען ציען גורל פאר'ן פריזיוו. מען האט זיך גערעכט אז דאס וועט ברענגען נאך גרעסערע אומרוען ווי דאס זאמלען פון די נעמען. און עס איז טאקע אזוי געווען. אין ניו יארק האט אויסגעבראכען א בלוטיגער אויפשטאנד וועלכער האט אנגעהאלטען א וואך צייט. אין דער געשיכטע ווערט דער אויפשטאנד באצייכענט מיט'ן נאמען „דרעפט ראיאטען". זיי זיינען אבער געווען מער ווי ראיאטען. טעג נאכאנאנד זיינען אויף די גאסען פארגעקומען אמת'ע שלאכטען צווישען גרויסע מאסען מענשען און דער פאליציי, מיליץ און סאלדאטען. ארום טויזענד מענשען זיינען דער'הרג'עט און פארוואונדעט געווארען. אייגענטום איז פארניכטעט געווארען אויף דער סומע פון אנדערהאלבען מיליאן דאלער.

וועגען די דרעפט־ראַיאָטען אין ניו יארק זיינען היסטאָריקער צוטיילט אין זייערע מיינונגען. אין ניו־יארק האָט דעמאָלט געהערשט דער קאָרופּטער „באָס" פון דער פּאָליטישער טעמעני־מאַשין, דער בארימטער „באָס טוויד". אין אלבאַני איז דע־מאָלט געזעסען טוויד'ס אַ מענש אויף דעם גאָווערנאָר־שטול, האָריישאָ סעימאָר. די טעמעני־אָרגאַניזאַציע און גאָווערנאָר סעי־מאָר האָבען די גאַנצע צייט געהעצט געגען פּרעזידענט לינקאָלן (סעימאָר האָט געהאַט אמביציעס צו ווערען פּרעזידענט). זיי־נען דעריבער געוויסע היסטאָריקער מיט דער מיינונג, אַז די ראַיאָטען זיינען אויפגעהעצט און אָנגעפירט געווארען פון טע־מעני־לייט, פון באָס טוויד און זיינע משרתים. אַנדערע היס־טאָריקער גיבען אנצוהערעניש, אַז פאַראַנטוואָרטליך פאר די ראַיאָטען זיינען געווען די „פּרעמדע", די אימיגראַנטישע אר־בייטער־מאַסען, וועלכע האָבען באַוואוינט געוויסע דיסטריקטען אין ניו יארק. די אימיגראַנטען ארבייטער זיינען געווען מייסטענס איירישע. זיי האָבען ניט געוואָלט גיין אין דער מלחמה און האָ־בען געהאַסט די נעגער.

אַ דריטע מיינונג, וועלכע שיינט צו זיין די לאָגישסטע און ריכטיגסטע, ווערט געגעבען פון דעם סאָציאַליסטישען שרייבער שליטער אין זיין ווערק „לינקאָלן, די ארבייטער און שקלאַ־פּעריי". ער זאָגט: „די אורזאַך פון די דרעפט־ראַיאָטען אין ניו יארק איז געווען אַ סאָציאַלע. זיי זיינען ארויסגעוואַקסען פון דעם פאקט, וואס די רייכע האָבען געמאכט אַ פאַרזוך ארויפ־צולייגען דעם גאַנצען בלוטיגען יאָך אויף די פּלייצעס פון דעם ארבייטער־קלאַס". שליטער ווייזט אָן, אַז דאָס נייע דרעפט־געזעץ האָט מעגליך געמאכט פאר דעם רייכען מאַן פון מיליטער עלטער זיך אויסצודרייען, ער האָט געדארפט בלויז איינצאָלען 300 דאָלער. די אָרימע, וועלכע האָבען קיין געלד ניט גע־האַט, האָבען אַלזאָ געמוזט גיין פארגיסען זייער בלוט, בשעת די רייכע זיינען געזעסען אין דערהיים. פּראָפעסאָר פאַיט ווייזט אָן אויף אַן אינדוסטריעלער אורזאַך פון די ראַיאָטען. ער שרייבט: „די גרונט אורזאַך פון די ראַיאָטען איז געווען אינדוס־

טריעלע אומצופרידענקייט. . . די ארבייטער־מאסען האבען אין דעם דרעפט־געזעץ א פארזוך זיי צו צווינגען צו גיין פאר־גיסען זייער בלוט פאר די נעגער וועלכע האבען פארנומען זייערע פלעצער ביי דער ארבייט. בראש פון דעם המון זיינען געשטא־נען די דאק־ארבייטער, וועלכע האבען פארלארען זייער סטרייק. די נעגער האבען געדינט אלס סטרייק־ברעכער".

אט איז א שילדערונג פון די ראיאטען אין ניו יארק אין דעם ווערק „באס טוויד", פון דענים טילדען לינטש.

„דער דרעפט האט זיך אנגעהויבען שבת אין דער פרי, דעם 11טען יולי, אין דער ביורא אויף קארנער 16טע סטריט און דריטע עוועניו. מחנות מענשען האבען ארומגערינגעלט די געביידע דעם גאנצען טאג... קיין אומרוען זיינען אבער דעם טאג ניט פארגעקומען. זעקס אזייגער, ווען דער אפיס האט געענדיגט די ארבייט, זיינען זיך די מענשען צוגאנגען. . . זונטאג איז אין דער גאנצער שטאט אנגעגאנגען א געהיימע טעטיגקייט. מענער האבען זיך פארזאמעלט אין האלס און אין הינטער־צימערען פון סאלונען און אין פריוואטע הייזער. . . דאס זיינען געווען מיים־טענס קלערקס און ארבייטער. גערעדט צו זיי האבען גוט־גע־קליידטע מענשען. די גוט־געקליידטע זיינען געגאנגען פון איין פארזאמלונג צו דער צווייטער. . . מאנטאג אין דער פרי זיינען טויזענדער מענער ניט געקומען צו דער ארבייט. . . טייל האבען זיך צושטעלט אויף דער צווייטער און דריטער עוועניו און אפ־געשטעלט יעדען טראמוויי און באפוילען די קאנדוקטארען זיי זאלען אפפירען די טראמווייען אין די שטאלען און זיי דארט איבערלאזען. . . די מענער וואס האבען דעם באפעל געגעבען זיינען געווען באוואפענט מיט שטיקער אייזען. טייל האבען געהאט רעוואלווערען. זיי האבען אבער קיין געוואלד מיטלען ניט אנגעווענדט. די קאנדוקטארען האבען געפאלגט מיט גוטען.

אין דערזעלבער צייט האבען אנדערע גרופען ארבייטער מיט העק אין די הענט אויסגעהאקט די טעלעגראף־סלופעס ארום דעם דרעפט־אפיס. דאס איז געטאן געווארען כדי עס זאל ניט מעג־ליך זיין פאר די בעאמטע צו טעלעגראפירען נאך הילף.

טראַמוויעס זיינען אַפּגעשטעלט געוואָרען צוליב אַן ענליכער אורזאַך, עס זאָל ניט מעגליך זיין צו ברענגען צו פירען פּאָליציי אָדער סאָלדאַטען.

ארום דעם דרעפּט אָפּיס האָבען זיך איצט פארזאמעלט טויזענדער מענשען. דער אָפּיס איז געווען באוואַכט פון צענדליגער פּאָליציסטען. אנדערהאַלבען שעה איז די דרעפּט־אַרבייט אָנגעגאַנגען אומגעשטערט. פּונקט האַלב צען האָט זיך דערהערט א שאָס פון א רעוואָלווער. דאָס איז געווען דער סיגנאַל. גלייך האָט זיך א שאָט געטאָן א האָגעל פון שטיינער אין די פענסטער פון דעם אָפּיס. די פּאָליסלייט האָבען געפּרובט די מענשען צוריקהאַלטען אָבער דער המון האָט זיי פארטריבען. באַלד זיינען אָנגעקומען 50 סאָלדאַטען. דער המון איז זיי באַפּאַלען. די סאָלדאַטען האָבען אויסגעשאָסען. דריי פון עולם זיינען געפאַלען טויט. „די מאַסע האָט ארומגערינגעלט די סאָלדאַטען און ארויסגענומען די וואָפען פון זייערע הענד. צוויי פון די סאָלדאַטען זיינען דערשלאָגען געוואָרען אויף טויט. א דריטער איז אנטלאָפען צום איסט ריווער און האָט ארויפגעקלעטערט אויף א הויכען פעלז נעבען ברעג. א טייל פון עולם האָט אים נאָכגעיאָגט און ארונטערגעשליידערט אויף די שטיינער, וואו ער איז דער'הרג'עט געוואָרען. כדי צו זיין זיכער אז ער איז טויט האָט דער המון אויף אים אָנגעוואָרפען א בארג מיט שטיינער.״*)

דער טייל פון דעם המון וואס איז פארבליבען ארום דער ביורא האָט באַפּוילען די מענשען אינעווייניג ארויסצוגיין. געוואוינט האָבען דאָרטען זייער ארימע מענשען. מען האָט זיי אָבער קיין צייט ניט געגעבען ארויסצוטראָגען זייערע זאכען. ווען זיי זיינען ארויס האָט דער המון אונטערגעצונדען דאָס הויז. דריי דערבייאיגע הייזער האָבען זיך אָנגעכאַפּט פון די

*) מר. לינטש, דער שרייבער פון די געבראַכטע שורות, איז מיט דער מיינונג אז די ראַיאָטען זיינען פאראורזאַכט געוואָרען דורך טעמעני־לוויט.

פלאמען און אַלע זיינען זיי פארברענט געווארען אויף אַש. אי־בער׳ן וועג האָט דער המון אונטערגעצונדען נאָך דריי הייזער און ווען די פייערלעשער זיינען געקומען, זיינען זיי פארטריבען געווארען.

נאָכמיטאג האָבען זיך אנגעהויבען ראיאָטען אין נידעריגען טייל פון שטאָט (דאון טאון). דאָרט האָבען זיך געפונען די פאַבריקען. קאָמיטעס זיינען ארומגעגאנגען און באַפוילען די ארבייטער צו פארלאָזען זייערע פלעצער. כמעט אַלע האָבען גע־פאָלגט. א גרויסע מחנה איז דאן אַוועק צו מעיאר׳ס וואוי־נונג (ער איז גראדע געווען א רעפובליקאנער) אויף דער פינפטער עוועניו און פופצענטע סטריט. זיי האָבען געוואָלט זיך אריינ־רייסען אין הויז. אָבער א ריכטער, וואס די מאַסע האָט אים געהאלטען פאר אירען א פריינד, ווייל ער איז געווען געגען דעם דרעפט, האָט זיי געראָטען דאָס ניט צו טאָן און זיי האָבען אים געפאָלגט.

די שטאָט איז געווען אין טויט שרעק. אויף די גאסען האָט מען געזען בלויז דעם אויפגערעגטען המון, פּאָליסלייט און סאָלדאַטען. דער דרעפט איז סוספענדירט געווארען. דער מעיאר האָט אריבערגעפירט זיין ביורא אין אַ האָטעל אויף בראָדוויי, ביי ספרינג סטריט. אין סיטי האָל האָט ער מורא געהאַט צו פארבלייבען. ווער עס האָט נאָר געהאַט די מעגליכ־קייט איז אנטלאָפען פון שטאָט. יעדע שיף אין האפען, וואוהין זי איז ניט געפאָרען, איז געווען געפּאַקט מיט פּאסאזשירען. די באַנען האָבען זיך אָבער געמוזט אפּשטעלען ווייל דער המון האָט אויפגעריסען די רעלסען. ביז פארנאכט איז אין שטאָט ניט גע־בליבען קיין איין וואגאָן אָדער קארעטע: אלץ איז אוועקגעפאַ־רען מיט פליכטלינגע.

דינסטאג איז די שטאָט געווען אין די הענד פון דעם המון. צו זיי זיינען איצט צוגעשטאָנען גנבים און באַנדיטען. די היימען פון דעם מעיאר און פון דעם פּאָסטמייסטער זיינען צורויבט געווארען. אלערטאָנ׳ס האָטעל איז פארניכטעט גע־ווארען. א קליידער־געשעפט אויף ברוקס און טעטערין סטריט

איז צורויבט געווארען. א פערי־געביידע איז פארברענט גע־ווארען. פּאָגראָמען זיינען געמאכט געווארען אויף נעגער. מען האָט זיי געטריבען און געשלאָגען. זייערע הייזער און זייערע קליי־נע געשעפטען זיינען צוראבירט געווארען. הונדערטער נעגער זיינען אנטלאָפען אין בלעקוועל איילאנד אָדער האָבען זיך באהאל־טען אין די וועלדער ארום שטאָט. . . ביינאכט האָט דער המון אטאקירט די וואוינונג פון האָרעס גרילי, דער רעדאקטאָר פון דעם „טריביון", זי צופלינדערט און אונטערגעצונדען.

דער שרעקליכסטער קאמף איז פאָרגעקומען אויף דער צוויי־טער עוועניו און 22טער סטריט. אויף יענעם קאָרנער איז דע־מאָלט געשטאנען א גרויסע געביידע וואו מען האָט פאבריצירט ביקסען פאַר דער ארמיי. . . אין דער געביידע האָבען זיך דע־מאָלט געפונען פיר טויזענט פארטיגע ביקסען. דער המון האָט עס געוואוסט און האָט געוואָלט זיך ארייננרייסען אין דער גע־ביידע און ארויסנעמען די ביקסען. זעכציג פּאָליסלייט האָבען באוואכט די טירען פון דער געביידע און געשאָסען אויף יעדען וואָס האָט געמאכט א פארזוך ארייננצוגיין אינעווייניג.

א פּאָר שטונדען האָבען פּאָליסלייט און דער המון זיך גע־שלאָגען ארום דער געביידע. ענדליך א זייגער דריי איז גע־לונגען דעם עולם ארייננצודרינגען אינעווייניג. די פּאָליסלייט זיינען אנטלאָפען. דער המון האָט אויפגעריסען די קאסטענס מיט די ביקסען. הונדערטער פון זיי זיינען ארויף אויף דעם העכסטען עטאזש, וואו עס האָט זיך געפונען א ליידיגער זאל פאר מושטירען זיך. איינער פון די פירער האָט פארמאכט די טיר כדי מען זאָל דאָס מושטירען ניט שטערען.

דערווייל האָט א שיכור'ער מאַן אונטען אונטערגעצונדען די געביידע. דער ברוק און די ווענט זיינען דאָרט געווען אנגע־זאפּט מיט אויל און די פלאַמען האָבען זיך פארשפּרייט מיט א ווילדער שנעלקייט. אין זעלבען מאָמענט זיינען אנגעקומען סאָל־דאַטען. עס איז געווארען א געשלעג. די סאָלדאַטען האָבען גע־שאָסען. איידער די סאָלדאַטען האָבען דעם עולם צוטריבען איז די געביידע פארפלייצט געווארען מיט כוואַליעס פייער. אַלע

מענשען וואס זיינען געווען אינעווייניג (די צאל איז קיינמאל ניט פעסטגעשטעלט געווארען) זיינען פארברענט געווארען אויף קויל.

אין דער זעלבער צייט האט א צווייטער המון אטאקירט א נע־גערשען בית יתומים, וואס איז געשטאנען אויף דער פינפטער עוועניו צווישען דער 43טער און 44טער סטריט. אין דער גע־ביידע האבען זיך געפונען עטליכע הונדערט קינדער אונטער צוועלף יאר. צום גליק האבען די אנגעשטעלטע ארויסגעפירט די קינדער נאך איידער דער המון האט זיך פארזאמעלט. דער המון האט די געביידע אונטערגעצונדען, זיך ארומגעשטעלט ארום איר און ניט געלאזען די פייערלעשער צוצוקומען ביז וואנען זי איז אינגאנצען פארניכטעט געווארען.

אויף קלארקסאן סטריט, נעבען האדסאן, האט דער המון געכאפט א נעגער און איהם געלינטשט. זיי האבען איהם אויפגע־האנגען און אונטערגעלייגט א פייער אונטער זיינע פיס. פאליס־לייט האבען איהם געוואלט ראטעווען אבער דער המון האט זיי פארטריבען.

דינסטאג נאכמיטאג איז גאווערנאר סעימאר אנגעקומען אין ניו יארק. ער האט אדרעסירט א גרויסען עולם, וואס האט זיך פארזאמעלט ארום סיטי האל. ער האט פארזיכערט אז דאס דרעפט־געזעץ וועט ניט דורכגעפירט ווערען ביז וואנען דאס גע־ריכט וועט ניט פסק'ענען צי ער איז קאנסטיטוציאנעל. דער עולם האט געוואוסט אז סעימאר איז אויף זייער זייט און זי האבען איהם שטארק אפלאדירט.

מיטוואך זיינען די ראיאטען פארטגעזעצט געווארען. גרוי־פעס יונגע בחורים זיינען באפאלען די ארימע הייזער פון די נעגער און דארט געמאכט פאגראמען. אין איין הויז האבען זיי געפונען א קליין נעגער־קינד פון צוויי יאר. (די אנדערע זיי־נען אנטלאפען). האבען זיי דאס קינד ארויסגעווארפען פון פענסטער. „דער טויטער קערפער פון דעם קינד, שרייבט לינטש, איז געלעגען אין גאס שטונדען לאנג". דער המון האט איינ־געבראכען אין די פראסטיטוציאנס־הייזער און אראפגעריסען פון

די מיידלאך זייערע זיידענע קליידער און זייער צירונג. אויף דער ערשטער עוועניו, צווישען דער עלפטער און פערצענטער סטריט, האט דער המון אויפגעשטעלט באריקאדען. דארט האט מען זיך געשלאגען דעם גאנצען טאג. אויף דער ניינטער עוועניו זיינען געשטאנען באריקאדען פון דער 24טער סטריט ביז דער 42טער. הינטער די באריקאדען זיינען דעם גאנצען טאג געשטאנען טויזענטער מענשען מיט ביקסען אין די הענד. א קאנאן איז דארט אויך געווען.

ביינאכט האט מען געקענט זען א סך נעגערס הענגענדיג פון לאמפען־סלופעס און ביימער. אויף קארנער 28טער סטריט און 7טע עוועניו איז געהאנגען א יונגער נעגער. פון זיין קער־פער זיינען געווען אויסגעשניטען שטיקער פלייש.

דאנערשטאג נאכמיטאג זיינען אנגעקומען אין שטאט פינף רעגימענטען סאלדאטען. זיי האבען די אומרוען שנעל איינ־געשטילט. ביינאכט איז אלץ געווען שטיל.

מיטוואך נאכמיטאג האבען די ראטמענער (קאמאן גאונסעל) פון שטאט געהאט א זיצונג און אנגענומען א רעזאלוציע וואס האט פארדאמט דעם דרעפט. זי האט אויך באוויליגט די סומע פון צוויי און א האלב מיליאן דאלער אלס א פאנד פאר די ארימע פריזיוויניקעס. מיט דעם פאנד האט זיך דער ארימער געדרעפטעטער געקענט באנוצען כדי זיך אויסצוקויפען פון דינסט.

אין אנדערע שטעט זיינען אויך פארגעקומען אומרוען ביים דורכפירען דעם דרעפט. אין נוארק האט אן עולם צורויבט א רעדאקציע און אויסגעבראכען די פענסטער ביים דרעפט־בע־אמטען. אין טרענטאן האט מען פאר מורא אפגעלייגט דעם דרעפט. אין א סך אנדערע שטעט האט מען דעם דרעפט דורכגעפירט אונטער א שווערער וואך פון סאלדאטען. דער גאווערנאר פון אילינאי האט געבעטען מען זאל אים שיקען פינף רעגימענטען ער זאל קענען דורכפירען דעם דרעפט.

אין ניו יארק האט מען דעם דרעפט ווידער אנגעהויבען ערשט דעם 19טען אוגוסט. די שטאט איז באוואכט געווען

פון אן ארמיי פון דרייסיג טויזענד סאָלדאטען. די גאסען זייי־נען פול געווען מיט קאוואלעריע. קיין שטערונג איז דאס מאָל שוין ניט פארגעקומען.

בכלל איז דער דרעפט געווען א דורכפאל. אין דעם גורל האָט מען ארויסגעצויגען איבער 292 טויזענד נעמען. ארום 40 טויזענד האָבען זיך צום פריזיוו ניט געמאָלדען. ארום 164 טויזענד זיינען באפרייט געווארען צוליב פארשיידענע געזעצליכע אורזאכען. זיינען איבערגעבליבען ניט מער ווי 88 טויזענד. פון די האָבען איבער 52 טויזענד זיך אויסגעקויפט מיט געלד. די רעגירונג האָט פון דעם גאנצען דרעפט געקראָגען ניט מער ווי 36 טויזענד סאָלדאטען. איבער צוויי־דריטעל פון די 36 טויזענד זיינען געווען „סאבסטיטיוטס" (שטעל־פארטרעטער), אזוינע וואָס האָבען פארנומען דעם פלאץ פון „אָפּגעגעבענע".

דער דרעפט איז באנוצט געווארען נאָך א פּאָר מאָל שפּעטער אין 1863 און אין 1864. עס איז געווארען אלץ שווערער און שווערער צו קריגען סאָלדאטען מיט גוטען און מען האָט גע־מוזט באנוצען צוואנג־מיטלען. קיין אומרוען זיינען שוין אָבער ניט פּאָרגעקומען. די נאציאָנאלע רעגירונג, און די רעגירונגען פון די שטאטען, די שטעט און ראיאָנען, האָבען געזוכט צו ווירקען אז מען זאָל פרייוויליג ארייננטרעטען אין דער ארמיי. זיי האָבען אָנגעבאָטען באלוינונגען (באָנוסעס) יעדען איינעם וואָס וועט עס טאָן. די נאציאָנאלע רעגירונג, צום ביישפּיל, האָט גע־געבען א באָנוס פון 302 דאָלער צו יעדען אויסגעדינטען סאָל־דאט וואס וועט ווידער ארייננטרעטען אין דער ארמיי און 202 דאָלער צו יעדען נייעם רעקרוט וואס וועט ניט ווארטען אויפ'ן דרעפט (די צוויי דאָלער איז געווען האנט־געלט וואס דער רע־קרוט פלעגט באקומען גלייך ווי ער האָט זיך פארשריבען). אויסער דעם באָנוס פון דער נאציאנאלער רעגירונג האָט דער רעקרוט באקומען באָנוסעס פון זיין שטאט־רעגירונג. אָפט האָט ער, אויסער די צוויי באָנוסעס, באקומען נאָך א באָנוס פון זיין שטאָט, פון דער ראיאָן־רעגירונג אָדער פון ספּעציעלע אָרגאניזאציעס.

מאסאטשוזעטס, צום ביישפיל, האָט געגעבען א באָנוס פון 325 דאָלער און דערצו 20 דאָלער א מאָנאט אזוי לאנג ווי דער סאָל־דאט איז פארבליבען אין דינסט. די שטאָט ניו יארק האָט גע־געבען א באָנוס פון 300 דאָלער, און דער שטאט ניו יארק האָט געגעבען נאָך 75 דאָלער. אן אויסגעדינטער סאָלדאט פון ניו יארק וואס איז ווידער אריין אין דער ארמיי האָט אלזא בא־קומען אין באָנוסעס פון די פארשיידענע רעגירונגען די סומע פון 775 דאָלער. דזשוירזי סיטי האָט געגעבען א באָנוס פון 350 דאָלער; פילאדעלפיא, 200 דאָלער; דאָס קליין שטעטעל קעמ־דען, 270 דאָלער.

די סיסטעם פון צאָלען באָנוסעס איז געווען זייער שלעכט. עס האָבען זיך דורכדעם אנטוויקעלט צוויי צרות. איין צרה איז געווען דער מעקלער, וואס האָט געהאנדעלט מיט „סאָב־סטיטיוטס" אָדער שטעלפארטרעטער. דאָס איז געווען א מענש וואָס האָט געזוכט רעקרוטען אויף צו פארנעמען די פלעצער פון אָפּגעגעבענע. דער מעקלער האָט געהאט אגענטען וואס האָבען געזוכט שטעלפארטרעטער און זיי געבראכט צו אים. אָפט האָ־בען די קאנדידאטען ניט געטויגט פאר דער ארמיי. די מעקלער פלעגען טעראָריזירען יונגע לייט און זיי מיט געוואלד אריינ־צווינגען אין דער ארמיי. פּראָפעסאָר ראודס ברענגט פאָלגענדע ציטאטע פון דעם „ניו יארק טריביון": „די סיסטעם פון דינ־גען סאָלדאטען וואס מען האָט די לעצטע צייט איינגעפירט אין אונזער שטאָט איז איינע פון די גרעסטע סקאנדאלען פון דער מלחמה. מען באנוצט זיך מיט געוואלד מיטלען, מיט שכור'ע געטראנקען, מיט סטראשונקעס, מיט שווינדלען כדי צו ברענגען קרבנות צום באָנוס־מעקלער. קריפּעלס, אלטע לייט, יונגע קינדער אָדער אזוינע וואס ליידען פון אומהיילבארע קראנקהייטען ווע־רען אריינגעגעבען אין דער ארמיי אלס רעקרוטען".

די צווייטע צרה איז געווען וואָס עס האָט זיך אנטוויקעלט א קלאַס פון „באָנוס גנבים". א חברה־מאן פלעגט זיך פאר־שרייבען אין דער ארמיי אין איין שטאָט, פלעגט דאָרט צונעמען אלע זיינע באָנוסעס, דערנאָך פלעגט ער אנטלויפען פון דער

ארמיי, אוועקפארען אין אן אנדער שטאט, בייטען זיין נאמען און זיך ווידער איינשרייבען אין דער ארמיי און ווידער קריגען באנוסעס. עס ווערט דערציילט פון א פאל, ווען איינער האט זיך פארשריבען אין דער ארמיי ניט ווייניגער ווי 32 מאל און יעדען מאל באקומען געלט אלס באנוסעס.

אין מאי, 1864, האט מען געמאכט א נייעם דרעפט. דער ערשטער באריכט וואס איז אנגעקומען צום הויפט פון דער דרעפט ביורא אין וואשינגטאן האט ענטהאלטען די פאלגענדע ציפערען: עס זיינען געשטעלט געווארען צום פריזיוו 14,747 מאן. איבער 13,400 זיינען באפרייט געווארען, טייל צוליב פיזישע אורזאכען, טייל ווייל זיי האבען איינגעווילּיגט צו באצאלען 300 דאלער, און טייל ווייל זיי האבען געדונגען שטעלפארטרעטער. די צאל וואס האט איינגעצאלט צו דריי הונדערט דאלער האט אנגעטראפען 5,050. די ציפער האט איבערראשט די דרעפט־בעאמטע און זיי האבען זיך געווענדט צום קריגס־מיניסטער סטענטאן מיט א בקשה, אז דער פונקט אין דעם דרעפט־געזעץ, וואס ערלויבט דעם אפגעגעבענעם סאלדאט זיך אויסצוקויפען מיט דריי הונדערט דאלער, זאל אפגעשאפט ווערען. אין קאנגרעס האט שוין פון פריער געהערשט א שטימונג געגען דעם פונקט. איצט אז דער קריגס־מיניסטער איז געוועזן מיט דערזעלבער מיינונג האט דער קאנגרעס געמאכט די ענדערונג אין דעם געזעץ. לינקאלן האט דעם נייעם דרעפט געזעץ אונטערגעשריבען דעם פערטען יולי און אין סעפטעמבער האט מען גענומען רופען סאלדאטען לויט דעם נייעם געזעץ.

וועגען דינגען שטעלפארטרעטער איז אין דעם נייעם געזעץ אויך געמאכט געווארען אן ענדערונג. בלויז יענע האבען געמעגט דינגען אלס שטעלפארטרעטער וועלכע זיינען אליין פריי געוועזן פון דעם דרעפט: דאס הייסט, ענטוועדער אימיגראנטען וואס האבען ניט געהאט ארויסגענומען די „ערשטע פייפערס", אדער אזוינע וואס האבען שוין אויסגעדינט א טערמין פון ווייניגסטענס צוויי יאר, אדער בחורים פון אונטער 20 יאר.

פאַר די רעקרוטען־מעקליארעס איז איצט געווארען א גליקליכע צייט. וויבאַלד אז מיט געלד האָט מען זיך ניט געקענט אויסקויפען איז געבליבען בלויז איין אויסוועג ווי אזוי זיך אויסצודרייען פון דרעפט, און דאָס איז, צו קריגען א שטעלפארטרעטער. די מעקליארעס האָבען געמאַכט גאָלדענע געשעפטען. די צייטונגען זיינען פול געווען מיט אַנאָנסען פון מעקלערם. איין אַנאָנסע האָט זיך געלייענט אומגעפער אזוי: „איילט זיך צו קויפען א שטעלפארטרעטער ווייל באַלד וועט זיך אָנפאנגען אזא נאָכפראגע אויף זיי, אז דער פרייז וועט שטייגען ביז 1,200 דאָלער א שטיק.” טייל געדרעפטעטע סאָלדאטען האָבען אליין אריינגעשטעלט אנאָנסען נאָך שטעלפארטרעטער און טייל אימיגראנטען האָבען אנאָנסירט אז זיי ווילען זיך פארקויפען פאר אזעלכע.

אָט זיינען אויסצוגען פון אַנאָנסען, ווי זיי ווערען איבערגעגעבען אין מעקמעסטער׳ס געשיכטע:

פארלאַנגט איירישלייט, ענגלאַנדער, שאָטלענדער, דייטשען און פראַנצויזען, מענשען פון אַלע נאַציאָנאליטעטען צו דינען אַלס שטעלפארטרעטער; דער וואָס זוכט א שטעלפארטרעטער אויף אַ יאָר קען אים ביי אונז באקומען פאר 800 דאָלער. אונזער ביורא האָט מאָנטאג צוגעשטעלט 41 שטעלפארטרעטער. מיר דארפען נאָך 34 פאר 950 דאָלער א שטיק.

די ארמיי־בעאמטע, וועלכע האָבען געזוכט רעקרוטען, האָבען אויך אריינגעשטעלט אנאָנסען אין די צייטונגען. אין זייערע אנאָנסען האָבען זיי אָנגעוויזען, אז עס לוינט זיך בעסער פאר דעם וואָס וויל דינען, אריינצוטרעטען אין דער ארמיי ניט אלס שטעלפארטרעטער, נאָר אלס א פרייוויליגער. א פרייוויליגער קריגט באָנוסעס פון דער רעגירונג, וואָס טרעפען אָן מער ווי דאָס געלט וואָס מען צאָלט פאר א שטעלפארטרעטער. פאר איין יאָר דינסט קריגט מען 750 דאָלער אין באָנוסעס און 192 דאָלער אין שכירות. דאָס איז זיבעצען און א האַלב דאָלער א וואָך, מער ווי מען קען פארדינען אין דערהיים.

אין פילאדעלפיא האָט זיך אָרגאַניזירט אַ קאָמיטע פון ביר־

נער, וועלכע האט צוגעשטעלט שטעלפארטרעטער פאר געדרעפ־טעטע סאלדאטען. זי האט געצאלט 650 דאלער פאר א שטעל־פארטרעטער. דעלאווער האט געגעבען יעדען געדרעפטעטען סאל־דאט פון איר שטאט א סומע פון 500 דאלער צו קויפען א שטעל־פארטרעטער. אין סינסינעטי זיינען די צייטונגען פול געוועזן מיט אזוינע אנאנסען: „600 מזומן פאר שטעלפארטרעטער". „600 פאר באפרייטע און אויסגעדינטע סאלדאטען". „25 דאלער פאר יעדען וואס וועט ברענגען א רעקרוט אין דער ארמיי".

ניט בלויז אפגעגעבענע סאלדאטען האבען געזוכט שטעלפאר־טרעטער. עס איז געווארען א פאטריאטישער מנהג פאר אלערליי מענשען און אפילו פאר פרויען צו דינגען א סאלדאט אלס „פאר־טרעטער פאר זיך". עס פארשטייט זיך, אז דעם פאטריאטישען פארגעניגען האבען זיך געקענט פארגינען בלויז רייכע און זיי פלע־גען צאלען הויכע פרייזען. איין אנאנס פון אזוינע מענשען האט זיך געלייענט אזוי: „פארלאנגט זעקס רעקרוטען, מוזען זיין גע־בילדעטע מענשען מיט גוטע מאניערען. זיי דארפען פארטרעטען זעקס רייכע און פראמינענטע הערען". די יאגעניש נאך פאר־טרעטער האט מיטגעבראכט, אז דער פרייז זאל שטייגען. מען האט געצאלט טויזענד, צוועלף הונדערט און אפילו פופצען הונ־דערט דאלער פאר א פארטרעטער. די וואס האבען ניט געהאט קיין מזומן געלד האבען אנגעבאטען שטיקער לאנד. איין אנאנס האט זיך געלייענט: „איך גיב א גוטע פארם פון 80 אקער לאנד פאר א שטעלפארטרעטער אויף איין יאר צייט". א צווייטע אנאנס באט אן צוויי הונדערט אקער לאנד צו צוויי פארטרעטער צו דינען צוויי יאר.

יעדער דרעפט איז געוועזן פארבונדען מיט דיזעלבע שווע־רינקייטען און מיט דיזעלבע שרעקען. אין געוויסע געגענדען האט דער עולם געסטראשעט די דרעפט־בעאמטע, אין אנדערע זיינען די יונגעלייט צולאפען איידער מען האט זיי געדרעפטעט. „אין וויסקאנזין און מינעסאטא, — שרייבט מעקמעסטער, — זיינען די מענער פון מיליטערישען עלטער אנטלאפען. אין א

באריכט פון א שטאט אין וויסקאנזין ווערט געזאגט, אז אלע מענער צווישען דעם עלטער פון 18 און 45 יאר זיינען אוועק־געפארען ערגעץ אויף באזוך צו פריינד, טויזנטער זיינען אוועק קיין קענעדע".

דאך איז דער דרעפט פארטגעזעצט געווארען און די רייען פון דער ארמיי זיינען שטענדיג געווען פול.

קאַפּיטעל 17.

# לינקאָלן באַפרייט די שקלאַפען פון דער סאוט.

דאָס ערשטע יאָר פון דער מלחמה האָט זיך לינקאָלן געהאַלטען ביי דערזעלבער שטעלונג צו דער שקלאַפען־פראַגע וואָס ער האָט פאָרמולירט אין זיין איינשוועררונגס־רעדע און אין זיין ערשטען „מעסעדזש”. אין די דאָזיגע צוויי דאָקומענטען האָט ער פארזיכערט, אז די מלחמה ווערט אָנגעפירט פאר דעם איינציגען צוועק איינצוהאלטען די גאנצקייט פון דער „יוניאן” און ניט כדי צו באפרייען די שקלאפען. דער קאָנגרעס האָט אויך אין א רעזאָלוציע, פון יולי, 1861, דערקלערט, אז די מלחמה ווערט ניט געפירט מיט'ן צוועק „אומצואווארפען אדער זיך ארייינצומישען אין עטאבלירטע אינסטיטוציעס”. מיט „עטאבלירטע אינסטיטוציעס” האָט דער קאָנגרעס געמיינט די אינסטיטוציע פון שקלאפעריי אין יענע שטאַטען וואו שקלאפעריי איז געווען עטאבלירט, וואו זי האָט עקזיסטירט.

לינקאָלן איז שטענדיג געווען א געגנער פון שקלאפעריי. ער האָט אין הונדערטער רעדעס אין פארלויף פון זיין פּאָליטישער קאריערע פארדאמט שקלאפעריי מיט די ביטערסטע ווערטער. איצט אבער האָט ער געפילט אז אויב ער וועט ארויסטרעטען געגען שקלאפעריי וועט ער דערמיט העלפען דעם שונא. ערשטענס, זיינען אין דער נאָרט געווען מיליאָנען מענשען וואס האָבען געגלויבט, אז מען דארף די שקלאפעריי אין דער סאוט צורו לאָזען. אָט די מענשען וואָלטען זיך ענטזאגט צו העלפען אין דער מלחמה ווען זיי וואָלטען געווען איבערצייגט, אז איר ציל איז אויסצוראָטען שקלאפעריי. צווייטענס, זיינען אין דער נאָרט געווען פיר שטאַטען וואו שקלאפעריי האָט נאָך עקזיסטירט, —

די גרעניץ־שטאַטען. זיי וואָלטען צוגעשטאַנען צום שונא, אויב זיי וואָלטען געוואוסט אז די נאָרט קעמפט געגען שקלאַפעריי. מיט דער הילף פון די גרעניץ־שטאַטען וואָלט די קאָנפעדערייסי געווען פיליכט אזוי שטארק, אז עס וואָלט אוממעגליך געווען זי צו באזיגען.

אָבער נישט קוקענדיג אויף לינקאָלנ׳ס אלע ערקלערונגען און הבטחות איז עס אוממעגליך געווען צו באזייטיגען די פראגע פון שקלאַפעריי. אויף שריט און טריט איז זי ארויפגעשוואומען, אי אויף די שלאַכטפעלדער, אי אין דער היים. א גרויסע צאָל רעפובליקאַנער האָבען געפאָדערט, אז די שקלאַפען זאָלען גלייך באַפרייט ווערען, און זייער צאָל איז געוואַקסען מיט יעדען טאָג. זיי האָבען געגלויבט, אז אַזאַ שריט וואָלט געווען ניט נאָר מענש־ליך און יושר׳דיג, נאָר אויך פּראַקטיש און קלוג. דאָס וואָלט געשטארקט די מאָראַל פון דער נאָרט און פאַר איר געוואונען פריינד צווישען די בעסערע מענשען אין אויסלאַנד. די מלחמה וואָלט דעמאָלט געווען א קאַמף פאַר אַ נאָבעלער זאַך, פאַר אַן אידעאַל. די סאָלדאַטען וואָלטען געהאַט פאַר וואָס צו זיין באַ־גייסטערט, און ערהאַבענע אורזאַך פאַר וועלכער מקריב צו זיין זייערע לעבענס. אויף די שלאַכטפעלדער און אין די אקופּירטע געגענדען אין דער סאוט איז די פּראַגע פון שקלאַפעריי געווען אַ פאַרשאַרפטע. די קאָמאַנדירען פון די נאָרט־ארמייען האָבען זיך אלע ווייכע אָנגעשלאָגען אויף איר. אָט האָבען זיי געפאַנ־גען נעגער, וועלכע האָבען געדינט אלס שקלאַפען ביים שונא און וועלכע האָבען דירעקט אדער אינדירעקט געהאָלפען די ארמייען פון דער סאוט; אָט זיינען צו זיי געקומען אנטלאָפענע שקלאַפען און אָנגעבאָטען זייער דינסט. צו זיי אין די הענד זיינען אריינ־געפאלען נעגערשע פרויען און קינדער, וואָס האָבען זיך געבעטען מען זאָל זיי ניט שיקען צוריק צו זייערע באַלעבאַטים. וואָס טוט מען מיט זיי? ווי האנדעלט מען מיט זיי?

די פאַרשידענע גענעראַלען פון דער נאָרט האָבען געהאַט פאַרשידענע און אָפטמאָל פאַרקערטע מיינונגען אין דער פראַגע. אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל איז דערציילט געוואָרען ווי אזוי גענע־

ראל פרעמאנט, דער קאמאנדיר פון דער ארמיי אין מיזורי, האט ארויסגעגעבען א באפעל, אז אלע שקלאפען אין יענעם שטאט זיינען פריי. לינקאלן האט דעם באפעל גלייך מבטל געמאכט. אויף אן ענליכען אופן האט געהאנדעלט גענעראל דייוויד האנ־טער, וועלכער איז געשטאנען מיט זיין ארמיי אין אן איינגע־נומענער געגענד אין סאוט קאראליינא. אין מאי, 1862, האט ער ערקלערט, אז אלע שקלאפען אין זיין טעריטאריע זיינען פריי. לינקאלן האט אויך זיין באפעל מבטל געמאכט. עס זיינען גע־ווען גענעראלען וואס האבען גענומען פונקט א פארקערטע שטע־לונג. גענעראל מענספילד האט ניט אריינגעלאזען קיין נעגער אין זיינע לאגערען. גענעראל האלעק האט פארבאטען זיינע סאל־דאטען צו באהאלטען אן אנטלאפענעם שקלאף. די צוויי גענע־ראלען ביועל און הוקער זיינען געגאנגען נאך ווייטער. זיי האבען ערלויבט שקלאפען אייגענטימער אריינצוקומען אין זייערע לאגע־רען און דארטען זוכען אנטלאפענע שקלאפען. אנדערע גענעראלען האבען אויסגעקליבען א מיטעל־וועג. גענעראל וואל האט אריינ־גענומען אנטלאפענע שקלאפען, זיי געגעבען ארבייט און פאר דער ארבייט זיי באצאלט. גענעראל באירנסאיד האט ערקלערט, אז ער מישט זיך ניט אין דער גאנצער אנגעלעגענהייט. טייל גענעראלען האבען פארזאגט זייערע סאלדאטען, אז אויב זיי כאפען אן אנטלאפענעם שקלאף ביי זיך אין לאגער זאלען זיי אים צוריקשיקען צו זיין באלעבאס; אנדערע גענעראלען האבען פארקערט, פארזאגט זייערע סאלדאטען, אז אונטער קיינע אומשטענדען זאלען זיי ניט העלפען די באלעבאטים כאפען אנט־לאפענע שקלאפען.

אין אוגוסט, 1861, האט דער קאנגרעס אנגענומען א באַ־שטימט געזעץ ווי אזוי די גענעראלען זאלען זיך פירען. דאס געזעץ האט געהייסען, אז א גענעראל האט א רעכט צו קאנפיס־קירען אזוינע שקלאפען וואס ווערען פון שונא באנוצט פאר מלחמה צוועקען, שקלאפען, הייסט עס, וואס טוען מיליטערישע ארבייט. אלע אנדערע שקלאפען האבען די גענעראלען ניט גע־

טאָרט טשעפען. ניט אַלע גענעראַלען האָבען אָבער ריכטיג אָפּ־
געהיט דאָס געזעץ.

אונטער'ן דרוק פון די ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער און די
„אַבאָלישאָניסטען" און אויך צוליב מיליטערישע סבות, האָט דער
קאָנגרעס, אויף לינקאָלנ'ס רעקאָמענדאַציע, אָנגענומען אַ גאַנצע
ריי געזעצען לטובת די נעגער־שקלאַפען. דער פּרעזידענט איז,
ווילענדיג, ניט־ווילענדיג, געשטויסען געוואָרען אין דער ריכטונג
פון באַפרייאונג, פון „עמאַנציפּאַציע".

איינס פון די געזעצען האָבען מיר שוין דערמאָנט: נעמליך,
אַז שקלאַפען וואָס ווערען באַנוצט צו העלפען דעם שונא'ס מילי־
טער זאָלען באַפרייט ווערען.

דעם 13טען מערץ, 1862, האָט דער פּרעזידענט אונטערגע־
שריבען אַ געזעץ וואָס האָט פאַרבאָטען סאָלדאַטען און אָפיצירען
צוריקצושיקען צו די באַלעבאַטים אַנטלאָפענע שקלאַפען וואָס קו־
מען צו זיי אין לאַגער.

אין אַפּריל, 1862, איז דורכגעפירט געוואָרען אַ געזעץ, וואָס
האָט אָפּגעשאַפט און אויף שטענדיג פאַרבאָטען שקלאַפעריי אין
וואַשינגטאָן, די הויפּט־שטאָט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג.
אין וואַשינגטאָן האָבען זיך דעמאָלט געפונען אַן ערך צען טוי־
זענט שקלאַפען.

מיט צוויי מאָנאַט שפּעטער, אין יוני, איז דורכגעפירט גע־
וואָרען אַ געזעץ, וואָס האָט פאַרבאָטען שקלאַפעריי אין די טע־
ריטאָריעס פון די פאַראייניגטע שטאַטען. פאַר דעם דאָזיגען פּרינ־
ציפּ איז די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי געשטאַנען פון דעם ערשטען
טאָג פון איר גרינדונג. איצט האָט זי ענדליך איר פּרינציפּ
פאַרווירקליכט.

אין יולי, 1862, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ געזעץ,
וואָס האָט באַפאָלמעכטיגט דעם פּרעזידענט אריינצונעמען נעגער
פאַר סאָלדאַטען אין דער אַרמיי. אין דעם געזעץ איז געווען אַ
פּונקט, אַז אַ נעגער־שקלאַף וואָס דינט אין דער אַרמיי ווערט
דערמיט שוין פריי. צוזאַמען מיט אים ווערען אויך פריי זיין
מוטער, זיין פרוי און זיינע קינדער. אין זעלבען געזעץ איז

געוועזן א פונקט בנוגע שקלאפען פון מענשען וועלכע שטיצען אדער העלפען דעם שונא אין דער מלחמה, א פונקט, אז אויב מען פאנגט זיי אדער זיי אנטלויפען און קומען אין א לאגער, אדער אויב זיי געפינען זיך אין אן אקופירטער געגענד, זאלען זיי ערקלערט ווערען פריי און זאלען קיינמאל מער ניט טארען פארוואנדעלט ווערען אין שקלאפען.

די אלע גינסטיגע געזעצען האבען ניט צופרידענגעשטעלט די ראדיקאלע רעפובליקאנער. זיי האבען געפאדערט אז שקלאפעריי זאל אינגאנצען אפגעשאפט ווערען.

לינקאלנ׳ס שטעלונג צו דער שקלאפען־פראגע איז ניט גע־בליבען דיזעלבע. דער מאראלער דרוק פון די ראדיקאלען און דער מיליטערישער דרוק אויפ׳ן שלאכטפעלד האבען אים געטריבען אלץ מער און מער לינקס. אין זיין „מעסעדזש" צום קאנגרעס אין מערץ, 1862, האט ער רעקאמענדירט דורכצופירען א רעזא־לוציע וואס זאל אויסדריקען דעם ווארנש פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען צו העלפען דער באפרייאונג פון די שקלא־פען. לינקאלן האט געוואלט, אז די רעזאלוציע זאל פארזיכע־רען יענע שטאטען וואס וועלען זיך אונטערנעמען צו באפרייען זייערע שקלאפען, ביסלאכוויז אדער מיטאמאל, אז די רעגי־רונג וועט זיי ארויסהעלפען מיט געלד. די פאראייניגטע שטאטען וועט זיי געבען דאס געלד ענטוועדער אלס פרייז פאר די שקלא־פען, און זיי, די שטאטען, זאלען די נעגער ארויסשיקען, אדער דאס געלט קען גיין פאר יעדער אנדער צוועק וואס דער שטאט וועט געפינען פאר נויטיג. לינקאלן האט די רעקאמענדאציע געמאכט הויפטזעכליך אלס א שאך־צוג אין דער מלחמה. ער האט געגלויבט אז אויב אים וועט געלינגען צו ווירקען אויף די גרעניץ־שטאטען זיי זאלען אליין אפשאפען שקלאפעריי וועט די „קאנפעדערייסי" פארלירען יעדע האפענונג ווען עס איז איבער־צוגעווינען יענע שטאטען אויף איר זייט און דאס וואלט געווען א שטארקער קלאפ פאר דער מלחמה־מאראל פון דער סאוט.

לינקאלנ׳ס רעקאמענדאציע איז אנגענומען געווארען. אזא רעזאלוציע איז אריינגעטראגען געווארען אין ביידע צווייגען פון

קאָנגרעס. די דעמאָקראַטען און די פארשטייער פון די גרעניץ־שטאַטען האָבען ביטער געקעמפט געגען איר. זי איז אָבער דורכגעגאַנגען און דער פּרעזידענט האָט זי אין אפּריל אונטערגע־שריבען. קיינע פּראַקטישע רעזולטאַטען האָט זי ניט געבראַכט. קיין איינער פון די שקלאַפען־שטאַטען, אפילו די וואס זיינען גע־בליבען טריי דער „יוניאָן", האָט זיך מיט איר ניט באַנוצט.

לינקאָלן האָט זיך אָבער געהאַלטען ביי זיין אידייע. ער האָט אָנגעווענדט אַלע כחות צו ווירקען אויף די גרעניץ־שטאַטען זיי זאָלען זייערע שקלאַפען אליין באַפרייען. דעם 12טען יולי, 1862, האָט ער איינגעלאַדען צו זיך אין „ווייסען הויז" די קאָנ־גרעסלייט און סענאַטאָרען פון די גרעניץ־שטאַטען און האָט זיי פאָרגעלייגט זיין פּלאַן, אז די שטאַטען זאָלען אליין באפרייען די שקלאַפען און די נאַציאָנאַלע רעגירונג וועט זיי דערפאַר באַ־צאָלען, דאָס הייסט, די נאַציאָנאַלע רעגירונג וועט פשוט ביי זיי אָפּקויפען די שקלאַפען און זיי ארויסלאָזען פריי. די מערסטע קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרען האָבען גערעדט געגען דעם פּלאַן. האָט זיך לינקאָלן ביי זיי געבעטען זיי זאָלען ווייניגסטענס דעם פּלאַן פאָרלייגען פאַר זייערע שטאַט־רעגירונגען. בלויז זיבען, — א קליינע מינאָריטעט פון די אנוועזענדע, — —האָבען פאַר־שפּראָכען דאָס צו טאָן. אויף מאָרגען האָט לינקאָלן פארלאַנגט פון קאָנגרעס ער זאָל באַווילינגען א סומע געלד, מיט וואָס דורכ־צופירען דעם פּלאַן. א ביל וועגען דעם איז אריינגעטראַגען גע־וואָרען אין קאָנגרעס, אָבער ער איז ניט אָנגענומען געוואָרען.

דעם 17טען יולי האָט זיך דער קאָנגרעס געשלאָסען. פינף טעג שפּעטער האָט לינקאָלן פאָרגעלייגט פאַר זיין קאַבינעט א „פּראָקלאַמאַציע פון באַפרייאונג" („פּראָקלאַמיישאָן אָוו אימענ־סיפּיישאָן"). אין דעם דאָקומענט האָט ער ערקלערט, אז ווען דער קאָנגרעס וועט זיך ווידער עפענען וועט ער פאָרלייגען א פּלאַן ווי אזוי אויסצוקויפען די שקלאַפען אין די לאָיאַלע שטאַטען. ער האָט ווייטער ערקלערט, אז אלס א מיליטערישער שריט, וועט ער טאָן דאָס פאָלגענדע: ער וועט פּראָקלאַמירען אז אין יענע

שטאטען, וואס וועלען זיך ניט אונטערגעבען פאר דעם ערשטען יאנואר, 1863, זיינען די שקלאפען באפרייט און וועלען אויף אייביג בלייבען פריי. לינקאלן האט ערקלערט פאר זיינע קא־בינעט־מיניסטארען, אז די שקלאפען אין די רעוואלטירענדיגע שטאטען מאכען מעגליך פאר די וייסע אנצופירען דעם קאמף. די שקלאפען טוען די נויטיגע ארבייט אויף די פעלדער און אין די היימען — האט ער געזאגט. — דאס מאכט מעגליך פאר די ווייסע צו גיין אין מלחמה. דערפאר האט ער א רעכט, אלס מיליטערישער קאמאנדיר, די שקלאפען צו באפרייען. די באַ־פרייאונג, הייסט עס, איז א מיליטערישער שריט.

די מיניסטארען האבען די פראגע דיסקוטירט. סוארד האט געראטען, אז די פארעפענטליכונג פון דער פראקלאמאציע זאל אפגעלייגט ווערען אויף א גינסטיגערער צייט. גראד דעמאלט האט זיך ערשט געהאט געענדיגט מעקלעלאנ׳ס טרויעריגע קאמ־פאניע ארום ריטשמאנד. די נארט האט געליטען א גרויסע מפלה. סוארד האט אנגעוויזען, אז דער עולם וועט איצט אויסטייטשען די פראקלאמאציע אלס א געשריי נאך הילף. עס וועט הייסען, אז אונזער רעגירונג שטרעקט אוים די האנד צו די נעגער זיי זאלען איר העלפען. . . דאס וועט באטראכט ווערען אלס דער לעצטער געשריי פון צוריקטריט. סוארד האט געראטען מען זאל אפוואר־טען ביז וואנען די נארט־ארמיי וועט געווינען א זיג אויפ׳ן שלאכטפעלד און דעמאלט זאל די פראקלאמאציע ארויסגעגעבען ווערען. לינקאלן האט צוגעשטימט צו סוארד׳ס עצה. אלע מיניס־טארען האבען זיך פארפליכטעט צו האלטען די פראקלאמאציע פאר א סוד.

דערווייל זיינען די ראדיקאלע רעפובליקאנער געווארען זייער אקטיוו אין זייער פראפאגאנדע פאר דער באלדיגער באפריי־אונג פון די נעגער־שקלאפען. דעם 20טען אוגוסט האט האריס גרילי, דער רעדאקטאר פון „טריביון” און איינער פון די פירער פון די ראדיקאלע רעפובליקאנער, אפגעדרוקט אין זיין צייטונג אן אפענעם בריף צו פרעזידענט לינקאלן אונטער דער קעפעל,

„די תפילה פון 20 מיליאָן". אין דעם אָפענעם בריף האָט גרילי געזאָגט צו לינקאָלן, אז אַ גרויסער טייל פון די בירגער וואס האָבען אים אויסגעקליבען זיינען אין אים איצט אַנטוישט. „מיר פאָדערען פון דיר דו זאָלסט דורכפירען דאָס געזעץ. מיר פאָדערען דו זאָלסט אויפהערען צו פאָלגען די עצות פון די אָפּגעלעבטע פּאָליטיקאַנטען פון די גרעניץ־שטאַטען. ווען דו וואָלסט גלייך ביים אַריינטרעטען אין אמט געוואָרענט די בונטאָווטשטשיקעס, אז דו וועסט באפרייען זייערע שקלאַפען וואלט עס געווען א טויטקלאַפּ פאַר דעם אויפשטאַנד."

לינקאָלן האָט אויף דעם אָפענעם בריף געשיקט אַן ענטפער וועלכער איז אָפּגעדרוקט געוואָרען אין דעם „טריביון" דעם 23טען אויגוסט. אין דעם ענטפער איז דאָ אַ פּלאַץ, וואס ווערט זייער אָפט ציטירט אלס דער אויסדרוק פון לינקאָלנ'ס שטעלונג צו דער שקלאַפען־פראגע אין פארלויף פון דער מלחמה. די שטעלע לייענט זיך אזוי: „איך וויל ראַטעווען די „יוניאָן". איך וויל זי ראַטעווען דורך די שנעלסטע מיטלען וואָס זיינען נאָר ערלויבט דורך דער קאָנסטיטוציע. אויב עס זיינען פאַראַן אזוינע מענשען וואס ווילען ניט ראַטעווען די „יוניאן" סיידען זיי וועלען צוזאמען מיט איר ראַטעווען שקלאַפעריי, שטים איך ניט איין מיט זיי. אויב עס זיינען פאראן אזוינע מענשען, וואס ווילען ניט ראטעווען די „יוניאָן" סיידען זיי וועט געלינגען אין דערזעלבער צייט צו פארניכטען שקלאַפעריי, שטים איך מיט זיי אויך ניט איין. מיין הויפּט־ציל אין דעם קאַמף איז צו ראַטעווען די „יוניאָן" און ניט צו ראַטעווען אדער פארניכטען שקלאַפעריי. אויב איך וואָלט געקענט ראטעווען די „יונאָן„ אָן דער באפרייאונג פון די שקלאַפען וואָלט איך עס געטאָן; אויב איך וואָלט זי געקענט ראטעווען דורך דער באפרייאונג פון די שקלאַפען וואָלט איך עס אויך געטאָן. אויב איך וואָלט זי געקענט ראַטעווען דורך באפרייען א טייל פון די שקלאַפען און די איבעריגע צורו לאָזען, וואָלט איך דאָס געטאָן. אלץ וואס איך טו בנוגע שקלאַפעריי און בנוגע די נעגער טו איך נאָר ווייל איך גלויב, אז דאָס העלפט מיר ראטעווען די „יוניאָן", און דאָס וואס איך האלט

זיך אפ פון טאן טו איך ניט, ווייל איך גלויב אז דאס וועט העל־פען ראטעווען די „יוניאן".

אין אנפאנג סעפטעמבער האבען גלחים אפגעהאלטען א קאנ־פערענץ אין שיקאגא און באשלאסען צו שיקען א קאמיטע צו לינ־קאלנ'ען און אים בעטען ער זאל גלייך באפרייען די נעגער. די קאמיטע איז צו אים געקומען און, ווי דער שטייגער איז, אפע־לירט צו אים אין נאמען פון גאט. זיי האבען ערקלערט אז דערפאר האבען די ארמייען פון דער נארט געליטען אזוי פיל נידערלאגעס, ווייל גאט איז אין כעס פארוואס לינקאלן בא־פרייט ניט די נעגער. לינקאלן האט געענטפערט דער קאמיטע האלב וויציג און האלב ערנסט. ער האט געזאגט: „מען קומט צו מיר מיט פארשיידענע עצות. טייל זיינען פונקט דער היפך פון די אנדערע. אלע עצה־געבער זיינען פרומע מענשען און אלע זיינען זיי זיכער אז זיי דריקען אויס א „הייליגען" וואונש. איך בין זיכער, אז ענטוועדער איין גרופע אדער די אנדערע מאכט א טעות אין זייער זיכערקייט בנוגע גאט'ס ווילען. איך האף, אז עס איז ניט קיין גאט־לעסטערונג פון מיר צו זאגען, אז אויב גאט וויל אויפדעקען זיין וואונש אין אן ענין וואס איז אזוי ענג פארבונדען מיט מיין פליכט, האט ער עס געדארפט אויפדעקען דירעקט צו מיר". דאן איז לינקאלן אריבער צו דער פראגע גופא. ער האט געזאגט, אז ער טראכט אליין איצט וועגען באפרייען די נעגער, אבער ער פילט, אז די צייט איז נאך ניט רייף. „איך פארזיכער אייך, אז די דאזיגע פראגע איז ביי מיר אין געדאנק טאג און נאכט מער ווי אנדערע פראגען."

די גינסטיגע צייט איז ענדליך געקומען. גלייך נאך דער שלאכט ביי ענטיטעט, דעם 22טען סעפטעמבער, ווען גענעראל לי איז געצוואונגען געווען צוריקצוציען זיין ארמיי פון מערי־לאנד, האט לינקאלן פאררופען זיין קאבינעט און פאר זיי פאר־געלעזען זיין „פראקלאמאציע פון באפרייאונג". איידער ער האט גענומען לייענען האט ער געזאגט צו די מיניסטארען: „איך האב אייך פאררופען איר זאלט הערען וואס איך האב אנגעשריבען. איך זוך ניט אייער עצה וועגען דעם ענין גופא. דאס האב איך

באשלאָסען אליין.״ דאַן האָט ער פאָרגעלייענט דעם דאָקומענט. אָט איז א קיצור פון דעם אינהאלט:

„די מלחמה וועט ווייטער ווי ביז אהער פאָרגעזעצט ווערען מיט׳ן ציל צוריק גאַנץ צו מאכען די „יוניאָן״; ער וועט זיך ווייטער ווענדען צום קאָנגרעס ער זאָל אים, דעם פרעזידענט, ערלויבען צו העלפען מיט געלד די לאָיאלע שטאטען וואס וועלען באפרייען זייערע שקלאַפען מיט אמאָל אָדער ביסלעכווייז; אז ער וועט ווייטער העלפען קאָלאָניזירען די באפרייטע נעגער, און אַז דעם ערשטען יאנואר, 1863, זאלען אלע שקלאַפען אין די רעוואָלטירענדע שטאטען באפרייט ווערען און אייביג בלייבען פריי.״ לינקאָלן האָט פארשפראָכען, אז דעם ערשטען יאנואר וועט ער ארויסגעבען א פראָקלאמאציע, אין וועלכער ער וועט אנגעבען די נעמען פון די שטאטען אין וועלכע די שקלאַפען ווערען באַפרייט. דעם דאָקומענט האָט לינקאָלן פארעפענטליכט אויף מאָרגען, סעפטעמבער דעם 23טען.

ניט די קאָנסערוואטארען און ניט די ראדיקאלען זיינען מיט דער פראָקלאמאציע אינגאנצען צופרידען געווען, — שרייבט מעקמעסטער. די קאָנסערוואטיווע פירער האָבען געהאלטען אז לינקאָלן איז אינגאנצען אריבער צו די ראדיקאלען, אז די פראָקלאמאציע וועט קיין שום רעזולטאטען ניט ברענגען און זי איז ניט ווערט דאָס פאַפיר אויף וועלכען זי איז געשריבען. דער אבאָליציאָניסט געריסאָן האָט אין זיין „ליבערייטאָר״ געשריבען: „איך בין ניט אזוי באגייסטערט פאר איר ווי א סך אנדערע״. די ראדיקאלען זיינען געווען אומצופרידען, ווייל לינקאָלן האָט פארשפראָכען צו באפרייען בלויז די שקלאַפען אין די רעוואָלטירטע שטאטען און ניט אין די לאָיאלע שטאטען. די לאָיאלע שטאטען האָט ער נאָך אלץ געבעטען זיי זאָלען איינוויליגען זייערע שקלאַפען צו פארקויפען. די ראדיקאלען האָבען אויך קריטיקירט לינקאָלנ׳ען דערפאר וואס ער האָט געשטיצט דעם פלאַן צו קאָלאָניזירען די פרייע נעגערס, דאָס הייסט, זיי באזעצען ערגעץ אין אן אנדער לאנד. די ראדיקאלען האָבען גע׳טענה׳ט,

אז די נעגער זיינען פונקט אזוינע בארעכטיגטע בירגער ווי די ווייסע.

די קאנסערוואטיווע צייטונגען האבען, פארקערט, קריטי־קירט דעם פרעזידענט פאר זוכען אפצושאפען שקלאפעריי אין דער סאוט. אויב די שקלאפען וועלען באפרייט ווערען, האבען זיי געטענה׳ט, און מען וועט נאך די פרייע נעגערס ארויספירען, וועט די קאטאן־אינדוסטריע אונטערגיין און די גאנצע סאוט וועט פארארימט ווערען. דערפון וועט אויך ליידען די נארט. די פאב־ריקען פון קאטאן סחורות וועלען ניט האבען די נויטיגע רויע מאטעריאלען. די סוחרים וועלען פארלירען דעם מארק פון דער סאוט ווייל די באפעלקערונג וועט ניט האבען קיין געלד צו קוי־פען. די צייטונגען וואס האבען פארטראטען די האנדעלס־אינ־טערעסען פון דער נארט האבען לינקאלנ׳ס פראקלאמאציע פאר־דאמט אלס א קלאפ געגען די פאבריקאנטען און סוחרים. זיי הא־בען זיך געטרייסט מיט דעם געדאנק, אז די פראקלאמאציע איז ניט קאנסטיטוציאנעל און זי וועט דערפאר סיי ווי ניט פאר־ווירקליכט ווערען.

די נייעס וועגען דער פראקלאמאציע האט אין דער סאוט ארויסגערופען א שטורעם פון צארן. דארט האט מען די פרא־קלאמאציע אויסגעטייטשט אלס א שריט אויפצואוועקען די שקלא־פען צו א בלוטיגען אויפשטאנד געגען זייערע באלעבאטים. א צייטונג אין ריטשמאנד האט שוין אויף דעם חשבון פון דעם מעגליכען שקלאפען־אויפשטאנד אנגערופען לינקאלנ׳ען מיט אזוי־נע נעמען ווי פייגלינג, „מערדער, בארבאר, מערדער פון פרויען און קליינע קינדער". גענעראל באָרעגארד האט טעלעגראפירט צום קאנגרעס פון דער קאנפעדערייסי א פארשלאג אז נאך דעם ערשטען יאנואר זאל מען „דערווערגען יעדען קריגס־געפאנגענעם פון דער נארט, וועלכער איז פאר דער אפשאפונג פון שקלא־פעריי". גאווערנאר בראון פון דזשארדזשיא האט גענומען צו־גרייטען געווער און אמוניציע טאמער וועלען די שקלאפען טאקע מאכען אן אויפשטאנד.

לינקאלן האט זיין פארשפרעכען געהאלטען. דעם 29טען דע־

צעמבער האָט ער געגעבען יעדען מיטגליד פון קאבינעט א קאָ־
פיע פון דער פּראָקלאַמאַציע וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר׳ן
ערשטען יאנואר. ער האָט זיי געבעטען צו נעמען די קאָפּיע
אהיים, זי פּאָרזיכטיג איבערלייענען און מאכען וואָס פאר א
אויסבעסערונגען זיי וועט איינפאַלען. דעם 31טען דעצעמבער האָ־
בען זיי אים צוריקגעבראַכט די קאָפּיעס. לינקאָלן איז דעם
גאנצען טאָג געזעסען פארשפּארט אין זיין צימער און געארבייט
איבער דעם דאָקומענט. ער האָט יענעם טאָג קיינעם צו זיך ניט
צוגעלאָזען.

אויף מאָרגען, ניי־יאר, איז לינקאָלן געווען פון עלף אין דער
פרי ביז שפּעט נאָכמיטאג אין דעם מזרח צימער פון „ווייסען־
הויז" וואו ער האָט געדריקט די הענד פון הונדערטער ניי־יאר
באַזוכער און גליקווינשער. שפּעט נאָכמיטאג האָט מיניסטער
סואַרד אים איבערגעבראַכט די איבערגעשריבענע פּראָקלאַמאַציע
ער זאָל זי חתמ׳ענען. זיצענדיג ביים שרייבטיש מיט דעם גרוי־
סען בויגען פּאַפּיר אויסגעשפּרייט פאר אים, האָט לינקאָלן איינגע־
טונקט די פעדער אין טינט און האַלטענדיג זי עטליכע סעקונ־
דען, האָט ער געזאָגט: „איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבען ניט
געפילט אזוי זיכער, אז איך טו ריכטיג ווי איצט, ווען איך שרייב
אונטער דעם דאָזיגען פּאַפּיר. איך האָב אָבער אויפגענומען א
סך באַזוכער און געדריקט יעדערן די האנד. דערפאר איז מיין
האנד איצט א פאר׳חלש׳טע. מיין אונטערשריפט אויף דעם דאָ־
קומענט וועט פאָרזיכטיג באטראכט ווערען און אויב מען וועט גע־
פינען אז מיין האנד האָט געציטערט וועט מען זאָגען: „ער האָט
געהאַט געוויסענביסען". איך וועל עס אָבער סיי־ווי טאָן". דאן
האָט ער מיט גרויס פּאָרזיכטיגקייט אונטערגעשריבען זיין נאָמען.

אין טייל שטעט איז די פּראָקלאַמאַציע אויפגענומען גע־
ווארען מיט גאסען־פּאַראַדען. מען האָט זי באַגריסט מיט א
שיסעריי פון הארמאַטען. אין ניו יארק האָבען די נעגער און
זייערע פריינד געפּראַוועט א יום־טוב. דאָס לאַנד אין אלגעמיין
האָט עס אָבער אויפגענומען קאַלט און מיט צווייפעל און אפילו
מיט א פּאָרוואורף. די אויסזעצונגען זיינען געווען פארשידענע.

איינינע האָבען גע'טענה'ט אזוי: דאָרט וואו דער פרעזידענט האָט די מאכט דורכצופירען זיין באַפעל (אין די גרעניץ־שטאַטען) ערלויבט ער שקלאַפעריי ווייטער צו עקזיסטירען. ער שאַפט אָפּ שקלאַפעריי דאָרט וואו ער האָט קיין מאכט ניט זי אפּ־צושאפן. אנדערע האָבען גע'טענה'ט, אז דער שריט איז ניט פּראקטיש און אז דורך אים וועט די מלחמה פארלענגערט ווערען. די פּראָקלאַמאַציע איז אויך קריטיקירט געווארען אלס אומגעזעצ־ליך. א צייטונג אין אָהייאָ האָט דעם 1טען יאנואר געשריבען: „מיר דרוקען אויף אַן אַנדער פּלאַץ די באַפרייאונג־פּראָקלאַמאַ־ציע וואס איז ארויסגעגעבען געווארען פון דעם טיראַן און או־זורפּאַטאָר לינקאָלן.“

לינקאָלן האָט איצט געפּרובט דורכצופירען דעם אנדערן טייל פון פּראָגראַם, צו קריגען געלד אויסצוקויפען די נעגער אין די לאָ־יאלע שקלאַפען שטאַטען. אין זיין „מעסעדזש“ צום קאָנגרעס האָט ער וועגען דעם פּלאַן א סך גערעדט. אָבער ניט דער קאָנ־גרעס און ניט די פּרעסע האָבען זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. די צייט פון אויסלייזען שקלאַפען מיט געלט איז געווען פארביי.

פּראָפעסאָר דרעיפּער גיט אין די פאָלגענדע שורות א בילד ווי אזוי די באַפרייאונגס־פּראָקלאַמאַציע איז אויפגענומען געווא־רען פון די נעגער: „די נאכט פון לעצטען טאָג פון יאר 1862, זיינען א סך נעגער, וואס האָבען געוואוינט אין די שטעט און זיי־נען געווען פארבונדען מיט קריסטליכע סעקטען, אוועק אין זייערע קירכעס און געווארט ביז דער זייגער האָט געשלאָגען די שטונ־דע פון האלבער נאכט. א סך פון די וואָס האָבען געוואוינט אויף פּלאַנטאַציעס האָבען געקניט אין זייערע ארימע כאַטקעס צוזאמען מיט זייערע פרויען און קינדער. א סך וואָס זיינען גע־ווען אליין און ניט געהאַט קיין פריינד אויף דער וועלט, זיינען אוועק אין א וואלד כדי צו זיין אין דער אנוועזענהייט פון דעם אייביגען וואָס דרינגט דורך די פינסטערנים אזוי גוט ווי די ליכטיגקייט. זיי האָבען תפילה געטאָן, אז דער אלמעכטיגער גאָט זאָל אויף זיי רחמנות האָבען און שטארקען די האנט פון אייבערהעם לינקאָלן אין דעם מאָרגענדיגען טאָג.“

און אויף מאָרגען איז די פּראָקלאַמאַציע פאַרעפענטליכט געוואָרען. פּראָפעסאָר דרעיפּער שרייבט: די פראגע פון שקלאַ־פעריי איז נאָך דער פּראָקלאַמאַציע געבליבען פאַרוואָלקענט. שקלאַפעריי אַלס אַ סיסטעם איז דורך איר ניט אָפּגעשאַפט גע־וואָרען. בלויז די שקלאַפען פון די רעוואָלטירענדע שטאַטען זיי־נען ערקלערט געוואָרען פריי. אין אַלע אַנדערע פלעצער איז די אינסטיטוציע פון שקלאַפעריי פאַרבליבען אומבאַרירט. נאָך מער, די באַפרייטע שקלאַפען האָבען זייער פרייהייט באַקומען דורך דעם פּרעזידענט'ס אָן אוקאַז און מען איז ניט געווען זיכער, צי ער האָט געהאַנדעלט קאָנסטיטוציאָנעל, צי ער האָט געהאַט די גע־זעצליכע מאַכט אַזאַ אוקאַז אַרויסצוגעבען. וואָס עס וועט מיט דער פּראָקלאַמאַציע פּאַסירען ווען די מלחמה וועט זיין פאַראיבער און די מיליטערישע הערשאַפט וועט אָפּגעשאַפט ווערען, — דאָס האָט קיינער ניט געקענט פאָראויסזאָגען.

קאַפּיטעל 18.

# געלד, הלוואות און שטייערן.

די פּולע קאָסטען פון דעם בירגער־קריג, — דער פּרייז אין געלד, — זיינען ביז היינטיגען טאָג נאָך ניט אויסגערעכענט געוואָרען. עס זיינען דאָ בלויז ציפערען פאר א טייל פון די קאָסטען. די צוויי רעגירונגען, די „יוניאָן" און די „קאָנפעדע־רייסי", האָבען אין לויף פון די פיר יאר אויסגעגעבען אַן ערך פון זעקס ביליאָן דאָלער; די נאָרט — ארום פינף ביליאָן, און די סאוט — איין ביליאָן. אין דעם חשבון גייען ניט אריין א סך סומען, וואס זיינען אויסגעצאָלט געוואָרען ניט דירעקט פאר פירען די מלחמה, נאָר אומדירעקט אלס רעזולטאַט פון דער מלחמה. עס גייען אין דעם, צום ביישפּיל, ניט אריין די פּענ־סיעס פאר פארוואונדעטע סאָלדאטען און פאר די פאמיליעס פון גע'הרג'עטע סאָלדאטען און ניט די פּראָצענטען אויף די מלחמה־חובות נאָכדעם ווי די מלחמה איז שוין געווען פאָריבער. אין 1879 איז אויסגערעכענט געוואָרען, אז ביז דאַן איז פאר דער מלחמה און פאר די פאָלגען פון דער מלחמה אויסגעגעבען גע־וואָרען (אין דער נאָרט בלויז) 6 ביליאָן און 190 מיליאָן דאָ־לער. דאָס איז געלד, וואס איז ארויס פון דער קאַסע פון דער וואַשינגטאָנער רעגירונג. מען דאַרף אָבער ניט פארגעסען אז אַ גרויסער טייל פון די מלחמה־הוצאות איז געדעקט געוואָרען פון די באַזונדערע שטאַט־רעגירונגען. וויפיל יענע סומען באַ־טרעפען ווייס מען ניט.

ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען איז די קאסע פון דער רעגירונג געווען כמעט ווי ליידיג. דער נייער פינאַנץ־מיניס־טער, סעימאָן פּ. טשייס, האָט געפונען אי דער קאסע ארום אַנ־

דערהאלבען מיליאָן דאָלער מזומן און נאָענט צו 75 מיליאָן דאָ־לער אין חובות, — דאָס הייסט, אז פאַקטיש איז די נאַציאָנאַלע רעגירונג שוין דאַן געווען הינטערשטעליג ארום 73 מיליאָן דאָ־לער. אין דזשולאַי, 1861, ווען דער קאָנגרעס האָט זיך גע־עפענט, האָט טשייס געמאכט א חשבון, אז די הוצאות פון דעם קומענדען יאָר וועלען אָנטרעפען 320 מיליאָן. עס האָט זיך איצט געשטעלט די פראַגע, וואו נעמט מען דאָס געלד? דורך וואָסערע מיטלען זאָלען די הוצאות פון דעם קריג געדעקט ווערן?

פינאַנץ־מיניסטער טשיים האָט זיך גלייך פארנומען אויף א פאלשען וועג. ער האָט פאר זיך געהאַט דריי וועגען: איינס, דאָס געלד צו זאַמלען דורך שטייערען; צוויי, דאָס געלד צו באָר־גען; דריי, צו דרוקען פאַפיר־געלד (אָן א גאָלד־ אדער זילבער־גאַראַנטיע). דער ערשטער וועג איז דער זיכערסטער, דער געזינט־סטער און דער ערליכסטער. טשיים האָט זיך מיט אים די ערשטע דריי יאָר כמעט ווי גאָרניט באַנוצט. ער האָט גלייך פון אָנפאַנג ערקלערט, דאָס זיין פּלאַן איז צו דעקען די געוויינליכע רעגי־רונגס־הוצאות (אַרום 80 מיליאָן) דורך שטייערען און די שווערע מלחמה־הוצאות (ארום 240 מיליאָן) דורך הלואות. שפּעטער אביסעל האָט ער זיך באַנוצט מיט'ן דריטען מיטעל, מיט פאַפיר־געלד. שווערע שטייערען האָט ער גענומען זאַמלען ערשט דעם לעצטען יאָר פון קריג. דער רעזולטאַט פון טשיים'ס פינאַנץ־מעטאָדע איז געווען: דער יאָך פון קריג איז געפאַלען אויף די אָרימע מאסען, אויף די וואס האָבען אים געקענט צום ווינציגסטען טראָגען. די רייכע האָבען דורך טשיים'ס מעטאָדען געקראָגען מעגליכקייטען רייכער צו ווערן.

פאר וואָס האָט טשיים אזוי געהאַנדעלט? וועגען דעם זיי־נען היסטאָריקער צוטיילט אין זייערע מיינונגען. קיינער צווייַ־פעלט ניט אין זיין ערליכקייט און אין זיין איבערגעבענהייט. מאנ־כע זאָגען אָבער, אז ער איז ניט געווען פייאיג גענוג פאר זיין אמט. טשיים האָט פריער ניט געהאַט צו טאָן מיט פינאַנץ־אנגעלעגענהייטען. ער איז געווען אַן אדוואָקאַט און א פּאָליטי־

קער. איצט איז ער פלוצלונג ארויפגעזעצט געווארען אויף א פינאנץ־שטול און האט געקראגען אלס אויפגאבע צו לייזען די שווערסטע און קאמפליצירטסטע פינאנץ־פראבלעמע אין דער גע־שיכטע פון לאנד. ער האט פשוט ניט געוואוסט ווי אזוי און פרובירט צו טרעפען. לײדער האט ער ניט געטראפען ריכטיג.

אנדערע זיינען מיט דער מיינונג, אז טשיים האט יע פאר־שטאנען זיין אויפגאבע, אז ער איז געווען פייאיג. ער האט אבער ניט ריכטיג אפגעשאצט די לאגע. ער האט געמיינט (און אזוי האבען כמעט אלע אין דער נארט געמיינט) אז די מלחמה וועט געדויערען עטליכע מאנאט, העכסטענס א יאר. דערפאר האט ער אויסגערעכענט, אז עס לוינט זיך ניט צוליב עטליכע הונדערט מיליאן צו שאפען אומצופרידענהייט אין לאנד. אין 1863, ווען ער האט שוין יע איינגעזען, אז מען מוז ארויפלייגען שווערע שטייערען, האט ער געזאגט: „איך זע קלאר, אז מיר קענען ניט גיין ווייטער אן שווערע שטייערען. אבער יעדערער, וואס האט געלערענט געשיכטע, ווייס אז שווערע שטייערען שא־פען אומצופרידענהייט".

דעם ערשטען יאר האט טשיים דאס נויטיגע געלד באקומען איינגאנצען דורך הלוואות. ער האט ביז'ן סוף יאר 1861 פאר־קויפט צו באנקירען און דירעקט צום פאלק רעגירונגס־וועקסלען (באנדס) פאר דער סומע פון 150 מיליאן. צום ערשטען מאל אין דער געשיכטע פון לאנד האט דער אלגעמיינער עולם, — מיטעל־קלאס מענשען, פארמערס, קליינע געשעפטסלייט און אפילו אר־בייטער, — געקויפט רעגירונגס־וועקסלען. ביז דאן האבען עס געטאן בלויז רייכע. טשיים האט אפעלירט צום פאלק, עס זאל קויפען די וועקסלען צוליב פאטריאטיזם, כדי צו העלפען דער רע־גירונג אין איר קריטישער לאגע, און דאס פאלק האט זיך אפ־גערופען.

מיט די באנקירען האט טשיים גלייך פון אנפאנג געהאט אונאנגענעמליכקייטען. זיי האבען געפאדערט, מען זאל זיי צאלען העכערע פראצענטען אדער מען זאל זיי פארקויפען די באנדס

פאר קלענערע פרייזען. דאן האבען זיי פארלאנגט, אז טשיים זאל ביי זיי נעמען זייערע טשעקס פאר די באנדס (ער האט גע־פאדערט ניט אנדערש ווי גאלד אדער זילבער). זיי האבען אים געלאזט פילען, אז אין זייערע הענד ליגט דער שיקזאל פון דער רעגירונג, אז ער מוז זיך מיט זייער ווילען רעכענען.

אין דעצעמבער, 1861, האבען די באנקען פון ניו יארק גע־לאזט וויסען אז זיי ווילען מער ניט אויסלייזען זייערע אסיגנא־ציעס מיט גאלדענע אדער זילבערנע מטבעות. די איבעריגע באנ־קען פון לאנד האבען גלייך נאכגעטאן זייער ביישפיל. די רעגי־רונג איז געצוואונגען געווען צו טאן דאסזעלבע. די באנקען האבען געווארפען די שולד אויף דער רעגירונג און טשיים האט געווארפען די שולד אויף די אלגעמיינע אומשטענדען. די באנ־קירען האבען גע'טענה'ט אז דערפאר ווייל טשיים איז באשטאנען, אז זיי זאלען פאר די רעגירונגס־באנדס צאלען מיט מעטאל־געלד, איז ביי זיי געווארען א דוחק אויף גאלדענע און זילבערנע מטבעות. די אמת'ע ערקלערונג איז אבער די: די לעצטע מא־נאטען פון 1861 זיינען געווען זייער ניט קיין גינסטיגע פאר דער נארט. די לאגע אויף די שלאכטפעלדער איז געווען שלעכט. די שטימונג אין לאנד איז געווען א געדריקטע. דער גרויסער עולם האט זיך געשראקען פאר דעם מארגען און יעדערער, וואס האט געהאט גאלד אדער זילבער־געלד, האט עס באהאלטען. זיי הא־בען געוואוסט, אז מעטאל־געלד איז דאס איינציגע, וואס האט אן אמת'ן ווערט. אין יאנואר, 1862, האבען די באנקען גע־האט אין זייערע קאסעס מעטאלענע מטבעות פאר 87 מיליאן דאלער און זייערע אסיגנאציעס אין צירקולאציע האבען באטראפען 459 מיליאן דאלער. דאס הייסט, זיי האבען געהאט 87 מיליאן גאלד און זילבער־געלד אויף אויסצולייזען דאס פאפיר־געלד, וואס האט אנגעטראפען פינף מאל אזוי פיל. זיי האבען קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי צו סוספענדירען (אפלייגען אויף שפעטער) דעם אויסלייז פון דעם פאפיר־געלד. ווען זיי וואלטען עס ניט גע־טאן וואלטען זיי זיך געמוזט ערקלערען באנקראט.

אין אנפאנג 1862 האט דער קאנגרעס אנגענומען א גע־זעץ וועגען נייע הלואות פאר דעם קומענדען יאר. דער געזעץ האט ענטהאלטען א פונקט, וואס האט געגעבען א נייע ווענדונג דער אמעריקאנער פינאנץ. דער פונקט האט געלויטעט, אז דער פינאנץ־מיניסטער זאל האבען דאס רעכט ארויסצוגעבען אסיגנא־ציעס פאר דער סומע פון 150 מיליאן דאלער. צום ערשטען מאל האט זיך די נאציאנאלע רעגירונג אונטערנומען צו מאכען פאפיר־געלד. דער פונקט האט ווייטער געזאגט, אז די אסיגנא־ציעס, וואס די רעגירונג וועט ארויסגעבען זאלען זיין „ליגעל טענדער", דאס הייסט אז, יעדערער זאל זיי מוזען אנערקענען אלס געלד; נאר אין צוויי פאלען זאל מען זיי ניט קענען באנוצען אלס געלד: מען זאל מיט זיי ניט קענען צאלען קיין טאריף־אפ־צאלונג פאר ארייננעפירטע סחורה און די רעגירונג זאל ניט קענען צווינגען, אז מען זאל ביי איר נעמען די אסיגנאציעס אלס פרא־צענטען אויף אירע חובות. פאר טאריף און פאר פראצענטען האט מען געמוזט באנוצען גאלד אדער זילבער. פאר אלע אנדערע צוועקען האט דאס נייע פאפירענע געלד געמוזט גילטען פאר יע־דען אלס געזעצליך געלד (דאס פאפירענע געלד פון דער רע־גירונג האט דער עולם א נאמען געגעבען „גרינבעקס" (גרינע רו־קענס), ווייל דער קאליר זייערער איז געווען גרין).

איבער דער פראגע איז פארגעקומען א ביטערער קאמף אין קאנגרעס. די באנקירען זיינען געווען געגען דעם. טשיים אליין האט פון אנפאנג געהאלטען, אז מען טאר עס ניט טאן: עס איז געגען דער קאנסטיטוציע, אז די רעגירונג זאל פאבריצירען פאפיר־געלד. אבער דער געזעץ איז דאך אנגענומען געווארען. און קוים איז אן אנהויב געמאכט געווארען, איז אוועק א גאנג. צוויי מאנאט נאכדעם ווי די ערשטע 150 מיליאן פאפיר געלד זיינען ארויסגעגעבען געווארען, האט טשיים געבעטען ביים קאנגרעס דאס רעכט ארויסצוגעבען אסיגנאציעס אויף נאך 150 מיליאן. דער קאנגרעס האט אים די ערלויבעניש געגעבען. אין אנפאנג 1863 האט טשיים באקומען די ערלויבעניש צו דרוקען אסיגנאציעס פאר נאך 150 מיליאן. ארום און ארום האט די רעגירונג אין

לויף פון דער מלחמה ארויסגעגעבען פּאַפּיר־געלד פאַר דער סומע פון 450 מיליאָן.*)

*) די „גרינבעקס“ זיינען ניט געווען קיין געלט אין שטרענגען זין פון וואָרט. זיי זיינען געווען וועקסלען. די רעגירונג האָט געבאָרגט געלט ביים פאָלק און זיי געגעבען די „גרינבעקס“ אַלס וועקסלען. די רעגירונג האָט געהאָפט, אַזוי שנעל ווי מעגליך, די „גרינבעקס“ אויס־צולייזען.

פאַר די וואָס זיינען ניט באַקאַנט מיט דער וויסענשאַפט פון געלט זיינען נויטיג איניגע ערקלערונגען, אום צו פאַרשטיין די פילע וויכ־טיגע ענדערונגען אין די געלט־געזעצען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין לויף פון בירגער־קריג אַלס רעזולטאַט פון דער דאמאַלסטיגער פינאַנציעלער לאַגע אין לאַנד:

1. די מינצען, וואו מען האָט פאַבריצירט די מעטאַלענע מטבעות,— גאָלדענע, זילבערנע אָדער קופּערנע, — האָבען באַלאַנגט צו דער נאַציאָ־נאַלער רעגירונג. קיינער, אויסער די נאַציאָנאַלע רעגירונג, האָט ניט געטאָרט מאַכען קיין מעטאַלען געלט. דאָס מעטאַלענע געלט איז געווען דאָס איינציגע אמת'ע זיכערע געלט פון לאַנד, ווייל דער מעטאַל האָט דאָך אַליין געהאַט אַ ווערט. עס איז אבער ניט געווען גענוג גאָלד, זילבער און קופּער צו מאַכען אזוי פיל מטבעות ווי דאָס לאַנד האָט זיך גענויטיגט פאַר'ן האנדעל. דערפאַר האָט מען געמוזט מאַכען פּאַפּירען געלט.

2. די נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט קיין פּאַפּירן געלט ניט געמאכט.

3. דאָס פּאַפּירענע געלט (אַסיגנאַציעס) פלעגט געמאַכט ווערען פון די באַנקען.

4. פּאַפּיר געלט איז אליין גאַרניט ווערט. אַן אַסיגנאַציע איז אייגענטליך א וועקסעל, אַן אָנווייז, אַז פאַר אים קען מען קריגען אַזוי פיל און אזוי פיל אמת'דיג געלט.

5. וואָס איז דער אונטערשייד צווישען א געלט־וועקסעל (אַסיגנאַ־ציע) און א פשוט'ן וועקסעל?

דער אונטערשייד באשטייט אין דעם: א געוויינליכער וועקסעל איז פאַר א באַשטימטען טערמין. איידער דער טערמין ענדיגט זיך קען מען ניט צווינגען די פּערזאָן, וואָס איז אויף אים אונטערגעשריבען ער זאָל באַצאָלען. אַן אַסיגנאַציע אָבער איז א וועקסעל אָן אַ טערמין. צו יעדער צייט קען מען פאַר אים פאָדערען גאָלד אָדער זילבער.

נאָך אַן אונטערשייד: אַן אַסיגנאַציע, וואָס איז פון דער רעגירונג אנערקענט אַלס געלט, מוז פון יעדען איינוואוינער אין לאַנד אנערקענט ווערען אלס געלט. א געוויינליכער וועקסעל אָבער — ניט. ווען איר

דער מארק איז איצט געווען פארפלייצט מיט פאפיר־געלד. די רעגירונג האט געדרוקט פאפיר־געלד און די באנקען האבען געדרוקט פאפיר־געלד. אויסלייזען דאס פאפיר מיט גאלד אדער זילבער האט מען ניט געקענט, ווייל אי די באנקען, אי די רעגירונג האבען „סוספענדירט" די צאלונג פון מטבעות. דער רעזולטאט איז געווען, אז דער ווערט פון דעם פאפיר־געלד האט גענומען פאלען. אין 1864 זיינען געווען וואכען, ווען א פאפירענער דאלער פון דער רעגירונג איז ווערט געווען אין אמת'ע געלד (אין גאלד אדער זילבער) ניט מער ווי 39 סענט. גאלדענע און זילבערנע מטבעות האבען אויפגעהערט צו צירקולירען. די, וואס האבען אזוינע מטבעות געהאט, האבען זיי באהאלטען. וואס האבען געטאן די מענשען, וואס האבען זיך געמוזט באנוצען מיט אזוינע מטבעות, — די אימפארטירער פון סחורות, וועלכע האבען געמוזט צאלען טאריף, און די רעגירונג אליין, וועלכע האט געדארפט צאלען פראצענט אויף אירע חובות? אדער די, וואס האבען געפירט אינטערנאציאנאלען האנדעל? זיי האבען ערגעץ געמוזט קויפען דאס גאלד־אדער זילבער־געלד און צאלען פאר זיי העכערע פרייזען. עס האט זיך, אלזא, ענטוויקעלט א האנדעל מיט גאלדענע און זילבערנע מטבעות; מען האט מיט די מטבעות גענומען ספעקולירען און זייער פרייז האט זיך געהויבען אלץ העכער און העכער.

אט־דאס פאלען פון דעם פאפיר־געלד איז צום גרויסען טייל

---

זייט אימיצען שולדיג געלט, קענט איר אים צווינגען צו נעמען אויף דעם חוב אן אנערקענטע „געלט אסיגנאציע". איר קענט אים אבער ניט צווינגען, ער זאל ביי אייך נעמען א געוויינליכען וועקסעל. אט די ספעציעלע געזעצילכע אנערקענונג, וואס פאפיר געלט קריגט פון דער רעגירונג, רופט זיך אויף דער וויסענשאפטליכער שפראך „ליגעל טענדער" („ליגעל" הייסט געזעציליך, „טענדער" הייסט אנבאט). „ליגעל טענדער" איז דער טייטש „געזעצליכער אנבאט". דאס הייסט, יעדער איינער קען די אסיגנאציע אנבאטען געזעצליך צו מענשען וועמען מען דארף געבען געלט, און קיינער טאר זיך ניט אפזאגען צו נעמען די אסיגנאציעס אלס געלט.

געווען פאראנטוואָרטליך פאר דעם שרעקליכען יקרות אויף לע־בענס־מיטעל אין לויף פון די מלחמה־יארען. וואס נידעריגער דאָס פּאַפּיר־געלד איז געפאלען, אלץ טייערער זיינען געווארען די לעבענס־מיטעל. פּראָפעסאָר ווען מעטרע שרייבט: „די באַדיי־טונג פון דער ערשיינונג איז געווען די: די קאָסטען פון דער מלחמה זיינען געפאלען צום שווערסטען אויף די ארבייטער און סאָלדאטען. געוואונען פון דעם האָבען די רייכע. ווען די רעגי־רונג האָט געדרוקט דאָס פּאַפּיר־געלד, איז דער דאָלער ווערט געווען פערציג אדער פופציג סענט, און ווען זי האָט אין די שפּע־טערדיגע יארען דאָס פּאַפּיר־געלד אויסגעלייזט, איז דער דאָלער ווערט געווען צווישען 75 און 100 סענט. די רייכע, וואָס האָ־בען געקענט קויפען די רעגירונגס־באָנדס און ווארטען אויף שפּע־טער, האָבען געקראגען צוויי מאָל אזוי פיל פאר דעם געלד, וואס זיי האָבען דער רעגירונג געליען.

פּראָפעסאָר קיעט („די פינאַנציעלע געשיכטע פון אמעריקע") מאכט א פארגלייך צווישען דער העכערונג אין די פּרייזען פון לע־בענס־מיטעל און דער העכערונג אין די שכירות פון די ארבייטער אין לויף פון דער מלחמה. ער ווייזט אָן, אז אין די פיר יאר האָבען זיך די פּרייזען פארגרעסערט אויף 116 פּראָצענט; שכירות האָבען זיך פארגרעסערט אויף 43 פּראצענט. ער שרייבט: „די שכירות פון די סאָלדאטען איז פון אָנפאנג מלחמה געווען 13 דאָלער און איז פארבליבען 13 דאָלער א מאָנאט ביז 1864, כאָטש פאר דער צייט זיינען די פּרייזען פון לעבענס־מיטעל פארדאָ־פּעלט געווארען. די נויט פון די סאָלדאטען־פאמיליעס איז געווען אזוי גרויס, אז אין 1864 האָט דער קאָנגרעס געהעכערט די שכירות פון די סאָלדאטען אויף 16 דאָלער א מאָנאט. דאָס איז אָבער געווען א קנאַפּע הילף, ווייל נאָך דער העכערונג איז דער יקרות ווידער געשטיגען.

דאָס מערסטע געלד האָט די רעגירונג באקומען דורך „באָנדס", — מאנכע אויף לאַנגע טערמינען, מאנכע אויף קורצע. פארקוי־פען די באָנדס צום עולם איז אָבער ניט אזוי לייכט אָנגעקו־מען. די רעגירונג איז געצוואונגען געווען צו צאָלען הויכע פּראָ־

צענטען. דורך באנדס האט די רעגירונג אנגעבארגט א ביליאן און 621 מיליאן דאלער. א גרויסער טייל פון די באנדס איז פארקויפט געווארען דורך א גרויסען באנקיר אין פילאדעלפיא, דזשיי קוק. טשיים האט אים אנגעשטעלט אלס אגענט פון דער רעגירונג. קוק האט זיך באנוצט מיט די געוועהנליכע מעטאדען פון קרעמער צו פארקויפען זיין „סחורה“. ער האט אויפגעהאנגען אפישען אין האטעלען, אויף באן־סטאנציעס, אין די גאסען, אויף ביימער. ער האט געטיילט צירקולארען. ער האט ארויסגעשיקט מענשען צו קלאפען אין די טירען. ער האט אנאנסירט אין די צייטונגען. ער האט אויך געווירקט אויף די רעדאקטארען פון די צייטונגען, זיי זאלען שרייבען וועגען דעם. ער האט אפעלירט צום עולם ניט בלויז אין נאמען פון פאטריאטיזם. ער האט געזוכט צו איבערצייגען, אז קויפען רעגירונגס־באנדס איז א גוט געשעפט. און ער האט געהאט ערפאלג. אין 1862 און 1863 האט ער דירעקט צום פאלק פארקויפט באנדס פאר דער סומע פון 400 מיליאן דאלער. אין 1865 האט קוק ווידער פארקויפט באנדס פאר עטליכע מיליאן.

פאר אנשטעלען קוק'ן אלס אגענט איז טשיים שטארק קריטיקירט געווארען. די פראגע איז אויפגעהויבען געווארען אין קאנגרעס. טשיים האט ערקלערט, אז אן קוק'ן וואלט ער ניט געהאט קיין געלד אויסצוהאלטען די ארמיי און די פלאטע. קוק, פארשטייט זיך, האט ניט געארבייט אומזיסט, כאטש ער און טשיים האבען געזוכט צו מאכען דעם איינדרוק, אז זיי טוען די ארבייט אויס ריינעם פאטריאטיזם. א היסטאריקער באמערקט: נאכדעם ווי קוק האט אויסגעצאלט אלע זיינע מענשען און אלע זיינע אנדערע הוצאות, האט זיך אים אפגעשטעלט 220 טויזענד דאלער". דעם פראפיט האט ער געמאכט פאר פארקויפען די 400 מיליאן דאלער באנדס אין 1863. פאר פארקויפען די איבעריגע באנדס האט ער ווידער באקומען זיין לוין.

דאס, וואס דער מארק איז פארפלייצט געווארען מיט ביליגע פאפיר־געלד, און דאס, וואס די מעטאלענע מטבעות זיינען געשטיגען אין ווערט, האט געשאפען א נייע שווערע פראבלעמע. דאס

פאפירענע געלד, סאי דאָס געלד, וואס די באנקען האָבען געדרוקט, סאי דאָס געלד, וואָס די רעגירונג האָט ארויסגעגעבען, איז געווען אויף גרויסע סומען. די קלענסטע אסיגנאציע איז געווען פאר א דאָלער. (אסיגנאציעס פאר א קלענערער סומע ווי א דאָלער איז פארבאָטען געווען צו דרוקען). קליין געלד (האלבע דאָלערס, קוואָדערס, צען, פינף און איין סענט שטיקער) איז אלץ געווען פון מעטאל, ענטוועדער זילבער אָדער קופער. איצטער, אז מעטאל־געלד איז געווארען טייער, איז קליין געלד פאקטיש פארשוואונדען פון צירקולאציע. יעדערער, וואס האָט פארמאָגט מעטאלענע מטבעות, האָט זיי באהאלטען. עס איז איצט געווארען שרעקליך שווער, כמעט אוממעגליך פאר קליינע געשעפטסלייט אָנצופירען זייערע געשעפטען. שרייבט מעקמעסטער: „בוטשערס (קצבים) און גראָסערס (שפייז־קרעמער) און אנדערע קליינע הענדלער האָבען ניט געקענט געבען קיין „טשענדזש״ (אויסגאָב), אויב דער קונה האָט געקויפט פאר ווייניגער ווי א דאָלער. ווען איינער איז געפאָרען אויף א טראמוואי (דער פרייז איז געווען געוויינליך פינף סענט) האָט ער ניט געהאט קיין קליין געלד צו באצאָלען. און ווען ער האָט געגעבען דעם קאָנדוקטאָר א פאפירענעם דאָלער, האָט דער קאָנדוקטאָר ניט געהאט קיין קליינגעלד צו געבען אויסגאָב. מען האָט זיך גענומען באנוצען מיט אלערליי מיטלען. רעסטאָראטאָרס פלעגען אנשטאָט געלד אלס אויסגאָב געבען צעטלעך, און יעדער רעסטאָראטאָר פלעגט נעמען די צעטלעך פון אנדערע רעסטאָראטאָרס. די טראמוואי־קאָמפאניס האָבען זיך אויך מיט דעם מיטעל באנוצט. דאן איז מען געפאלען אויף אן אנדער פלאן: מען האָט זיך גענומען באנוצען מיט פאָסט־מארקעס אלס געלד. קרעמער האָבען אויפגעהאנגען אָפּישען אין זייערע קראָמען מיט דער אויפשריפט: „מיר נעמען פאָסט־מארקעס אנשטאָט געלד און מיר גיבען פאָסט־מארקעס אלס אויסגאָב״. מעקמעסטער שרייבט ווייטער: „דער, וואס האָט געצאָלט מיט מטבעות, פלעגט באקומען א פרעמיום. פאר א פינף סענט שטיק פלעגט מען אים געבען סחורה, וואס איז ווערט געווען זעקס סענט אָדער מער אין פאפיר־געלד. אָבער

די אלע מיטלען האבען די פראבלעם ניט געלייזט. אין די גרעסטע קעלטען פלעגען מענשען מוזען גיין צופוס, ווייל דער קאנדוקטאר אויף די אמניבוסעס האט זיך אפגעזאגט זיי אויס־צובייטען א דאלער. זיי האבען געמעגט פארברענט ווערען פון דארשט האבען זיי ניט געקענט קויפען קיין סאדא־וואסער, ווען זיי האבען ניט געהאט קיין קליינגעלד. טויזענדער און צענ־דליגער טויזענדער מענשען אין די שטעט האבען געמוזט גיין צופוס, ווייל זיי האבען זיך אפגעזאגט צו צאלען די הויכע פריי־זען, וואס די חלפנים און די באנקירען האבען געפאדערט פאר מטבעות." ניו יארק און אנדערע שטעט זיינען פארפלייצט גע־ווארען מיט מעשענע און קופערנע בלעכלאך, וואס זיינען ארויס־געגעבען געווארען פון קצבים, קרעמער, פורלייט, שערער און כל'ערליי קליינע הענדלער. קיינער האט ניט געוואוסט, צי די בלעכלאך, וואס ער נעמט אלס געלד, זיינען ווירקליך עפעס ווערט. מען האט זיך אבער ניט געקענט העלפען. אן די בלעכלאך וואלט אוממעגליך געווען עפעס צו קויפען אדער פאר־קויפען.

אין אנהויב 1863 איז דורכגעפירט געווארען א זייער וויכ־טיגע רעפארמע אין דער געלד־סיסטעם פון לאנד. עס זיינען געשאפען געווארען די „נאציאנאלע באנקען", וועלכע האבען גע־קראגען דאס רעכט ארויסצוגעבען געלד.

דער פלאן פון די נאציאנאלע באנקען האט זיך געלוינט אי פאר דער רעגירונג, אי פאר די מענשען, וואס האבען די באנ־קען געגרינדעט. די רעגירונג האט געהאט נוצען, ווייל די באנ־קען האבען געמוזט קויפען אירע באנדס. זיי האבען דאך די באנדס געמוזט איינלייגען ביי דער רעגירונג אלס גאראנטיע פאר דעם געלד, וואס די רעגירונג האט פאר זיי געדרוקט. דערווייל האט די רעגירונג געקראגען א גוטען מארק פאר אירע באנדס. פאר די באנקירען האט זיך עס אויך געלוינט, ווייל זיי האבען אויף דעם קאפיטאל, וועלכן זיי האבען אין דער באנק ארייג־געלייגט, געקראגען דאפעלטע פראפיטען. זיי האבען, ערשטענס, באקומען, פראצענט אויף די באנדס, וואס זיי האבען ביי דער רע־

גירונג איינגעלייגט, און, צווייטענס, האָבען זיי באַקומען פּראָ־ צענט אויף דעם געלד, וואס די רעגירונג האָט פאר זייער באַנק געדרוקט. צום ביישפּיל, אַ נאַציאָנאַלע באַנק האָט זיך געגרינ־ דעט מיט אַ קאַפּיטאַל פון 300 טויזענד דאָלער. זי האָט דאַן געקויפט באָנדס פאר אַ דריטעל פון דעם קאַפּיטאַל פאר 100 טויזענד דאָלער. די באָנדס האָט זי איינגעלייגט ביי דער רע־ גירונג און די רעגירונג האָט איר געגעבען אַסיגנאַציעס פאר נייַנ־ ציג פּראָצענט דערפון, פאר 90 טויזענד דאָלער. פאר די באָנדס, וואס זיינען געלעגען ביי דער רעגירונג אלס גאראַנטיע, האָבען די באַנקירען באַקומען דעם געזעצליכען פּראצענט פון זעקס אדער זיבען פּראָצענט. די נייַנציג טויזענד דאָלער אַסיגנאַציעס, וואָס די רעגירונג האָט זיי געגעבען אלס געלד, האָבען די באַנ־ קירען אוועקגעבאָרגט צו זייערע קונדען און אויף דעם ווידער באַקומען פּראצענטען.

אַלע מאָדערנע היסטאָריקער גיבען צו, אז דער גרעסטער פעלער, וואס טשייס האָט געמאכט, איז וואס ער האָט ניט גלייך פון אָנפאנג אַרויפגעלייגט די הויכע שטייערען. דאָס לאַנד איז געווען אין אַ זייער גוטען צושטאַנד עקאָנאָמיש. מענשען האָבען געהאט אַ סך געלד, איבערהויפּט די הענדלער, די פאבריקאַנטען און די גרויסע פאַרמערס. עס וואָלט, אלזאָ, לייכט געווען פון זיי צו קאָלעקטירען גרויסע סומען. דאַן וואָלט מען פארשפּאָרט אַזויפיל צו באָרגען, און ווען די רעגירונג וואלט וויינינגער גע־ באָרגט, וואלט מען פארשפּאָרט צוריקצוציען דאָס גאָלד און זיל־ בער פון צירקולאַציע. דער ווערט פון פּאַפּיר־געלד וואלט דאַן ניט אַזוי געפאַלען, און דער יקרות אויף לעבענסמיטעל וואלט ניט געווען אַזוי גרויס. געווינען דערפון וואָלט אי די רעגירונג, אי די גרויסע מאַסען, איבערהויפּט די אָרימע מאַסע. די רייכע קלאַסען וואָלטען געווען די איינציגע, וואס וואָלטען דערפון גע־ ליטען. דאָס האָט אָבער טשייס ניט געטאָן. אין די פיר יאר פון דער מלחמה האָט ער דורך שטייערען געזאַמעלט אַרום און אַרום ניט מער ווי 667 מיליאָן דאָלער; דורך הלוואות האָט ער גע־ זאַמעלט פיר מאָל אַזוי פיל, צוויי ביליאָן און 621 מיליאָן דאָלער.

די ערשטע יארען האט זיך טשיים כמעט אינגאנצען פאר־לאזען אויף הלואות. וואס לענגער אבער די מלחמה האט זיך פארצויגען, אלץ מער איז ער געצוואונגען געווען אנצוואווענדען דעם מיטעל פון שטייערען צו זאמלען געלד. אין 1861 האט ער פאר יעדען דאלער אין שטייערען געבארגט אכט און א האלב דאלער; אין 1864 האט ער שוין פאר יעדען דאלער אין שטייערען געבארגט קנאפע דריי דאלער. אין די לעצטע פאר יאר זיינע ארויפגעלייגט געווארען שטייערען אויף א סך לעבענס־מיטעל, אויף לוקסוס־זאכען, אויף לעגאלע פאפירען, אויף פראָ־פעסיעס און אויף פארדינסטען (אינקאם טעקס).

אט דער לעצטער סארט שטייערען איז געווען א גרויסער אויפטו. פראפעסאר קיעט שרייבט: „אין פרידליכע צייטען וואלט אזא מין שטייער גלייך פארדאמט געווארען פון גרויסען עולם. (דער פראפעסאר מיינט, נאטירליך, דעם פארמעגליכען עולם. די ארימע מאסען זיינען קיינמאל ניט געווען געגען אזא שטייער.) אונטער די איצטיגע אומשטענדען האט יעדער איי־נער געהאלטען פאר זיין פאטריאטישע פליכט צו צאלען דעם שטייער. אין 1861 איז געמאכט געווארען דער אנפאנג. עס איז דעמאלט אנגענומען געווארען א געזעץ, אז די, וואס פארדינען מער ווי 800 דאלער א יאר, זאלען צאלען א שטייער אויף דעם איבעריגען. דער „אינקאם טעקס" איז געווען זייער קליין. אין 1865 איז ער פיל פארגרעסערט געווארען. די, וואס האבען פאר־דינט מער ווי זעקס הונדערט און ווייניגער פון פינף טויזענד א יאר, האבען געדארפט צאלען פינף פראצענט אויף דער סומע פון איבער זעקס הונדערט. די, וואס האבע פארדינט מער ווי פינף טויזענד, האבען געמוזט צאלען צען פראצענט. (דער אינ־קאם־טעקס איז נאך דער מלחמה ביסלעכווייז פארקלענערט גע־ווארען און אין 1872 איז ער אינגאנצען אפגעשאפט געווארען.) אין די אלע יארען, וואס דער אינקאם־טעקס האט עקזיסטירט, האט די רעגירונג דורך אים געזאמעלט די סומע פון 347 מי־ליאן דאלער.

קאפיטעל 19.

# די נאָרט פאַרלירט אין דער איסט און זיגט אין דער וועסט.

דער יאָר 1863 האָט זיך אנגעפאנגען זייער טרויעריג פאר דער נאָרט. די נידערלאגע ביי פרעדעריקסבורג האָט צושלאָגען אירע האָפענונגען אויפ׳ן שלאכטפעלד. די ארמיי אין ווירדזשי־ניא איז אינגאנצן דעמאָראליזירט געווארען. סאָלדאטען האָבען דעזערטירט דורכשניטליך צו 200 א טאָג. פופצען הונדערט אָפיצירען און אכציג טויזענד סאָלדאטען האָבען סתם אויסגע־פעלט. מען האָט ניט געוואוסט וואו זיי געפינען זיך. „און ווי עס ווייזט אויס, זיינען געווען גענוג בירגער, וואס האָבען גע־האָלפען אין דער דעמאָראליזאציע פון דער ארמיי", — שרייבט פראָפעסאָר האסמער. „עס פלעגען אין די לאַגערען אָנקומען גאנצע וואגאָנען מיט ציווילע קליידער, כדי די סאָלדאטען זאלען זיך קענען איבערטאָן און אַנטלויפען פון דער ארמיי".

דעם 26טען יאַנואר האָט גענעראל דזשאָזעף הוקער איבער־גענומען די קאָמאנדע פון דער ארמיי. ער האָט די ערשטע זאך גענומען דיסציפלינירען די סאָלדאטען. אין דעם האָט ער זיך ארויסגעוויזען פייאיג און ערפאָלגרייך. הוקער האָט געהאַט זייער א גוטען נאָמען ביי די סאָלדאטען. זיי האָבען אים געהאל־טען פאר א מוטיגען און אַגרעסיווען גענעראל און זיי האָבען גע־גלויבט אז אונטער אים וועט באלד עפעס אויפגעטאָן ווערען. ער האָט טאַקע שנעל אויסגעארבייט א פּלאַן צו אטאקירען לי׳ס ארמיי, וואָס האָט זיך געפונען ארום פרעדעריקסבורג. לי האָט געהאַט אַן ערך 62 טויזענד מאַן און הוקער אַן ערך 130 טוי־זענד מאַן.

סוף אַפּריל האָט הוקער אַריבערגעפירט זיין אַרמיי איבער דעם טייך ראַפּאַהאַנעק און זיך באַפעסטיגט אין טשענסעלאָרס־וויל, צוועלף מייל פון פרעדעריקסבורג. טשענסעלאָרסוויל איז ניט קיין שטעטעל אדער דאָרף. דער פּלאַץ איז באַשטאַנען פון אַ גרופּע געביידען אין דער מיט פון געדיכטע וועלדער. די סטראַטעגישע וויכטיגקייט פון דעם פּונקט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פון דאָרטען ציען זיך דריי וועגען קיין פרעדעריקסבורג. הוקער האָט איינגעטיילט זיין אַרמיי אין דריי טיילען און האָט זיי אַזוי אויסגעשטעלט, אַז עס האָט אויסגעוויזען, אַז לי'ס געפינט זיך אין אַ נעץ און וועט זיך מוזען אונטערגעבען.

אויסגעלאָזען האָט זיך עס גאַנץ אַנדערש. טראָץ דעם, וואָס הוקער האָט געהאַט צוויי מאָל אַזוי פיל סאָלדאַטען ווי לי, טראָץ דעם, וואָס הוקער האָט פון אָנפאַנג אויסגעאַרבייט אַן אויסגעצייכנעטען סטראַטעגישען פּלאַן, האָט זיך די שלאַכט ארום טשענסעלאָרסוויל געענדיגט מיט אַ זיג פאַר לי'ן און מיט אַ שרעקליכער נידערלאַגע פאַר הוקער'ן.

אין דער שלאַכט האָט ווידער אַמאָל די וויכטיגסטע ראָלע געשפּילט גענעראַל סטאָנוואָל דזשעקסאָן. זיצענדיג אויף הילצערנע קעסטלאַך אונטער אַ בוים, לעבען פרעדעריקסבורג, האָבען די צוויי גענעראַלען, לי און דזשעקסאָן, אין דער נאַכט פון ערשטען מאַי, אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו אַטאַקירען הוקער'ן. דער פּלאַן איז געווען אַ זייער געוואַגטער, גענען אַלע רעגעלען פון דער מיליטערישער וויסענשאַפט. ווען הוקער וואָלט אין דער שלאַכט ניט געמאַכט אַזוי פיל טעות'ן און ווען דזשעקסאָן וואָלט ניט געווען אַזאַ וואונדערבאַרער קאָמאַנדיר, וואָלט די שלאַכט פאַרזיגעלט דעם שיקזאַל פון לי'ס אַרמיי. דער פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם: דזשעקסאָן האָט מיט אַן אַרמיי פון 30 טויזענד מאַן זיך אַרויסגע'גנב'עט פון לי'ס לאַגער, האָט אוועקגעמאַרשירט הינטער הוקער'ס לאַגער און אים באַפאַלען. לי איז אין פרעדעריקסבורג פאַרבליבען מיט 30 טויזענד מאַן. אַ העלפט פון די דרייסיג טויזענד האָט געמוזט שטיין און היטען אַן אָפּטיילונג פון הוקער'ס אַרמיי, וועלכע האָט זיך געפונען ניט

ווייט פון דער שטאָט. לי האָט, אלזאָ, אָפּערירט בלויז מיט א 15 טויזענד סאָלדאטען. בעת דזשעקסאָן האָט מאַרשירט קיין טשענסעלארסוויל, האָט הוקער געקענט באַפּאַלען לי'ען און אים צורייבען אויף אָש. אָבער הוקער האָט עס ניט געטאָן. הוקער האָט געקראָגען ידיעות, אז א טייל פון לי'ס סאָלדאטען האָבען אוועקגעמאַרשירט. ער איז זיכער געוועזן, אז לי האָט זיך אָנ־



סטאָנוואל דזשעקסאָן.

געהויבען צוריקצוציען, אז ער אנטלויפט, און ער איז געווען צו־פרידען מיט זיין „בלוטלאָזען זיג".

שפּעט נאָכמיטאג האָבען הוקער'ס סאָלדאטען אין די הינ־טערשטע לאַגערען דערזען א מאָדנע ערשיינונג. די סאָלדאטען זיינען זיך געזעסען רואיג. מאַנכע האָבען געשפּילט אין קאָר־טען, אַנדערע האָבען זיך געקאָכט עסען אָדער זיך אונטערהאַלטען אויף פאַרשיידענע אופנים. פּלוצלונג האָבען זיי דערזען ווי עס לויפען אין זייער ריכטונג פון וואַלד גאַנצע מחנות הירשען און וועווערקעס, ווי עס פליען פויגלען. די חיות לויפען און פליען צושראָקענע אזוי ווי זיי וואָלטען געזוכט זיך צו ראַטעווען

פון א געפאר. איידער די סאלדאטען האבען צייט געהאט צו באַ־גרייפען, וואס עס טוט זיך, האט דער שטורעם אויסגעבראכען. דזשעקסאנ'ס ארמיי האט זיי געגומען אטאקירען. צווישען הוקער'ס סאלדאטען האט אויסגעבראכען א פאניק

די שלאכט, וועלכע האט זיך אנגעהויבען דעם ערשטען מאי פארנאכט, האט אנגעהאלטען דריי טעג. ווען הוקער וואלט ניט געמאכט קיין פעלערען, וואלט ער איצט נאך געקענט זיגען. ער האט פארט געהאט צוויי מאל אזוי פיל סאלדאטען ווי לי. אבער דזשעקסאנ'ס פלוצלינגדיגע אטאקע האט אים איינגאנצען צוטו־מעלט. ער האט זיך פארלוירען און ניט געוואוסט וואס צו טאן. דעם פערטען טאג האט זיך הוקער צוריקגעצויגען. ער האט פארלוירען איבער 17 טויזענד מאן און א סך אמוניציע. לי האט פארלוירען 13 טויזענד מאן. מאנכע האבען שפעטער ער־קלערט הוקער'ס שלעכטע פירערשאפט דערמיט, וואס ער פלעגט ליב האבען צו טרינקען. עס איז אפילו געמאכט געווארען די באהויפטונג, אז ווען די שלאכט האט זיך אנגעפאנגען, איז ער געווען שיכור. צי דאס איז אמת, איז קיינמאל ניט פעסטגע־שטעלט געווארען.

פאר דעם זיג, וואס די סאוט האט געהאט ביי טשענסעל־ארסוויל, האט זי אבער זייער טייער באצאלט. זי האט דארט פארלוירען איינעם פון אירע סאמע בעסטע גענעראלען — סטאונ־וואל דזשעקסאן. ער איז דורך א טעות דערשאסען געווארען פון איינעם פון זיינע אייגענע סאלדאטען. זיי האבען געמיינט, אז ער איז אן אפיציר פון דער נארט־ארמיי. ער איז געפאלען מיט א צושמעטערטער לינקער האנט און מיט עטליכע אינע־וויינינגסטע וואונדען. מען האט אים די האנד אפגעשניטען און עס האט אויסגעוויזען, אז ער וועט בלייבען לעבען. ער איז אבער אין פינף טעג ארום געשטארבען.

עס ווערט דערציילט, אז ווען לי איז אים געקומען מבקר־חולה זיין, נאכדעם ווי מען האט אים די לינקע האנט אפגע־שניטען, האט ער געזאגט צום קראנקען: „דו ביסט אין א בעסערער לאגע ווי איך. דו האסט פארלוירען די לינקע האנט

און איך האָב פאַרלוירען מיין רעכטע האנט". דזשעקסאָן איז אפשר געווען מער ווי גענעראל לי'ס רעכטע האנט. מאנכע מיליטערישע עקספערטען שטעלען דזשעקסאָנ'ען אלס גענעראל העכער פון לי'ען. אין דער סאוט איז מען געווען זיכער, אז ווען דזשעקסאָן וואָלט געלעבט, וואָלט זי די מלחמה נים פאַרלוירען.

---

אין אָנהויב מאַי, 1863, נאָך דער נידערלאגע ביי טשענסעלארסוויל, האָט עס אויסגעזען זייער טרויעריג פאַר דער נאָרט. דאן האָט זיך דער מזל מיט אמאָל א דריי געטאָן. פון אן אומגעריכטען ווינקעל האָט פלוצלונג א בליאסק געטאָן א שטראל ליכט. גענעראל גרענט האָט איינגענומען וויקסבורג און פאַרצייכענט איינעם פון די סאַמע וויכטיגסטע זיגען פון דעם בירגער־קריג.

וויקסבורג איז געווען א שטאַרקע פעסטונג אויף דעם מיסיסיפי טייך; א פעסטונג, וואס איז געשטאַנען אויף א פעלז, צוויי הונדערט פוס די הויך, אויף דער מזרח־זייט פון טייך. אין דעם פאָריגען יאָר האָט גרענט איינגענומען דעם טייל פון טייך, וואָס פליסט פאַרביי די שטאַטען קענטאַקי און טענעסי, ביז דעם פונקט וויקסבורג אין דעם שטאַט מיסיסיפי. אדמיראל פאַראַגוט האָט אומגעפער אין דערזעלבער צייט פאַרנומען דעם זידליכען טייל פון טייך; פאַראגוט האָט אריינגענומען ניו אָרלינס און פאַרכאַפט דעם טייך ביז א פונקט, וואָס הייסט פּאָרט האָדסאָן. צווישען וויקסבורג און פּאָרט האָדסאָן איז א שטרעקע פון 200 מייל און די 200 מייל פון דעם טייך מיסיסיפי זיינען געלעגען אין די הענט פון דער סאוט. גענעראל גרענט, וואס איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דער נאָרט־ארמיי אין יענער געגענד, האָט באשלאָסען איינצונעמען וויקסבורג און פאַרטרייבען די רעבעלען אינגאַנצען פון דעם טייך. גרענט האָט ריכטיג אָפּגעשאַצט די סטראַטעגישע וויכטיגקייט פון דעם מיסיסיפי. אויף דער וועסט־זייט פון טייך ליגען די שטאַטען טעקסעס און לואיזיאַנא און אַרקאַנזאַס. די שטאַטען האָבען צוגעשטעלט דער סאוט די נויטיגע תבואה (מען האָט זיי גערופען דער שייער פון

דער סאוט). דורך יענע שטאטען איז עס אויך מעגליך געווען אריינצופירען אמוניציע און אנדערע מלחמה־מאטעריאלען פון מעקסיקא. די האפענס ביים אטלאנטישען ים זיינען געווען פאר־בלאקירט דורך דער פלאטע פון דער נארט. האט מען די אמוני־ציע און אנדערע סחורות געבראכט פון אויסלאנד קיין מעקסיקא און פון מעקסיקא האט מען זיי דורך טעקסעס און דעם מיסי־סיפי־טייך אריבערגעפירט צו דער ארמיי פון דער סאוט. אט דער גאנצער פארקער וואלט אפגעהאקט געווארען אזוי שנעל ווי די נארט וואלט געקראגען דעם פולען קאנטראל איבער דעם מי־סיסיפי טייך. עס וואלט פאר דער סאוט אפגעשניטען געווארען אי דער קוואל פון עסענווארג, אי דער קוואל פון מלחמה־מאטע־ריאל.

גענעראל גרענט האט אנגעהויבען צו מאנעווירען געגען וויקסבורג נאך אין די הערבסט־מאנאטען פון 1862. ער האט געמאכט פארשיידענע פלענער ווי אזוי די פעסטונג צו אטאקי־רען. ער האט געפרואווט אנצוגרייפען פון פארשיידענע זייטען. אבער אלע זיינע פראבעס האבען זיך געענדיגט מיט א דורכ־פאל. אין דעצעמבער, 1862, האט א טייל פון גרענט'ס ארמיי, אונטער זיין הויפט־ליוטענאנט, גענעראל שערמאן, געהאט א גרויסע נידערלאגע. עס האט דעמאלט אויסגעוויזען, אז גרענט האט קיין האפענונג ניט די פעסטונג איינצונעמען.

אין יאנואר, 1863, האט גרענט אויסגעארבייט א נייעם פלאן, וואס מיליטערישע עקספערטען באטראכטען אים פאר איינעם פון די געוואגסטע און מערקווירדיגסטע אין דער געשיכ־טע פון מלחמה־סטראטעגיע. די פריערדיגע אטאקעס זיינען דורכגעפאלען הויפטזעכליך דערפאר, ווייל די גאנצע געגענד צו צפון־צו ביי וויקסבורג איז זומפיג און עס איז אוממעגליך גע־ווען דארטען צו מאנעווירען מיט א גרויסער ארמיי. גרענט האט באשלאסען ארונטערצומארשירען מיט זיין ארמיי ביז א פונקט פון 25 מייל צו דרום־צו פון וויקסבורג. ער האט די ארמיי געמוזט פירען אויף דעם וועסטליכען ברעג פון טייך. זיין פלאן איז געווען אריבערצופירען די ארמיי איבער'ן טייך צום

איסטליכען ברעג און דאן ארויפמאַרשירען ארויף־צו און אטאַ־
קירען וויקסבורג פון דרום־זייט. די פראַגע איז אָבער געווען,
וואו נעמט מען שיפען די ארמיי אריבערצופירען? און וואו




די לעצטע פעסטונגען אויף דעם טייך מיסיסיפּי.

נעמט מען דעם נויטיגען פּראָוויאַנט? האָט גרענט זיך מיישב
געווען מיט דעם אדמיראַל, וואס איז געשטאַנען מיט א פלאָט
אויף דעם טייך מיסיסיפּי צו צפון־צו פון וויקסבורג, אדמיראַל

פארטער. עס איז ביי זיי געבליבען, אז די שיפען זאלען דורכ־שווימען דעם טייך פארביי וויקסבורג, דורכשווימען פארביי די הארמאטען, דורך דעם פייער פון די הארמאטען. זיי האבען אויסגעשטעלט די שיפען אין דער ברייט פון טייך און זיי געלאזט לויפען. דער חשבון איז געווען אז די הארמאטען פון דער פעסטונג וועלען טרעפען בלויז די פאדערשטע שיפען אנטקעגען זיי, די הינטערשטע וועלען דערווייל פארביילויפען.

דאס איז געווען דער ערשטער געוואגטער שריט און ער האט זיך איינגעגעבען א סך בעסער ווי גענעראל גרענט און אדמיראל פארטער האבען אליין ערווארטעט. אין א פינסטערער נאכט אין אפריל האט פארטער דורכגעפירט איין קאנוואי שיפען און אין א צווייטער נאכט אין זעלבען מאנאט — א צווייטע פארטיע. בלויז צוויי שיפען פון די צוויי פלאטעס זיינען געזונקען גע־ווארען. די איבעריגע זיינען אנגעקומען גאנץ אין ניו קאר־טיידזש, וואו גרענט'ס ארמיי האט אויף זיי געווארט (זע די לאנדקארטע).

די ארמיי איז אריבערגעפירט געווארען אויף דעם צווייטען ברעג און זיך געלאזט מארשירען צו צפון צו, אין דער ריכטונג פון וויקסבורג. די גאנצע געגענד דארט איז געווען פול מיט באפעסטיגטע פונקטען פון דער „קאנפעדערייטי ארמיי". דעם מארש האט גרענט אנגעפאנגען אין אנהויב מאנאט מאי. ער האט פריער געמארשירט אין דער ריכטונג פון דזשעקסאן, די הויפט־שטאט פון מיסיסיפי, וואו עס איז געשטאנען א גרויסע קאנפעדערייסי־ארמיי. אויפ'ן וועג אהין האט ער געהאט עטליכע שלאכטען און אין אלע האט ער דעם שונא באזיגט. דעם 14־טען מאי האט ער איינגענומען די שטאט דזשעקסאן, וועלכע איז פארטיידיגט געווארען פון גענעראל דזשאנסטאן, איינעם פון די גרעסטע גענעראלען פון דער סאוט. דזשעקסאן ליגט פופציג מייל צו מזרח־צו פון וויקסבורג. גלייך נאכדעם ווי גרענט האט ארויסגעטריבען דעם שונא פון דזשעקסאן, האט ער גענומען גיין אויף וויקסבורג. אויפ'ן וועג האט ער געהאט נאך צוויי שלאכטען אויף צוויי פונקטען און איז ווידער ארויס דער זיגער.

דעם 18טען מאַי איז ער געשטאַנען ביי די ווענט פון וויקסבורג.

גרענט האָט אַ פּאָר מאָל פּרובירט נעמען די פעסטונג מיט שטורעם אבער ער איז צוריקגעשטויסען געוואָרען. וויקסבורג איז געשטאַנען אויף א הויכען פעלז, צו וועלכען עס איז אוממעגליך געווען צוצוקומען. גרענט האָט באַשלאָסען צו באלאגערען די פעסטונג, אויסהונגערען דעם שונא און אויף אזא אופן איהם צווינגען זיך אונטערצוגעבען.

אכט־און־פערציג טעג האָט די באַלאַגערונג אנגעהאַלטען. גענעראַל פּעמבערטאָן, וועלכער האָט די פעסטונג פאַרטיידיגט, האָט דאַן געבעטען גרענט'ן, ער זאָל מיט איהם פאַרהאַנדלען וועגען די באַדינגונגען פון אונטערגעבען זיך. גרענט'ס ענטפער איז געווען דערזעלבער ווי אין די פריערדיגע שלאַכטען: „איר מוזט זיך אונטערגעבען אָן באַדינגונגען". ענדליך האָט פּעמבערטאָן זיך געמוזט בויגען. פּונקט דעם פערטען דזשולאַי, ווען דאָס לאַנד פּייערט זיין גרויסען נאַציאָנאַלען יום־טוב, האָט גרענט'ס אַרמיי אריינגעמאַרשירט אין וויקסבורג. די סאָוט האָט אין די שלאַכטען אַרום דער פעסטונג פאַרלוירען צען טויזענד מאַן; און איצטער האָבען זיך אונטערגעגעבען נאָך 30 טויזענד. אין דער פעסטונג האָט גרענט געפונען 170 האַרמאַטען און אַ מאַסע אַמוניציע. גרענט האָט אין דער קאַמפּאַניע פאַרלוירען טויטע און פאַרוואונדעטע אַרום צען טויזענד מאַן.

אין א וואָך אַרום האָט זיך אויך אונטערגעגעבען פאָרט האָדסאָן, די אַנדערע פעסטונג פון דער קאָנפעדערייסי אויף דעם טייך מיסיסיפּי. דער טייך איז איצטער געווען אינגאַנצען אין די הענט פון דער נאָרט.

## קאַפּיטעל 20.

# די שלאַכט ביי געטיסבורג.

עטליכע וואָכען נאָך זיין זיג ביי טשענסעלארסוויל האָט גענעראל לי באשלאָסען צו מאכען א העכסט ריזיקאַלישען און העכסט געוואגטען שריט, — ער האָט באשלאָסען אריינצודרינגען מיט זיין ארמיי אין דער נאָרט, אין דעם שונא'ס לאַנד. זיין חשבון איז געווען דער: די שטימונג אין דער נאָרט איז דעמאָלט געווען א געדריקטע. עס האָט זיך דאָרט געפונען א גרויסע צאָל מענשען, וואס האָבען געפאָדערט, אז די מלחמה זאָל אויפהערען. הוקער'ס ארמיי איז געווען אפּגעשוואכט. גראדע דאן זיינען צוואנציג טויזענד פון הוקער'ס סאָלדאַטען אפּגעלאָזט געווארען פריי, ווייל זייער טערמין האָט זיך געענדיגט. פון הונדערט טויזענד איז זיין ארמיי רעדוצירט געווארען צו אכציג טויזענד. לי'ס ארמיי איז פאַרקערט געווען אין א בעסערען צושטאַנד, אי פיזיש אי מאָראַליש, ווי ווען עס איז פריער. זי האָט געציילט 105 טויזענד מאַן, אלע באַגייסטערט און ערמוטיגט פון די זיגען, וואס זיי האָבען געוואונען. צו לי'ען האָבען זיך דערטראגען קלאנגען, אז אין ניו יארק און אין אַנדערע שטעט אין דער נאָרט זיינען די מאַסען אויפגערעגט צוליב דעם נייעם „דרעפט“, וואס דאַרף באַלד פאָרקומען. מען האָט אים געלאָזט וויסען, אז מען ריכט זיך אויף ראַיאטען אין ניו יארק און אין פילאדעלפיע. לי האָט, אלזאָ, אויסגערעכענט, אז איצט איז די בעסטע צייט אריינצודרינגען אין דעם שונא'ס לאנד. ער האָט געהאָפט איינצונעמען פילאדעלפיע און אפשר אוועקמארשירען ביז ניו יארק. אויב דאָס וועט אים געלינגען, איז ער געווען זיכער, וועט די פרידענס-פּארטיי אין דער נאָרט

קריגען די איבערהאנט און וועט די מלחמה אפּשטעלען. ער האָט אויך ערוואַרטעט, אז זיין אריינדרינגען אין דער נאָרט וועט ווירקען אויף די רעגירונגען פון אייראָפּא, אז זיי זאָלען איינ־זען, אז די סאוט איז אונבאַזיגבאַר און דעמאָלט וועלען די איי־ראָפּעאישע רעגירונגען געבען דער קאָנפעדעריישי זייער פולע אנ־ערקענונג.

גענעראל לאָנגסטריט, לי'ס הויפּט־אדיוטאנט, האָט אים אָפּ־געראַטען פון דעם שריט. לאנגסטריט'ס מיינונג איז געווען אז אנשטאָט צו גיין אויף דער נאָרט דאַרף מען בעסער שיקען די ארמיי העלפען ראַטעווען וויקסבורג. דאָס איז געווען גראד אין דער צייט, ווען גרענט האָט באַלאַגערט די פעסטונג און ווען די אויסזיכטען פאר דער ארמיי פון דער סאוט זיינען דאָרט געווען טונקעלע. לי האָט אָבער לאנגסטריט'ס עצה צוריקגעוויזען. אין אָנהויב יוני האָט לי גענומען מאַרשירען צו צפון־צו.

לי'ס ארמיי האָט מיט טריאומף דורכגעמאַרשירט דורך מע־רילאַנד און איז אריין אין פּענסילוויניא. אויף דער נאָרט איז אָנגעפאַלען א שרעק. לינקאָלן האָט ארויסגעשיקט אן אויפרוף צו די גאָווערנאָרס פון די שטאַטען פּענסילוויניא, מערילאַנד, וועסט־ווירדזשינא און אָהייאָ, זיי זאָלען גלייך צונויפזאַמלען א ספּעציעלע ארמיי פון הונדערט טויזענד מאַן אויף א טערמין פון זעקס מאָנאַטען. דער גאָווערנאָר פון פּענסילוויניא האָט געשיקט א הילפס־רוף צום גאָווערנאָר פון ניו דזשוירזי. דער מעיאָר פון פילאדעלפיע האָט ארויסגעלאָזען אן אויפרוף צו די איינוואוינער, זיי זאָלען „פאַרטיידיגען די שטאָט און באַשיצען זייערע היימען". דער ענטפער אויף די אַלע אויפרופען איז ניט געווען קיין גוטער. מעקמעסטער שרייבט: „עס איז שווער געווען צו קריגען סאָלדאַטען. עס וואָלט לייכט געווען צו ווירקען אויף א בירגער ער זאָל זיך אָנשליסען אויף א טערמין פון דרייסיג אדער זעכציג טעג צו פאַרטיידיגען זיין אייגענע שטאָט, אָבער גיין דינען גאנצע זעקס מאָנאַטען אין דער נאַציאָנאַלער ארמיי, דאָס איז עפּעס אַנדערש. וואָס פאַר א פאַרזיכערונג האָט מען זיי געקענט געבען, אז נאָכדעם ווי די געפאַר אין

זייער אייגענער שטאט וועט זיין פאראיבער, וועט דער קאמאנדיר פון דער נאציאנאלער ארמיי זיי ניט שיקען זיך צו שלאגען ער־געץ אנדערש?"

דאך איז א געוויסע צאל סאלדאטען אנגעקומען פון ניו דזשוירזי און פון ניו יארק. זיי זיינען געקומען העלפען פענסיל־וועניא. די הויפט־שטאט העריסבורג איז געווען אין א פאניקע. מעקמעסטער שרייבט: „דינסטאג, דעם 16טען יוני, זיינען אלע קלייטען געווען פארמאכט, אלע האטעלען ליידיג, דער מארק פוסט, דער פאסט־אפיס פארמאכט. אין די רעגירונגס־ביוראס האט מען געפאקט די פאפירען און דאקומענטען אין קאסטענס. די ביבליאטעקען האבען זיך געגרייט ארויסצופירען זייערע ביכער. הונדערטער איינוואוינער האבען פארשלאסען זייערע היימען און זיינען אנטלאפען. די, וואס זיינען פארבליבען, זיינען געשטאנען אין רעדלאך אין גאס און גערעדט וועגען דעם אנקומען פון שונא". די בעאמטע האבען באפוילען די מענער צו גראבען טראנשייען און בויען פעסטונגען. זיי האבען אנגעבאטען א דא־לער און א פערטעל א טאג פאר דער ארבייט, סאי צו ווייסע, סאי צו נעגערס.

און עס איז געווען פארוואס זיך צו שרעקען. לי'ס ארמיי האט זיך דערנערט דערפון, וואס זי האט פארכאפט אין די שטעט און דערפער, וואו זי איז אריין. פראפעסאר דרעיפער שרייבט: „די קאנפעדעריישי־ארמיי האט געלעבט פון דעם לאנד דורך וועלכען זי האט מארשירט. זי האט געצוואונגען די פארמערס, זיי זאלען איר צושטעלען עסענווארג און פון די שטעט האט זי ארויסגעפרעסט אויסלייז־געלד. אט, צום ביישפיל, האט זי פון דעם קליינעם שטעטעל יארק (אין פענסילווייניא) גע־פאדערט 165 פעסלעך מעל און 28 טויזענד פונט ברויט, 3500 פונט צוקער, 1650 פונט קאפע, 300 גאלאנען סיראפ, 1200 פונט זאלץ, 2000 פונט פרישע פלייש און 21 טויזענד פונט חזיר־פלייש. דאס אלץ האט געמוזט צוגעשטעלט ווערען ביז פיר אזייגער בייטאג. די שטאט האט אויך געמוזט צושטעלען צוויי

טויזענד פֿאַר שיך, טויזענד פֿאַר זאָקען, טויזענד היטלען און 100 טויזענד דאָלער אין מזומן געלד".

דעם אכצענטען יוני איז ליעס קאוואַלעריע אריין אין דעם שטעטעל מעקאָנעלסבורג. די סאָלדאַטען האָבען אויפגעבראָכען די קראָמען און ארויסגענומען שטיוועל, שיך, היטלען, שפּייז. זיי האָבען צוגענומען אלע פערד אין שטעטעל און זיינען אוועק. מעקמעסטער שרייבט ווייטער: „פון מעטישבורג און אומגעגענד זיינען געלאָפען פליכטלינגע, ווייסע און שווארצע, אלטע און יונגע, זייערע אָקסען, פערד און וועגענער אָנגעלאָדען מיט הויז־זאכען. זיי זיינען געלאָפען נאָך העריסבורג און ווייטער צו מזרח צו. . . דעם 24טען איז אַ טייל פון דער ארמיי אריין אין טשעמבערסבורג. דער קאָמאַנדיר האָט ארויסגעגעבען אַ באַפעל צו די איינוואוינער, זיי זאלען ניט פארקויפען קיין שטאַרקע געטראַנקען צו די סאָלדאַטען. . . איין קראָם נאָך דער אַנדערער איז פון די סאָלדאַטען אויפגעבראָכען און אויסגעליידיגט געווארען. די סאָלדאַטען זיינען אריין אין פריוואַטע וואוינונגען און זיי דורכגעזוכט אין יעדען ווינקעל. דאָס, וואס די סאָלדאַטען האָבען ניט געקענט מיטנעמען מיט זיך, האָבען זיי פארניכטעט. ענליכעס האָבען די סאָלדאַטען געטאָן אין אלע שטעט און שטעטלאך וואו זיי זיינען אריינגעקומען."

דעם 26טען יוני איז ליעס גאַנצע ארמיי געווען אין פענסילוויינא. אַ טייל פון דער ארמיי איז געשטאַנען פיר מייל פון העריסבורג. אין דער שטאָט האָט מען געהערט דאָס קראַכען פון די האַרמאַטען. יענע נאכט איז אין פילאַדעלפיע פארשפרייט געוואָרען די נייעס אַז העריסבורג ווערט באָמבאַרדירט. די אויפרעגונג דארט איז געווען גרויס.

וואו איז די גאַנצע צייט געווען הוקער מיט זיין ארמיי? הוקער האָט זיך מיט זיין ארמיי גענומען רוקען צו צפון־צו אזוי שנעל, ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אַז לי מאַרשירט אין דער ריכטונג. ער האָט זיך אָבער געהאַלטען נאָענט צו דער איסט אום צו באַשיצען וואשינגטאָן און באַלטימאָר. די צוויי ארמייען האָבען זיך גערוקט צו פענסילוויינא און זיינען אין פענסילוויי־

ניא אריין אין צוויי פאראלעלע ליניען. די גרויס פון די צוויי ארמייען איז איצט אויך געווען אומגעפער דיזעלבע, — יעדע ארמיי ארום הונדערט טויזענד מאן. דעם 27טען יוני, ווען די צוויי ארמייען האבען זיך גענומען גרייטען צו א שלאכט, האט הוקער פלוצלונג אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע. לינקאלן האט די רעזיגנאציע אנגענומען (ער האט זיין צוטרוי צו הוקער׳ן אנגעוואוירען גלייך נאך דער שלאכט ביי טשענסעלארסוויל). אויף הוקער׳ס פלאץ האט ער באשטימט גענעראל דזשארדזש גארדאן מיעד. גענעראל מיעד האט איבערגענומען די קאמאנדע דעם 28טען יוני און מיט צוויי טעג שפעטער, האט זיך אנגעפאנגען די שלאכט פון געטיסבורג, — די שלאכט, וואס איז, לויט דער מיינונג פון פילע היסטאריקער, די וויכטיגסטע אין דער גאנצער מלחמה. די שלאכט האט צושלאגען יעדע האפענונג פון דער סאוט, אז איר וועט ווען עס געלינגען צו באזיגען די נארט.

די שלאכט ביי דער שטעטעל געטיסבורג האט זיך אנגעהויבען אזוי ווי דורך א צופאל. אן אפטיילונג פון דער נארט-ארמיי, ניט ווייט פון געטיסבורג, האט באמערקט לאגער-פייערליך אין געטיסבורג. די פייערליך זיינען געווען פון א רעגימענט סאלדאטען פון דער סאוט, וואס איז געשיקט געווארען אין שטעטעל אריין צו פארנעמען א טראנספארט שיך, וואס האט זיך דארט געפונען. די צוויי ארמייען האבען זיך באגעגענט. אויף אזא אופן איז פארגעקומען דער ערשטער צוזאמענשטויס.

די שלאכט האט אנגעהאלטען דריי טעג. די צוויי ארמייען האבען זיך באפעסטיגט אויף צוויי קייטען בערגלאך, וואס ליגען לעבען געטיסבורג, איין קייט בערגלאך רופט זיך „סעמעטערי (בית עולם) בערג”. דארטען האט זיך באפעסטיגט די ארמיי פון דער נארט. די צווייטע קייט צו מערב-צו רופט זיך „סעמינערי רידזש” (סעמינאר בערגלאך). דארטען איז געשטאנען די סאוט-ארמיי. צווישען די צוויי ציילען בערג איז א טאל, א מייל די ברייט. דורך דעם טאל ציט זיך דער וועג נאך געטיסבורג.

די שלאַכט האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אויף א רעכטען אמת דעם צווייטען יולי, שפּעט נאָכמיטאג. לי׳ס ארמיי האָט אטאַקירט מיעד׳ס סאָלדאטען אויף ביידע ברעגען פון די סעמעטערי־בערגלאך און די אטאַקעס האָבען זיך אביסעל איינגעגעבען. מיעד׳ס סאָלדאטען האָבען פארלאָרען איינינע פּאָזיציעס. די ערשטע צוויי טעג זיינען געווען גינסטיג פאר דער סאוט.

דער דריטער טאָג האָט געדארפט ענטשיידען דעם שיקזאל פון דער שלאַכט. וועט עס געלינגען לי׳ען איינצונעמען דעם „סעמעטערי רידזש”? וועט עס אים געלינגען זיך דורכצורייסען דורך דער קיים בערג? אויב יא, דאן האָט ער געזיגט. אויב ניט, האָט ער פארלאָרען. לי האָט קאָנצענטרירט 145 הארמאטען אויף א געוויסען טייל פון דער קיים. איינס אזייגער האָבען די אלע הארמאטען גענומען שיסען. מיעד האָט געענטפערט מיט זיינע הארמאטען. „דער ארטילעריי־דועל איז געווען דער גרעסטער אין דער געשיכטע פון דער מלחמה, — שרייבט מעקמעסטער, — צוויי שטונדען נאָכאַנאַנד האָט די שיסעריי אָנגעהאַלטען”. דאן האָט מיעד געהייסען זיין ארטילעריע, זי זאָל אויפהערען שיסען. ער האָט געוואוסט, אז לי פּלאַנעוועט נאָך דער שיסעריי צו שיקען זיינע רעגימענטען צו שטורעמען די פּאָזיציעס אויף דעם „סעמעטערי רידזש” און ער האָט געוואָלט איינשפּאָרען אַמוניציע אויף צו באַגעגענען די אטאַקע. לי האָט אָבער געמיינט, אז דערפאר האָט מיעד אויפגעהערט צו שיסען, ווייל זיינען הארמאטען זיינען צושמעטערט אדער פארקריפּעלט געווארען.

דריי אזייגער נאָכמיטאג האָט אן אפּטיילונג פון לי׳ס ארמיי גענומען מארשירען צו סעמעטערי רידזש. געפירט איז די אפּטיילונג געווארען פון גענעראל פּיקעט און דערפאר איז די העלדישע אטאַקע באוואוסט אין דער געשיכטע אלס „פּיקעט׳ס טשארדזש” (פּיקעט׳ס אטאַקע). פּיקעט׳ס רעגימענטען זיינען באשטאַנען פון 15 טויזענד מאַן. די סאָלדאטען האָבען געמארשירט דורך דעם טאָל און דאן גענומען קלעטערען אויף דעם באַרג. מיעד׳ס סאָלדאטען זיינען געשטאַנען הינטער

זייערע קאנאנען, מיט ביקסען אין די הענד, און האבען געווארט. ווען פיקעט'ס סאלדאטען זיינען צוגעקומען נאענט, האבען די ביקסען און קאנאנען זיי באגעגענט מיט א האגעל פון קוילען. די שלאכט איז געווען א פארצווייפעלטע. לי'ס סאלדאטען זיינען צוריקגעשטויסען געווארען. א סך פון זיי זיינען געפאנגען געווארען און א סך זיינען געבליבען ליגען טויטע און פארוואונדעטע. די, וואס האבען זיך געקענט ראטעווען, זיינען אנטלאפען. פון דער גאנצער ארמיי, וואס איז געשיקט געווארען אין פייער, איז כמעט גאר ניט געבליבען.

פראפעסאר האסמער שרייבט: ווען די צושלאגענע רעגימענטען זיינען געקומען צוריק, איז לי ארויסגעפארען אויף זיין פערד זיי באגעגענען... זיין געזיכט איז געווען רואיג און ענטשלאסען. זיין שטימע פעסט. ער האט אויסגעשריען: „עס איז אין גאנצען מיין שולד. איצט העלפט מיר ראטעווען דאס, וואס איז נאך פארבליבען!" גענעראל לאנגסטריט, וועלכער איז געווען געגען דעם גאנצען צוג, האט ביז דער לעצטער מינוט געראטען לי'ען, ער זאל די אטאקע פון די 15 טויזענד ניט אונטערנעמען. ער האט געווארענט לי'ען, אז אזא אטאקע מוז דורכפאלען. לי האט אים אבער ניט געפאלגט. מיט א צייט שפעטער האט לי געשריבען לאנגסטריט'ן א בריף, אין וועלכען ער האט געזאגט: „ווען איך וואלט דיך געפאלגט אפילו נאר אין דעם לעצטען טאג פון דער געטיסבורג־שלאכט וואלט ווארשיינליך איצט אלץ אנדערש געווען".

אין די דריי טעג פון דער שרעקליכער שלאכט האט מיעד פארלארען ארום דריי טויזענט אין טויטע און איבער פערצען טויזענט אין פארוואונדעטע. איבער פינף טויזענט האבען געפעלט. לי האט פארלארען ארום פיר טויזענט אין טויטע, ארום פופצען טויזענט אין פארוואונדעטע, און איבער פינף טויזענט האבען געפעלט.

לי האט זיך גלייך גענומען צוריקציען. מיעד האט אים כמעט ניט געשטערט. אין וואשינגטאן איז מען געווען זייער אומצופרידען מיט מיעד'ס האנדלונג. דארטען האט מען ערווארטעט, אז

מיעד וועט לי'ען נאָכיאָגען און אים אין גאנצען פארניכטען. מיעד איז אזוי שארף קריטיקירט געווארען, אז ער האָט אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע. לינקאָלן האָט אָבער די רעזיגנאציע ניט אָנ־גענומען.

דעם 19טען נאָוועמבער, 1863, האָבען זיך אין געטיסבורג פארזאמעלט פאָרשטייער פון דער וואשינגטאָנער רעגירונג און פון דער ארמיי אויף צו הייליגען א טייל פון דעם שלאכטפעלד פאר א נאציאָנאלען בית עולם צו באערדיגען דאָרט די סאָלדאטען, וואס זיינען געפאלען אין דער גרויסער שלאכט. ביי דער געלעגענהייט האָט לינקאָלן געהאלטען זיין בארימטע אָנדענקונג־רעדע, אָדער ווי אנדערע רופען זי, די „געטיסבורג־רעדע". קיינער האָט זיך ניט געריכט פריער, אז ער וועט ריידען. ווען די צערעמאָניעס האָבען זיך געהאלטען אין ענדיגען האָט זיך לינקאָלן פלוצלינג אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און גענומען ריידען. די רעדע איז זייער א קורצע, זי איז אָבער א מייסטערווערק אין יעדער הינזיכט: אי מיט די געפילען און געדאנקען, וואָס זי דריקט אויס, אי מיט דער שיינקייט און הארציגקייט פון דער שפראך. די קורצע רעדע ווערט באטראכט אלס א ליטעראַרישער פערל. אָט איז אן איבערזעצונג פון דער רעדע:

„מען לאָזט מיר וויסען, אז די פארזאמלונג ערווארטעט, איך זאָל עפּעס זאָגען ביי דער געלעגענהייט. מיר זיינען דאָ פארזא־מעלט אויף א גרויסען שלאכטפעלד פון דער מלחמה. מיר זיינען געקומען הייליגען א טייל פון דעם פעלד אלס דעם לעצטען רו־פלאץ פאר די, וואָס האָבען אוועקגעגעבען זייערע לעבענס, כדי אונזער פאָלק זאָל בלייבען לעבען. מיר דארפען עס טאָן. אָבער אין א העכערען זין קענען מיר ניט פארהייליגען די ערד. די העלדישע מענער, לעבעדיגע אָדער טויטע, וועלכע האָבען דאָ גע־קעמפט, האָבען שוין די ערד פיל מער פארהייליגט ווי מיר קענען עס טאָן. די וועלט וועט ווייניגער טראכטען וועגען דעם, וואָס מיר וועלען דאָ זאָגען; זי וועט אָבער קיינמאָל ניט פארגעסען, וואָס זיי האָבען דאָ געטאָן. מיר, די לעבעדיגע, דארפען בעסער זיך אליין ווידמענען צו דער ניט געענדיגטער ארבייט, וואָס די,

וועלכע האָבען דאָ געקעמפט האָבען אזוי ערהאבען אָנגעפירט. מיר דארפען פון די קברים פון די געערטע טויטע זיך אפלערנען צו זיין איבערגעבען דער זאך, פאר וועלכער זיי האָבען זייערע לעבענס אוועקגעגעבען. לאָמיר דאָ באשליסען, אז זיי זאָלען ניט האָבען געשטאָרבען אומזיסט, אז די נאציאָן זאָל מיט גאָט'ס הילף ווערען ווידערגעבוירען אין פרייהייט און אז די רעגירונג, וואָס איז פון פאָלק, דורכ'ן פאָלק און פאר'ן פאָלק זאָל קיינמאָל ניט אויסגעמעקט ווערען פון דער וועלט."

קאַפּיטעל 21.

# גרענט זיגט אין טענעסי

סוף דזשון, 1863, האָט גענעראַל ראָזענקראַנץ גענומען גיין אויף טשאַטאַנוגא. זעקס מאָנאַט צייט איז ער מיט זיין ארמיי געשטאַנען אין מאירפריסבאָראָ, ניט ווייט פון נעשוויל. פון וואשינגטאָן האָט מען אים געהאַלטען אין איין אויפפאָדערען ער זאָל מארשירען צו דער איסט און סאוט פון טענעסי. לינקאָלן האָט עס שטענדיג געהאַלטען פאר העכסט וויכטיג ארויסצוטרייבען דעם שונא פון דעם מזרח טייל פון טענעסי, וויייל דורך דער איסט און דער סאוט פון טענעסי האָבען זיך געצויגען די אַלע וועגען און באַנען וואָס האָבען פארבונדען ווירדזשיניא מיט די נידעריגע טיילען פון דער סאוט. ראָזענקראַנץ איז אָבער אין דער הינזיכט געווען גראָטען אין מעקלעלאַן. ער האָט שטענדיג געפונען א גרונד אָפּצולייגען זיין צוג אויף שפּעטער. זיין טענה איז שטענדיג געווען, אז אים פעלען סאָלדאטען, אָדער אַז אים פעלען די נויטיגע פאַבאַרייטונגען. סוף דזשון האָט ער אָבער, ענדליך, זיך גענומען באַוועגען.

די ארמיי פון דער קאָנפעדערייסי אין טענעסי איז געשטאַנען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל ברעג. ער האָט באַפעסטיגט א גאַנצע קייט מיט פּאָזיציעס, וואָס האָט זיך געצויגען פון נעשוויל ביז טשאַטאַנוגא. ראָזענקראַנץ האָט אָבער אזוי קונציג מאַנעווורירט, אזוי קונציג געפירט זיין ארמיי, אז ברעג איז געצוואונגען געווען פון די פּאָזיציעס זיך צוריקצוציען. ער האָט אפילו ניט געוואגט זיך צו שטעלען אנטקעגען ראָזענקראַנצ'ן. דעם 9טען סעפּטעמבער איז ראָזענקראַנצ'ס ארמיי אַריין אין טשאַטאַנוגא. ער האָט די שטאָט איינגענומען גאָר אָן א שלאַכט.

ברעג האָט זיך צוריקגעצויגען אין דזשאָרדזשיא. דאָרטען האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיך באפעסטיגט. פון אלע זייטען זיינען ארמייען אים געקומען צו הילף. פון ווירדזשיניא איז



דאָס שלאַכטפעלד אין טענעסי.

געקומען גענעראל לאָנגסטריט מיט אן ארמיי. דזשאנסטאָן האָט געשיקט סאָלדאטען פון מיסיסיפי, און נאָך און נאָך. ברעג האָט איצט געהאט אן ארמיי פון 70 טויזענט מאן געגען ראָזענקראנצ'ס

ארמיי פון בלויז 56 טויזענט. דעם 19טען סעפטעמבער האָט ברעג אַטאַקירט ראָזענקראַנצ'ן ביים טייכעל טשיקאַמאַגאַ (דער טייך פון טויט). די שלאַכט איז געווען א פארצווייפעלטע, א שרעקליך בלוטיגע (די שלאַכט ווערט באַצייכענט אלס די גרויסע שלאַכט פון דער וועסט). ראָזענקראַנץ איז צוקלאַפּט געוואָרען. ער האָט זיך געמוזט צוריקציען אין טשאַטאַנוגאַ. ברעג האָט זיך דאן באַפעסטיגט אין די בערג, וואָס ליגען אין דזשאָרדזשיא צו דרום צו פון טשאַטאַנוגאַ, אויף דעם „לוקאַוט באַרג" אין די „מישיאָנערי בערג־קייט". ער האָט אויך אָפּגעשניטען אַלע וועגען דורך וועלכע ראָזענקראַנץ איז געווען פארבונדען מיט די אנדערע פּאָסטענס פון דער נאָרט. איין וועג בלויז איז געבליבען אָפען פאר ראָזענקראַנצ'ן. עס איז געווען א זייער לאַנגער וועג, וועלכער האָט זיך געצויגען דורך בערג. אָבער אפילו אָט דער וועג איז באַלד דורך רעגענס פארוואַנדעלט געוואָרען אין א זומפּ. די סאָל־דאַטען האָבען שרעקליך געליטען. זיי האָבען ניט געהאַט גענוג צו עסען. זיי האָבען ניט געקענט קריגען קיין שיך און קיין וואַרימע קליידער פאר די קאַלטע וועטערען.

ראָזענקראַנץ איז איצט אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון זיין אמט. לינקאָלן האָט געשיקט גרענט'ן. ער זאָל איבערנעמען די קאָמאַנדע פון דער גאַנצער געגענט. אין טשאַטאַנוגאַ האָבען זיך איצט פארזאַמעלט די בעסטע גענעראַלען פון דער נאָרט: גרענט, שערמאַן, שערידען און טאָמאַס. דאָרט איז אויך געווען גענעראַל הוקער. גרענט האָט געהאַט אַן ארמיי פון 60 טויזענט. ברעג האָט געהאַט ניט מער ווי 30 טויזענט (א דריט חלק פון זיין ארמיי האָט ער אוועקגעשיקט איינצונעמען נאַקסוויל). גרענט איז אָנ־געקומען אין טשאַטאַנוגאַ שפּעט אין אָקטאָבער. דעם 24טען נאָוועמבער האָט גרענט אָנגעפאַנגען צו אַטאַקירען ברעג'ס פּאָזי־ציעס אין די בערג. די שלאַכט האָט אָנגעהאַלטען דריי טעג, פון דעם 23טען ביז'ן 26טען נאָוועמבער. ברעג איז געשלאָגען געוואָרען. גרענט'ס זיג איז געווען א פולשטענדיגער. טענעסי איז ענדליך אָפּגערייניגט געוואָרען פון שונא. די נאָרט האָט אין דער שלאַכט פארלוירען איבער פינף טויזענט מאַן. פון דער

סאוט זיינען געפאלען א סך וויינינגער. דערפאר אבער האט די סאוט פארלוירען פיר טויזענט אין געפאנגענע.

דער זיג ביי טשאטאנוגא איז געווען איינער פון די סאמע וויכטיגסטע אין דער מלחמה. גרענט האט איצט געהאט צו זיין קרעדיט צוויי פון די סאמע וויכטיגסטע זיגען, — וויקסבורג און טשאטאנוגא. דעם 17טען דעצעמבער האט דער קאנגרעס אנגענומען א רעזאלוציע צו דאנקען גרענט'ן. לינקאלן האט איהם געשיקט א פערזענליכען דאנק־בריוו.

קאַפּיטעל 22.

# די מלחמה אויפ'ן ים

ביידע צדדים, די נאָרט און די סאַוט, זיינען געווען ים לענדער. זיי זיינען ביידע געלעגען ביים ברעג פון אטלאַנטישען ים און ביידע האָבען אָנגעפירט א גרויסען האנדעל איבער'ן ים. דערפאר האָבען ביידע צדדים, גלייך ביים אויסברוך פון קריג געזוכט צו שעדיגען איינער דעם צווייטען אין דעם ים-פאַרקער. לינקאָלן האָט געשיקט שיפען צו פארבלאָקירען דעם גאנצען ברעג פון דער סאוט און דזשעפערסאָן דייוויס האָט איינגעלאדען פריי-וואטע שיפען זיי זאָלען אין נאָמען פון זיין רעגירונג באַפען און פאנגען די האנדעלט שיפען פון דער נאָרט.

די ערשטע צייט איז די לאגע פון דער סאוט געווען א בעסערע. ביידע רעגירונגען האָבען געהאט זייער שוואַכע פלאָטען. דער באַפעל פון פּרעזידענט לינקאָלן צו זיין פלאָטען-מיניסטער, ער זאָל פארבלאָקאדירען דעם ברעג פון דער סאַוט, האָט ניט געהאט קיין פּראקטישען ווערט, ווייל דער פלאָטען מיניסטער האָט מער ווי עטליכע געציילטע שיפען ניט פארמאָגט און מיט עטליכע שיפען האָט מען א ברעג פון דריי טויזענט מייל ניט געקאָנט פארצאַמען. פארקערט, אָבער, דזשעפערסאָן דייוויס'עס אקט האָט געהאט א גרויסע ווירקונג. די הענדלער פון דער נאָרט, די שיף-אייגענטימער און די פארזיכערונגס-געזעלשאפטען האָבען זיך שטארק דערשראָקען. יעדער אין דער סאוט אָדער אין א נייטראל לאנד, וואָס האָט פארמאָגט א שיף, האָט זי געקענט באוואָפענען, באַקומען אַן ערלויבניש פון דייוויס'ען, ארויספארען און באפאלען שיפען פון דער נאָרט. בעלנים אויף דעם איז ניט שווער געווען צו געפינען. די סוחרים פון ניו יאָרק און פון

אנדערע האפען־שטעט אין דער נארט, וועלכע האבען געפירט אן עקספארט־ און אימפארט־האנדעל האבען זיך געווענדט צום פלאטען־מיניסטער, ער זאל ארויסשיקען קריגס־שיפען צו באוואכען זייער האנדעל. יעדען יאר פלעגט פון קאליפארניע געבראכט ווערען קיין ניו יארק גאלד אין ווערט פון 40 מיליאן דאלער. האבען די ניו יארקער באנקירען פארלאנגט פון וואשינגטאן, אז מען זאל די שיפען, וואס פירען דאס גאלד פארזארגען מיט הארמאטען און סאלדאטען.

דער פלאטען־מיניסטער גידיאן וועלס, האט די אלע פעטיציעס ניט געקענט באוויליגען. ער האט זיך געשטעלט אלס אויפגאבע צו קריגען וואס מער שיפען פאר זיין דינסט. ער האט געקויפט און געבויט אלערליי שיפען, קליינע און גרויסע, שוואכע און שטארקע. בשעת ער האט די בלאקאדע אנגעפאנגען, האט ער פארמאגט אין גאנצען 42 שיפען, די מערסטע פון זיי זעגעל־שיפען און רודער־שיפען. אין דעצעמבער, 1861, האט ער שוין געהאט 79 דאמף־שיפען און 58 זעגעל־שיפען. אין לויף פון די פיר מלחמה יארען האט די רעגירונג אויסגעבויט 418 שיפען, 313 פון זיי דאמף־שיפען (נאך דער מלחמה האט די רעגירונג זיי אלע שנעל פארקויפט פאר א העלפט געלט, וואס זי האט פאר זיי באצאלט).

די בלאקאדע אויף דעם ברעג פון דער סאוט איז געווארען פעסטער און ווירקזאמער פון יאר צו יאר. די ערשטע צייט איז עס געווען לייכט פאר האנדעלס־שיפען זיך אריינצו׳גנב׳ענען און זיך ארויסצו׳גנב׳ענען פון די האפענס פון דער סאוט. אבער וואס ווייטער איז עס געווארען אלץ שווערער און אין דעם לעצטען יאר פון דער מלחמה, — כמעט אוממעגליך. די בלאקאדע איז געווען איינע פון די שטארקסטע וואפען מיט וועלכע די סאוט איז סוף־כל־סוף באזיגט געווארען.

די סאוט האט אויך פרובירט אויפבויען א פלאטע. אבער דאס איז זייער שווער אנגעקומען. ביי זיך אין דער היים האט זי קיין שיפען כמעט גאר ניט געקענט בויען. זי האט ניט געהאט די נויטיגע רויע מאטעריאלען, ניט די מעכאניקער און ניט די

מאשינעריע. האָט זי געשיקט אגענטען קיין ענגלאנד און פראנק־רייך צו קויפען דאָרט שיפען. דאָס איז אבער אויך ניט געווען קיין לייכטע אויפגאבע. די ענגלישע פירמעס האָבען זיך אָפּגע־זאָגט צו נעמען די וועקסלען פון דער קאָנפעדעריישי. זיי האָבען געפאָדערט מזומנ'ע געלט. דערצו האָט דער אמעריקאנער אמבא־סאדאָר אין ענגלאנד געהיט, אז קיין באוואָפענטע שיפען זאָלען פון ענגלאנד נאָך דער סאוט ניט ארויספאָרען. עס פארשטייט זיך, אז א געוויסע צאָל שיפען האָט די סאוט יע געקראָגען אין אויסלאנד, אָבער ווייט ניט אזוי פיל ווי זי האָט באדארפט האָבען.

די ערשטע צייט פון דער בלאָקאדע האָט זיך די נאָרט באנוצט מיט א מיטעל, וואָס האָט ארויסגערופען ביטערע פּראָ־טעסטען אין דער סאוט און אויך אין אייראָפּע, אין ענגלאנד און פראנקרייך. ביי מאנכע פון די וויכטיגסטע האפענס פון דער סאוט זיינען פאראן שמאָלע אריינגאנגען, שמאָלע וואסער־פּאסען, וואָס פירען פון ים צום ברעג. האָט די נאָרט גענומען אלטע שיפען זיי אָנגעלאָדען מיט שטיינער און זיי פארזונקען אין די שמאָלע דורכגאנגען. אויף אזא אופן האָט די נאָרט געזוכט צו פארשפּאַ־רען דעם וועג, אוממעגליך מאכען פאר שיפען אין די האפענס אריינצופאָרען.

די סאוט האָט געמאכט א געשריי, אז בלויז בארבארען פירען מלחמה אויף אזא שטייגער. ציוויליזירטע מענשען טוען ניט אָן אין מלחמה־צייט אזוינע שאָדענס, וואָס עס איז אומ־מעגליך נאָך דער מלחמה צו פאררירכטען. די פארזונקענע שטיי־נער אין די האפענס, האָבען זיי גע'טענה'ט, וועלען אויף א סך יאָרען נאָך דער מלחמה מאכען פאר אוממעגליך צו באנוצען די האפענס.

„אז די סאוט זאָל פּראָטעסטירען האָט מען געקענט ערוואר־טען", שרייבט מעקמעסטער, „אָבער דער צאָרן פון ענגלאנד איז געווען אומערווארטעט און איבערראשענד." דאָרט האָט מען געמאכט געוואלדען, אז די נאָרט פירט איר מלחמה ניט בלויז געגען דער סאוט, נאָר געגען דער גאנצער מענשהייט, איין צייטונג אין ענגלאנד האָט געשריבען אז ווילדע בארבארען וואָל־

טען אזא זאך ניט געטאן, „זיי וואלטען ניט פארגיפטעט דעם קוואל וואסער פון וועלכען זייער שונא טרינקט".

די שיף־אייגענטימער פון ליווערפול האבען זיך געווענדעט צו לארד ראסעל, דעם ענגלישען מיניסטער פון אויסערן, ער זאל נעמען א שטעלונג אין דער אנגעלעגענהייט. ראסעל האט גע־ענטפערט, אז ער האט געהייסען דעם ענגלישען אמבאסאדאר אין וואשינגטאן צו ריידען וועגען דעם מיט מר. סוארד. אין דער ערקלערונג צו די שיף־אייגענטימער האט ראסעל אויסגע־דריקט זיין מיינונג. ער האט געזאגט, אז די האנדלונג באווייזט, אז די נארט איז פארצווייפעלט, אז זי האט פארלוירען די האפנ־נונג ווען עס איז צו באזיגען די סאוט און זי זוכט בלויז צו נעמען נקמה. ער האט ווייטער געזאגט, אז דערמיט, וואס די נארט פאר־ניכטעט די האפענס פון דער סאוט, שטערט זי דעם האנדעל פון נייטראלע לענדער, אז דאס איז א פארשוועכונג פון דעם אינ־טערנאציאנאלען האנדעל און אז די האנדלונג קען ניט בארעכטיגט ווערען.

דער ענגלישער אמבאסאדאר האט גערעדט מיט סוארד'ן. ער האט אבער קיין זאך ביי אים ניט גע'פועל'ט. סוארד האט אים ערקלערט, אז די האפענס וועלען פון די פארזונקענע שטיינער ניט ליידען, אז נאך דער מלחמה וועט עס לייכט זיין די שטיינער אפצוראמען. און דער אמת איז, אז די שטיינער האבען טאקע די האפענס ניט באשעדיגט, אפילו דעמאלט, ווען מען האט זיי ערשט פארזונקען. שיפען, און טאקע ענגלישע שיפען, האבען זיך די גאנצע צייט באנוצט מיט די האפענס ארייינצושמוגלען אין דער סאוט און אויך ארויסצושמוגלען פון דארטען פארשיי־דענע סחורות.

די אויפרעגונג אין ענגלאנד האט געהאט א מאטעריעלען הינטערגרונט. פון די טעקסטיל פאבריקען האבען זיך אין ענג־לאנד ערנערט פיר מיליאן מענשען. אן די קאטען פון דער סאוט האבען די פאבריקען ניט געקענט עקזיסטירען. די שרעק איז ענגלאנד איז געווען ניט אומזיסט. אין סעפטעמבער, 1861, האבען די פאבריקען אין ענגלאנד גענומען פארקירצען זייער

ארבייטס־צייט. מאנכע פאבריקען, אין מאַנטשעסטער, האָבען געלאָזט וויסען זייערע ארבייטער, אז העכסט ווארשיינליך וועלען זיי זיך מוזען צושליסען אין די ווינטער מאָנאַטען. די לאגע איז געווארען ערגער פון טאָג צו טאָג. אין יאַנואר, 1862, האָט מען אין די טעקסטיל־שטעטלעך געטיילט ברויט און זופּ צו די אר־בייטסלאָזע. עס האָבען זיך אָרגאַניזירט הילפס־קאָמיטעטען צו זאמלען קליידער און שפּייז פאר די אָרימע. אין נאָוועמבער, 1861, האָבען די יוניאָנס געמאָלדען, אז 330 טויזענט פון זייערע מיטגלידער גייען ארום ליידיג*).

די סאוט האָט פון אָנפאנג געהאָפט, אז דער הונגער פון קאטאָן אין ענגלאַנד און אין פראנקרייך וועט צווינגען די צוויי רעגירונגען זיך צו שטעלען אויף דער זייט פון דער סאוט. די האָפענונג איז ניט מקוים געוואָרען. די סאוט האָט אָבער געטאָן אלץ אין איר מאכט ניט צו דערלאָזען אז איר קאטאָן זאָל אריינפאלען אין די הענט פון דער נאָרט. יעדען מאל, ווען אן ארמיי פון דער נאָרט פלעגט אריינקומען אין א געגענט פון דער סאוט, פלעגען די פּלאַנטאטאָרס דאָרט אונטערצינדען די פארמס און פארברענען די קאטאָן. אויף די ברעגען פון דעם מיסיסיפּי־טייך האָבען די פארמערס אין לויף פון דער מלחמה פארברענט קאטאָן אין ווערט פון 12 מיליאָן דאָלאר.

די בלאָקאַדע אויף די ברעגען פון דער סאוט האָט געשאפען א נייעם גוטען געשעפט, דעם געשעפט פון אריינשמוגלען אין דער סאוט און ארויסשמוגלען פון דאָרט סחורות. דער געשעפט איז געווען זייער א ריזיקאלישער, אבער די פּראָפיטען זיינען

*) אין דער נאָרט האָבען זיך אויך אָרגאַניזירט קאָמיטעטען צו זאמלען הילף פאר די ליידענדע אין ענגלאנד. ביז דעצעמבער, 1861, איז דאָ געזאמעלט געווארען 166 טויזענט דאָלאר. עס זיינען אוועקגעשיקט געווארען גאַנצע שיפען מיט שפּייז. דאנק־בריוו פאר דער הילף זיינען אָנגעקומען פון די הילפס־ארגאניזאציעס אין ענגלאנד. אין איינעם פון די בריוו האָט די הילפס אָרגאַניזאציע פאָרגעשלאָגען, אז אנשטאָט צו שיקען עסענווארג קיין ענגלאנד, זאָלען די היגע קאָמיטעטען באַנוצען דאָס געלט אויף אריבערברענגען די ארבייטסלאָזע קיין אמעריקע.

געוועז אזוינע גרויסע, אז עס האָט זיך געלוינט צו ריזיקירען. שרייבט פּראָפעסאָר סאלי (אין זיין ווערק „די פלאָטע און דער בירגער־קריג“): „אין ווילמינגטאָן, נאָרט קאראליינא, האָט מען פאר קאטאן געצאָלט אכט סענט א פונט, און אין ענגלאנד האָט מען פאר דעם באקומען פופציג סענט א פונט. עס איז קיין וואונדער ניט, וואס די סוחרים פון ליווערפול האָבען פיל ניט געטראכט און זיך אריינגעווארפען אין דעם געשעפט. עס האָבען זיך אָרגאניזירט ספּעציעלע קאָמפּאניעס צו קויפען שיפען און אָנפירען דעם שמוגעל־געשעפט. הויכע בעאמטע פון דער ענגלישער פלאָטע, וואָס זיינען געוועזען אויף אורלויב, האָבען אונטער פארשטעלטע נעמען און פאר גרויסע סומען געלט זיך אָנגעבאָטען צו פירען די שיפען מיט קאָנטראבאנדע“. דער פּראָפעסאָר דערציילט, אז די קאָנפעדערייטע־רעגירונג אליין האָט זיך באטייליגט אין דעם געשעפט פון שמוגלען סחורה צו זיך אין לאנד. אגענטען פון דער קאָנפעדערייטע האָבען געבויט שיפען אין ענגלאנד, זיי אָנגעלאָדען מיט אמוניציע. די שיפען פלעגען די ענגלישע האפענס פארלאָזען בלומרשט אלס ענגלישע האנדעלס־שיפען, ווען זיי פלעגען אָבער ארויס אויפ'ן ים, פלעגען זיי ארויפציען די פאָן פון דער סאוט און אוועקשווימען נאָך דער סאוט. איינע פון די שיפען האָט זיך אין לויף פון צען מאָנאט דורכגע'גנב'עט דורך דער בלאָקאדע 21 מאָל און ארויסגעפירט זעקס טויזענט פעק קאטאן. די שיף האָט באלאנגט צו דער רעגירונג און געהאנדעלט בשותפות מיט ענגלישע סוחרים. די שיף פלעגט ברענגען די קאטאן אין אן ענגלישען האפען אויף איינעם פון די אינזלען, וואס ליגען צווישען נאָרט און זיד־אמעריקא. דאָרט פלעגט די קאטאן אריבערגעפּאקט ווערען אויף אן ענגלישער שיף, איבערגענומען ווערען פון אן ענגלישען סוחר און אָפּגעפירט ווערען אלס כשר'ע סחורה קיין ענגלאנד.

די שמוגלעריי דורך דער בלאָקאדע האָט זיך ענטוויקעלט אזוי ווייט, אז עס האָבען אויסגעפעלט דאמף־שיפען און מען האָט זיך גענוצט באנוצען מיט זעגעל־שיפען. ראיעלע פארזיכערונג־געזעלשאפטען האָבען די שיפען פארזיכערט (נאטירליך, האָבען

זיי גערעכענט פאר דעם הויכע פרייזען). די אייגענטימער פון די שיפען האָבען אפילו אנאָנסירט אין די צייטונגען, אז זיי פירען סחורה צו דער סאָוט. דער געשעפט איז אין ענגלאנד אָנגעפירט געווארען אָפען און אויף א ריזיגען מאָסשטאב. אריינגעשמוגעלט אין דער סאָוט האָט מען אלערליי פאבריצירטע סחורות, אָבער הויפּטזעכליך אמוניציע. די פּראָפיטען אויף די סחורות זיינען געווען פון פינף הונדערט ביז טויזענט פּראָצענט. ארויסגעשמוגעלט האָבען די שיפען קאטאן, אויף וועלכע זיי האָבען אויך געמאכט א ריזיגען פּראָפיט. זייער אָפט האָט א שיף פון איין רייזע אהין און צוריק געמאכט א פערטעל מיליאָן דאָלאר פּראָפיט. די ערשטע צייט פלעגען זייער ווייניג שיפען פארהאלטען ווערען. און אפילו די וואָס זיינען אריינגעפאלען צום שונא, האָבען שוין פריער געהאט געמאכט גרויסע פּראָפיטען. אין די לעצטע יאָרען פון קריג איז אָבער די בלאָקאדע געווארען אזוי שטארק, אז עס האָט זיך ניט געלוינט מער צו ריזיקירען.

ניט בלויז די אייגענטימער פון די שיפען און די סוחרים האָבען געמאכט א סך געלט פון דעם שמוגעל. די ארבייטער אויף די שיפען האָבען זיך אויך געלאָזט גוט באצאָלען. דער קאפּיטאן פלעגט פאר איין רייזע באקומען פינף טויזענט דאָלאר; די איבעריגע שיף־באאמטע האָבען אויך באקומען גרויסע סומען. א העלפט פון זייער געהאלט פלעגט מען זיי געבען, ווען די שיף איז ארויסגעפאָרען, און די צווייטע העלפט, ווען זי איז געקומען צוריק. „דער קאפּיטאן פון אזא שיף", שרייבט סאלי, „האָט אין זעקס מאָנאט צייט פארדינט גענוג צו קענען לעבען אויף דעם געלט און מער ניט דארפען זיין גאנץ לעבען ארבייטען."

צוליב דער שמוגלעריי זיינען פארגעקומען סכסוכים צווישען דעם אמעריקאנער אמבאסאדאָר אין לאָנדאָן, מר. עדעמס, און דעם ענגלישען מיניסטער פון אויסערליכע אנגעלעגענהייטען, מר. ראָסעל. מר. עדעמס האָט גע'טענה'ט אז די סאוט קריגט איר גאנצע שטיצע פון ענגלאנד, אז ענגלאנד שטעלט איר צו אמוניציע און אנדערע נויטיגע זאכען. אויף דעם האָט ראָסעל גע־ענטפערט, אז ער האָט קיין באווייזען ניט, אז די אמוניציע און

אַנדערע קאָנטראבאנד־סחורות גייען ווירקליך נאָך דער סאוט; ווי ווייט אים איז באקאנט, ווערט דער גרעסטער טייל פון דער ארויסגעפירטער אמוניציע אָפּגעשיקט נאָך דער נאָרט. ראָסעל האָט ווייטער ערקלערט, אז די ענגלישע רעגירונג איז ניט מחויב צו העלפען די נאָרט אין איר בלאָקאדע. די נאָרט האָט אַ רעכט צו פאנגען ענגלישע שיפען, וואס פירען קאָנטראבאנדע נאָך דער סאוט. אויב איר געלינגט עס ניט, אויב זי האָט ניט גענוג כוחות אויף דעם, ווער איז איר שולדיג?

עדעמס האָט דאן גענומען צושטעלען ראָסעל׳ען ליסטען פון שיפען וואס זיינען ארויסגעפארען פון ענגלישע האפענס מיט קאָנטראבאנדע פאר דער סאוט; אַ ליסטע פון 11 שיפען וואס זיינען ארויסגעפארען פון ליווערפול, נאָך אַ ליסטע פון 10 זעגעל־שיפען. ער האָט אָנגעוויזען, אז אין ליווערפול איז געזאמעלט געווארען די סומע פון 200 טויזענט דאָלאר צו קויפען אַמוניציע פאר דער סאוט. אויף דעם האָט ראָסעל געענטפערט, אז ער קען דערצו גארניט טאָן: „די מענשען וואָס שיקען ארויס אמוניציע נאָך דער סאוט איבערטרעטען ניט דעם אינטערנאציאָנאלען געזעץ". די דיפּלאָמאטישע סכסוכים האָבען קיין רעזולטאטען ניט געבראכט.

די קאָנטראבאנדע־שיפען האָבען באנוצט אַלערליי קונצען אויסצומיידען די געפאר צו ווערען געפאנגען. זיי פלעגען ניט פירען די סחורה דירעקט נאָך דער סאוט. זיי פלעגען עס ברענגען אין אַ נייטראלען פּאָרט, ניט ווייט פון דעם ברעג פון דער סאוט. די דריי וויכטיגסטע פּאָרטען אזוינע זיינען געווען: האוואנא, קיובא, נעסאו אין די באהאמא אינזלען, און מאטאמאראס אין מעקסיקא (לעבען טעקסעס). דאָרט פלעגט די סחורה איבערגעטראָגען ווערען אויף ספּעציעל געבויטע שיפלאך, לייכטע, שנעלע, וועלכע האָבען זיך געקענט דורכ׳גנב׳ענען דורך דער בלאָקאדע. די שיפלאך פלעגען ווארטען אויף אַ פינסטערער אדער שטורעמדיגער נאכט און דורכלויפען די בלאָקאדע.

די פלאָטע פון דער סאוט איז ניט געווען גרויס און שטארק גענוג זיך צו פארמעסטען געגען דער פלאָטע פון דער נאָרט.

קיין ים־שלאכטען צווישען קריגס־שיפען זיינען כמעט גארניט פארגעקומען. די סאוט האט אבער געהאט גענוג כח צו פאר־פאלגען די אומבאוואפענטע האנדעלס־שיפען פון דער נארט. גלייך ווי די מלחמה האט אויסגעבראכען האט די סאוט פאר־שטאנען, אז דאס איז איינע פון די שוואכע פונקטען פון דער נארט און זי האט אין דעם פונקט גענומען צילען. זי האט ארויסגעשיקט קריגס־שיפען אויף די ברייטע ים'ען, וועלכע האבען געלויערט אויף די האנדעלס־שיפען פון דער נארט, זיי געפאנגען און זיי פארזונקען. דאס האט דער נארט געבראכט שווערע פאר־לוסטען: אין פיר יאר איז פאקטיש פארניכטעט געווארען די גאנצע האנדעלס־פלאטע פון דער נארט. איידער די מלחמה האט אויסגעבראכען, האבען די פאראייניגטע שטאטען געהאט א ריזיגע האנדעלס־פלאטע, די צווייטע נאך דער ענגלישער. צוויי דריטעל פון דער סחורה וואס איז אנגעקומען אין דעם ניו יארקער האפען אדער פון דארט ארויסגעפירט געווארען, איז געוועזען געפאקט אויף אמעריקאנער שיפען. ווען די מלחמה האט זיך געענדיגט, איז פון דער האנדעלס־פלאטע כמעט גארניט געבליבען. אין לויף פון די פיר יאר האבען די קריגס־שיפען פון דער סאוט געפאנגען און פארזונקען 288 האנדעלס־שיפען פון דער נארט. די שרעק פאר די פארפאלגונגען אויפ'ן ים האט געבראכט דערצו, אז א סך שיף קאמפאניעס פון דער נארט האבען פארקויפט זייערע שיפען צו ענגלישע קאמפאניעס. אין לויף פון די פיר יאר זיינען פאר־קויפט געווארען ניט ווייניגער ווי 715 אמעריקאנער שיפען צו ענגלאנד. ארום און ארום האט די נארט, אלזא, פארלארען אן ערך צוויי טויזענט האנדעלס־שיפען. קיין סך מער האט זי ניט געהאט.

כדי אנצופירען דעם מערקווירדיגען קאמף אויף דעם ים־האנדעל פון דער נארט האט די סאוט געהאט א פארהעלטניס־מעסיג קליינע קריגס־פלאטע, אין גאנצען 19 קריגס־שיפען. עס קען זיין, אז די קליינע פלאטע וואלט אזוי פיל ניט געקענט אויפטאן, ווען זי וואלט ניט געקראגען די שטיצע פון נייטראלע לענדער, איבערהויפט פון ענגלאנד. לויט דעם אינטערנאציא־

נאלען געזעץ טאר א קריגס־שיף פון א קריגס־פירענדער לאנד ניט אריינפארען אין א נייטראלען האפען, סיידען זי קריגט דערויף א ספּעציעלע ערלויבעניש. און קריגט זי שוין אפילו די ספּעציעלע ערלויבעניש טאר זי אויך ניט פארבלייבען אין האפען מער ווי 24 שטונדען. זי טאר אויך ניט ארויפנעמען מער קוילען ווי דאס איז נויטיג פאר איר אויף אפצופארען צוריק א היים. די באאמטע פון די ענגלישע האפענס אין פארשיידענע טיילען פון דער דער וועלט האבען דעם אינטערנאציאנאלען געזעץ ניט אפּ־געהיט, ווען עס האט זיך געהאנדעלט אין א קריגס־שיף פון דער סאוט. זיי האבען ערלויבט די קריגס־שיפען אריינצופארען אין די האפענס, ווען זיי האבען נאר געוואלט, דארט נעמען אזוי פיל קוילען, וויפיל זיי האבען נאר געוואלט. זיי האבען אפילו אין מאנכע פעלען ערלויבט די שיפען דארט צו דינגען מאטראזען. גאנץ אנדערש האבען זיך דיזעלבע באאמטע באצויגען צו די קריגסשיפען פון דער נארט. מיט זיי זיינען די באאמטע געווען זייער שטרענג, פּינקטליך אויסגעהיט אין דעם אינטערנאציאנאלען געזעץ.

דאס איז נאך ניט אלץ. די סאוט האט באשטעלט קריגס־שיפען אין ענגלאנד און אין אנדערע נייטראלע לענדער. דאס איז אויך געווען געגען דעם אינטערנאציאנאלען געזעץ.

מר. עדעמס, דער אמבאסאדאר אין לאנדאן, האט געגען די אלע פארלעצונגען פון געזעץ פּראטעסטירט. אבער די פּראטעס־טען האבען ניט געהאלפען. די סכסוכים צווישען די פאראיי־ניגטע שטאטען און ענגלאנד איבער די פּאסירונגען זיינען אנגע־גאנגען יארען לאנג נאכדעם ווי די מלחמה איז שוין געווען פאר־איבער, און זיי זיינען ענדליך פארגעבראכט געווארען פאר דעם אינטערנאציאנאלען געריכט אין זשענעווא. דער געריכט האט אין 1872 צוגע'פּסק'ענט, אז ענגלאנד מוז באצאלען די פאראיי־ניגטע שטאטען פופצען און א האלב מיליאן דאלאר פאר די האנדעלס־שיפען וואס זיינען פארניכטעט געווארען דורך די קריגסשיפען, וועלכע זיינען געווען געבויט אין ענגלאנד. די סומע האט געדעקט בלויז א קליינעם טייל פון דעם שאדען, וואס

די פאראייניגטע שטאטען האבען געליטען אויפ׳ן ים דורך דער דירעקטער און אומדירעקטער הילף, וואס די סאוט האט גע־קראגען פון ענגלאנד.

אט איז בקיצור די קאריערע פון איינעגע קריגס־שיפען פון דער סאוט, וואס האבען זיך בארימט געמאכט מיט זייערע גע־יעגען אויף די האנדעלס־שיפען פון דער נארט.

די ערשטע קריגסשיף איז געווען די „סאמטער", געפירט פון דעם קאמאנדיר ראלעס סעמס. זי האט איר ארבייט אנגע־פאנגען זומער, 1861. זי האט טעראריזירט די האנדעלס־שיפען זעקס מאנאט צייט. די מערסטע שיפען, וואס זי האט געפאנגען, האט קאפיטאן סעמס אונטערגעצונדען. מאנכע האט ער אפגע־שיקט ערגעץ אין א האפען, וואו זיינע מענשען האבען זי אויסגע־ליידיגט און דערנאך געזונקען. אויף דער ליסטע פון די קרבנות פון דער „סאמטער" זיינען דא די נעמען פון 18 שיפען. איינמאל איז די „סאמטער" אריינגעפארען אין א האפען אויף דעם ענג־לישען אינזעל טרינידעד. די ענגלישע בעאמטע דארטען האבען זי אויפגענומען מיט גרויס פאראד און איר ערלויבט אין האפען צו פארבלייבען ניט איין מעת־לעת ווי דאס געזעץ פאדערט, נאר גאנצע זעקס טעג. דערנאך האבען די באאמטע זי אנגעלאדען מיט קוילען און פראוויאנט און זי אפגעלאזען. אמבאסאדאר עדעמס האט פראטעסטירט צו לארד ראסעל. ראסעל האט איי־ניגע באשולדיגונגען אפגעלייקענט און אויף איינעגע זיך פאר־ענטפערט. אין יאנואר, 1862, איז די „סאמטער" אריינגעפארען אין דעם ענגלישען האפען ביי גיבראלטאר. דריי קריגס־שיפען פון דער נארט האבען זי נאכגעיאגט און געווארט ביז זי וועט ארויספארען פון דעם האפען, כדי זיי זאלען אויף איר אנפאלען. וויסענדיג, אז די שיף וועט זיך פון די דריי קריגס־שיפען ניט אויסדרייען, האט דער קאפיטאן זיך געווענדט צו די ענגלישע באאמטע פון האפען, זיי זאלען אים ערלויבען צו פארקויפען די שיף צו אן ענגלישער קאמפאניע. די ערלויבעניש איז געגעבען געווארען און מען האט די שיף פארקויפט צו אן ענגלישער פירמע, וועלכע איז אין ענגלאנד געווען די פארטרעטערין פון דער

קאנפעדערייסי. עדעמס האט ווידער פראטעסטירט, אז דאס פארקויפען איז געווען ניט מער ווי אן אנשטעל. דער פראטעסט האט אויך ניט געהאלפען. די שיף איז פון האפען ארויסגעפארען אונטער דעם ענגלישען פלאג. די אמעריקאנער קריגס־שיפען האבען זי ניט געטארט אנרירען. מיט א צייט שפעטער האט די זעלבע שיף געבראכט א טראנספארט אמוניציע פון ענגלאנד נאך דער סאוט. זי האט זיך פון ראן אן אפגעגעבען מיט דורכשמוגלען דורך דער בלאקאדע קאנטראבאנדע פאר דער סאוט.

די צוויי וויכטיגסטע קריגס־שיפען, וואס זיינען געבויט געווארען פאר דער סאוט אין ענגלאנד און וואס זיינען באנוצט געווארען צו פארפאלגען האנדעלס־שיפען, זיינען געווען די „אלאבאמא" און די „פלארידא". בעת מען האט זיי געבויט, האט עדעמס געהאלטען אין איין פראטעסטירען צו לארד ראסעל. דער ענגלישער מיניסטער האט כלומר'שט געהייסען מאכען אונטערזוכונגען און געבעטען ברענגען באווייזען. אבער איידער ער האט באוויזען עפעס צו טאן, זיינען שוין די שיפען געווען ווייט ערגעץ אויפ'ן ים. דער פאל מיט דער „אלאבאמא" איז געווען אזא אפענע פארלעצונג פון געזעץ, אז עס איז גאר אוממעגליך זיך פארצושטעלען, אז ראסעל זאל ניט האבען געווען אין א שטילער פארשווערונג מיט די אגענטען פון דער סאוט.

מען האט די שיף אנגעהויבען צו בויען אין אן ענגלישען האפען אין מאנאט מאי, 1862. אין יולי איז זי שוין געווען כמעט פארטיג. ווען מען האט זי געהאלטען אין מיטען בויען, האט עדעמס געלאזט וויסען ראסעל'ען, אז די שיף ווערט געבויט פאר דער סאוט. ראסעל האט געמאכט אן אויספארשונג און געבעטען ביי עדעמס'ן זיינע באווייזען. עדעמס האט די באווייזען צוגעשטעלט. ראסעל האט זיי איבערגעגעבען זיין פראקוראר, און דער פראקוראר האט ערקלערט, אז די באווייזען זיינען א גוטער גרונד צו פארהאלטען די שיף. ראסעל האט די מיינונג פארגעלייגט פאר די העכערע בעאמטע. איידער די העכערע בעאמטע האבען ארויסגעגעבען זייער ענטשיידונג איז די שיף דערווייל ארויסגעפארען פון האפען כלומר'שט אויף צו

מאכען א פּראָבע־רייזע. זי האָט מיטגענומען איינגעלאַדענע געסט אלס פּאסאזשירען. ווען זי איז פון האפען ארויס, האָט זי די געסט אפּגעשיקטע צוריק אויף א קליין שיפעל און איז אליין אוועקגעשוואומען ווייטער.

דער קאָמאנדיר פון דער „אלאבאמא״ איז געווען דער זעלבער סעמס, וואס האָט פריער געפירט די „סאָמטער״. גענויע צוויי יאָר צייט האָט ער פארפאָלגט די האנדעלס־שיפען פון דער נאָרט אויף די פארשיידענע ימ׳ען איבער דער וועלט. ער האָט פארברענט פישער־שיפלאך ביי די ברעגען פון נאָרט־אמעריקא. ער האָט פארזונקען האנדעלס־שיפען לעבען זיד־אמעריקא, לעבען אפריקא, לעבען אזיע. אן אמעריקאנער שיף איז אין ערגעץ ניט געווען זיכער, אז די „אלאבאמא״ וועט זי ניט באפאלען פלוצלונג און ניט פארזינקען. דער צעטעל פון אירע קרבנות טראָגט די נעמען פון 68 שיפען. „וואו נאָר די „אלאבאמא״ האָט זיך באוויזען, — שרייבט האסמער, — איז דער ים באלויכטען געוואָרען מיט די פלאמען, וואס זי האָט אָנגעצונדען. די סחורה האָט סעמס פארניכטעט צוזאמען מיט די שיפען. די מאַטראָזען פון די געפאנגענע שיפען פלעגט ער אראָפּלאָזען ערגעץ אויף א ברעג. די „אלאבאמא״ האָט געהאלטען אין איין ארומפּאָרען. פּראָוויאנט פלעגט זי באקומען אויף די שיפען, וואָס זי האָט געפאנגען אדער אין נייטראלע האפענס. אָפט פלעגט סעמס באוואפענען א געפאנגענע שיף, ארויפזעצען אויף איר זיינע מאטראָזען און זי ארויסשיקען, אז זי זאָל טאָן די זעלבע ארבייט וואס די „אלאבאמא״ האָט געטאָן.״

דער סוף פון דער „אלאבאמא״ איז געווען א ראָמאנטישער. אין יוני, 1863, איז זי אריינגעפּאָרען אין דעם פראנצויזישען האפען שערבורג. דער אמעריקאנער פאָרשטייער דאָרט האָט געלאָזט וויסען אן אמעריקאנער קריגס־שיף „קיערזאג״, וועלכע האָט זיך גראָד דאן געפונען אין יענע וואסערען. באלד איז די „קיערזאג״ געקומען צושווימען. סעמס האָט באשלאָסען ארויסצוטרעטען אין אָן אָפענעם קאמף געגען דער אמעריקאנער קריגס־שיף. די שלאַכט איז פאָרגעקומען דעם 19טען יוני. אין

א שעה צייט איז די „אלאבאמא" געווען א צעשמעטערטע. סעמס האט געשיקט בעטען דעם קאפיטאן פון דער „קיערזאג" ער זאל ראטעווען אים און זיינע מאטראזען. גראד האט זיך דארט געפונען אן ענגלישע יאכט־שיף. האט דער אמעריקאנער קאפיטאן געבעטען די יאכט־שיף זי זאל אים העלפען אין דער רעטונגס־ארבייט. די יאכט־שיף האט ארויסגענומען פון וואסער סעמס'ן און 40 מאטראזען. די איבעריגע האט די „קיערזאג" געראטעוועט. די ענגלישע יאכט־שיף האט סעמס'ן און די 40 מאטראזען אפגעפירט קיין ענגלאנד און זיי דארט געלאזען פריי.

די פאסירונג האט ארויסגערופען א נייעם סכסוך צווישען אמעריקא און ענגלאנד. אמעריקא האט געפאדערט, אז ענגלאנד זאל ארויסשיקען סעמס'ן און די מאטראזען אלס קריגס־געפאנגענע, ווייל די ענגלישע שיף האט קיין רעכט ניט געהאט זיי אפצופירען קיין ענגלאנד. די פאדערונג איז ניט באוויליגט געווארען.

אין מיטען יאר 1864, ווען דער סכסוך איבער דער „אלאבאמא" איז נאך אנגעגאנגען, איז נאך א שיף ארויסגעפארען פון אן ענגלישען האפען און ארויפגעצויגען דעם פלאג פון דער קאנפעדערייסי. די שיף האט זיך גערופען „שענענדאהא". נאך דער „אלאבאמא" איז די „שענענדאהא" פאררעכענט געווען פאר דעם שרעקליכסטען צושטערער פון דער האנדעלס־פלאטע פון דער נארט. די „שענענדאהא" האט זיך געשטעלט פאר איר אויפגאבע צו פארטרייבען פון ים די אמעריקאנער פישערלייט, וועלכע האבען זיך ספעציאליזירט אין פאנגען וואלפיש. אין דער דאזיגער אונטערנעמונג איז זי געווען זייער ערפאלגרייך. זי האט די אמעריקאנער וואל־פישעריי כמעט אינגאנצען פארניכטעט. אירע קרבנות זיינען געווען מערסטענטייל ארימע פישערלייט, וואס האבען געמאכט א שווער לעבען פון זייער ארבייט. די שיפלאך זיינען געווען זייערע אייגענע, און ווען מען

האָט די שיפלאָך פאַרזונקען, זיינען די אָרימע פישער געבליבען אָן פרנסה.

די „שענענדאָהא" האָט אנגעפירט איר פאַרניכטונגס־ארבייט אויך אין ווייטערע ים'ען, און זי וואָלט אויך ניט געווען אזוי ערפאָלגרייך, ווען ניט די פריינדשאַפט, וואָס די ענגלענדער אין די ווייטע קאָלאָניעס האָבען איר ארויסגעוויזען. אין אָנפאנג 1865, צום ביישפיל, איז זי אריינגעשוואומען אין א האַפען אין אויסטראַליע. די בעאמטע דאָרט האָבען זי אויפגענומען מיט פאַראַד, איר ערלויבט צו פארבלייבען א גאַנצען מאָנאַט. אין לויף פון דער צייט האָט זי פאררייכט אירע מאַשינען, אָנגעלאָדען קוילען און פראָוויאַנט און אפילו געדונגען 43 נייע מאַטראָזען. לויט דעם אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ, האָבען די ענגלישע בע־אמטע אין אויסטראליע ניט געטאָרט לאָזען דער „שענענדאָהא" טאָן אָט־די אַלע זאכען. די „שענאַנדאָהא" האָט ווייטער אָנגע־פירט איר פאַרניכטונגס־ארבייט ביז צוויי מאָנאַטען נאָכדעם ווי די מלחמה איז שוין געווען פאַראיבער.

איינע פון די שיפען, וואס די סאוט האָט אַרויסגעשיקט, האָט זיך אין 1864 באַוויזען ביים ניו־ענגלאַנדער ברעג. זי האָט דאָרט פאַרברענט און פאַרזונקען פישער־שיפלאָך, האנ־דעלס־שיפען און אפילו פאַסאַזשיר־שיפען. דער גאַנצער ניו־ענגלאַנד ברעג איז געווען אין שרעק. די פישער־אינדוסטריע איז דאָרט פאַראַליזירט געוואָרען. די סוחרים פון באָסטאָן האָ־בען אָפגעהאַלטען א פאַרזאַמלונג און אָנגעבאָטען צען טויזענד דאָלער א באַלוינונג פאַר דעם, וואס וועט די שיף פאנגען.

די נאָרט האָט אין לויף פון דער מלחמה אויפגעבויט א גרויסע קריגס־פלאָטע. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען, איז די גאַנצע פלאָטע פון דער נאָרט באַשטאַנען פון עטליכע צענדליג קליינע שיפלאַך. ביים סוף מלחמה איז די פלאָטע באַ־שטאַנען פון 671 שיפען. די הויפט־ארבייט פון דער פלאָטע איז באַשטאַנען אין אָנפירען די בלאָקאדע און העלפען דער אר־

מיי צו פארנעמען האפען־שטעט און אפצורייניגען פון דעם שונא די וויכטיגסטע טייכען. זי האט אויך פארפאלגט די שיפען, וואס האבען געפירט פראוויאנט און אמוניציע פאר דער סאוט. אין פארלויף פון דער מלחמה האט די נארט געפאנגען ניט ווייניגער ווי 1379 אזוינע שיפען. די גרעסטע צאל פון די געפאנגענע שיפען זיינען געווען קליינע זעגעל־און רודער־שיפלאך. 267 אבער זיינען געווען גרויסע דאמף־שיפען.

קאפיטעל 23.

## גענעראל שערמאַן פארניכטעט דזשאָרדזשיא.

דעם לעצטען טאָג אין פעברואר, 1864, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ באשלוס, אז דער פרעזידענט זאָל האָבען דאָס רעכט צו באַערען מיט׳ן טיטעל „לויטענאנט־גענעראל" יענעם „מיאר־גענעראל", וואס האָט זיך צום בעסטען אויסגעצייכענט אין דער מלחמה. אלע האָבען פארשטאַנען די באדייטונג פון דעם באשלוס. דעם הויכען טיטעל „לויטענאנט־גענעראל" האָבען געטראגען בלויז צוויי קאָמאַנדירען פון דער אמעריקאנער ארמיי: דזשאָרדזש וואשינגטאָן און ווינפילד סקאָט. איצטער האָט דער קאָנגרעס געוואָלט, אז דער טיטעל זאָל געגעבען ווערען גענעראל גרענט, דעם העלד פון וויקסבורג און פון טשאטאנוגא. דעם 9טען מערץ האָט לינקאָלן אין דער אנוועזענהייט פון גאַנצען קאבינעט באערט גרענט׳ן מיט דעם הויכען מיליטערישען ראַנג. גרענט איז איצט געווארען דער הויפט־גענעראל פון דער גאנצער ארמיי אין דער נאָרט.

גרענט האָט איבערגענומען פאר זיך די קאָמאַנדע פון דער ארמיי אין ווירדזשיניא, — די ארמיי, וועלכע האָט אָפערירט צווישען וואשינגטאָן און ריטשמאָנד. די קאָמאַנדע איבער דער ארמיי אין דער וועסט, וועלכע ער האָט פריער אליין געפירט, האָט ער איצט איבערגעגעבען צו זיין לויטענאנט, גענעראל שערמאַן. צוזאמען האָבען די צוויי גענעראלען אויסגעארבייט אַ נייעם פּלאַן ווי צו פירען די מלחמה. און דעם נייעם פּלאַן האָבען די קאָמאַנדירען דורכגעפירט ביז׳ן סאמע סוף. צוזאמען האָבען זיי אין לויף פון אַ יאר צייט געבראכט דער נאָרט אַ פולשטענדיגען זיג.



גענעראל יוליסיס ס. גרענט.

דער פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם: ביידע ארמייען, גרענט'ס אין ווירדזשיניא און שערמאַנ'ס אין דזשאָרדזשיא, זאָלען אין דער זעלבער צייט אָנפאַנגען צו אַטאַקירען די צוויי וויכטיגסטע ארמייען פון דעם שונא, לי'ס ארמיי ארום ריטשמאָנד און דזשאנסטאָנ'ס ארמיי אין דזשאָרדזשיא; אז די אַטאַקעס זאָלען אויף קיין מאָמענט און אונטער קיין אומשטענדען ניט אָפּגעשטעלט ווערען. „מיר מוזען האמערען נאָכאַנאַנד דעם שונא", — האָט גרענט געזאָגט, — „ביז וואַנען ער וועט זיך אונטערגעבען". גרענט האָט אָנגעוויזען אויף דעם, אז דעם שונא'ס ארמיי איז אַ סך אַ קלענערע ווי זיינע. אין די פריערדיגע יארען האָט דער שונא זיך געוואָרפען פון איין פראָנט צום צווייטען, ווייל ווען מען פלעגט זיך שלאָגען אויף איין פראָנט, איז אויף די אַנדערע געווען רואיג. נאָך יעדען וויכטיגען צוג אין די פריערדיגע יאָרען האָט זיך די מלחמה אויף אַ שטיק צייט אָפּגעשטעלט. דאָס האָט געגעבען דעם שונא די מעגליכקייט זיך אָפּצורוען, צו שיקען אפילו די סאָלדאַטען אהיים צו בעארבייטען די פעלדער. פון איצט אָן, האָט גרענט באַשלאָסען, זאָל דער שונא די אלע מעגליכקייטען מער ניט האָבען. די אַטאַקעס מוזען אָנגיין אויף אַלע הויפּט־פראָנטען אָן אַן אָפּשטעל. דאָס וועט מוזען דעם שונא ענדליך ברעכען.

„פון איצטער אָן", — שרייבט דרעיפּער, — „דרייט זיך דער הויפּט־אינטערעס פון דער מלחמה ארום די צוויי גענעראַלען, גרענט און שערמאַן".

דעם פינפטען מאַי האָט שערמאַן גענומען מאַרשירען פון טשאַטאַנוגא נאָך אַטלאַנטא, דזשאָרדזשיא. זיין ארמיי האָט געציילט אַן ערך הונדערט טויזענד מאַן. געגען אים איז געשטאַנען גענעראל דזשאנסטאָן מיט אַן ארמיי פון זיבעציג טויזענד מאַן. דער וועג איז געווען אַ שרעקליך שווערער, בערגקייטען, וועלדער, טייכען. דזשאָנסטאן האָט צוגעגרייט באַפעסטיגטע פּאָזיציעס אויף הויכע פעלזען, הינטער וועלדלאַך, הינטער טייכען. שערמאַן האָט אים אָבער צוריקגעשטויסען, אים געצוואונגען זיך צוריקצוציען אַלץ ווייטער און ווייטער. אַלץ נעענ־

טער צו אטלאנטא. ביידע גענעראלען האבען ארויסגעוויזען אויסערגעוויינליכע מיליטערישע פייאיגקייטען: שערמאן מיט זיינע אטאקעס און דזשאנסטאן מיט זיינע צוריק־צוגען. ביי איינעגע פונקטען זיינען פארגעקומען בלוטיגע שלאכטען. ביידע ארמייען האבען געקעמפט מיט דעם גרעסטען אימפעט און פאר־צווייפלונג. אבער נאך יעדער שלאכט איז דזשאנסטאן גע־צוואונגען געווען אפצוטרעטען. אין מיטען יולי, ווען שערמאן איז שוין געווען ניט ווייט פון אנטלאנטא, איז דזשאנסטאן אראפגעזעצט געווארען פון זיין אמט און זיין פלאץ האט פאר־נומען גענעראל הוד. דער קאמף ארום אטלאנטא האט אנגעהאל־טען נאך אנדערהאלבען מאנאטען. דעם צווייטען סעפטעמבער איז אטלאנטא געפאלען.

אנהויב יוני האט גענעראל שערמאן אין זיין באריכט גע־מאכט אזא סך־הכל דערפון, וואס ער האט אויפגעטאן אין דעם ערשטען מאנאט: „אין לויף פון דעם מאנאט האבען מיר גע־צוואונגען דעם שונא זיך צוריקצוציען אויף וואסערע הונדערט מייל, אים געצוואונגען צו פארלאזען פיר אויסערגעוויינליך שטאר־קע פאזיציעס. מיר האבען מיט אים געהאט זעקס צוזאמענשטוי־סען און געפאנגען 2,000 מאן, 12 הארמאטען, 3 פלאגען און א סך פראוויאנט. מיר האבען 15 הונדערט מאן פון שונא גע־מאכט אומנוציג פאר וויטערע שלאכטען. מיר האבען פאר־ניכטעט עטליכע וויכטיגע אייזען־פאבריקען“.

אין א צווייטען באריכט א פאר וואכען שפעטער שרייבט שערמאן: „מיר טרעפען דעם שונא טאג און נאכט. מיר שטופען אים פון איין בוים צום צווייטען, פון איין בארג צום צווייטען, פון איין פאזיציע צו דער צווייטער. דער קאמף פלא־קערט פון פרימארגען ביז אין דער נאכט אריין אויף א שטרעקע פון צען אדער צוועלף מייל“.

ווענען איינער פון די שלאכטען אין מיטען וועג שרייבט פראפעסאר דרעיפער אזוי: „ווען דער קאמף איז אנגעגאנגען, האט גערעגנט כמעט דריי וואכען נאכאנאנד. די שמאלע שטעגעלאך אין די וועלדער זיינען פארוואנדעלט געווארען אין



גענעראל דזשאן שערמאן.



גענרעאל פּיליפּ שערידאן.



דזאָרדזש מעקלעלאן.



דזשאָרדזש גאָרביין ביעד.

טיפע בלאָטע. אן אלגעמיינע באוועגונג פון דער ארמיי איז אומ־מעגליך געווען. שערמאנ'ס סאָלדאטען האָבען זיך אָבער גע־רוקט אלץ נענטער און נענטער צום שונא'ס פּאָזיציע און גע־שאָסען אויף זיי אָן אָפּשטעל".

אין לויף פון די פיר מאָנאט האָט שערמאן פארלוירען ארום 30 טויזענד מאן און דער שונא ארום 40 טויזענד.

דער פארלוסט פון אטלאנטא איז געווען דער שווערסטער קלאפּ, וואס די סאוט האָט געקראגען. אין אטלאנטא האָבען זיך געפונען די וויכטיגסטע פאבריקען פון דער סאוט, וואס האָבען פּראָדוצירט פאר דער ארמיי קליידער און אמוניציע. אטלאנטא איז אויך געווען איינער פון די סאַמע וויכטיגסטע באַן־צענטערען. מיט דעם פאלען פון אטלאנטא איז איבער־געשניטען געווארען איינער פון די וויכטיגסטע נערווען אין דעם קערפּער פון דער קאָנפעדערייסי. עס ווערט דערציילט, אז ווען גענעראל טאָמעס (פון דער נאָרט) האָט דערהערט די נייעס וועגען אטלאנטא, האָט ער גענומען טאנצען פאר פרייד.

שערמאן האָט באשלאָסען ניט צו פארבלייבען אין אטלאנטא, נאָר צו מארשירען ווייטער, ביז דעם אטלאנטישען ברעג, דורכ־גיין גאנץ דזשאָרדזשיא און זי איינגעמען. ער האָט דערפאר געהייסען פארניכטען אין דער שטאָט אלץ, וואס האָט געקענט ברענגען נוצען פאר די ארמייען פון דער סאוט. די ערשטע זאך האָט ער ארויסגעגעבען א באפעל, אז די פרויען און קינדער און אלטע לייט זאָלען זיך ארויסציען פון דער שטאָט. ער האָט זיי געהייסען גיין צו זייער ארמיי, צו גענעראל הוד. דאן האָט ער אלע פאבריקען און מאגאזינען און באן־סטאנציעס געהייסען אונטערצינדען. בלויז די קירכעס און די וואוינונגען האָט ער איבערגעלאָזען.

די שטאָט בעאמטע האָבען זיך געווענדט צו שערמאנ'ען מיט א פּעטיציע, ער זאָל די שטאָט ניט טשעפּען, ער זאָל די איינוואוינער ניט ארויסשיקען. דערויף האָט שערמאן געענט־פערט מיט א שארפען בריף, אין וועלכען עס געפינען זיך די שטעלען: „מלחמה איז גרויזאמקייט און מען קען זי ניט אויס־

איירעלען. די, וואס האָבען געבראַכט די מלחמה אין לאַנד, פאַרדינען אַלע קללות, וואס ווערען אויף זיי אויסגעגאָסען".

די נייעס וועגען אַטלאַנטאַ האָט אָנגעוואָרפען אַ שרעק אויף דער סאַוט. די פירער האָבען געטאָן אַלץ אין זייער מאַכט צו טרייסטען דעם עולם, צו מאַכען די געשעהעניש צו קלייניגעלט. פּרעזידענט דייוויס איז אַרויסגעפאָרען צום פראָנט און געהאַלטען אויפ'ן וועג רעדעס אין אַ רייע שטעטלאַך אין דזשאָרדזשיאַ. ער האָט פאַרזיכערט דעם עולם, אַז שערמאַן וועט פון אַטלאַנטאַ אַרויסגעטריבען ווערען, אַז ער וועט האָבען אין דזשאָרדזשיאַ דערמזעלבען סוף וואס נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט אין רוסלאַנד. צו דער זעלבער צייט האָט ער געוועקט די מאַסען, זיי זאָלען זיך אַריינוואַרפען אין קאַמף, זיי זאָלען זיך אָנשליסען אָן דער אַרמיי. מיט אַנגעשטרענגטע כוחות, האָט ער פאַרזיכערט, קען מען אין אַ גאָר קורצער צייט ניט נאָר אַרויסטרייבען די יענקים פון דער סאַוט, נאָר אויך אַריינדרינגען אין דער נאָרט און צווינגען לינקאָלנ'ען זיך אונטערצוגעבען.

גענעראַל הוד האָט איצטער גענומען אָפּערירען הינטער אַטלאַנטאַ. זיין פּלאַן איז געווען צו מאַרשירען צוריק אויף דעם וועג פון וואַנען שערמאַן איז געקומען, און צו פאַרניכטען די באַן־ליניעס, וואס האָבען פאַרבונדען אַטלאַנטאַ מיט טשאַטאַנוגאַ און מיט נעשוויל. שערמאַנ'ס אַרמיי האָט איר אַמוניציע און פּראָוויאַנט באַקומען פון די צוויי שטעט אין טענעסי, און הוד האָט גערעכענט, אַז אויב די באַן־ליניעס וועלען איבערגעשניטען ווערען, וועט שערמאַן ניט האָבען פון וואַנען צו ציען זיינע מיטלען.

עטליכע וואָכען צייט האָט הוד געאַרבייט אויף דורכצופירען זיין פּלאַן. שערמאַן האָט אים געשטערט מיט אַלע מעגליכקייטען. דאַן האָט שערמאַן באַשלאָסען צו מאַכען אַ זייער געוואַגטען שריט, אָפּצוברעכען אַלע פאַרבינדונגען מיט דער נאָרט, מיט די שטעט אין טענעסי און אַוועקמאַרשירען דורך דזשאָרדזשיאַ צום ים. דזשאָרדזשיאַ איז איצט געווען כמעט דער איינציגער קוואַל פאַר שפּייז און אַמוניציע, וואס די סאַוט האָט

נאָך געהאט. די וועסט איז געווען איינגאנצען אפּגעשניטען, זינט וויקסבורג איז געפאלען און זינט דער טייך מיסיסיפּי איז אריבער אונטער דעם קאָנטראָל פון דער נאָרט. די בלאָקאדע



גענעראל שערמאן מארשירט דורך דזשאָרדזשיא.

איז די לעצטע צייט אויך פיל פארשטארקט געווארען. דזשאָר־דזשיא האָט געהאט די וויכטיגסטע אמוניציע־פאבריקען. אויף אירע פעלדער האָט זי איצט געזייט ווייץ און קאָרן אנשטאָט

קאטאן. און אלץ פאר דער ארמיי. שערמאן האט איינגעזען, אז אויב אים וועט געלינגען דורכצומארשירען דורך דזשארדזשיא, פארניכטען די פאבריקען, פארנעמען די תבואה און אויפרייסען די באן־רעלסען, וועט עס זיין א טויט־קלאפ פאר דער קאנפע־דערייסי. ער האט געוואוסט, אז די אונטערנעמונג איז פארבונ־דען מיט די גרעסטע געפארען. ערשטענס, וועט ער מוזען זיין ארמיי ערנערען מיט דער שפייז, וואס אים וועט געלינגען צו געפינען און פארנעמען אין שונא'ס לאנד. אויף דעם איז ניט שטענדיג גוט זיך צו פארלאזען. צווייטענס, איז גענעראל הוד געשטאנען הינטער אים מיט א גרויסער ארמיי, און ווען ער וועט אוועקמארשירען אין דזשארדזשיא, וועט הוד זיך קענען באנו־צען מיט דער געלעגענהייט און צוריק איינגעמען טענעסי און אפשר אויך אריינמארשירען אין קענטאקי.

שערמאן האט זיין פלאן פארגעלייגט גענעראל גרענט'ן און פרעזידענט לינקאלן.ביידע האבען מורא געהאט צו געבען זייער צושטימונג. די ריזיקע איז געווען צו גרויס. שערמאן האט זיי געשיקט איין טעלעגראמע נאך דער צווייטער, ביז אים איז ענדליך געלונגען זיי איבערצוריידען. אנהויב נאוועמבער האט ער באקומען א טעלעגראמע פון גרענט'ן: „טו ווי דו זאגסט". איי־דער ער האט זיין מארשרוט אנגעפאנגען, האט ער געשיקט גע־נעראל טאמעס'ן נאך נעשוויל. ער איז געווען זיכער, אז ער קען זיך אויף טאמעס'ן פארלאזען, אז ער וועט קאנען בייקומען הוד'ס ארמיי, אויב נאר זי וועט אים אטאקירען.

דעם 15טען נאוועמבער האט שערמאן פארניכטעט אט־לאנטא און אנגעפאנגען זיין מארשרוט דורך דזשארדזשיא. די באן־ליניעס אין אטלאנטא און ארום אטלאנטא זיינען אויפגע־ריסען געווארען. די געביידעס, וואו מען האט פאבריצירט אמו־ניציע, זיינען פריער צושמעטערט און דערנאך אונטערגעצונדען געווארען. דער גאנצער ביזנעס־קווארטאל איז פארוואנדעלט גע־ווארען אין אש. אכצען הונדערט געביידעס זיינען פארניכטעט געווארען.

שערמאנ'ס ארמיי איז באשטאנען פון 60 טויזענד מאן. ער

האָט זי איינגעטיילט אין צוויי פליגלען און האָט מיט זיי אוועק־געמארשירט איבער פיר וועגען. יעדער טייל האָט געמוזט אָנ־הויבען מאַרשירען זיבען אין דער פרי און אָפּגיין דורכ'ן טאָג א שטרעקע פון פופצען מייל. שערמאַן האָט געגעבען די אָפי־צירען שטרענגע אינסטרוקציעס ווי אזוי צו זאמלען עסענוואַרג און אַנדערע נויטיגע זאכען אין די דערפער און אין די שטעטלאך, דורך וועלכע זיי וועלען דורכגיין. אַלץ מוז דורכגעפירט ווערען אין אָרדענונג. קיין סאָלדאַט איז ניט ערלויבט זיך איינצוברע־כען אין א הויז. א באַשטימטע פּארטיי סאָלדאַטען דאַרף זיך אָפּגעבען מיט זאמלען די נויטיגע זאכען, אראָפּנעמען תבואה פון די פעלדער, ארויסנעמען תבואה פון די שייערען, צונעמען די פערד און אייזלען פון די פארמס. א געוויסע פּארטיי סאָל־דאַטען דאַרף זיך אָפּגעבען מיט אויפרייסען די באַן־רעלצען, מיט פארניכטען די באַן־געביידעס, מיט אונטערצונדען די פאבריקען און אזוי ווייטער.

אָט זיינען אויסצוגען פון מעקמעסטער'ס געשיכטע וועגען שערמאַנ'ס מאַרש:

דער רעכטער פליגעל האָט אין אכט טעג צייט געדאַרפט מאַרשירען ביז דעם שטעטעל גאָרדאָן. אין לויף פון דער וואָך האָט די דיוויזיע אויפגעריסען די באַן ביז דער לאַוודזשאַ סטאַנציע. . . צוגענומען דעם גאַנצען פּראָוויאַנט, וואס האָט זיך אין דער טעריטאָריע געפונען, פארברענט 10 טויזענד פעק קאַטאָן, פארברענט א גרויסע קאַטאָן־פאַבריק, אונטערגעצונדען א סך פּריוואַטע הייזער, אויפגעריסען קאַסטענס און ארויסגע־נומען זילבערוואַרג. . . דער לינקער פליגעל האָט אויפגעריסען די באַן־ליניעס ביז מעדיסאָן, פארברענט די באַן־סטאַנציעס, די מאַגאַזינען, די פעק קאַטאָן, וואס האָבען זיך געפונען אונטער־וועגס. אין זיבען טעג צייט זיינען זיי אָנגעקומען אין מילעדזש־וויל.

א טויט־שרעק האָט זיך פארשפּרייט איבער דזשאָרדזשיא. דער גאָווערנאָר פון דעם שטאַט האָט ארויסגעגעבען א באַ־פעל, אז יעדער מאַנסביל אין עלטער פון 16 ביז 55 יאר זאָל

זיך גלייך אָנשליסען אָן דער ארמיי צו פארטיידיגען דאָס לאנד. „אונזערע שטעט ווערען פארברענט, אונזערע פעלדער פארניכטעט, אונזערע פרויען און קינדער ארויסגעטריבען פון זייערע היימען", — האָט דער גאָווערנאָר געשריבען אין זיין פראָקלאמאציע. „מיר מוזען קעמפען פאר אונזער פרייהייט. איידער פארלירען די פרייהייט, איז שוין בעסער צו שטאַרבען!" די בעאמטע האָבען באפוילען דער באפעלקערונג, זיי זאָלען פארניכטען אלץ, איידער שערמאנ'ס ארמיי קומט אָן, כדי זי זאָל ניט געפינען קיין עסענווארג. זיי האָבען אויך געהייסען דעם עולם אָנצופירען א גערילא־קריג געגען שערמאנ'ס ארמיי, צו שטערען איר מיט אלערליי מיטלען. „אויב איר וועט עס טאָן, — האָט דער גאָווערנאָר געזאָגט, — וועט שערמאנ'ס ארמיי אויסגיין פון הונגער און דער שטאט וועט געראטעוועט ווערען".

אָבער די אויפרופען האָבען ניט געבראכט קיין רעזולטאטען. שערמאן האָט מארשירט אלץ טיפער און ווייטער אין דזשאָרדזשיא, און קיינער האָט אים כמעט ניט געשטערט. דעם 9טען דעצעמבער איז זיין ארמיי צוגעקומען נאָענט צו סאוואנא. דעם 20טען דעצעמבער האָט די קאָנפעדעריסי־ארמיי אליין אָפּגעליידיגט די שטאָט און שערמאנ'ס ארמיי האָט זי פארנומען. שערמאן האָט אין סאוואנא געפונען 250 שווערע האַרמאטען און 31 טויזענד פעק קאטאן. ערב קריסטמעס האָט לינקאָלן באקומען א טעלעגראמע פון שערמאנ'ען, אז ער שיקט אים די שטאָט סאוואנא פאר א קריסטמעס מתנה.

פּראָפעסאר דרעיפּער שרייבט: „ארום 20 טויזענד פעק קאטאן זיינען פארברענט געווארען בעת דעם מארש. שערמאן האָט פארנומען 10 מיליאָן פונט קאָרן און 10 מיליאָן פונט פוטער, ארום א מיליאן און 217 טויזענד פּאָרציעס פלייש און 919 טויזענד פּאָרציעס ברויט, 453 טויזענד פּאָרציעס קאפע, 581 פּאָרציעס טיי און 137 טויזענד פּאָרציעס זאלץ. עס זיינען פארניכטעט געווארען באַן־ליניעס אויף א שטרעקע פון 320 מייל. יעדע סטאנציע, יעדע באַן־פאבריק, יעדע אינדזשין־הויז

איבער דער שטרעקע איז צושמעטערט געווארען. דזשארדזשיא, די פאבריק און דער שייער פון דער סאוט, איז פארניכטעט געווארען".

מעקמעסטער שרייבט: „ווען שערמאנ'ס ארמיי האט ארייגמארשירט אין סאוואנא, האט זי געפונען אלע פריוואט־וואוינונגען פארשלאסען, די גארדינען אויף די פענסטער ארונטערגעלאזען. די מערסטע קראמען זיינען געווען צוגעמאכט. די קאנפעדערייסי־סאלדאטען האבען מיט א נאכט פריער פון די קראמען אלץ ארויסגעטראגען. דאס, וואס זיי האבען ניט מיטגענומען מיט זיך, האבען זיי ארויסגעווארפען אין גאס. ערשט מיט א א פאר טעג שפעטער האבען זיך מענשען גענומען באוויזען אין דרויסען".

די שטאט איז געווען אויפ'ן שוועל פון הונגער. דאס געלד, וואס די מער פארמעגליכע האבען געהאט, האט ניט געהאט קיין שום ווערט. דאס פאפיר־געלד פון דער קאנפעדערייסי־רעגירונג איז שוין פריער אזוי געזונקען, אז מען האט דערמיט כמעט גאר ניט געקאנט קויפען. אויסער דעם איז אין שטאט ניט געווען וואס צו קויפען. דער מעיאר האט זיך בעראטען מיט די אנגעזעענע איינוואוינער. עס איז ביי זיי געבליבען צו אנערקענען די זיגרייכע מאכט און צו שיקען א קאמיטעט נאך ניו יארק און אנדערע שטעט אין דער נארט צו קריגען דארט שפייז. גענעראל שערמאן האט דעם פראיעקט געשטיצט און מיטגעגעבען דעם קאמיטעט זיינעם א בריף.

דער קאמיטעט איז אוועק קיין ניו יארק. ער האט דארט אפגעשילדערט די לאגע פון סאוואנא פאר דער טשעמבער־אוו־קאמערס און געבעטען הילף. א קאמיטעט איז באשטימט געווארען צו זאמען געלד. עס פארשטייט זיך, אז א סך זיינען געווען געגען דעם, אז מען זאל העלפען א שטאט פון דער קאנפעדערייסי. אבער עס איז געלונגען צו קריגען גענוג ביישטייערונגען אין ניו יארק און אין אנדערע שטעט, צו קאנען אפשיקען קיין סאוואנא צוויי שיפען מיט עסענווארג. די שיפען זיינען אהין אנגעקומען אין מיטען יאנואר.

אין דער צייט, וואס שערמאן האט מארשירט דורך דזשאָר־דזשיא, איז אין טענעסי דערוויייל פאָרגעקומען איינע פון די שרעקליכסטע שלאכטען פון דעם קריג, די שלאכט ארום נעשוויל. און אויך דאָרט האָט די קאָנפעדערייסי געהאט א גרויסע ני־דערלאגע.

די שלאכט ארום נעשוויל איז פאָרגעקומען אין מיטען מאָ־נאט דעצעמבער. ווי עס איז שוין אויבען דערציילט געווארען, האָט שערמאן אוועקגעשיקט א טייל פון זיין ארמיי אונטער גע־נעראל טאָמעס'ן צו באפעסטיגען נעשוויל געגען אן אָנפאל פון הוד'ס ארמיי. ווען שערמאן האָט אוועקגעמארשירט צו דרום צו דורך דזשאָרדזשיא, האָט הוד גענומען מארשירען צו צפון צו, קיין טענעסי. ער האָט געהאָפט, אז אין שערמאנ'ס אפּוועַ־זענהייט וועט אים געלינגען ארויסצוטרייבען די נאָרט־ארמייען פון טענעסי און אפשר אויך פון קענטאָקי. אין זיין מארשרוט האָט ער אנגעטראָפען עטליכע באפעסטיגטע פּאָזיציעס פון די נאָרט־ארמייען. די נאָרט־ארמייען האָבען זיך צוריקגעצויגען. דער ערשטער גרויסער צוזאמענשטויס איז פאָרגעקומען לעבען פרענקלין, וואו הוד האָט פארלאָרען ארום זעקס טויזענד מאן. נאָך דער שלאכט איז הוד צוגעקומען צו נעשוויל.

דעם 15טען דעצעמבער אין דער פרי האָט טאָמעס אטאקירט הוד'ן. די שלאכט האָט אָנגעהאלטען צוויי טעג. הוד'ס ארמיי איז ניט בלויז צוריקגעשטויסען געווארען. זי איז אינגאנצען צו־שמעטערט געווארען. טאָמעס האָט איר נאָכגעיאגט און געשלאָ־גען צען טעג נאָכאנאנד. מעקמעסטער שרייבט: „אלס אן אָרגאניזירטע קערפּערשאפט האָט הוד'ס ארמיי מער ניט עקזיס־טירט. טויזענדער סאָלדאטען האָבען דעזערטירט און זיינען אוועק אהיים. ניין טויזענד האָבען זיך דורכגעשלאָגען א וועג און זיך אָנגעשלאָסען אָן דער ארמיי אין נאָרט קאראָליינא.” פּראָפעסאָר דרעיפּער שרייבט: „די גאנצע ליניע פון הוד'ס צו־ריקטריט איז געווען באדעקט מיט פארלאָזענע וועגענער, וואפען, קאָלדרעס. דאָס האָט באוויזען ווי געוואלדיג די נידערלאגע איז געווען. אין לויף פון דעם צוג זיינען פון הוד'ס ארמיי געפאנ־

גען געוואָרען איבער 13 טויזענד סאָלדאטען, צווישען זיי א טויזענד אָפיצירען. צוויי טויזענד סאָלדאטען האָבען דעזער־טירט. טאָמעס האָט פארלוירען ארום און ניט מער ווי 10 טויזענד מאַן." דרעיפער שרייבט ווייטער: „צום ערשטען מאָל אין די אַלע יארען פון דער מלחמה האָט עס איצט פאַסירט, אַז א גרויסע ארמיי פון דער סאוט זאָל אינגאנצען צושמעטערט ווערען".

די שרעקליכע נידערלאגע פון הוד'ס ארמיי איז געווען איי־נע פון די לעצטע קלעפ וואס האָט פארענדיגט דעם אויפשטאנד פון דער סאוט.

קאפיטעל 24.

# די שלאַכטען אין דער „ווילדערנים" — מיליטערישע פּאָגראָמען.

דעמזעלבען טאָג ווען שערמאן האָט אָנגעפאנגען זיין צוג אויף דעם וועסט־פראָנט האָט גרענט אָנגעפאנגען זיין צוג אויף דעם איסט־פראָנט, אין ווירדזשיניא. גרענט'ס ארמיי איז געווען צוויי מאָל אזוי די גרויס ווי לי'ס ארמיי, 130 טויזענד געגען 60 טויזענד. גרענט האָט באשלאָסען צו גיין אויף ריטשמאָנד. אויפ'ן וועג איז אָבער געשטאַנען לי מיט זיין ארמיי. גרענט'ס פּלאַן איז געווען צו אטאקירען לי'ען און ניט אפּשטעלען די אטאקע ביז ער וועט מאכען א סוף צו אים. ער האָט געוואוסט אז ער האָט מער מענשען און מער אמוניציע און בעסערע שפּייז און קליידער ווי לי, און אז דערפאר וועט ער סוף כל סוף מוזען זיגען, אויב ניט דורך סטראטעגישע מיטלען איז פּשוט דורכדעם, וואָס דער שונא וועט אויסגעמאטערט ווערען פריער ווי ער.

דעם 4טען מאי איז גרענט'ס ארמיי אריבער דעם טייך ראפּידאן און האָט ארייגעמארשירט אויפ'ן זעלבען שלאַכט פעלד, וואו פּונקט מיט א יאר פריער האָט די ארמיי פון דער נאָרט, אונטער גענעראל הוקער, געקראָגען איר שרעקליכע נידערלאגע (ביי טשענסעלארסוויל). דאָס שלאכטפעלד רופט זיך „די ווילדערנים", א געגענד באדעקט מיט געדיכטע וועלדער, דורכגעשניטען מיט שמאָלע שטעגלאך און טיפע טאָלען. גרענט האָט געהאָפט אז לי, וועלכער איז געשטאַנען אין דער „ווילדערנים", וועט ניט וואגען אים צו אטאקירען און וועט זיך צוריקציען אין דער ריכטונג פון ריטשמאָנד. ער האָט געהאָפט, אז ווען ביידע

ארמייען וועלען ארויס פון די וועלדער אין אן אפענעם פלאץ
וועט זיין ארמיי, די גרעסערע און די שטארקערע, קאנען אנ-
פאלען אויף לי'ס ארמיי און זי צוקלאפען. לי האט אבער אנ-
דערש גע'חשבונ'ט. ער האט געוואוסט, אז אין דער „ווילדער-
נים" וועט גרענט מיט זיין גרויסער ארמיי ניט קענען אויפטאן
אזוי פיל ווי אין אן אפענעם פלאץ. דער דזשאנגעל פון בוימער
און קוסטען און גראז איז געווען אזוי געדיכט און אזוי צונויפ-
געפלאנטערט, אז די ארמייען האבען איינע די אנדערע ניט גע-
קענט זען. דארט איז אויך אוממעגליך געווען צו באנוצען די
קאוואלעריע און ארטילעריע. לי האט דערפאר באשלאסען צו
צווינגען גרענט'ן זיך צו פארמעסטען מיט אים אין כוחות אין
דער „ווילדערנים". אזוי שנעל ווי גרענט איז אריין אין דער
„ווילדערנים" האט לי געשיקט זיין ארמיי אים צו אטאקירען.
דער ערשטער צוזאמענשטויס איז פארגעקומען דעם 5טען מאי.
די שלאכט האט אנגעהאלטען צוויי טעג נאכאנאנד. גרענט'ס
פארלוסטען זיינען געווען שרעקליכע, איבער צוואנציג טויזענד
מאן. לי האט פארלארען א העלפט פון דער צאל. דרעיפער
שרייבט: „די נאכט פון דעם זעקסטען איז געווען היים, שטי-
קעדיג. קיין הויך לופט איז ניט אריינגעדרונגען אין דער וויל-
דערנים. אין דעם פאס לאנד צווישען די ארמייען זיינען געווען
פלעצער וואו עס זיינען פארגעקומען פיר אדער פינף צוזאמענ-
שטויסען. די טויטע זיינען געלעגען געדיכט אנגעווארפען צווי-
שען די בוימער. די „ווילדערנים" איז געווען אנגעפילט מיט
דעם צער און וויטאג פון די פארוואונדעטע."

איצט האט גרענט באוויזען, אז ער איז אן אנדער סארט
גענעראל ווי די פריערדיגע. די פריערדיגע גענעראלען פון דער
נארט, ווען זיי פלעגען אנטוישט ווערען אין זייער ערשטען
צוג, ווען זיי פלעגען גלייך ביים אנפאנג קריגען א שטארקען
קלאפ, פלעגען זיי זיך צוריקציען. גרענט האט געטאן פונקט
פארקערט. ער האט גענומען מארשירען ווייטער אין דער ריכ-
טונג פון ריטשמאנד. ער האט געוואוסט, אז לי וועט אים
מוזען נאכגיין און אז אויף אזא אופן וועט ער אים ענדליך

ארויסציען פון דער „ווילדערניס". אָבער דאָ האָט לי ווידער ארויסגעוויזען זיין גרויסע פייאיגקייט אלס גענעראל. ער האָט פאָראויסגעזען גרענט'ס פּלאַן. ער האָט פארשטאַנען אז גרענט וועט מארשירען צו דער נעקסטער פּאָזיציע, ספּאטסילווייניא. האָט לי אזוי מאַנעווירט, אז זיין ארמיי איז אהין אָנגעקומען פריער און האָט זיך דאָרט באַפעסטיגט. ווען גרענט'ס ארמיי איז אָנגעקומען האָט זי געפונען דעם וועג פארשטעלט. דעם 9טען מאַי האָט זיך אנגעפאנגען די שלאַכט ביי ספּאטסילווייניא. די שלאַכט האָט אָנגעהאַלטען ביז'ן 18טען. גרענט'ס פאר־לוסטען זיינען געווען גרויסע. און ווידער איז אים ניט גע־לונגען ארויסצוטרייבען לי'ען פון זיין פּאָזיציע. ער האָט אָבער פּאָרטגעזעצט זיין סטראַטעגיקע. ער האָט איבערגעלאָזען דעם שונא אין זיין פּאָזיציע און האָט אוועקגעמארשירט מיט זיין ארמיי אין דער זעלבער ריכטונג, צו דרום צו, אין דער ריכטונג פון ריטשמאָנד.

דעם 22טען מאַי האָט זיך צום דריטען מאָל איבערגע־חזר'ט דיזעלביגע זאך. ווען גרענט איז אָנגעקומען צום טייך נאָרט־אַנא האָט ער געפונען אז לי איז שוין דאָרטען געווען פריער, איז שוין אריבער דעם טייך און איז שוין באַפעסטיגט אויפ'ן צווייטען ברעג. ארום דעם טייך האָבען זיך די ארמייען ווידער געשלאָגען און גרענט האָט ווידער ניט געקענט באזיגען לי'ען. און ער האָט געטאָן דאָס זעלבע וואס פריער, האָט אי־בערגעלאָזען לי'ען אין זיינע פּאָזיציעס און אוועקגעמארשירט מיט זיין ארמיי צו דרום צו. די ארמייען האָבען זיך שפּעטער באגע־גענט אין קאָלד קאַספּאַר. דאָרט האָט גרענט אטאַקירט לי'ען און איז צוריקגעשטויסען געוואָרען מיט גרויסע פארלוסטען. די שלאַכט איז פּאָרגעקומען דעם 3טען יוני. גרענט האָט דאָרט פאר־לוירען זיבען טויזענד מאַן, לי ניט מער ווי דריי טויזענד. דרעי־פּער שרייבט: „דעמזעלבען טאָג האָט גרענט געהייסען ווידער אטאַקירען, אָבער די ארמיי האָט אים ניט געפאָלגט".

דעם 12טען יוני האָט גרענט אוועקגעמאַרשירט צום טייך דזשיימז און האָט צוגעפירט זיין ארמיי צו פּעטערסבורג. לי

האָט זיין אַרמיי אַריינגעפירט אין שטאַט, אין פּעטערסבורג. גרענט האָט איצט אָנגעהויבען באַלאַגערען ריטשמאָנד און פּעטערסבורג.



די שלאַכט אין דער „ווילדערניש".

גענעראַל מאָורים (אין זיין ווערק „ראָבערט ע. לי") שרייבט: עס האָט גענומען גרענט'ן מער ווי אַ מאָנאַט צייט צו מאַרשירען פון טייך ראַפּידאַן ביז'ן טייך טשיקאַהאָמיני, אַ שטרעקע

פון א 70 מייל. כמעט דעם גאַנצען וועג איז ער געצוואונגען געווען זיך צו שלאָגען. זיינע פארלוסטען האָבען באַטראָפען נאָענט צו 55 טויזענד מאַן, כמעט א העלפט פון זיין ארמיי. ווען לי האָט אריינגעמארשירט אין ריטשמאָנד האָט ער געהאַט אַן ארמיי פון 70 טויזענד. גרענט'ס ארמיי נעבען ריטשמאָנד איז דאַן באַשטאַנען פון 150 טויזענד מאַן.

אין דער נאָרט איז מען געווען זייער אנטוישט אין גרענט'ן. אין די זיבען וואָכען וואס ער האָט געקעמפט מיט לי'ען האָט ער גאָרניט אויפגעטאָן, ניט ער האָט באַזיגט לי'ס ארמיי, ניט ער האָט איינגענומען ריטשמאָנד. אין דער סאוט האָט מען זיך באַרימט, אז יעדער סאָלדאַט אין לי'ס ארמיי האָט צע'הרג'ט אָדער פארוואונדעט איין סאָלדאַט אין גרענט'ס ארמיי. דער חשבון איז געווען ניט קיין סך איבערטריבען. לי'ס ארמיי איז באַשטאַנען פון 70 טויזענד און גרענט האָט פארלאָרען 55 טויזענד. אין וואשינגטאָן האָט מען שוין גערעדט, אז גרענט האָט זיך ארויסגעוויזען פאר אונפייאיג צו באַזיגען לי'ען און אז עס וואָלט געווען א פּלאַן אים אַרונטערצוזעצען. לינקאָלן איז אָבער געשטאַנען פעסט פאר גרענט'ן. ער האָט זיין צוטרויען צו אים ניט פארלוירען. ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען האָט לינקאָלן קיין טעות ניט געהאַט.

אין דערזעלבער צייט וואס גרענט האָט זיך געשלאָגען מיט לי'ען ארום ריטשמאָנד און שערמאַן האָט מארשירט דורך דזשאָרדזשיא, האָט זיך א דריטע ארמיי פון דער נאָרט ארומגעיאָגט מיט א דריטער ארמיי פון דער סאוט, צווישען די בערג און טאָלען פון שענענדאָהא אין דעם וועסטליכען טייל פון ווירדזשיניא. לכתחילה איז די דריטע ארמיי געשיקט געוואָרען פון גענעראל גרענט איינצונעמען דעם באַן־צענטער לינטשבורג; פון דאַנען האָט זיך געצויגען א באַן קיין פעטערסבורג און די ליניע האָט צוגעשטעלט פּראָוויאַנט פאר ריטשמאָנד (די פּראָוויאַנט איז געשיקט געוואָרען פריער קיין פעטערסבורג און פון דאָרט קיין ריטשמאָנד). גרענט האָט אלזאָ געוואָלט איינגעמען לינטשבורג און איבערשניידען די ליניע. לי האָט איינגעזען די

געפאר און געשיקט אן ארמיי צו באשיצען לינטשבורג. את די צוויי ארמייען האבען זיך ארומגעשלאגען אין די שענענדאהא בערג פון אנפאנג מאי ביז אקטאבער. איינינע מאל זיינען צווי־שען זיי פארגעקומען צוזאמענשטויסען. קיין גרויסע שלאכטען זיינען דאס ניט געווען. קיינע וויכטיגע פאזיציעס האבען די אר־מייען איינע ביי דער אנדערער ניט אפגענומען. דאך איז די קאמפאניע בארימט געווארען אין דער געשיכטע פון דער מלחמה דורך דעם שרעקליכען חורבן וואס זי האט אנגעמאכט אין דער געגענד. די ארמייען האבען אייגענטליך זייער קאמף געפירט ניט איינע געגען די אנדערע, נאר געגען דער פרידליכער בא־פעלקערונג פון דעם ארט. די ארמיי פון דער סאוט האט פריער אריינגעדרונגען אין מערילאנד, א שטאט וואס איז געשטאנען מיט דער נארט, און דארט פארברענט שטעטלאך און פארכאפט אלץ וואס זי האט געפונען. דאן האט די ארמיי פון דער נארט אריינגעדרונגען אין ווירדזשיניא, אין דער געגענד וואס איז גע־שטאנען מיט דער סאוט, און דארטען געטאן דאסזעלבע: גע־ברענט, גערויבט, אנגעמאכט א חורבן.

די ארמיי פון דער סאוט איז געפירט געווארען פון גענע־ראל אירלי. פון אנפאנג איז ער געווען ערפאלגרייך. ער איז מיט זיין ארמיי אריבער דעם טייך פאטאמעק. ער איז אריין אין מערילענד דעם 6טען יוני, 1864. את וואס מעקמעסטער שרייבט וועגען דעם: „אלס א פרייז צו ראטעווען זיך פון פאר־ניכטונג האט דאס שטעטעל הייגערסטאן געמוזט באצאלען 20 טויזענד דאלער און 15 הונדערט קאסטיומען קליידער. די בא־פעלקערונג פון דער גאנצער ארומיגער געגענד האט גענומען אנטלויפען. די וועגען וואס האבען געפירט נארט צו פענסיל־וועיניא זיינען געווען פול מיט מענשען אין אלערליי וועגענער, אדער רייטענדיג אויף פערד און אייזלען, אדער גייענדיג צו פוס. דאס שטעטעל מידעלטאון האט געמוזט באצאלען 15 הונדערט דאלער מזומן און פאר 3 טויזענד דאלער סחורה, אויסער דעם האבען די סאלדאטען צוגענומען א סך פערד. ווען די ארמיי איז אריין אין שטעטעל פרעדעריק האט דער קאמאנדיר געשיקט

רופען דעם מעיאָר און ביי אים געפאָדערט 200 טויזענד דאָלער. דער מעיאָר האָט פאַררופען דעם שטאָט־ראָט. דער ראָט האָט געבעטען דעם קאָמאַנדיר ער זאָל דאָס אויסלייז־געלד פאַרקלענערען. דער ענטפער איז געווען, אַז אויב דאָס געלט וועט ניט גלייך צוגעשטעלט ווערען וועלען די סאָלדאַטען אַליין דאָס געלד זאַמלען. די באַנקען האָבען געבראַכט די געפאָדערטע סומע. די סאָלדאַטען האָבען אויך צוגענומען אָדער פאַרניכטעט אַלע שפּייז און קליידער סקלאַדען וואָס האָבען געהערט צו דער רעגירונג פון דער נאָרט".

גענעראַל אירלי האָט זיך צוגערוקט נאָענט צו וואַשינגטאָן. אַ טייל פון זיין אַרמיי האָט ער געשיקט אויף באַלטימאָר. ביידע שטעט זיינען איצט געשטאַנען אין געפאַר איינגענומען צו ווערען. באַלטימאָר איז געווען אין גרעסטער שרעק. דער גאָווערנאָר און דער מעיאָר האָבען צוזאַמען אַפּעלירט צו די מענער זיי זאָלען באַשיצען די שטאָט. אין די גאַסען זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען באַריקאַדען. די גאָווערנאָרס פון פּענסילווייניא, ניו יאָרק און ניו דזשוירזי האָבען אַפּעלירט צו די בירגער פון זייערע שטאַטען זיי זאָלען גיין באַשיצען וואַשינגטאָן.

דעם 11טען יולי איז אירלי געווען ביי די טויערען פון וואַשינגטאָן. מעקמעסטער שרייבט, אַז ווען אירי וואָלט יענעם טאָג געוואָלט אַטאַקירען די פּעסטונג נעבען דער שטאָט, וואָלט ער זי זיכער געוועסט איינגענומען און וואָלט אַריין אין דער שטאָט. עס איז אָבער דעמאָלט געווען אַ שרעקליך הייסער טאָג. די סאָלדאַטען זיינען געווען שטאַרק אויסגעמאַטערט. האָט אירלי די אַטאַקע אָפּגעלייגט אויף מאָרגען. דורך דער נאַכט זיינען אין וואַשינגטאָן אָנגעקומען פרישע רעגימענטען. אירלי האָט אין דערפרי באַמערקט אַ סך פרישע סאָלדאַטען אויף די פּעסטונגען און ער האָט פאַרשטאַנען אַז אים וועט ניט געלינגען זיי צו באַזיגען. האָט ער זיך צוריקגעצויגען. זיין אַרמיי נעבען באַלטימאָר האָט געטאָן דאָסזעלבע.

אָבער די אַרבייט פון באַפאַלען די פרידליכע איינוואוינער פון די שטעטלאַך האָט ער ווייטער געטאָן. דעם 30טען יולי איז

זיינער אן אפיציר מיט 500 סאלדאטען אריין אין שטעטעל טשאמבערסבורג (ניט ווייט פון דעם פענסילווייניער גרענעץ) און זיי האבען זי איינגאנצען חרוב געמאכט. אט וואס מעקמעסטער דערציילט וועגען דעם פאגראם אויף דעם שטעטל: „עטליכע איינוואוינער זיינען ארעסטירט געווארען. דער קאמאנדיר האט זיי ערקלערט, אז אויב זיי וועלען ניט ברענגען קיין הונדערט טויזענד דאלער אין גאלד וועט ער אונטערצינדען די שטאט. צו זאמלען אזא גרויסע סומע איז אוממעגליך געווען... האט דער קאמאנדיר געהייסען זיינע סאלדאטען פארברענען די שטאט. די סאלדאטען האבען אנגעווייקט וואטע אין טערפענטין, זיינען ארוים איבער די גאסען, האבען אנגעצונדען די וואטע און עס אריינגעשליידערט אין די קראמען און אין די וואוינונגען. צוויי־דריטעל פון דער שטאט איז פארניכטעט געווארען... די פרויען און קינדער זיינען אנטלאפען אין די פעלדער און וועלדער. די פארמער האבען פאר זיי פלאץ געמאכט אין זייערע היימען און אין די שטאלען. פון פילאדעלפיע און פון העריסבורג זיינען שפעטער אנגעקומען וואגאנען מיט עסענווארג פאר די ליידענדע... איבער 250 הייזער זיינען אוועק מיט'ן רויך. די באפעלקערונג פון שטעטעל איז געווען 6,000."

אלס ענטפער אויף די פאגראמען האט גענעראל גרענט אין אנפאנג אוגוסט ארויסגעשיקט גענעראל שערידאן ער זאל דורכ־מארשירען מיט זיין ארמיי דורך דער שענענדאהא־געגענד אין ווירדזשיניא און דארטען אלץ פארניכטען. שערידאן האט דעם באפעל פינקטליך דורכגעפירט. ער האט צוריקגעטריבען איר־לי'ס ארמיי און האט אנגעמאכט א חורבן אין דער גאנצער גע־גענד. אין זיין באפעל צו שערידען האט גרענט געשריבען: „טו אן אזוי פיל שאדען צו די אייזענבאנען, אויף די פעלדער און אין די שייערען ווי עס איז דיר נאר מעגליך. נעם צו אלע לעבעדיגע חיות און אויך די נעגערם כדי עס זאל אוממעגליך זיין די פעלדער ווידער צו פארזייען. אויב די מלחמה דארף אנהאלטען נאך א יאר מוז מען זען, אז דער שענענדאהא־געגענד זאל ווערען א וויסטעניש". דעם 5טען אקטאבער האט שערידען

געשריבען: „איך האָב פארניכטעט צוויי טויזענד שייערען פול מיט ווייץ און פארם־געצייג, 70 מילען פול מיט ווייץ און מעל, און נים ווייניגער ווי דריי טויזענד שעפסען זיינען צוגענומען געווארען פאר דער ארמיי“. אין דעם ראיאָן ראקינגהעם האָט שערידאנ׳ס ארמיי פארניכטעט אייגענטום אין ווערט פון 25 מי־ליאָן דאָלער, 50 טויזענד בושעל קאָרן, 100 טויזענד בושעל ווייץ, מער ווי 6 טויזענד טון היי, דריי פאבריקען, 30 הייזער, 31 מי־לען, 450 שטאַלען און אַ גרויסע צאָל הויז־מעבעל און כלים. טויזענדער פערד, שעפסען און חזירים זיינען צוגענומען גע־ווארען“.

אין מיטען אָקטאָבער האָבען זיך די צוויי ארמייען באגע־געגנט אין אַ בלוטיגער שלאכט. פון אָנפאנג האָט עס אויסגע־וויזן אז אירלי׳ס ארמיי וועט באזיגען שערידענ׳ס ארמיי. אָבער אויסגעלאָזען האָט זיך עס פארקערט. אירלי איז צוריקגעשטויסען געווארען. די געגענד איז געבליבען אונטער דער קאָנטראָל פון שערידענ׳ס ארמיי.

## קאַפּיטעל 25.

# גענעראַל שערמאַנ׳ס בלוטיגער מאַרש דורך נאָרט און סאוט קאראָליינאַ.

דעם 1טען פעברואר, 1865, האָט שערמאַן אָנגעפאנגען א נייעם מאַרש, פון סאוואנא, דורך סאוט קאראָליינא, דורך נאָרט קאראָליינא ביז גאָלדסבאָראָ (ווייט אין נאָרט קאראָליינא), א שטרעקע פון 425 מייל. דער מאַרש האָט אים גענומען 50 טעג, ביז׳ן 23טען מערץ. דער צוועק איז געווען דערזעלבער — צו צושטערען און פארניכטען דעם איינציגען און לעצטען קוואל פון עקזיסטענץ וואס די ארמיי פון דער סאוט האָט נאָך גע־האַט. דעם דאָזיגען טייל פון דער אונטערנעמונג האָט שער־מאַנ׳ס ארמיי דורכגעפירט א סך גרינדליכער ווי דעם פריער־דיגען טייל. די סאָלדאַטען האָבען זיך אין סאוט קאראָליינא ניט באַנוגענט מיט צושטערען די אייזענבאַנען און פארברענען פאבריקען און שייערען און קאטאָן. דאָ האָט די ארמיי צורויבט אלץ וואס זי האָט אָנגעטראָפען אין וועג. דאָ האָבען סאלדאַטען באַפּאַלען פרויען, און זיינען באגאנגען שרעקליכע ברוטאַלע מעשים. ווי ווייט די גרויזאמקייטען האָבען דערגרייכט איז קיינמאָל ניט פעסטגעשטעלט געווארען גענוג. די סאוט האָט נאַ־טירליך געזוכט מגזם צו זיין און די נאָרט האָט געזוכט די זאַך צו פארקלענערען. עס איז אָבער קיין צווייפעל ניט, אז שער־מאַנ׳ס מאַרש דורך נאָרט און סאוט קאראָליינא איז געווען די שווידערליכסטע פּאסירונג אין דער געשיכטע פון דער מלחמה; און א סך וואס שערמאַנ׳ס ארמיי האָט אָפּגעטאָן אויף איר וועג וועט אויף אייביג בלייבען א שאַנדפלעק אויפ׳ן געוויסען פון די פאראייניגטע שטאַטען.

דער היסטאָריקער ראודס פּרובט צו זיין גערעכט צוביידע צדדים און אָט וואס ער שרייבט:

דער מאַרש האָט זיך אָנגעפאנגען אין סאוט קאַראָליינא (סאוואנא איז אין דזשאָרדזשיא, די שטאָט ליגט אָבער הארט ביי דער גרענעץ פון סאוט קאַראָליינא). ער האָט זיך געצויגען דורך דעם מיטען פון דעם שטאָט און האָט איבערגעלאָזען הינטער זיך א שטעג פון פארברענטע געביידעס און פארצערטע פּעק קאַטאָן. . . די סאָלדאטען האָבען אויפגעריסען די רעלסען פון די באַנען און זיי צודרייט, כדי מען זאָל זיי ווידער ניט קענען באַנוצען, האָבען פארניכטעט די לאָקאָמאָטיוועז, די מאַשינערי, די וואסער־פּעסער. די סאָלדאטען פון דער קאָנפעדעריישי, ביים צוריקציען זיך, האָבען פארברענט די קאַטאַן כדי עס זאָל ניט אריינפאלען אין די הענד פון דער „יוניאָן" ארמיי. אָבער דאָס וואס זיי אליין האָבען ניט באַוויזען צו פארברענען האָבען פארברענט די סאָלדאטען פון דער נאָרט. גענעראל ווילער (פון דער סאוט) האָט געמאכט א פּאָרשלאַג צו שערמאַנ'ען: אויב דיינע סאָלדאטען וועלען ניט פארניכטען די הייזער פון אונזערע בירגער וועלען מיר אויפהערען צו פארברענען די קאַטאָן. אויף דעם האָט שערמאַן געענטפערט: „איך האָף אז דו וועסט פארברענען די גאַנצע קאַטאַן, ווייל דאַן וועסטו אונז איינשפּאָרען ארבייט. מיר דארפען ניט די קאַטאַן. די קאַטאַן איז געווען א קללה פאר אונזער לאַנד. אויב דו וועסט עס ניט פארברענען וועלען מיר עס פארברענען. וועגען די פּריוואַטע הייזער, וואו עס וואוינען פרידליכע בירגער, איז מיין באַפעל צו די סאָלדאטען מען זאָל זיי ניט טשעפּען. און איך גלויב אז מיין באַפעל ווערט אפּגעהיט. ליידיגע הייזער ברענגען קיינעם קיין נוצען ניט און זיי קימערען מיך ניט. איך וויל ניט מען זאָל זיי פארניכטען, אָבער איך נעם זיך ניט קיין מי זיי צו באַשיצען". די ליידיגע הייזער זיינען געווען יענע, פון וועלכע די איינוואוינער זיינען אנטלאָפען.

שערמאַן האָט פארענטפערט זיינע סאָלדאטען אז זיי טוען אָפּ אזוינע ווילדע מעשים אין סאוט קאַראָליינא דערפאר ווייל

אויף יענעם שטאט טראָגט די נאָרט א באזונדערען בעס. סאוט קאראליינא איז דאָך געווען די ערשטע, וואס האָט אנגעפאנגען דעם אויפשטאנד. די סאלדאטען האָבען געהאלטען סאוט קאראָליינא פאראנטוואָרטליך פאר דער גאנצער טראגעדיע פון דער מלחמה, און איצט, אז זיי האָבען געהאט די געלעגענהייט, האָבען זיי זיך געוואָלט אפרעכענען מיט איר. ראודס דענקט, אז אין דעם איז דאָ א געוויסער טייל אמת. אפילו די הויכע מיליטער־בעאמטע האָבען געברענט מיט צאָרן געגען סאוט קאראָליינא. אזוי, צום ביישפיל, האָט גענעראל האלעק געשריבען צו שערמאנ'ען: „אויב דו וועסט איינגעמען טשארלסטאָן (די וויכטיגסטע האפען שטאָט אין סאוט קאראָליינא) האָף איך אז עס וועט פאסירען „א סיבה", דורך וועלכער די שטאָט וועט פארניכטעט ווערען." שערמאן האָט אים געענטפערט: „די גאנצע ארמיי ברענט מיט א גוואלטיגען פארלאנג צו נעמען נקמה פון סאוט קאראָליינא. איך שרעק זיך פאר איר שיקזאל, אָבער איך פיל, אז זי האָט פארדינט אלץ וואס עס ערוואַרט זי". דערויף באמערקט ראודס: „וויבאלד די הויכע בעאמטע האָבען אזוי געפילט איז קיין וואונדער ניט וואס די סאָלדאטען האָבען געגלויבט, אז עס איז רעכט צו בארויבען די באפעלקערונג און אונטערצינדען זייערע היימען".

די אָפיצירען האָבען געווארפען די שולד פאר דער פארניכטונגס־ארבייט און די רויבערייען אויף די וואגאבונדען וואָס האָבען זיך נאָכגעשלעפט נאָך דער ארמיי (מען האָט זיי גערופען מיט'ן נאָמען „באָמערס").

א גרויסער חורבן איז אָנגעמאכט געווארען אין דער שטאָט קאָלאָמביא. די פייערען אין דער שטאָט האָבען זיך אָנגעהויבען נאָך איידער שערמאנ'ס ארמיי איז אהין אריין. ווער עס איז פאר דעם געווען פאראנטוואָרטליך וויים מען ניט. א פייער האָט אויסגעבראָכען אויף דער באַן־סטאנציע. אין דער הויפט־גאס פון שטאָט זיינען געלעגען פעק מיט קאטאן און אויך זיי האָבען אָנגעהויבען ברענען.

דעם 17טען פעברואר איז שערמאנ'ס ארמיי צוגעקומען צו

קאָלאָמביא. דער מעיאָר פון שטאָט, צוזאַמען מיט דריי ראַט־מענער, האָבען אים באַגעגענט מיט אַ ווייסען פלאַג און דער־קלערט אַז זיי גיבען אים איבער די שטאָט. שערמאַנ'ס סאָל־דאַטען האָבען געהאָלפען איינלעשען די פלאַמען. אָבער איי־דער זיי איז עס געלונגען איז שוין צוויי דריטעל פון דער שטאָט אַוועק מיט'ן רויך. עס איז פאַרברענט געוואָרען דער גאַנצער האַנדעלס־קוואַרטאַל און די שענסטע געביידעס פון שטאָט.

איינינגע היסטאָריקער מיינען, אַז שוין נאָכדעם ווי שער־מאַנ'ס אַרמיי איז אריין אין שטאָט זיינען געמאַכט געוואָרען פרישע פייערען און אַז שערמאַנ'ס סאָלדאַטען זיינען ביז אַ געוויסען גראַד פאַראַנטוואָרטליך געווען פאַר זיי. ווען שער־מאַנ'ס סאָלדאַטען זיינען אַריין אין שטאָט האָבען די איינ־וואוינער און די נעגער זיי געבראַכט אַ מאַסע שנאַפּס, אין גלעזער, אין פלעשער, אין עמערס. אַ סך סאָלדאַטען האָבען די פריערדיגע נאַכט ניט געהאַט געשלאָפען, טייל פון זיי האָבען אַ גאַנצען מעת לעת ניט געגעסען. זיי האָבען זיך באַלד אָנגע־שיכור'ט און עס איז אוממעגליך געווען זיי צו קאָנטראָלירען. צו די סאָלדאַטען זיינען צוגעקומען די „באָמערס" און די אַרעס־טאַנטען וואָס מען האָט אַרויסגעלאָזען פון די תּפיסות. זיי האָ־בען זיך אַריינגעריסען אין די הייזער און קראָמען און באַראַבע־וועט מענשען אין מיטען גאַס. די אָפיצירען האָבען געפּרובירט אָפּצושטעלען די אומאָרדנונג אָבער זיי האָבען ניט געקענט. די רויבערייען אין שטאָט זיינען אָנגעגאַנגען דעם גאַנצען טאָג. ביינאַכט האָט די שיכור'ע, ווילדע מאַסע גענומען אונטערצינדען הייזער. דער ווינד האָט געטריבען די פלאַמען פון איין געביידע צו דער צווייטער, ביז וואַנען די גרעסטע טייל פון שטאָט איז פאַרניכטעט געוואָרען.

אין אייענם פון די אָפיציעלע באַריכטען פון די אָפיצירען ווערען אָנגעגעבען פאַרשידענע מיינונגען וועגען דער טראַגעדיע. איין באַריכט וואַרפט די שולד אויף „שיכור'ע נעגער", אַ צוויי־טער, אויף די אַרויסגעלאָזענע אַרעסטאַנטען, אַ דריטער, אויף

אנגע'שיכור'טע סאלדאטען. העכסט ווארשיינליך זיינען אלע אנ־געגעבענע אורזאכען טיילווייז ריכטיג.

ביי אן אויספארשונג וואס איז געמאכט געווארען מיט אכט יאר שפעטער (אין 1872) האט שערמאן געמאכט די פאלגענדע ערקלערונג: „איך האב קיינמאל ניט געהייסען אונטערצינדען די שטאט. אבער איך האב אויך ניט פארגאסען קיין סך טרער־רען אויף דער פאסירונג, ווייל איך גלויב אז דאס האט פאר־גיכערט דעם סוף פון דער מלחמה".

שערמאן האט אין קאלאמביא פארבראכט צוויי טעג. אין דער קורצער צייט האט ער דארטען פארניכטעט אלע פאבריקען, מאשינען, די זאפאסען פון אמוניציע און די באן אין דער גאנצער געגענד. דעם 20טען פעברואר איז ער ארוים פון קאלאמביא און איז אוועק קיין טשארלסטאן. די קאנפעדעראציע האט קיין פארזוך ניט געמאכט צו פארטיידיגען די וויכטיגע האפען שטאט. אירע סאלדאטען האבען זי אפגערייניגט נאך איידער שערמאן איז אנגעקומען. נאר איידער זיי זיינען אוועק האבען זיי אונטערגעצונדען די פעק קאטאן און די באן־סטאנציע. ווען שערמאן איז אריין אין שטאט האט ער זי געפונען איינגעוויי־קעלט אין פלאמען. אבער דאס וואס איז איבערגעבליבען פון די פלאמען איז שפעטער צוראבירט געווארען פון שערמאנ'ס סאלדאטען. אט איז א טייל פון א באריכט וועגען דעם צו־שטאנד פון טשארלסטאן, געשריבען עטליכע טעג נאך דער שריפה: „די לייזען דא זיינען זייער גרוים. ניט בלויז די ארימע זיינען אין נויט. . . פאמיליעס וואס פלעגען לעבען פון זייערע גיטער זיינען אן א סענט. מענשען וואס זיינען דער־צויגען געווארען אין רייכטום ליידען איצט הונגער".

דאס וואס איז פארגעקומען אין קאלאמביא און טשארלס־טאן איז אויף א קלענערען מאסשטאב פארגעקומען אין אלע שטעטלאך און דערפער דורך וועלכע די ארמיי איז דורכגעגאנגען. טייל אפיצירען האבען פרובירט איינהאלטען די סאלדאטען. אבער זיי האבען ניט געקענט. איין אפיציר באקלאגט זיך אין א באריכט צו די העכערע בעאמטע אזוי: „טייל פון אונזערע

סאָלדאַטען זיינען באַגאַנגען די גרעסטע רויבערייען. איך ווייס פון אַ פאַל, ווען סאָלדאַטען האָבען צוגענומען זייגערס און אַנדערע צירונג און זיי האָבען עס געטאָן פאַר זייערע אָפיצירען אין די אויגען. אין אַ צווייטען פאַל האָט אַ סאָלדאַט צושלאָגען אַ פרוי און דערנאָך ביי איר צוגענומען אַ זייגערל. אין אַ דריטען פאַל האָבען די סאָלדאַטען צוגענומען 150 דאָלער. אין אַ פערטען פאַל האָט אַן אָפיציר דערמוטיגט זיינע סאָלדאַטען זיי זאָלען אַראָפנעמען די פינגערלאַך פון די הענט פון די דאַמען. עס האָט פּאַסירט אַז מען האָט געכאַפּט אַ סאָלדאַט ראַבירענדיג אַ הויז. האָט מען אים אַרעסטירט. זיינען די איבעריגע סאָלדאַטען באַפאַלען די וואַך און דעם אַרעסטירטען באַפרייט. איך גלויב אַז די וואָס באַגייען די רויבערייען זיינען אָרגאַניזירט און אַז זיי טיילען זיך מיט׳ן רויב".

וואָס אַנבאַלאַנגט דער באַנעמונג פון די סאָלדאַטען צו פרויען, האָט שערמאַן פאַרזיכערט, אַז אין פאַרלויף פון זיין גאַנצען מאַרש, האָט ער געהערט בלויז פון צוויי פאַלען, ווען סאָלדאַטען האָבען פאַרגוואַלטיגט פרויען.

שערמאַן האָט געזוכט צו ווירקען אויף זיינע סאָלדאַטען, אַז אין נאָרט קאַראָליינאַ זאָלען זיי זיך אויפפירען אַנשטענדיג. אָבער ווי עס ווייזט אויס האָט ער ניט אויסגעפירט. דריי וואָכען נאָכדעם ווי שערמאַנ׳ס אַרמיי איז געווען אין נאָרט קאַראָליינאַ, האָט איינער פון זיינע אָפיצירען געמאָלדען, אַז אַ גרויסע צאָל פון דער קאַוואַלעריע נעמט אַוועק ביי דער באַפעלקערונג זייער לעבענס־מיטעל. „איך האָב געזען, — האָט דער אָפיציר באַריכטעט, — פאַמיליעס פון פרויען, קינדער און נעגער וועלכע האָבען אַבסאָלוט גאָרניט צו עסען. פון זייערע הייזער איז אַלץ צוגענומען געוואָרען, קליידער, בעטגעוואַנד, געשיר. טייל פון די לומפען צינדען אונטער די צוגעשלאָסענע הייזער. זיי פאַרברענען די פאַרקענס ארום די הייזער".

שערמאַן האָט זיין אַרמיי דערפירט ביז גאָלדסבאָראָ אין נאָרט קאַראָליינאַ. אין נאָרט קאַראָליינאַ האָט זיך די געגנערישע אַרמיי אָנגעשטרענגט און געמאַכט אַ פאַרזוך אָפּצושטע־

לען דעם שונא. איר איז דאס אבער ניט געלונגען. שערמאן האט זי צוריקגעשטויסען ביי יעדען פונקט און ער האט זיין מארש פארטגעזעצט ביז'ן סוף.

דעם 27טען מערץ איז שערמאן אוועק זיך זען מיט גענעראל גרענט אין זיין הויפטקווארטיר. ער האט דארט געטראפען פרעזידענט לינקאלן. זיי האבען זיך אלע דריי דורכגערעדט וועגען דער מיליטערישער לאגע. די צוויי גענעראלען זיינען געקומען צום באשלוס, אז נאך איין בלוטיגע שלאכט וועט ענדיגען די מלחמה. לינקאלן האט זיי געפרעגט אויב עס איז ניט מעגליך די לעצטע שלאכט צו פארמיידען. דערויף האט שערמאן גע־ענטפערט: „דאס ליגט ניט ביי אונז אין די הענד. גענעראל לי און פרעזידענט דייווים וועלען דארפען באשטימען צי די צוויי ארמייען זאלען זיך ווידער באגעגענען אין א פארצווייפעלטער שלאכט".

די לעצטע שלאכט איז קורץ נאכדעם פארגעקומען ארום ריטשמאנד.

## קאפיטעל 24.

# ריטשמאָנד פאַלט, לי גיט זיך אונטער.

גענעראַל גרענט האָט באַלאַגערט ריטשמאָנד און פּעטערס־בורג פון מיטען זומער, 1864, ביז מיטען ווינטער, 1865. גרענט'ס ארמיי איז געווען צוויי מאָל אַזוי די גרויס ווי לי'ס, דאָך האָט גרענט ניט געקענט דורכברעכען דעם רינג פון פעס־טונגען מיט וועלכע לי האָט ארומגערינגעלט זיינע צוויי וויכ־טיגע שטעט. גרענט האָט אָבער ביסלאכווייז אָפּגעשניטען די פאַרבינדונגען וואָס לי האָט געהאַט מיט די ווייטערע געגענדען פון דער סאוט, די געגענדען פון וואַנען ער האָט באַקומען פּראָ־וויאַנט און אַמוניציע. דאָס האָט געהאַט א ווירקונג. וואָס א וואָך, וואָס א טאָג, איז די לאַגע אין די צוויי שטעט גע־וואָרען שווערער. עס האָט אויסגעפעלט שפּייז, קליידער און אַנ־דערע נויטיגע זאכען. דער רעזולטאַט איז געווען אַז סאָלדאַטען האָבען דעזערטירט. אין די פריערדיגע יאָרען פלעגען סאָלדאַטען אין דער ארמיי פון דער סאוט נעמען אורלויב צווישען איין קאמפּאַניע און א צווייטע. זיי פלעגען אהיים גיין זיך זען מיט זייערע פאַמיליעס אדער א קוק טאָן אויף זייערע פאַרמס. ווען די שלאכטען פלעגען זיך ווידער אָנפאַנגען פלעגען א סך פון זיי צוריקקומען. איצטער אז זיי זיינען אוועק זיינען זיי שוין צוריק ניט געקומען. לי האָט אין זיין באַריכט צו זיין רע־גירונג געשריבען: „די פראַגע איצט איז — ווי קריגט מען שפּייז און קליידער פאַר דער ארמיי. אין איינעם פון אונזערע רעגימענטען זיינען דאָ בלויז פופצען סאָלדאַטען וואס האָבען שיך אויף די פיס". אין א צווייטען באַריכט שרייבט ער: „די סאָלדאַטען זיינען געווען ביים פראָנט צוויי טעג. שוין דריי טעג

אז זיי האבען קיין פלייש ניט געהאט. אין זייערע דינע קליידער זיינען זיי געצוואונגען צו גיין אין קעלט, אין האגעל און אין פארפראנענע בלאטע".

פאר לי'ען איז געבליבען איין אויסוועג — צו פארלאזען ריטשמאנד און פעטערסבורג און אוועקמארשירען מיט זיין ארמיי אין דעם וועסטליכען טייל פון ווירדזשיניא. אין יענער געגענד איז איצט געשטאנען אן ארמיי אונטער דער קאמאנדע פון גענעראל דזשאנסטאן. לי האט געהאפט אז אים וועט געלינגען מיט יענער ארמיי זיך צו פאראייניגען. די צוויי ארמייען צוזאמען וואלטען פיליכט געקענט דעם קאמף פארטזעצען אין דער וועסט, אין טענעסי, אין קענטאקי.

דעם 25טען מערץ האט לי גענומען דורכפירען זיין לעצטען פארצווייפעלטען פלאן. ער האט פאר זיך געהאט איין אפענעם וועג, צו מערב צו. דארט איז געווען די ריטשמאנד-דענוויל אייזענבאן. מיט איר האט ער געהאפט צו דערגרייכען דענוויל א־ער לינטשבורג איידער גרענט וועט אים אניאגען.

דעם 29טען מערץ האט גרענט געשיקט אן ארמיי אונטער גענעראל שערידאן ער זאל אפשניידען לי'ען דעם וועג. דעם ערשטען אפריל האט שערידען באזיגט לי'ס ארמיי ביים פונקט פייוו אוקס. די באן איז אפגעשניטען געווארען. לי האט גענומען מארשירען מיט זיינע סאלדאטען אין דער ריכטונג פון לינטשבורג. שערידען האט אפגעשניטען דעם וועג פאר די וואגאנען וואס האבען געפירט שפייז צו לי'ען. לי האט געמוזט זאמלען עסענוואַרג אונטערוועגס ביי די פארמערס. דעם 3טען אפריל האט שערידען געלאזט וויסען גרענט'ן אז לי געפינט זיך אין א פארצווייפעלטער לאגע און אז ער וועט זיך איינגיכען מוזען אונטערגעבען. גרענט איז יענע נאכט געקומען צו פארען רייטענדיג אין שערידאנ'ס לאגער.

אט וואס לי אליין דערציילט וועגען דער לאגע פון זיין ארמיי אין מאנאט אפריל: „די ארמיי האט מארשירט די נאכט פון 6טען. די סאלדאטען זיינען אין א געדריקטער שטימונג

פון הונגער און מידקייט. א סך פון זיי וואַרפען אוועק זייערע ביקסען".

לי האָט זיין ארמיי אריבערגעפירט איבער דעם טייך אפּאָמאַטאָקס. גלייך נאָכדעם איז שערידאַנ'ס ארמיי אריבער דעם טייך. דעם 7טען אַפּריל האָט גראַנט געשיקט דעם פאָלגענדען בריף צו לי'ען: „דער רעזולטאַט פון דער פארגאַנגענער וואָך האָט אייך געוויס איבערצייגט ווי האָפנונגסלאָז אייער ווידערשטאַנד איז. איך האַלט עס פאַר מיין פליכט אראָפּצונעמען פון זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר ווייטערער בלוטפאַרגיסונג. דערפאַר בעט איך אייך איר זאָלט זיך אונטערגעבען".
לי האָט געענטפערט מיט אַן אָנפראַגע וועגען באַדינגונגען. דערויף האָט גראַנט אים געענטפערט: „אזוי ווי מיין גרויסער וואונש איז פרידען האָב איך איין באַדינגונג, אַז די סאָלדאַטען און אָפיצירען וואָס וועלען זיך אונטערגעבען זאָלען ניט טאָרען מער דינען אין דער ארמיי געגען דער רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען".

דעם אכטען אַפּריל איז לי'ס ארמיי צוגעקומען צום פונקט וואָס רופט זיך אפּאָמאַטאָקס קאורט הויז. פון דאָרט האָט לי געלאָזט וויסען גראַנט'ן, אַז אונטערגעבען זיך וויל ער ניט. ער וואָלט זיך אָבער געוואָלט טרעפען מיט גראַנט'ן און מיט אים ריידען וועגען מאַכען פרידען. גראַנט האָט פארשטאַנען אַז לי זוכט צו געווינען צייט. ער האָט גלייך געענטפערט אַז וועגען פרידען האָט ער קיין רעכט ניט צו פירען אונטערהאַנדלונגען.
צו דערזעלבער צייט האָט ער באַפוילען שערידאַנ'ען ער זאָל מאַרשירען אויף לי'ס ארמיי. לי האָט געמאַכט נאָך א פאַרצווייפעלטען פארזוך דורכצוברעכען א וועג דורך שערידאַנ'ס ליניע. אָבער אים האָט זיך ניט איינגעגעבען. לי האָט דאַן געהייסען ארויפציען א ווייסען פלאַג און האָט געשיקט זאָגען גראַנט'ן אַז ער וויל קומען אים זען.

די צוויי גענעראַלען האָבען זיך געטראָפען אין א הויז אין דעם קליינעם דאָרף אפּאָמאַטאָקס. לי האָט געטראָגען א נייעם מונדיר פאַרשפּילעט ביז'ן קראַגען, ביים זייט איז אים אראָפּ-

געהאנגען א שיינע שווערד, די הענטעל באזעצט מיט טייערע שטיינער. גרענט האט געטראגען א טונקעלע העמד, פארנאנדער־געשפילעט, אן א שווערד. אין זיינע מעמוארען, וועלכע ער האט געשריבען אין 1885, האט גרענט דערציילט ווי אזוי ער האט געפילט ביי דער באגעגעניש: „איך בין געווען אומעטיג, גע־דריקט. מיר האבען זיך צורעדט וועגען די אלטע צייטען פון פאר דער מלחמה. דער געשפרעך איז געווען אזוי אנגענעם אז איך האב גאר פארגעסען דעם צוועק פון אונזער באגעגעניש". לי האט אים דאן געהייסען אויפשרייבען די באדינגונגען אויף וועלכע ער וויל ער זאל זיך אונטערגעבען. גרענט האט עס געטאן. גרענט האט איינגעוויליגט צו ערלויבען לי'ס סאלדאטען גיין אהיים. זיי זאלען זיך נאר פארפליכטען ניט צו קעמפען מער געגען די פאראייניגטע שטאטען. ער האט ערלויבט די אפיצירען מיטצונעמען אהיים זייערע פערד און זייערע שווער־דען. לי האט אים אויך ער זאל די קאוואלעריע סאל־דאטען ערלויבען מיטצונעמען אהיים זייערע פערד. ער האט אנ־געוויזען אויף דעם, אז ערשטענס, איז אין דער קאנפעדעראציע־ארמיי איינגעפירט, אז יעדער סאלדאט קויפט אדער ברענגט זיין אייגענעם פערד, און צווייטענס, איז די סאוט דורך דער מלחמה פאראָרימט געווארען און די סאלדאטען וועלען זיך שטארק נויי־טיגען אין זייערע פערד פארטצוזעצען זייער ארבייט אויף די פארמס.

גרענט איז אויך דערויף איינגעגאנגען.

לי האט דאן אנגענומען גרענט'ס באדינגונגען און האט זיך אונטערגעגעבען. זיין ארמיי איז באשטאנען פון געגויע 27 טויזענד מאן. אזוי ווי זיי זיינען געווען אויסגעהונגערט האט גרענט געהייסען מען זאל זיי גלייך געבען א מאלצייט. גרענט האט אויך געהייסען זיינע סאלדאטען זיי זאלען ניט מאכען קיינע דעמאנסטראציעס. ער האט געזאגט אזוי: „די מלחמה איז געענדיגט. די רעבעלען זיינען ווידער אונזערע מיטבירגער. דער בעסטער צייכען פון פרייד נאך דעם זיג וועט זיין זיך צוריק־צוהאלטען פון צו מאכען דעמאנסטראציעס אויפ'ן שלאכטפעלד".

די נייעס אז לי האָט זיך אונטערגעגעבען איז אָנגעקומען אין וואשינגטאָן זונטאָג, דעם 9טען אפריל, ניין אזייגער ביינאכט. די נאָרט האָט געפּראוועט יום טוב די נאכט פון דעם ניינטען און דעם גאנצען טאָג און די גאנצע נאכט פון דעם צענטען. אזא פרייד האָט מען נאָך אין לאנד קיינמאָל ניט געזען. אלע געשעפטען האָבען זיך געשלאָסען. די געריכט הייזער האָבען זיך צוגעמאכט. מען האָט געשאָסען מיט הארמאטען, געקלונגען אין די גלעקער, אלע הייזער, אלע קראָמען זיינען באהאנגען געווארען מיט פלאגען. די גאסען זיינען פול געווען מיט מענשען, וועלכע האָבען געדריקט איינע די אנדערע די הענד, געשריען, געלאכט, זיך געקושט און געווען אויסער זיך פאר פרייד... אלטע לייט האָבען פארגעסען אָן זייערע יארען און זיך געשיפּלט ווי קליינע קינדער... אין די סאלונען און האָטעלס האָט מען געטרונקען. אין די גאסען האָט מען פארנאנדערגעלייגט גרויסע פייערען. דאָס לאנד איז געווען ווילד פאר'שיכור'ט פון דעם געדאנק אז צו די שרעקליכע יאָרען פון בלוטפארגיסונג האָבען ענדליך גענומען א סוף.

קאַפּיטעל 27.

# די סאַוט אין די מלחמה יאָרען

די מלחמה־יאָרען זיינען פאַר דער סאַוט געוועזן ניט אין ערך שווערער ווי פאַר דער נאָרט. דער ענטוזיאַזם און די איינינגקייט מיט וועלכע זי האָט זיך לכתחילה ארייננעוואָרפען אין דעם קאַמף האָבען באַלד אָנגעהויבען צו פאַרשווינדען. די אנטוישונגען זיינען געקומען איינע נאָך דער אַנדערער. דאָס, צוזאַמען מיט די מפלות אויף די שלאַכט־פעלדער און דעם צו־זאַמענברוך פון דעם מאַטעריעלען פונדאַמענט פון לאַנד, האָבען געפירט דערצו אַז דער עולם איז געוואָרען אומצופרידען מיט דער פּאָליטישער אַדמיניסטראַציע, מיט דער רעגירונג. די מלחמה איז געפירט געוואָרען גרעסטענטיילס אויף דער טעריטאָריע פון דער סאַוט. דאָרט האָבען שווערד און פייער געטאָן זייער פאַר־ניכטונגס ארבייט. טויזענדער היימען זיינען חרוב געוואָרען. טויזענדער פאַמיליעס זיינען ארויסגעריסען געוואָרען מיט׳ן וואָר־צעל און זיינען אוועקגעשליידערט געוואָרען אין גלות אריין. און וואָס לענגער די מלחמה האָט זיך געצויגען אַלץ מער קרבנות האָט די רעגירונג געפאָדערט פון דער באַפעלקערונג, קרבנות אין מענשען און קרבנות אין אייגענטום. די שטייערען זיינען גע־וואָרען אומדערטרעגליך שווער. אין די שטעטלאַך און אויף די פאַרמס זיינען כמעט קיין מענער ניט געבליבען צו דערנערען די פרויען און די קינדער. אין די לעצטע פּריזיוועזן האָט מען גע־נומען אינגלאַך פון זעכצען יאָר און אַלטע לייט פון זעכציג. די מלחמה האָט אַלץ פאַרצוקט, אַלץ אויפגעפרעסען.

די וואַקסענדיגע אומצופרידענהייט אין לאַנד האָט איר שאַרפסטען אויסדרוק געקראָגען אין די אַטאַקעס אויף דער אַד־

מיניסטראציע, אויף פרעזידענט דזשעפערסאָן דייווים און אויף זיין הויפּט מיניסטער, דעם אידען, דזשודא פּ. בענדזשאמין. אין די הויכע פּאָליטישע קרייזען זיינען געווען פראקציעס גלייך



דזשעפערסאָן דייווים
פּרעזידענט פון דער קאָנפעדעראַציע.

פון ערשטען טאָג אָן וואס די קאָנפעדעראַציע איז אָרגאַניזירט געווארען. דזשעפערסאָן דייווים האָט לכתחילה גארניט געוואָלט זיין פּרעזידענט. זיין אמביציע איז גאָר געווען צו זיין אַ גענע־ראל אין דער ארמיי. ער האָט זיך געהאלטען פאר אַ גרויסען

מיליטערישען קאפ. ער האט געוואלט האבען א געלעגענהייט צו באווייזען וואס ער קען אויפטאן אויפ'ן שלאכטפעלד. און ביז היינטיגען טאג איז אייגענטליך א געהיימניס פארוואס דייוויס האט באקומען דעם פרעזידענט־אמט. די געהיימניס קען טייל־ווייז דערקלערט ווערען דערמיט וואס דייוויס האט פארטראטען דעם צענטער אין דער פאליטיק פון דער סאוט. עס זיינען געווען „ראדיקאלען" וועלכע האבען פארטראטען די אלטע שקלא־פען־אריסטאקראטיע פון די געוועזענע שקלאפען־שטאטען סאוט קאראליינא און דזשארדזשיא. די אריסטאקראטען האבען גע־שטעלט זייערע אייגענע שטאטען העכער ווי אלץ, העכער ווי די גאנצע סאוט. ביים צווייטען עקסטרעם איז געווען א פליגעל פון „קאנסערוואטארען", וועלכע וואלטען ליבערשט געוואלט אז אלץ זאל בלייבען ווי געווען, אז מען זאל ווי עס איז דורכקומען מיט דער לינקאלן־אדמיניסטראציע און בלייבען ווייטער אין די פאראייניגטע שטאטען. דייוויס האט פארטראטען די מיטעל־סטע פאזיציע. ער האט געהאלטען, אז די סאוט מוז זיך אפ־רייסען, אבער ער האט געגלויבט אז אין דער סאוט גופא זיינען ניטא קיין יחסנים, אז די יונגע שטאטען פון דער סאוט־וועסט זיינען פונקט אזוי וויכטיג, דארפען האבען פונקט אזא דעה ווי די אלטע שטאטען פון דער סאוט־איסט. דייוויס אליין איז גע־קומען פון דער סאוט־וועסט, פון דעם שטאט מיסיסיפי. זיין פאמיליע איז געווען אן אויפגעקומענע. ער האט ניט געשטאמט פון אלטע אריסטאקראטען.

ביים צוזאמענשטעלען דעם קאבינעט האט דייוויס דעם „רא־דיקאלען" פליגעל כמעט אין גאנצען איגנארירט. ער האט אין דער רעגירונג ארייגעצויגען וואס מער צענטריסטען און וואס מער „קאנסערוואטארען". אין אייניגע פון די וויכטיגסטע עמ־טער האט ער ארייגעזעצט מענשען, וואס זיינען פריער אינגאנ־צען געווען געגען אפרייסען זיך פון דער נארט. די „ראדיקאלען" האבען אלזא שוין פון אנהויב אן געטראגען א כעס אויף אים. זיי האבען געווארט אויף א געלעגענהייט צו קענען ארויסטרעטען געגען אים אין דער עפענטליכקייט.

וואָס פאר א מענש איז געווען דזשעפערסאָן דייוויס? ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אויף א רייכער פּלאַנטאַציע אין מיסיסיפּי. דאָן האָט ער געשטודירט אין דער נאַציאָנאַלער מיליטערישער שולע, אין וועסט פּאָינט, וואו ער האָט ארויסגעוויזען פייאיגקייטען. ער איז געווען אָן אָפיצער אין דער מלחמה מיט מעקסיקא און דאָרטען האָט ער זיך געמאכט א נאָמען. שפּעטער האָט ער פון דער ארמיי רעזיגנירט און זיך ארייגעוואָרפען אין פּאָליטיק. ער איז געווען קריגס־מיניסטער אין פּרעזידענט פּיערס'עס אדמיניסטראציע, אין 1852. ווען לינקאָלן איז אויסגעוויילט געווארען איז דייוויס געזעסען אין סענאַט אלס פארשטייער פון מיסיסיפּי.



דזשודאַ בענדזשאַמין
הויפּט־מיניסטער פון דער קאָנפעדעראַציע.

דזשעפערסאָן דייוויס האָט אין דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פארנומען דעם פּלאַץ פון דזשאָן קאַלהון, אלס פארטיידיגער פון דער סאוט, אלס פאָרקעמפער פון שקלאַפעריי און פון די פּאָליטישע אידעען פון דער שקלאַפען־אריסטאָקראַטיע. ער איז געווען א גוטער רעדנער און א גוטער דעבאַטאַנט. ער האָט געהאט א פייערדיגען טעמפעראמענט. אָבער ער האָט זיך שטענדיג געהאַלטען אריסטאָקראַטיש, גאווה'דיג. ער איז געווען שטאָלץ מיט זיין „העכערען פּלאַץ" אין דער געזעלשאַפט. ער האָט אויפריכטיג געגלויבט, אז ער געהערט צו א העכערען מין מענש

ווי זיינע קאלעגען פון דער נארט. ער האט געהאט א פעסטען כאראקטער, וואס עס איז אפט אונמעגליך געווען צו בויגען אויף א האר.

מערקווירדיג איז געווען דייווים'עס צוטרוי און צוגעבונדענ־קייט צו זיין הויפט־מיניסטער, דזשודא פ. בענדזשאמין. ער האט בענדזשאמינ'ען באשיצט געגען די שארפסטע אטאקעס. צוליב בענדזשאמינ'ען האט ער ארויסגערופען געגען זיך דעם צארן פון זיין קאנגרעס. אבער ער איז אים געבליבען טריי. לכתחילה, ווען דייווים האט צונויפגעשטעלט זיין קאבינעט, האט ער געמאכט בענדזשאמינ'ען פאר זיין יוסטיץ מיניסטער (אטויר־ני דזשענעראל). עטליכע מאנאטען שפעטער, אין סעפטעמבער, 1861, האט ער אים דערהויבען צום הויכען אמט פון קריגס־מיניסטער (סעקרעטארי אוו וואר). אין מערץ, 1862, איז בענ־דזשאמין שארף אטאקירט געווארען אין דער פרעסע פאר א ני־דערלאגע וואס די סאוט האט געהאט געליטען, און דייווים איז געצוואונגען געווען אים צו באזייטיגען פון קריגס־מיניסטער־יום. אבער ער האט אים גלייך ארייגעזעצט אין נאך א הע־כערען אמט. ער האט אים געמאכט פאר אויסערן־מיניסטער (סעקרעטארי אוו סטייט), וואס ווערט באטראכט פאר'ן סאמע וויכטיגסטען מיניסטארען־אמט (אין דער אמעריקאנער רעגירונג פארנעמט דער סעקרעטערי אוו סטייט דעם צווייטען פלאץ נאכ'ן פרעזידענט).

וועגען דעם, אז בענדזשאמין איז געווען דער פייאיגסטער מענש אין דייווים'עס קאבינעט, זיינען אלע איינשטימיג. עס זיינען אבער דא מיינונגס־פארשידענהייטען וועגען דעם גראד פון זיין גרויסקייט, וועגען זיין כאראקטער, וועגען זיין אויפ־ריכטיגער איבערגעבענקייט צו דער סאוט. בענדזשאמין איז גע־בוירען געווארען אין די וועסט אינדיס, ערצויגען געווארען אין טשארלסטאון, סאוט קאראליינא, שטודירט אין יעיל קאלעדזש, און זיין קאריערע אלס גרויסער אדוואקאט האט ער זיך גע־מאכט אין לואיזיאנא. אין לואיזיאנא איז ער אויך געווארען א חשוב אין דער פאליטיק. ער איז דא אויסגעוויילט געווארען

פאר סענאטאר און איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע פאר־טיידיגער פון דער שקלאפישער סאוט. ווען זיין שטאט, לואיזי־אנא, האט באשלאסען ארויסצוטרעטען פון די פאראייניגטע שטאטען, האט בענדזשאמין רעזיגנירט פון סענאט צוזאמען מיט זיינע איבעריגע קאלעגען אין קאנגרעס.

אט איז א כאראקטער־בילד פון בענדזשאמינ'ען, וואס איז געשריבען געווארען פון זיינעם א געגנער, דזשאן וויז, א זון פון דעם לעצטען גאווערנאר פון ווירדזשיניא (פאר דעם אויפ־שטאנד). וויז שרייבט: „אין א סך פרטים איז בענדזשאמין געווען א מערקווירדיגע פערזענליכקייט אין די שטאטען פון דער קאנפעדעראציע. די פירער פון דער קאנפעדעראציע זיינען גע־וויינליך געווען ענטוועדער מענשען מיט טיפע געפילען און איבער־צייגונגען אדער מענשען מיט אינטענסיווע, ליידענשאפטליכע נא־טורען. אנדערש איז געווען בענדזשאמין. ער האט געהאט מער מארך און וויניגער הארץ ווי וועלכער עס איז אנדערער פירער פון דער סאוט. ער איז געווען אן ענגלישער איד. א גרויסער אדוואקאט. זיין אויפגאבע אין דער קאנפעדעראציע האט ער זיך אונטערגענומען דורכצופירען ווי אן אדוואקאט נעמט זיך אונטער דורכצופירען א פראצעס פאר א קליענט. פאר זיין קליענט האט ער געארבייט מיט מערקווירדיגען פארשטאנד, מיט גרויס וויסען, מיט אומבאגרענצטער געדולד, מיט אבסאלוטער געטריישאפט און איבערגעבענקייט. און אויב זיין קליענט איז לסוף דאך אויפגעהאנגען געווארען, האט עס פאסירט ערשט נאכ־דעם ווי בענדזשאמין האט פאר אים געטאן אלץ וואס איז נאר מעגליך געווען פאר אים צו טאן. אבער נאכדעם ווי בענדזשאמין האט אויסגעשעפט אלע קוואלען פון פארטיידיגונג און האט גע־ענדיגט די ארבייט פאר וועלכער מען האט אים געדונגען האט ער זיין קליענט אינגאנצען ארויסגעשלאגען פון געדאנק. ער האט זיך געקענט זיצען און רויכערען א סיגאר און טרינקען א פלאש וויין אין זעלבען מאמענט ווען זיין קליענט ווערט געפירט צו דער תליה. זיין נאטור איז געווען אזא, אז ער איז צו קיין זאך ניט געווען צוגעבונדען מיט'ן גאנצען הארצען. ער

האט זעלטען געליטען דערפון וואס אנדערע מענשען ליידען. זיינע איבערצייגונגען זיינען געווען באשטימטע, קלארע און ער האט אין זיי געגלויבט שטארק, פעסט. אבער ער איז צו זיי ניט געווען צוגעבונדען ליידענשאפטליך. זיי זיינען ביי אים ניט געווען פארוואלקענט ניט דורך ליבע און ניט דורך האס. זכרונות האבען קיינמאל ניט געדריקט זיין נשמה. ווען ער האט פארלארען א פראצעס האט ער עס ניט באדויערט. ער האט באלד אנגעהויבען א נייעם פראצעס פאר א נייעם קליענט. ער האט זיין ראלע אין דער קאנפעדעראציע געשפילט אזוי ווי דאס וואלט געווען א האנד אין קארטען. זייענדיג א גוטער שפילער האט ער ניט פארלארען קיין איינציגע קארט וואס איז נאר מעגליך געווען צו ראטעווען. ער האט געטאן אלץ צו געווינען פאר זיך און פאר זיין שותף. אבער ווען ער האט פארלארען, האט ער זיך ניט געערגערט. ער האט צוריסען די אלטע פעשעל קארטען, פארראויכערט א פרישען סיגאר, זיך איבערגעזעצט אויף א צווייטען טישעל, זיך געבעטען דערלאנגען א פרישען פעשעל קארטען, זיך גענומען א נייעם שותף און גענומען שפילען א נייע שפיל. די נייע שפיל האט זיך ארויסגעוויזען מער ערפאלגרייך ווי זיין שפיל אין דער קאנפעדעראציע. ער האט זיך איבערגעקליבען קיין ענגלאנד און דארטען איז ער געווארען א זייער בארימטער אדוואקאט. ווענגען דער קאנפעדעראציע און איר אונטערגאנג האט איצט בענדזשאמין געטראכט אזוי ווי פון א פאראיאריגען פויגעלשען נעסט".

אין א צווייטען פלאץ גיט דערזעלבער שרייבער א שילדערונג פון בענדזשאמינ'ס פיזישען אויסזען. ער שרייבט: „דער אויליגער בענדזשאמין האט זיך ארייננגעגליטשט אין צימער. זיין קיילעכדיגער קערפער און איבערטריבענע העפליכקייט האבען דערמאנט אן אן ערפאלגרייכען קרעמער. אבער זיין אויג האט אים אויסגעלייזט. זיין ריידען איז געווען עלעגאנט און ראפינירט. זיין נאז איז געווען אויסגעקרימט און זיינע דיקע ליפען האבען ארויסגעגלאנצט רויטע פון דער געקרויזטער, שווארצער, סעמיטישער בארד".

דער היסטאָריקער סטיפענסאָן כאראקטעריזירט בענדזשאַ־מינ'ען אביסעל אנדערש: ער איז געווען איינער פון די אינ־טערעסאַנטסטע פערזענליכקייטען אין דער אמעריקאנער פאָ־ליטיק. . . קיינער לייקענט ניט אָפּ, אז ער האָט געהאט א שארפען קאָפּ. ער האָט פארמאָגט די קלאָרקייט פון דענקען און די וואונדערבארע אידישע ערליכקייט אין זאכען וואס האָבען צו טאָן מיט דענקען. ער איז אָבער אויך געווען אַן אמערי־קאנער פון זיין צייט. . . מען דערציילט וועגען אים אז ער פלעגט שטענדיג שמייכלען. דאָך איז אין ערגעץ אין דער גע־שיכטע ניטאָ נאָך איינער וואס האָט אין אָנגעשטרענגטע מאָמענ־טען געשריבען זיינע רעגירונגס־דאָקומענטען מיט אזא ווילדער אויפגערעגטקייט ווי ער. צי די אויפגערעגטקייט איז געווען אַן אויפריכטיגע איז אַ פראגע, אין וועלכער זיינע ביאגראפען זיינען ניט איינשטימיג."

דער בארימטער ביאָגראף גמליאל בראַדפאָרד גלויבט, אז בענדזשאַמין איז געווען מער אויפריכטיג און מער ליידענשאפטליך און מער ערנסט ווי זיינע געגנער אין דער קאָנפעדעראציע ווילען צוגעבען. ער קען אָבער אים אויך ניט מוחל זיין וואס ער האָט זיך נאָך דער מפלה פון דער קאָנפעדעראציע זיך אויפגעבויט א נייע קאריערע אין ענגלאנד. ער איז געווארען איינער פון די בארימטסטע און רייכסטע אדוואָקאטען אין ענגלאנד און די ענגלישע רעגירונג האָט אים באערט און דעקאָרירט.

מיט אידען און אידישקייט האָט בענדזשאַמין וויינינג שייכות געהאט. ער האָט געהייראט מיט א קאטוילישער פרוי און ער ליגט באערדיגט אויף א קאטוילישען בית־עולם.

דעם ערשטען יאר פון דער מלחמה האָט זיך דייוויס'עס אד־מיניסטראציע ארויסגעוויזען פאר גאנץ ערפאָלגרייך. זי האָט צונויפגעשטעלט א גרויסע ארמיי, האָט אויפגעבויט איינינע פאבריקען פון אמוניציע, האָט ארויסגעשיקט שיפען אָנצופאלען אויף די האנדעלס־שיפען פון דער נאָרט, האָט אימפאָרטירט אמוניציע און אנדערע מלחמה מאטעריאלען פון אייראָפּא. אָבער אין פא־לויף פון יענעם יאר האָט דייוויס זיך איבערצייגט, אז

דער קאמף וועט זיין א פיל שווערערער און א פיל לענגערער ווי ער האט געמיינט. ער האט דאן זיך גענומען ארגאניזירען די כחות פון דער סאוט אויף א ברייטערען, אויף א נאציאנאלען מאסשטאב. ער האט די פירערשאפט פון דער מלחמה אריינגע־נומען אלץ מער און מער אין זיינע הענד, איז געווארען מער דיקטאטאריש, ביוראקראטיש, דעספאטיש. דאס האט געשאפען די גרויסע, ביטערע אפאזיציע געגען אים.

עס איז אויפגעשוואומען די פראגע פון דער ארמיי. וואו נעמט מען סאלדאטען? ווען די מלחמה האט אויסגעבראכען האבען אלע געמיינט אז זי וועט זיך ענדיגען אין עטליכע מא־נאטען. אויף דעם רוף נאך פרייוויליגע רעקרוטען האבען גע־ענטפערט עטליכע צענדליג טויזענד. זיי האבען זיך אנגע־שלאסען אן דער ארמיי אויף איין יאר צייט. די ארמיי האט עס געוואונען די שלאכט ביי בול ראן. נאך דעם זיג זיינען א סך פון די סאלדאטען אוועק צוריק אהיים. זיי האבען גע־מיינט, אז עס איז שוין געענדיגט. זיי האבען געגלויבט אז איין סאלדאט פון דער סאוט וועט זיך קענען ספראווען מיט דריי סאל־דאטען פון דער נארט.

סוף מערץ, 1862, האט דייוויס אריינגעשיקט א מעסעדזש צו זיין קאנגרעס מיט דער רעקאמענדאציע איינצופירען גע־צוואונגענע מיליטער דינסט. דער קאנגרעס האט אים געפאלגט און אין אפריל איז שוין אריין אין קראפט א געזעץ, אז אלע מענער צווישען עלטער פון 18 און 35 יאר מוזען זיך שטעלען צום פריזיוו. דאס געזעץ האט ארויסגערופען א שטארקע אפא־זיציע צווישען א גרויסער צאל בירגער און צווישען די בעאמטע פון געוויסע שטאטען. איבערהויפט די שקלאפען־אייגענטימער האבען ניט געוואלט ליידען אז מען זאל זיי צונעמען פון דער היים און שיקען אין קריג. די שטאט־בעאמטע, ווידער האבען געוואלט אליין האבען די דעה צו באשטימען בעאמטע אין דער ארמיי און ארגאניזירען די רעגימענטען. זיי האבען אויך גע־וואלט האבען דאס רעכט צו באשטימען צי זייערע סאלדאטען

זאָלען, אין א געוויסען מאָמענט, גיין זיך אָנשליסען אָן דער נאַציאָנאַלער ארמיי אדער בלייבען היטען דעם אייגענעם שטאַט.

אָרום דער ארמיי איז אָנגעגאַנגען אַן אומאויפהערליכער קאַמף צווישען דייוויס'ן און זיינע געגנער. דייוויס האָט געהאַל־טען, אז די ארמיי מוז זיין אָרגאַניזירט אונטער דער נאַציאָנאַלער קאָמאַנדע און אז זיינע גענעראַלען דאַרפען איבער איר האָ־די גאַנצע דעה. די רעגירונגען פון די באַזונדערע שטאַטען האָבען געהאַלטען, אז יעדער שטאַט דאַרף האָבען זיין ארמיי און אַז די שטאַטען דאַרפען האָבען דאָס רעכט אַליין צו טאָן מיט זייערע אַרמייען וואס זיי דענקען איז נויטיג. דאָס איז ניט גע־ווען די איינציגע פראַגע איבער וועלכער די דייוויס־אדמיניס־טראַציע איז געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט די באַזונדערע שטאַט־רעגירונגען. עס האָט זיך געשאַפען כמעט אַ קאָמישע לאַגע. די שטאַטען פון דער סאוט זיינען דאָך אייגענטליך ארויס־געטראַטען פון די פאַראייניגטע שטאַטען ווייל זיי האָבען געהאַל־טען, אז די שטאַט־רעגירונגען שטייען העכער ווי די נאַציאָנאַלע רעגירונג, אז די נאַציאָנאַלע רעגירונג מעג טאָן בלויז דאָס וואס די שטאַטרעגירונגען ערלויבען איר צו טאָן; פאַר אָט די שטאַט־רעכט איז די סאוט אַרויס אין אַ בלוטיגען קאַמף געגען דער נאָרט. און איצט, אזוי שנעל ווי די סאוט האָט אָרגאַניזירט אַן אייגענע רעגירונג, האָט איר נאַציאָנאַלע רעגירונג גענומען האַנדלען פונקט ווי עס האָט געהאַנדעלט די רעגירונג פון די פאַר־אייניגטע שטאַטען. זי האָט זיך אויך געשטעלט העכער איבער די שטאַט־רעגירונגען.

אָבער דייוויס האָט דאָך די ארמיי ארויסגענומען פון די הענד פון די איינצעלנע שטאַטען און זי געשטעלט אונטער דעם קאָנטראָל פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. ער האָט אויך פון זיין קאָנגרעס באַקומען דאָס רעכט צו שטעלען שטעט און גאַנצע ראַיאָנען אין דער סאוט אונטער קריגס־צושטאַנד און צונעמען ביי די איינוואוינער זייערע פערזענליכע פרייהייטען און רעכט, ווי צום ביישפיל, דאָס „הייביאס קאָרפּוס" רעכט (דערין האָט ער געהאַנדעלט פונקט ווי לינקאָלן, וועלכער איז אין דער סאוט פאַר־

דאמט געווארען דערפאר אלס דעספאט). אין די שפעטערדיגע יארען, ווען די לאגע איז געווארען שווערער פאר דער סאוט און די ארמיי האט זיך גענויטיגט אין עסענווארג און קליידער און די רעגירונג האט זיך גענויטיגט אין געלד, האט ער געטאן נאך ערגערע זאכען, האט געהאנדעלט נאך מער דיקטאטאריש. די אפאזיציע געגען אים איז דערפאר געווארען אלץ שטארקער און פארביטערטער.

עס איז דא ניט געגאנגען בלויז אין דעם פרינציפ פון שטאט־רעכט און שטאט פרייהייטען. עס איז דא אויך געגאנגען אין דער פראגע פון מאכט און יחוס. די אריסטאקראטען פון די אלטע שטאטען פון דער סאוט האבען זיך ניט געוואלט בויגען פאר א העכערער מאכט. פראפעסאר דאד, אין זיין ווערק, „דזשעפערסאן דייווים", שרייבט פאלגענדעס: „אין דער פאלי־טישער ־סיסטעם פון דער סאוט איז געווען טיף איינגעווארצעלט דער פאווארימיזם (טובות צו אייגענע מענשען). די אריסטאקראטיע האט געקראגען ספעציעלע אנערקענונג אין אלץ, אויסער אין די געזעץ־ביכער. די יחסנ'דיגע פאמיליעס פון סאוט־קאראליינא האבען גערעכענט צו קריגען הויכע עמטער און ספע־ציעלע באלוינונגען; די ערשטע פאמיליעס פון ווירדזשיניא האבען גערעכענט דאס זעלבע. די רייכע שקלאפען־אייגענטימער האבען אין טויזענדער פאלען געפאדערט מען זאל זיי באפרייען פון מיליטערישער דינסט אויפ'ן שלאכטפעלד."

אין אנפאנג יאר 1862 האט די סאוט שוין אנגעהויבען צו פילען די ווירקונג פון דער מלחמה. די פרייזען פון לעבענס־מיטעל האבען גענומען שטייגען הויך. זאלץ האט געקאסט 20 דאלער א זאק. עס האט זיך ארגאניזירט א טראסט צו קאנ־טראלירען דעם האנדעל מיט אט דעם וויכטיגען לעבענסמיטעל. מען האט געטראגען אלטע קליידער, און פרויען פלעגען קומען אין קירכע מיט פארלאטעטע היט. די באנען זיינען געווען פארקרי־פעלט, ווייל עס האט געפעלט אייזען זיי צו פאררעכטען, און זיי האבען ניט געקענט לויפען אין צייט אפילו ווען די מיליטע־רישע נויטווענדיגקייט האט עס געפאדערט. גענעראל בארענגארד

האָט אויפגעפאָדערט די קירכעס אין טענעסי און אין די נידעריגע שטאַטען זיי זאָלען איבערגיסען זייערע קירכען־גלעקער אין קאַ־נאָנען.

קיין געלט איז ניט געווען. בשעת די מלחמה האָט אויס־געבראָכען האָט די קאָנפעדעראציע פארכאפט דאָס גאָלד וואס האָט זיך געפונען אין די מינצען פון די פאראייניגטע שטאַטען אין די זידליכע שטאַטען. דאָס גאָלד האָט די רעגירונג גלייך ארויסגעשיקט קיין אויסלאַנד אויף צו קויפען מלחמה־מאַטעריא־לען. דאָס גאָלד וואָס האָט צירקולירט אלס געלד איז שנעל פארשוואונדען. ביים אָנפאַנג פון דער מלחמה איז אין דער סאוט געווען אן ערך זעכציג מיליאָן דאָלער אין גאָלד, אָבער אין פארלויף פון די ערשטע זעקס מאָנאטען איז דערפון קיין סימן ניט געווען. א טייל איז ארויסגעשיקט געווארען אין אויס־לאַנד און א טייל האָבען די איינענטימער באהאַלטען. דייוויס איז געצוואונגען געווען צו באָרגען געלד אויף וועקסלען. די רע־גירונג האָט ארויסגעלאָזען וועקסלען וועלכע האָבען איר פארפליכ־טעט צו באצאָלען דעם קרן נאָכדעם ווי די מלחמה וועט זיך ענדיגען; די פּראָצענטען האָט די רעגירונג געצאָלט גלייך, אָבער מיט פּאַפּיר־געלט. די ערשטע צייט האָט דייוויס ניט געוואָלט ארויפצווינגען קיין שווערע שטייערען אויפ'ן פאָלק. ער האָט בעסער באנוצט די מיטלען פון הלואות און פּאַפּיר־געלד. די סאָלדאטען און די רעגירונגס־אָנגעשטעלטע האָבען באקומען גע־צאָלט מיט'ן פּאַפּיר־געלד, וואס האָט געהאלטען אין איין פאלען אין ווערט. דער רעזולטאט איז געווען, אז די פאמיליעס פון די סאָלדאטען האָבען מיט זייער געהאלט ניט געקענט אויסקומען. די פרויען און די קינדער האָבען זיך אליין געמוזט דערנערען. אויב די פרויען און קינדער זיינען געווען צו שוואך אָדער צו יונג צו גיין ארבייטען האָבען זיי געמוזט אָנקומען צו קצבה. אין דער גאַנצער סאוט זיינען געגרינדעט געווארען ספּעציעלע צדקה־אָרגאַניזאציעס אויפצוהאַלטען די פאמיליעס פון די אָרימע סאָל־דאטען.

די ערשטע צייט האָט די קאָנפעדעראציע ניט גענומען ערנסט

די בלאקאדע וואס לינקאלן האט פראקלאמירט. אבער שפעטער, אז עס איז ווירקליך געווארען שווער אריינצופירען און ארויסצופירען שיפען אין די האפענס, האט זיך די סאוט געטרויסט מיט צוויי זאכען: ערשטענס, אז די בלאקאדע וועט צווינגען ענגלאנד זיך צו שטעלען אויף דער זייט פון דער סאוט, ווייל די פאבריקען פון ענגלאנד האבען זיך דאך גענויטיגט אין די קאטאן פון דער סאוט; צווייטענס, אז די בלאקאדע וועט פארהאלטען די ענטוויקלונג פון די אינדוסטריען אין לאנד. די רעגירונג איז געווען אזוי זיכער, אז ענגלאנד וועט געצוואונגען זיין ארויסצוטרעטען געגען דער נארט כדי צו קריגען קאטאן, אז זי האט באפוילען די פארמערס ניט צו פארקויפען קיין קאטאן צו שמוגלערס. טייל שטאטען האבען פארבאטען די פארמער ארויסצושיקען די קאטאן. זיי האבען, הייסט עס, אליין געזוכט די בלאקאדע צו באפעסטיגען כדי ענגלאנד זאל וואס שנעלער מוזען קומען דער סאוט צו הילף. דיביידע האפענונגען זיינען ניט מקוים געווארען. שפעטער האט שוין די סאוט אליין געזוכט מיטלען ווי אזוי ארויסצושמוגלען די קאטאן און עס פארקויפען אין אייראפא. אין די לעצטע יארען פון דער מלחמה איז די ארויסגעשמוגעלטע קאטאן געווען כמעט דאס אייניציגע מיטעל דורך וועלכען די קאנפעדעראציע האט געקענט קריגען געלט צו קויפען מיליטערישע זאכען אין אויסלאנד. דאן האט שוין די קאנפעדעראציע געמאכט שטרענגע געזעצען, וועלכע האבע פארבאטען די פארמער אליין צו פארקויפען די קאטאן קיין אויסלאנד. די רעגירונג האט געוואלט דעם גאנצען אויסלענדישען האנדעל אליין פירען כדי צו קענען קריגען געלד אין אויסלאנד.

דייוויס'עס פאפולאריטעט האט גענומען זינקען דעם צווייטען יאר פון דעם קריג ווען די סאוט האט זיך איבערצייגט, אז אלע אירע האפענונגען זיינען פוסטע, אז ענגלאנד וועט איר ניט העלפען און אז די מלחמה וועט זיך ניט ענדיגען אזוי שנעל.

דייוויס איז זיך געגאנגען זיין וועג. ער האט אריינגענומען אין זיינע הענד מער און מער מאכט. ער האט אויסגעפירט

אז די זיצונגען פון קאנגרעס זאלען אפגעהאלטען ווערען אין געהיים. וויכטיגע איינצעלהייטען האט ער באהאלטען אפילו פון קאנגרעס. ער האט איינגעפירט א צענזור אויף דער פרעסע. ער האט איגנארירט דעם ווילען פון קאנגרעס בנוגע קאבינעט־מיניסטארען און מיליטער־בעאמטע. די צייטונגען האבען אים שרעקליך אטאקירט. איין צייטונג האט געשריבען אזוי: „דאס פאלק קען צום פרעזידענט ניט צוקומען. ער האט זיך ארומגערינגעלט מיט אן אפיצערען־וואך ווי אין א קייזערליכען הויף". א צווייטע צייטונג האט געשריבען: „אים האט זיך דער קאפ פארדרייט פון זיין פלוצלונגדיגער גרויסקייט". „ער איז א קרבן פון דער שוואכסטער שוואכקייט, — פוסטע גאוה". צייטונגען האבען אים געהאלטען פאראנטווארטליך פאר מיליטערישע נידערלאגעס. זיי האבען ערקלערט, אז ער האט אפגעשטויסען פון דער רעגירונג און פון דער ארמיי די בעסטע, פייאינגסטע מענשען, ווייל ער וויל איבער אלץ אליין געוועלטיגען. דייווים איז באשולדיגט געווארען, אז ער באנוצט זיין דיקטאטארישע מאכט צו ארעסטירען מענשען וועמעס איינציגער פארברעכען איז דאס, וואס זיי וואגען אים צו קריטיקירען. פראפעסאר דרעיפער שרייבט: „מר. בייטס, וועלכער איז יארען לאנג געווען איינער פון די פראמינענטסטע מענשען אין פאליטישען לעבען פון ווירדזשיניא, האט דערציילט, אז ער איז ארעסטירט געווארען אין מערץ, 1862, איינגעשפארט געווארען אין א שמוציגע תפיסה, וואו מען האט געהאלטען נעגער־ארעסטאנטען, און אז ער איז דארטען געזעסען אין אן איינזאמער צעל אכט וואכען צייט. מען האט אים ניט געגעבען קיין טיש און ניט קיין שטול. קיינער האט מיט אים ניט געטארט ריידען. ער האט ווייטער דערציילט אז מער ווי 150 מענשען זיינען באהאנדעלט געווארען אויף דעם זעלבען אופן ווי ער. טייל ארעסטירטע זיינען אראפ פון זינען און טייל זיינען געשטארבען... מיט די ארעסטען האט דייווים דערגרייכט איין ציל, זאגט בייטס, ער האט פארשלאסען די ליפען פון מענשען וואס האבען געוואלט ריידען. אלע האבען מורא געהאט ארויסצוריידען זייערע מיי־

נונגען אונטער דער הערשאפט פון טעראָר און דעספּאָטיזם וואס איז איינגעפירט געווארען אין ריטשמאָנד. יעדערער האָט געפילט, אז זיין פערזענליכע פרייהייט און זיכערהייט פאדערען, אז ער זאָל פאר זיי באצאָלען דעם פרייז פון אונטערגעבען זיך שטיל אונטער דער טיראניי פון דער קאָנפעדעראציע".

צום סוף פון צווייטען יאר האָט איבער דער סאוט געגומען שוועבען דער מלאך־המות פון הונגער. די פרייזען פון עסענווארג זיינען געשטיגען שרעקליך הויך. שולדיג אין דעם איז געווען טיילווייז דער מבול פון פּאפּיר־געלד, וואס די רעגירונג האָט געהאלטען אין איין דרוקען; טיילווייז די ספּעקולאנטען וואס האָבען אויפגעקויפט די עסענווארג און געמאכט אויף דעם א מאָנאָפּאָל. געליטען דערפון האָט ניט בלויז די פרידליכע באפעלקערונג אין דער היים נאָר אויך די ארמיי אויפ'ן שלאכטפעלד. די סאָלדאטען זיינען ארומגעגאנגען אן שיך. די צייטונגען האָבען געשילדערט הארצרייסענדע בילדער פון די סאלדאטען וואס זיינען געשטאנען בארוועסע אין שנעע. אין נעשוויל, טענעסי, האָבען די איינוואוינער אפגעהאלטען א פארזאמלונג און פּראטעסטירט געגען די ספּעקולאנטען. זיי האָבען געפאדערט אז די לעדזשיסלייטשור זאָל מאכען א סוף צום סקאנדאל... דער גאָווערנאָר פון טענעסי האָט רעקאָמענדירט דער לעדזשיסלייטשור א געזעץ צו פארבאָטען דעם האנדעל מיט עסענווארג פאר ספּעקולאטיווע צוועקען. אין אלאבאמא האָט דער גאָווערנאָר ארויסגעלאזען א פּראָקלאמאציע געגען די ספּעקולאנטען און האָט פארבאָטען די רעגירונגס־אגענטען צו האנדלען מיט זיי. די גאָווערנאָרס פון דזשאָרדזשיא, לואיזיאנא און מיסיסיפּי האָבען אויפגעפאָדערט זייערע לעדזשיסלייטשורס זיי זאָלען אננעמען מיטלען. אָבער די אַלע פּראָטעסטען, די אַלע פּראָקלאמאציעס און מאסמיטינגען האָבען ווייניג־וואס געהאָלפען. אין אלאבאמא האָט אין יאנואר, 1862, זאלץ געקאָסט 21 דאָלאר א זאק, און אין סעפּטעמבער איז שוין דער פרייז געווען 25 דאָלאר. צוקער האָט געקאָסט פון 9 ביז 12 סענט א פונט... איבער'ן לאנד איז געווארען א געשריי, אז די פּלאנטאטאָרס

זאָלען אויפהערען זייען קאטאן און זאָלען זייען קאָרן און ווייץ. אין אפריל האָט מען אין סאוואנא געצאָלט 40 סענט א טוץ אייער, פון 28 ביז 30 סענט א פונט פלייש. טיי און קאפע האָבען אפילו די רייכע ניט געקראָגען צו קויפען. מעל איז געווארען וויניגער פון טאָג צו טאָג.

די לאגע איז געווארען שווערער און שווערער. אין יולי, 1862, האָט א צייטונג אין ריטשמאָנד געשריבען, אז עס איז געבליבען איין עצה: מען זאָל אויפהענגען די ספעקולאנטען אויף די לאָמפען אין די גאסען. אין מעמפיס האָט מען געצאָלט פאר א פיל כינין אנדערהאלבען דאָלאר, מעל — דרייסיג דאָלאר א פעסעל, א שפול פאָדים — זעכציג סענט, זאַלץ — הונדערט דאָלאר א זאַק, שיך — דרייסיג דאָלאר א פאָר. אין טשארל־סטאָון האָט א פונט זאַלץ געקאָסט פופציג סענט, א פונט קעז 82 סענט. דער יקרות אויף שיך האָט מיטגעבראכט אז מענשען האָבען גענומען טראגען שיך געמאכט פון האָלץ. פרויען אויף די פארמס האָבען אליין גענייט שיך פון איבערגעצויגענע רימען און געוואנט.

סאָלדאטען האָבען געשריבען, אז זיי האָבען ניט קיין שיך און גייען באָרוויסע אין שניי. אין ריטשמאָנד האָבען די איינ־וואוינער בייגעוואוינט אזא סצענע: סאָלדאטען האָבען מאר־שירט איבער די גאסען (דאָס איז געווען אין מיטען דעצעמבער, 1863). פילע פון זיי זיינען געווען אינגאנצען באָרוועס, האָ־בען געטראגען טראנטעס אויפ'ן לייב. טייל האָבען קיין היט־לען ניט געהאט. די סאָלדאטען האָבען באנוצט טעפיכער זיך צוצודעקען אין זייערע לאגערען. די גלחים האָבען אין זייערע קירכעס אפעלירט צום עולם מען זאָל שענקען קאָלדרעס און טע־פיכער פאר די סאָלדאטען. עס זיינען אָרגאניזירט געווארען הילף־אָרגאניזאציעס צו זאמלען קליידער און קאָלדרעס פאר דער ארמיי.

איינע פון די שרעקליכסטע זאכען איז געווען דער מאנגעל אויף מעדיצינישע שטאָפען. איבערהויפט האָט זיך דער מאנ־געל געפילט אין די מיליטערישע האָספיטעלער.

די פראגע וועגען ארעסטירען און באשטראפען די ספעקולאנ־טען איז פארגעבראכט געווארען פאר א גרענד דזשורי אין א געריכט אין פעטערסבורג, ווירדזשיניא. דער ריכטער האט פאר־געלייגט די קלאגע פאר די געשווארענע. ער האט אזוי געזאגט: „די ארמיי פון ספעקולאנטען מאכען שווער די לאגע פון דער רע־גירונג און דריקען דאס פאלק. . . די הענדלער זיינען ניט די איינציגע ספעקולאנטען. עס ספעקולירען אויך די דאקטוירים, אדוואקאטען, פארמער, מעכאניקער. וואו עס באווייזט זיך נאר עפעס א זאך צום פארקויפען קומען צו פליען א מחנה ספעקו־לאנטען. ווען עס קומט אריין א שיף אין האפען לויפען זיך צונויף הונדערטע ספעקולאנטען, קויפען אפ די סחורה און ציען ארויף די פרייזען ביז אן אוממעגליכער הויך. די האטעלען גע־הערען צו די ערגסטע אויספרעסער. צוליב דער מלחמה פארען א סך מענשען ארום, די האטעל־אייגענטימער באנוצען זיך מיט דער געלעגענהייט און פאדערען הויכע פרייזען. זיי טענה׳ן אז אלץ איז טייער. זיי גיבען אבער גארניט פאר דעם געלט וואס זיי פרעסען ארויס.”

דער שרעקליכער יקרות האט געפירט צו אומרועןן. אין סא־ליסבערי, נארט קאראליינא, און אין אטלאנטא, דזשארדזשיא, הא־בען די הונגעריגע איינוואוינער זיך אריינגעריסען אין די קרא־מען און ארויסגענומען פון דארטען עסענווארג. אין מאביל הא־בען די איינוואוינער ארויסגעהאנגען פלאקאטען מיט׳ן אויפ־שריפט: „ברויט און פרידען”. אין ריטשמאנד זיינען אין אפ־ריל, 1863, פארגעקומען ברויט־ראיאטען. א פרוי האט געפירט דעם המון, וועלכער האט זיך אריינגעריסען אין קראמען און ארויסגעטראגען פון דארט מעל און פלייש און אנדערע שפייזען. קליידער און צירונג־געשעפטען האבען זיי אינגאנצען צערויבט. דער מעיאר האט ארויסגעשיקט מיליטער און געסטראשעט אז ער וועט הייסען שיסען אויפ׳ן עולם. גראד איז אנגעפארען פרע־זידענט דייוויס. ער איז ארויף אויף א וואגען און האט אפעלירט צו דער אויפגערעגטער מאסע זיי זאלען זיך פאנאנדערגיין. דער אפיל האט געווירקט און די ראיאטען האבען זיך אפגעשטעלט.

אויף מאָרגען אָבער איז א צווייטער פארזוך געמאַכט געוואָרען צו באַפאַלען די שפּייז־קראָמען. אָבער דאָס מאָל האָט מיליטער זיי באַצייטענס פאַנאַנדערגעטריבען.

אין 1863 איז דער יקרות געשטיגען נאָך העכער. חזיר־פלייש האָט געקאָסט אַ דאָלאַר א פונט; פוטער, צוויי־און־א־האַלב דאָלאַר א פונט; קאַפע, פיר דאָלאַר; טיי, עלף דאָלאַר; ליכט, דריי דאָלאַר און זייף — אכציג סענט אַ פונט. אייער האָבען געקאָסט אַ דאָלאַר־און־א־פערטעל אַ טוץ. קארטאָפעל, צוועלף דאָלאַר און בעבלאַך צוואַנציג דאָלאַר א בושעל.

דער געוואַלטיגער יקרות און די פרעכהייט פון די ספעקולאַנטען האָבען געצוואונגען די רעגירונג אָנצונעמען מיטעל. די רעגירונג האָט דאָך אונטער אַלע אומשטענדען געמוזט קריגען עסענוואַרג פאַר דער ארמיי. צאָלען די הויכע פּרייזען צו די ספּעקולאַנטען איז איר אוממעגליך געווען. האָט דער קאָנגרעס, אויף דייוויס'עס רעקאָמענדאַציע, דורכגעפירט צוויי געזעצען, וועלכע האָבען שטאַרק פארגרעסערט די אומצופרידענהייט מיט דער אַדמיניסטראַציע. דאָס ערשטע געזעץ וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין אָנפאַנג יאָר, 1863, האָט געהייסען: „ווען די ארמיי נויטיגט זיך אין עסענוואַרג אָדער וועלכער עס איז זאַך, מעגען די אָפיצירען די נויטיגע זאכען פאַרכאַפּען וואו און ביי וועמען זיי געפינען עס. אויב דער אייגענטימער אנטזאגט זיך צו נעמען דעם פּרייז וואָס דער אָפיציר באַט אים אָן, דאַרף ער באַווייזען, אז ער האָט די זאכען אליין פּראָדוצירט, אז ער האָט עס ניט געקויפט ביי ספּעקולאַנטען. דאַן דאַרף דער סכסוך פאָרגעלייגט ווערען פאַר אונפּאַרטייאישע מענשען. אויב די שפּייז אָדער די אַנדערע זאכען זיינען פאַרכאַפּט געוואָרען ביי א סוחר, קריגט ער באַצאָלט לויט אַ באַשטימטען צעטעל פון פּרייזען וואָס ווערט יעדע צוויי מאָנאַטען אויסגעארבייט פון אַ קאָמיסיע, וועלכע איז באַשטימט טיילווייז פון פּרעזידענט און טיילווייז פון דעם גאַוואָרנאָר פון שטאָט.

דאָס צווייטע געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען אביסעל שפּעטער. דאָס איז געווען אַ דירעקטער שטייער אויף אַלע פאַר־

מער פון דער סאוט. יעדער פארמער האט געמוזט געבען פאר דער ארמיי אן ערך פון א צענטעל פון די פראדוקטען וואס ער נעמט אראפ פון זיין פעלד.

די צוויי געזעצען האבען אויפגעוועקט דעם צארן פון די מאסען, איבערהויפט פון די פארמער. ספעציעל דאס צווייטע געזעץ האט געטראפען דעם ארימען פארמער. זיי האבען איצט גע'טענה'ט: פארוואס ווערען קיין שטייערען ניט ארויפגעלייגט אויף ערד און אויף שקלאפען? פארוואס עפעס נאר אויף די פראדוקטען פון פעלדער? איז דאס ניט דערפאר ווייל א דירעקטער שטייער אויף ערד און אויף שקלאפען וואלט געטראפען דעם רייכען פלאנטאטאר, וועלכער האט גרויסע שטרעקעס לאנד און א סך שקלאפען? די מלחמה איז פאר די רייכע און די ארימע מוזען שלעפען דעם יאך. מען האט זיך איצט ארומגעזען, אז די רייכע גייען ניט אין דער ארמיי, אז זיי דינגען שטעלפארטרעטער. און אז אפילו די אויפזעער אויף די שקלאפען זיינען פריי פון מיליטער־דינסט. אין נארט־קאראליינא האבען די פארמער אפגעהאלטען פראטעסט־פארזאמלונגען און אנגענומען רעזאלוציעס צו קעמפען געגען דעם געזעץ פון תבואה־שטייערען.

די געגנערשאפט צו דער דייוויס־אדמיניסטראציע האט געפונען איר פולען אויסדרוק אין די קאנגרעס־וואלען פון 1863. אין פארלויף פון די וואלען זיינען פארגעקומען ראיאטען אין נארט קאראליינא. המונ'ם זיינען באפאלען צייטונג־רעדאקציעס און דארטען אנגעמאכט א חורבן. סאלדאטען וועלכע האבען דעזערטירט פון דער ארמיי האבען ארומגעוואנדערט אין באנדעס און טעראריזירט די באפעלקערונג אויף די פארמס. דייוויס איז געשלאגען געווארען אין די וואלען אין נארט קאראליינא, דזשארדזשיא און אין אנדערע שטאטען. פון דעמאלט אן האט ער מער ניט געהאט הינטער זיך א פאראייניגטע רעגירונג. זיין לאגע אלס פירער פון דער אדמיניסטראציע און פון דער רעגירונג איז געווארען כמעט אונמעגליך.

דעם פערטען יאר פון דער מלחמה האבען זיך אין דער סאוט אויסגעשעפט אלע מיטלען ווייטער אנצופירען דעם קאמף.

דאָס געלט פון דער רעגירונג האָט פארלאָרען יעדען ווערט. א גאָלדענער דאָלאר האָט געקאָסט פינף טויזענד פאפירענע דאָלארס. אנשטאָט צו קויפען פאר געלד האָט מען אין א סך גע־גענדען זיך באנוצט מיט פרימיטיווען מיטעל פון בייטען זיך מיט זאכען. א פאבריק וואָס האָט זיך גענויטיגט אין פעטס האָט אָנגעבאָטען א יארד לייווענט פאר א פונט פעטס. א האָספיטאל אין דזשאָרדזשיא האָט אָנאָנסירט אז ער גיט פופ־צען יארד לייווענט פאר איין קאָלדרע. א זאלץ הענדלער האָט אָנגעבאָטען א בושעל זאלץ פאר פינף פונט פלייש, צוויי בושעל זאלץ פאר א פאָר שיך, צען בושעל זאלץ פאר א פעסעל מעל.

די ספעקולאנטען זיינען אָנגעגאנגען מיט זייער ארבייט. א רעדאקטאָר פון א צייטונג אין ריטשמאָנד, כדי צו באווייזען זיי־נע לעזער ווי הארצלאָז די ספעקולאנטען זיינען, האָט געטאָן דאָס פאָלגענדע: ער האָט געקויפט א לאבען ברויט פאר א דאָ־לאר. דער ברויט האָט געוואויגען אכט אונצעס. דער רעדאק־טאָר האָט דאָן אין זיין צייטונג געמאכט א חשבון אז דער בעקער מאכט 150 דאָלאר ריוח פון יעדען פעסעל מעל וואס ער באקט אויס. עס האָט אויסגעפעלט עסען פאר דער ארמיי. גענעראל לי איז געצוואונגען געווען צו שניידען די פאָרציעס פון זיינע סאָלדאטען. עס וואָלט מעגליך געווען צו קריגען עסענווארג און קליידער פאר דער ארמיי פון אויסלאנד. אָבער די שמוגלערס וואָס האָבען געפירט די געשעפטען מיט אויסלאנד זיינען געווען פארבונדען מיט די ספעקולאנטען. זיי האָט ניט געארט קיין אנדער זאך ווי די ריוחים. זיי האָט זיך געלוינט בעסער אריינ־צופירען לוקסוס זאכען ווי צו פארקויפען קליידער, שיך און מונ־דירען פאר דער ארמיי.

דער צושטאנד פון דער ארמיי איז געווארען ערגער און ער־גער וואס לענגער די מלחמה האָט זיך פארצויגען. סאָלדאטען האָבען דעזערטירט מאסענווייז. סוף 1863 איז פארבאָטען גע־ווארען פאר מיליטער־פייאיגע צו דינגען שטעל־פארטרעטער. עס איז דורכגעפירט געווארען א געזעץ, אז דינען מוזען אלע צווישען דעם עלטער פון 17 און 55 יאר.

עס איז אָבער אונמעגליך געווען שטרענג דורכצופירען די דאָזיגע געזעצען. מיט אלערליי תירוצים איז עס געלונגען א סך זיך אויסצודרייען פון דער ארמיי. איבער דרייסיג טויזענד זיינען באפרייט געווארען אויפ'ן אויסרייד אז זיי זיינען רעגי־רונג־בעאמטע. איבער הונדערט טויזענד זיינען אויסגעבראַ־קירט געווארען אלס פיזיש אומפייאיגע. איבער הונדערט טוי־זענד זיינען באפרייט געווארען אלס פרעמדע. אַט וואָס א רע־גירונגס אָנגעשטעלטער אין ריטשמאָנד האָט געשריבען וועגען דעם ווי אזוי דאָס נייע געזעץ האָט געארבייט אין דער ווירקליכ־קייט: „גענעראל לי באַקלאָגט זיך, אז דאָס פריזיוור־געזעץ איז א דורכפאל. די רייכע לייט און די שקלאפען־אייגענטימער דרייען זיך אויס פון מיליטער דינסט. כמעט יעדער לאנד־אייגענ־טימער לייגט איין באָנדס, אז ער וועט צושטעלען תבואה פאר דער ארמיי און דערפאר ווערט ער באפרייט. ארום הונדערט טויזענד לאנד־באַזיצער, די מערסטע פון זיי אויך שקלאפען־אייגענטימער זיינען ניט אין דער ארמיי. באלד וועלען מיר האָבען אן ארמיי וואס וועט זיך אנטזאגען צו קעמפען ווייל זי וועט באשטיין דורכאוים פון מענשען וואס וועלען ניט האָבען קיין אורזאכען פאר וואָס צו קעמפען. די העכערע קלאסען זיצען אין דער היים און מאַכען געלד. די נידעריגע קלאסען ליגען אין די טרענטשעס. לי באַקלאָגט זיך, אז די רייכע יונגע־לייט ווערען גענומען אויף רעגירונגס שטעלעס כדי זיי זאָלען ניט דאר־פען גיין אין דער ארמיי".

וואָס איז דער וואונדער, אז אונטער די אומשטענדען איז די מאָראל פון דער ארמיי געזונקען? דערזעלבער בעאמטער דערציילט אין זיין טאָגעבוך: קאלאָנעל גארדנער זאגט, אז פון די רעקרוטען וואס מען האָט פאַריגע וואָך אָפּגעשיקט צום פראָנט האָבען די מערסטע דעזערטירט. גענעראל פרעסטאָן ערקלערט, אז אין לאנד זיינען איצט פאראן הונדערט טויזענט דעזערטירטע סאָלדאטען. דאָס פריזיוור־בוך ווייזט, אז אין ווירדזשיניא אליין האָבען זעכציג טויזענד דעזערטירט. די הויפט אורזאך פאר־וואָס די סאָלדאטען זיינען זיך צולאָפען פון דער ארמיי איז גע־

ווען די גרויסע אָרימקייט. די סאָלדאַטען האָבען געוואוסט, אז זייערע פאַמיליעס שטאַרבען אין דער היים פון הונגער און דאָס געהאַלט וואס מען האָט זיי געצאָלט פאַר זייער דינסט האָט ניט געקלעקט אויף דורכצולעבען זיך איין טאָג אין וואָך.

די ברענענדיגסטע פראגע פאַר דער סאוט איז איצט געווען: וואו נעמט מען סאָלדאַטען? סוף יאר 1864, האָט דייוויס רעקאָמענדירט צום קאָנגרעס, אז מען זאָל נעמען די נעגער פאַר סאָלדאַטען. ער האָט ווייטער פאָרגעשלאָגען, אז כדי צו באַשיצען זיך געגען א פאַרראַט פון די נעגער־סאָלדאַטען אויפ'ן שלאַכטפעלד, זאָל מען זיי, אלס באַלוינונג פאַר מיליטער־דינסט, באַפרייען. דער פאָרשלאַג איז באַגעגענט געווארען מיט א שטורמישער אָפּאָזיציע אין קאָנגרעס. די פראגע איז אויך דיסקוטירט געווארען אין דער פרעסע. די געגנער האָבען געטענה'ט, אז אויב מען נעמט אריין די נעגער אין דער ארמיי גיט מען דערמיט שוין צו, אז דער נעגער איז א גלייכער מיט'ן ווייסען. די אָפּאָזיציע איז געווען שטארק, אָבער דייוויס האָט אויסגעפירט דאָס זייניגע. דאָס געזעץ איז אנגענומען געווארען אין 1865. סענאַטאָר האַנטער, פון ווירדזשיניא, וועלכער האָט פריער געשטימט געגען דעם געזעץ און וועלכער האָט דערנאָך אויף דעם באַפעל פון זיין שטאַט זיין שטימע געמוזט ענדערען אויף יע, האָט עפענטליך דערקלערט, אז מיט דעם געזעץ האָט די סאוט אליין צוגעגעבען, אז די נאָרט איז די גאַנצע צייט געווען גערעכט און אז „מיר זיינען געווען היפּאָקריטען ווען מיר האָבען גע'טענה'ט אז שקלאַפעריי איז די בעסטע סיסטעם פאַר די נעגער אליין".

אין די לעצטע מאָנאַטען פון דער מלחמה האָבען זיך אייבער דער סאוט פארשפּרייט באַנדעס, וואס האָבען געראַבירט און טעראָריזירט די באַפעלקערונג. די באַנדעס זיינען באַשטאַנען פון די דעזערטירטע ווייסע, פון יענעם קלאַס מענשען וואָס וואוינט אין די אָרימסטע קווארטאַלען פון די גרויסע שטעט. די סאוט האָט קיין גרויסע שטעט ניט געהאַט. די היימלאָזע און אָרימע האָבען זיך דאָרטען אויפגעהאַלטען אין די וועלדער און

ארום די זומפען. ביי זיי אין הארצען האט געברענט א האס געגען די הערשענדע, רייכע ווייסע און ליידענשאפט פון נקמה געגען די נעגער. איצט אז פון די פארמס און פון די דערפער זיינען די ווייסע מענער אוועק, זיינען די לייט ארויסגעקראכען פון די וועלדער און זומפען. ווי ווילדע חיות האבען זיי גענומען נקמה פון דער געזעלשאפט וואס האט זיי פון זיך פארטריבען. מיט שרעקליכער אכזריות האבען זיי זיך געווארפען אויף דעם אומבאשיצטען נעגער. אבער די נעגער זיינען ניט געווען די איינציגע קרבנות פון די באנדעס. אויך ווייסע זיינען ערמארדעט געווארען.

אין די אטאקעס געגען דייוויס'ן פאר דורכפירען דאס געזעצ וועגען נעגער־סאלדאטען איז ארויסגעדריקט געווארען אזא מיינונג: דייוויס וויל צונויפשטעלען אן ארמיי פון נעגער כדי אים זאל זיין לייכטער דורכצופירען זיין פלאן צו ווערען אן אבסאלוטער הערשער, דער מיליטערישער דיקטאטאר פון דער סאוט.

קאַפּיטעל 28.

## די אָפּאָזיציע צו לינקאָלן. — די דעמאָקראַטען.

אין דער נאָרט, האָט לינקאָלן אויך די פיר יאָר פון דער מלחמה געהאַט אַלערליי אָפּאָזיציעס און שטערונגען. ער האָט געהאַט אָפּאָזיציעס לינקע און רעכטע. די שטערונגען זיינען אויך געווען טיילווייז פּרינציפּיעלע, פון מענשען אָדער גרופּען מיט ערליכע מאָטיוון, און טיילווייז פּרינציפּענלאָזע, פון מענשען מיט פּערזענליכע אָדער קאָרופּטע כונות. ער האָט געהאַט צרות פון זיין קאַבינעט, פון קאָנגרעס, פון די מיליטערישע בעאַמטע, פון דער פּרעסע. די מערקווירדיגע געדולד, טאַקט און פאַרשטאַנד וואָס ער האָט אַרויסגעוויזען אין די אַלע שוועריגקייטען און פּלאָנטערס, די אָפּענהערציגקייט און אויפריכטיגקייט מיט וועלכע ער האָט די אַלע אָפּאָזיציעס באַגעגענט און זיך מיט זיי ספּראַוועט — דאָס אַליין האָט פאַר אים געוואונען די באַוואונדערונג סיי פון פריינד, סיי פון געגנער. ער האָט געהאַנדעלט מיט אַ פעסטער האַנד, מיט ענטשלאָסענקייט. אָבער אין דערזעלבער צייט האָט ער אַרויסגעוויזען ווייכקייט, צאַרטקייט, מענשליכקייט. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרלוירען דעם קאָפּ, האָט קיינמאָל ניט פאַרלוירען זיין זין פאַר הומאָר. אין די שווערסטע און פינסטערסטע מאָמענטען האָט ער געקענט אַ שמייכעל טאָן, אַ שטיף טאָן. ער האָט געוואוסט ווען צו ענטפערען געגנער מיט אַ וויץ אויף זיך אַליין. דערין איז טאַקע באַשטאַנען זיין גרויסקייט.

ווען ער איז אָנגעקומען אין וואַשינגטאָן און אַריינגעטראַטען אין פּרעזידענט־אַמט האָט דאָס לאַנד אים ווייניג געקענט. אין דער סאַוט האָט מען פון אים חוזק געמאַכט: קליינשטעטעל־

דיגער אדוואקאטעל, אן אונאינטערעסאנטער, צוריקגעצויגענער מענש. מען האט דארט געגלויבט, אז ער וועט אזוי צוטומעלט ווערען, אז ער וועט ניט וויסען אויף וואס פאר א וועלט ער איז. אין דער נארט איז מען אויך געווען זייער אומרואיג. די צייט איז אזא קריטישע. ווער ווייס צי לינקאלן וועט זיין דערוואקסען צו די ריזיגע אויפגאבען, צו דער ריזיגער פאראנטווארטליכקייט. וואס דער אלגעמיינער איינדרוק פון אים איז געווען קען מען האבען א באגריף פון דער פאלגענדער פאסירונג: עטליכע וואכען נאכדעם ווי ער איז אריין אין אמט האט מר. סוארד, דער הויפט מיניסטער פון קאבינעט, אריינגעשיקט לינקאלנ'ען א פאפיר מיט דער אויפשריפט: „איניגע געדאנקען פאר'ן פרעזידענט צו באטראכטען". אין דעם פאפיר האט סוארד געגעבען לינקאלנ'ען עצות ווי אזוי אויסצומיידען א מלחמה מיט דער סאוט. פארענדיגט האט סוארד דעם פאפיר מיט אן אנצוהערעניש, אז דער פרעזידענט זאל איבערלאזען טאקע צו אים דורכצופירען די עצות. אין דעם פאפיר האט סוארד פאקטיש פארגעשלאגען לינקאלנ'ען אז ער, לינקאלן, זאל זיין פרעזידענט בלויז אין נאמען און אז דער אמת'ער פרעזידענט זאל זיין סוארד.

סוארד'ס עצות זיינען געווען נארישע און געפערליכע. לינקאלן האט קיינעם ניט דערציילט וועגען דער גאנצער געשעעניש. ער האט געענטפערט סוארד'ן מיט א העפליכען בריף און אים באוויזען אז זיינע פלענער טויגען ניט. דעם חוצפה'דיגען פארשלאג האט לינקאלן איגנאנצען איגנארירט. סוארד איז פארבליבען אויף ווייטער דער הויפט־מיניסטער פון קאבינעט. לינקאלן האט אים ארויסגעוויזען דיזעלבע פריינדליכקייט און דעמזעלבען צוטרוי ווי פריער.

ווען דער קאנגרעס האט זיך פארזאמעלט איז דארט דורכגעפירט געווארען א באשלוס, אז עס זאל באשטימט ווערען א קאמיטע פון זיבען (דריי סענאטארען און פיר קאנגרעסלייט) וועלכע זאלען האלטען אן אויג אויף דער פירערשאפט פון דער מלחמה. די דאזיגע קאמיטע האט אייגענטליך געדארפט זיין

א מין שומר אויפ'ן פּרעזידענט, ער זאָל ניט טאָן וואס ער דארף ניט טאָן. לינקאָלן האָט זיך געקענט אנטזאגען צו ארבייטען מיט אזא קאָמיטע. דער קאָנגרעס האָט קיין רעכט ניט זיך צו מישען אין אדמיניסטראטיווע אנגעלעגענהייטען און די פירער־שאַפט פון דער מלחמה איז דאָך אדמיניסטראטיוו. אָבער לינ־קאָלן האָט צוגעשטימט צו דער קאָמיטע. שפּעטער האָט ער פון איר קיין נחת ניט געהאט. אָבער ער האָט איר געלאָזט עקזיסטירען און זיך גערעכענט מיט אירע פאָרלאַנגען און פאָר־שלאַגען*).

אין קאַבינעט האָט לינקאָלן ארייננענומען מענשען וועלכע האָבען געטראַגען פאַראיבלען און כעס'ן אויף אים. דאָס זיי־נען געווען מענשען וואס האָבען אין אים געזען א שטערונג צו זייערע פּאָליטישע אמביציעס. דער סעקרעטערי אוו סטייט סו־ארד, און דער פינאַנץ־מיניסטער טשייס האָבען געפילט אז ווען ניט לינקאָלן וואָלטען זיי געקראַגען די נאָמינאַציע אין 1860 און זיי וואָלטען איצט געזעסען אויפ'ן פּרעזידענט שטול. לינקאָלן האָט געוואוסט ווי זיי פילען וועגען אים און דערפאַר טאַקע האָט ער זיי ארייננענומען אין קאַבינעט. ער האָט געטראַכט ביי זיך אזוי: די דאָזיגע מענשען האָבען א גרויסע פּאָליטישע אָנהענגערשאַפט אין לאַנד, א סך בירגער האַלטען פון זיי. זייער אנוועזענהייט אין קאַבינעט וועט דערפאַר שטאַרקען די אדמיניס־טראַציע ביים פאָלק אין אלגעמיין.

אים האָט ניט געאַרט זייערע געפילען צו אים פּערזענליך. ער האָט געטראַכט וועגען דער אדמיניסטראַציע בכלל.

די נאָרט איז ניט געווען אייניג אין דער מלחמה. דאָס איז געווען אַלעמען באַוואוסט. אויף דער ניט־אייניגקייט פון דער נאָרט האָט אייגענטליך די סאַוט געבויט ווען זי האָט אנגע־

*) עס איז ווערט צו באַמערקען, אז ווען אמעריקע איז אריין אין דער וועלט־מלחמה, האָט דער קאָנגרעס געוואָלט באשטימען אן ענליכע קאָמיטע. אָבער פּרעזידענט ווילסאָן האָט דערפון ניט געוואָלט הערען. ער האָט דערקלערט, אז אזא קאָמיטע וועט זיין אן אומגליק.

פאנגען דעם קאמף: דערויף און — אויף דער שטיצע פון ענג־לאנד. עס איז כמעט ניט געווען איין טייל אין דער נארט אדער וועסט, וואו עס האט זיך ניט געפונען א געגנערישער עלעמענט. דאס וואס איז פארגעקומען אין באלטימאר גלייך ביים אויסברוך פון קריג (דער אנפאל אויף די סאלדאטען, וועלכע האבען מאר־שירט קיין וואשינגטאן) — דאס איז געווען א בלוטיגער אויס־דרוק פון דעם געפיל, וואס א סך אין די פארשידענע טיילען פון לאנד האבען מער אדער ווייניגער געשטיקט אין זיך.

פיל טויזענדער האבען פשוט סימפאטיזירט מיט דער סאוט, געהאלטען אז זי איז גערעכט. אנדערע, ווידער, האבען געגלויבט, אז עס וואלט צו קיין מלחמה ניט געקומען ווען די דעמאקראַ־טישע פארטיי וואלט געזיגט ביי די וואלען פון 1860. דאס זיי־נען געווען די איבערגעבענע דעמאקראטישע אנהענגער. זיי האָ־בען געהאלטען לינקאלנ'ען און זיין פארטיי שולדיג אין דעם אומגליק. זיי האבען ניט אויפגעהערט צו קריטיקירען און צו אטאקירען אלעם וואס לינקאלן און זיין אדמיניסטראציע האָ־בען געטאן. ביי די דעמאקראטען זיינען געווען פראקציעס. עס זיינען געווען אזוינע וואס האבען געהאלטען אז איצט איז די פליכט פון יעדען דעמאקראט צו פארגעסען זיין פארטיי, צו פאר־געסען פאליטיק און שטיצען דעם פרעזידענט. זיי האבען זיך גערופען „מלחמה־דעמאקראטען". זייער צאל איז אבער ניט געווען גרויס. צווישען די אנדערע, — די וואס האבען זיך ענט־זאגט צו שליסען א צייטווייליגען פרידען מיט די רעפובליקאַ־נער — זיינען געווען לינקע און רעכטע. די לינקע האבען גע־פאדערט אז די מלחמה זאל אונטער אלע אומשטענדען אפגע־שטעלט ווערען און אז מען זאל גלייך נעמען פארהאנדלען מיט דער סאוט וועגען פרידען. טייל פון זיי זיינען געגאנגען אזוי ווייט, אז זיי האבען געזאגט, אז זיי ארט ניט אפילו אויב די סאוט וועט בלייבען אומאפהענגיג. אנדערע האבען געזאגט אז זיי זיינען זיכער אז מען קען קומען צו אן אויסגלייך. די רעכ־טע האבען ניט געפאדערט מען זאל אפשטעלען דעם קריג. זיי האבען אבער געשריען אז אלץ וואס לינקאלן טוט טויג ניט, אז

דורך אים ווערט די מלחמה פאַרצויגען און פאַרשלעפּט, אז ווען די מלחמה וואָלט אנדערש געפירט געוואָרען וואָלט זי זיך שנעל געענדיגט. די אַלע דעמאָקראַטישע פּראַקציעס האָבען ניט אויפגעהערט צו העצען געגען לינקאָלנ'ען. טייל האָבען זיך ניט באַנוגענט מיט העצעס און קריטיק און אַטאַקעס. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אין געוויסע געגענדען געהיימע פאַראיינען מיט'ן צוועק צו שטערען לינקאָלנ'ען און צו העלפען דער סאוט.

די אַלע גרופּען וואָס האָבען געשטערט לינקאָלנ'ען און סימפּאַטיזירט מער אדער ווייניגער מיט דעם שונא זיינען אנגערופען געוואָרען „קאָפּערהעד" (קאָפּערהעד איז דער נאָמען פון א געוויסען סאָרט גיפטיגען שלאַנג).

כדי אפּצושטעלען די אָפּאָזיציע פון אָט די „קאָפּערהעדס" זיינען עס דורכגעפירט געוואָרען די געזעצען וואָס האָבען געגעבען דעם פּרעזידענט דאָס רעכט צו אַרעסטירען מענשען און זיי איינשאַפּרען אָן א פאַרהער און אָן א משפּט; וואָס האָבען אים געגעבען די דיקטאַטאָרישע מאַכט אפּצושטעלען צייטונגען און אַרעסטירען זייערע רעדאַקטאָרען. אָבער די געזעצען האָבען אַרויסגערופען פרישע אַטאַקעס. איצט איז לינקאָלן אַטאַקירט געוואָרען ניט בלויז פאַר פירען שלעכט די מלחמה, נאָר אויך פאַר באַרויבען דאָס פאָלק פון זיינע פרייהייטען און רעכט. און די אַטאַקעס זיינען שוין געשטיצט געוואָרען פון גרופּען וואָס זיינען געשטאַנען מיט לינקאָלנ'ען און האָבען געשטיצט זיין שטעלונג צו דער סאוט. א סך פון די ביטערסטע שונאים פון דער סאוט האָבען ניט געקענט מוחל זיין לינקאָלנ'ען פאַר באַנוצען דיקטאַטאָרישע מיטלען צו באַקעמפען זיינע געגנער.

עס פאַרשטייט זיך, אז די אַטאַקעס פלעגען ווערען שאַרפער גראַד דעמאָלט, ווען לינקאָלן און די נאָרט האָבען זיך אָם שטאַרקסטען גענויטיגט אין מאָראַלער שטיצע. יעדען מאָל ווען די אַרמיי פון דער נאָרט האָט געליטען א נידערלאַגע אויפ'ן שלאַכטפעלד און די שטימונג אין לאַנד איז געווען א געדריקטע און די סאָלדאַטען זיינען געווען ענטמוטיגט, גראָד דעמאָלט פלעגען די „קאָפּערהעדס" ווערען טעטיג. זיי האָבען געפילט אז דע-

מאלט איז דער גינסטיגסטער מאמענט ווען דער עולם וועט זיך צו זיי צוהערען. דאס האט לינקאלנ'ען און זיינע אנהענגער אם שארפסטען וויי געטאן. די פאסט האט געפירט פעק מיט אומ־לאיאלע צייטונגען וואס זיינען געדרוקט געווארען אין א סך שטעט, שטעטלאך און דערפער אין דער נארט. פאר דער שלאכט ביי בול ראן האבען די מאסען די צייטונגען טאלערירט מיט א מערקווירדיגער געדולד, ווייל די פרייהייט פון דער פרעסע האט געמוזט אפגעהיט ווערען. אבער נאך דער שלאכט פון בול ראן (די ערשטע שלאכט פון קריג) זיינען די פאררעטערישע אר־טיקלען און די ווילדע אטאקעס אויף לינקאלנ'ען און אויף דער רעגירונג באטראכט געווארען אלס א געפאר. און די רעגירונג און די מאסען האבען אנגעהויבען א העפטיגען קאמפיין צו אונ־טערדריקען די צייטונגען. איבער'ן גאנצען לאנד זיינען אויפ־גערעגטע מאסען באפאלען אזעלכע צייטונגען, ארויסגעווארפען די שריפט און די פרעס־מאשינען אין גאס און פארברענט דאס פאפיר און די מעבעל. דער קריגס־מיניסטער האט טייל פון די צייטונגען אפגעשטעלט און די רעדאקטארען ארעסטירט. דער פאסטמייסטער האט פארבאטען צו פירען דורך דער פאסט צייטונגען וועלכע האבען אנטהאלטען העצע־ארטיקלען. רעגירונגס־בעאמטע פלעגען ארויסנעמען פעק צייטונגען פון די באנען און זיי פארניכטען.

אין זיין אייגענער, רעפובליקאנישער פארטיי, האט לינקאלן אויך געהאט שארפע און פארביסענע געגנער. דאס זיינען גע־ווען די „ראדיקאלע רעפובליקאנער", וועלכע האבען געפאדערט אז די מלחמה זאל געפירט ווערען אויסדריקליך פאר דער בא־פרייאונג פון די שקלאפען. לינקאלן האט מורא געהאט דאס צו טאן צוליב פראקטישע אורזאכען. אויף דער זייט פון דער נארט זיינען געשטאנען עטליכע גרענעץ־שטאטען וואו שקלאפעריי האט נאך עקזיסטירט. לינקאלן האט מורא געהאט, אז אויב ער וועט באפרייען די שקלאפען אדער אויב ער וועט מאכען די שקלאפען־פראגע פאר א מלחמה־באדינג וועלען יענע שטאטען צושטיין צו דער סאוט און די סאוט וועט שטארקער ווערען. די ראדיקאלע

רעפובליקאנער האָבען גע'טענה'ט, אז אויב די נאָרט וועט פון אזא שטעלונג פארלירען אין די גרענעץ־שטאַטען וועט זי אָבער געווינען אין די איבעריגע שטאַטען פון דער נאָרט און אויך אין איירָאפּא. ווען דער עולם אין די פרייע שטאַטען וועט וויסען, אז די מלחמה ווערט געפירט פאר דעם מאָראלישען פרינציפּ פון באפרייען די שקלאַפען וועלען זיי זיך אין דעם קאמף אריינווארפען מיט א סך מער באגייסטערונג. אין איירָאפּא וועט אויך דעמאָלט די נאָרט באקומען די באגייסטערטע שטיצע פון די גרויסע מאסען.

לינקאָלן האָט אָבער מורא געהאַט צו נעמען די דאָזיגע שטעלונג. אין זיינע ערשטע מעסעדזשעס און אַנדערע דאָקומענטען האָט ער ווידערהאָלט, אז די מלחמה ווערט ניט געפירט צו באפרייען די שקלאַפען, נאָר אויפצוהאלטען די גאַנצקייט פון לאַנד. דאָך האָט ער געמאכט איין שריט נאָכ'ן צווייטען אין דער ריכטונג פון באפרייען די שקלאַפען. ער האָט א שטיק צייט געהאָפט אז איָם וועט געלינגען צו ווירקען אויף די שקלאַפען־שטאַטען, וואָס זיינען געשטאַנען מיט דער נאָרט, אז זיי זאָלען איינווילגען צו פארקויפען זייערע שקלאַפען דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. די נאַציאָנאַלע רעגירונג וואָלט זיי אָפּגעקויפט, זיי באפרייט און זיי ערגעץ קאָלאָניזירט. ער האָט וועגען דעם געפירט פארהאַנדלונגען מיט די קאָנגרעסלייט פון יענע שטאַטען. אָבער ער האָט זיי ניט געקענט באאיינפלוסען דאָס צו טאָן. סוף־כל־סוף האָט ער זיך געמוזט בייגען צו דער פאָדערונג פון די ראַדיקאַלען און אין סעפּטעמבער, 1862, האָט ער ארויסגעגעבען זיין באפרייאונגס־פראָקלאַמאַציע. ער האָט עס אָבער געטאָן ניט אויס פרינציפּ, ווי די ראַדיקאַלען האָבען עס געפאָדערט, נאָר אַלס א מלחמה מיטעל, אפּצושוואַכען די כוחות פון דער סאַוט. און באפרייט האָט ער בלויז די שקלאַפען אין די שטאַטען וואָס זיינען געשטאַנען אין רעוואָלט, די שטאַטען פון דער קאָנפעדעראַציע. אין יענע שטאַטען וואָס זיינען געשטאַנען מיט דער נאָרט האָט ער די שקלאַפען ניט געטשעפּעט.

פאר דער דאָזיגער שטעלונג אין דער שקלאַפען־פראַגע האָבען



סעלמאַי טשעיז.



וויליאם הענרי סוארד.



עדווין סטענטאָן

די ראַדיקאַלע רעפּובליקאנער לינקאָלנ׳ען שטארק קריטיקירט. אין זיין קאבינעט זיינען געזעסען מיניסטאָרען וועלכע האָבען גע־שטיצט די ראַדיקאַלע רעפּובליקאנער. דער וויכטיגסטער צווישען זיי איז געווען דער פינאנץ־מיניסטער טשעיס. א צווייטער וויכ־טיגער פארשטייער פון דער גרופּע איז געווען האָרעיס גרילי, דער בארימטער רעדאקטאָר פון דער „ניו יארק טריביון״, איינער פון די סאמע איינפלוסרייכע מענער אין לאנד. צו גרילי׳ס וואָרט האָבען זיך צוגעהערט מיליאָנען מענשען אין אלע ווינק־לען פון די פאראייניגטע שטאטען. זיינע אטאקעס אויף לינ־קאָלנ׳ען איבער דער שקלאַפען־פראגע האָבען געמאכט דעם טיפ סטען איינדרוק.

פון א צווייטען מיניסטער זיינעם האָט לינקאָלן געהאט אנ־דערע און גרעסערע צרות. אין דעם קריגס־דעפּארטמענט, אונ־טער׳ן קריגס־מיניסטער קאמעראן, האָבען זיך אנטוויקעלט א רייע גניבה־סקאנדאַלען. קאמעראן האָט געגעבען קאָנטראקטען אויף ריזיגע סומען צו זיינע פּאָליטישע פריינט אלס באַלוי־נונג פאר די טובות וואס זיי האָבען אים שוין געטאָן אָדער וואס ער האָט געהאָפט אז זיי וועלען אים טאָן. ער האָט גע־צאָלט גוואַלטיגע פּרייזען פאר די מיליטערישע זאכען וואס ער האָט געקויפט פאר דער רעגירונג. ער האָט באקומען שלעכטע סחורה פאר גוט געלד. לינקאָלן האָט שנעל דערשמעקט וואס עס קומט פאָר אין דעם קריגס־דעפּארטמענט. ער האָט אָבער מורא געהאט פאר קאמעראנ׳ס פּאָליטישער מאכט. קאמעראן איז אויך געווען א ראַדיקאַלער רעפּובליקאנער און לינקאָלן האָט געוואוסט, אז אויב ער וועט אים ארונטערזעצען וועט קאמעראן זאגען, אז ער איז א קרבן פאר זיין ראַדיקאַליזם. אין דעצעמבער איז קא־מעראן ארויסגעקומען מיט א פארלאנג, אז די נאָרט זאָל בא־וואפענען די נעגער־שקלאַפען פון דער סאוט און זיי דערנאָך באפרייען. ער האָט דעם פאָרשלאג פאנאנדערגעשיקט אין די צייטונגען איידער ער האָט באקומען די צושטימונג פון דעם פּרע־זידענט.

אין מיטען יאנואר, 1862, האָט לינקאָלן באשלאָסען מער

ניט צו דולדען. ער האט קאמעראנ'ען ארונטערגעזעצט, אים אוועקגעשיקט אלס אמבאסאדאר קיין רוסלאנד און אויף זיין פלאץ אלס קריגס־מיניסטער האט ער באשטימט עדווין מ. סטענטאן.

אין הערבסט פון 1862 האט לינקאלן געהאט די ערשטע געלעגענהייט אנצוטאפען די שטימונג פון לאנד בנוגע זיין אדמיניסטראציע. דעמאלט זיינען פארגעקומען וואלען פאר'ן קאנגרעס און אין טייל שטאטען אויך פאר לאקאלע בעאמטע. די דעמאקראטען האבען אין דעם וואלקאמף אטאקירט לינקאלנ'ס פירערשאפט פון דער מלחמה און זיין אדמיניסטראציע בכלל. זיי האבען זיך געשטיצט אויף די נידערלאגעס וואס די נארט האט געליטען אויפ'ן שלאכטפעלד און אויף דער קארופציע אין קריגס־דעפארטמענט. זיי האבען אטאקירט לינקאלנ'ען פאר זיין באפרייאונגס־פראקלאמאציע און פאר זיינע דיקטאטארישע גזירות. אין אלע פרטים, האבען זיי דערקלערט, איז לינקאלן געווען א שרעקליכער דורכפאל. און זיי האבען אפעלירט צום עולם אויסצוקלייבען דעמאקראטישע קאנגרעסלייט און דעמאקראטישע שטאט־בעאמטע, ווייל נאר אויף אזא אופן וועט עס מעגליך זיין אפצושטעלען לינקאלנ'ס געפערליכע מעשים.

די רעזולטאטען פון די וואלען האבען באוויזען אז לינקאלן האט א היבש ביסעל פארלארען אין פרעסטיזש און אין דעם צוטרוי פון עולם. זיי האבען אבער אויך באוויזען אז דאס לאנד איז נאך ניט גרייט איבערצוגעבען די פירערשאפט צו די דעמאקראטען. אין סעפטעמבער זיינען פארגעקומען וואלען אין מעין. דער רעפובליקאנער קאנדידאט פאר גאווערנאר איז דערוויילט געווארען. אבער די געוויינליכע מאיאריטעט פון דער רעפובליקאנער פארטיי, וואס איז דארטען אלע מאל געווען צוויישען צען און ניינצען טויזענד, איז דאס מאל אראפגעפאלען צו פיר טויזענד. צום ערשטען מאל אין צען יאר איז אין דעם שטאט אויסגעקליבען געווארען א דעמאקראט אלס קאנגרעסמאן. אין אקטאבער האט אהייא אויסגעקליבען צום קאנגרעס פערצען דעמאקראטען און פינף רעפובליקאנער. די דעמאקראטען

האָבען דאָרטען געצויגען מיט זיבען טויזענד שטימען מער ווי די רעפּובליקאַנער. אין אינדיאַנא זיינען דערווײלט געוואָרען אכט דעמאָקראַטען און דריי רעפּובליקאַנער אַלס קאָנגרעסלייט. אין פּענסילווייניא זיינען דערווײלט געוואָרען אַ העלפט דעמאָקראַטען און אַ העלפט רעפּובליקאַנער, אָבער די דעמאָקראַטען האָבען געצויגען מיט פיר טויזענד שטימען מער (אין 1860 האָט לינקאָלן אין דעם שטאַט געקראָגען אַ מאַיאָריטעט פון זעכציג טויזענד שטימען). אין ניו יאָרק איז דער באַרימטער דעמאָקראַטישער פירער האָראַציאָ סעימאָר דערווײלט געוואָרען אַלס גאָווערנאָר מיט אַ מאַיאָריטעט פון גענויע צען טויזענד. אין אילינאָי, לינקאָלנ׳ס אייגענעם שטאַט, האָבען די דעמאָקראַטען געהאַט אַ מאַיאָריטעט פון דרייצען טויזענד. דער שטאַט האָט דערווײלט עלף דעמאָקראַטישע קאָנגרעסלייט און בלויז דריי רעפּובליקאַנישע. ניו דזשוירזי האָט אויסגעקליבען דעמאָקראַטען אָנשטאָט די פריערדיגע רעפּובליקאַנער. צום גליק זיינען די ניו־ענגלאַנד שטאַטען און איינינע שטאַטען פון דער וועסט, ווי אייאָוואַ, קענזעס, מינעסאָטאַ, קאַליפאָרניא און אָרעגאָן געבליבען טריי צו לינקאָלנ׳ען. אויך די גרעניץ־שטאַטען האָבען געגעבען זייער פולע שטיצע צו די רעפּובליקאַנער. די דעמאָקראַטען האָבען צוגעקראָגען 31 קאָנגרעסלייט און פאַרגרעסערט זייער צאָל אין קאָנגרעס פון 44 אויף 75. זיי איז אָבער ניט געלונגען צו קריגען אַ מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס. די קאָנטראָל איז אויף ווייטער געבליבען אין די הענט פון די רעפּובליקאַנער, לינקאָלנ׳ס פּאַרטיי, כאָטש די מאַיאָריטעט פון די רעפּובליקאַנער איז באַדייטענד פאַרקלענערט געוואָרען.

קורץ נאָך דער מפּלה אין די וואַלען איז געשען אַ שטורם אַרום לינקאָלנ׳ס קאַבינעט. דאָס איז געווען אין מאָנאַט דעצעמבער, נאָך דער שרעקליכער נידערלאַגע וואָס די נאָרט האָט געליטען אין דער שלאַכט ביי פרעדעריקסבורג. די צייטונגען פון דער אָפּאָזיציע האָבען געוואָרפען די שולד אויפ׳ן פּרעזידענט, אויף זיין קאַבינעט, אויף זיינע גענעראַלען. איין צייטונג האָט געשריבען אַז „לינקאָלן, סטענטאָן און האַלעק האָבען

געשיקט צום טויט טויזענדער און טויזענדער פון אונזערע ברי־דער און פריינד". די רעפובליקאנער האבען אויך געפילט אז עפעס מוז געטאן ווערען. זיי האבען געזוכט א קרבן אויף וועמען צוווארפען די שולד. אטאקירען לינקאלנ'ען האבען זיי ניט געקענט און ניט געוואגט. האבען זיי אטאקירט זיינע גענע־ראלען און דעם קאנסערוואטיווען פליגעל פון זיין קאבינעט. די רעפובליקאנישע סענאטארען האבען אפגעהאלטען א באראטונג צווישען זיך און באשטימט א קאמיטע צו גיין צו לינקאלנ'ען און אים איבערגעבען זייערע מיינונגען. די סענאטארען האבען גע־טענה'ט אז מען מוז פטור ווערען פון יענע מענשען וואס זיינען אין הארצען סימפאטיש צו דער סאוט. זיי האבען אנגעוויזען, אז די דריי גענעראלען, מעקלעלאן, ביועל און האלעק זיינען דע־מאקראטען. זיי האבען אויך שטארק קריטיקירט דעם סעקרעטערי אוו סטייט סוארד, אז ער איז צו קאנסערוואטיוו, אז ער שטימט ניט מיט די מערסטע פון די אנדערע מיניסטארען אין דער פראגע פון שקלאפעריי. זיי האבען דערקלערט, אז די מערסטע אפיצירען אין דער ארמיי זיינען פאר שקלאפעריי, זיינען אנגע־שטעקט מיט דעם שקלאפען גייסט פון דער סאוט.

ווען סוארד האט זיך דערוואוסט וועגען די באראטונגען פון די סענאטארען האט ער אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע צום פרעזידענט. אויף מארגען נאך דעם באזוך פון דעם סענאט־קאמיטע האט לינקאלן אפגעהאלטען א באראטונג מיט זיינע מיניסטארען. אלע זיינען געווען, אויסער סוארד. לינקאלן האט איבערגעגעבען דעם קאבינעט וואס די סענאטארען הא־בען מיט אים גערעדט. ער האט דאן אראנזשירט א מיטינג צווישען די קאבינעט־מיניסטארען און דער סענאט־קאמיטע. ביי יענעם מיטינג האט לינקאלן שטארק פארטיידיגט זיינע מיניס־טארען און זיין אדמיניסטראציע. דאן האט דער מיניסטער טשעיס, וועלכער איז געווען איינער פון די אנפירער פון דעם ראדיקאלען פליגעל, דערקלערט אז ער שטימט איין מיט'ן פרע־זידענט. טשעיס' שטעלונג האט אנטוישט די סענאטארען, ווייל זיי האבען זיך גערעכט, אז אלס פירער פון די ראדיקאלען

וועט ער אַרויסטרעטען געגען סואַרד'ן. די סענאַטאָרען האָ־בען אבער געפאָדערט לינקאָלן זאָל אָננעמען סואַרד'ס רעזיג־נאַציע. די קאָנפערענץ האָט זיך געענדיגט נאָך האַלבע נאַכט.

אויף מאָרגען האָט דער פּרעזידענט גערופען טשעיס'ען צו זיך און אים דערקלערט ווי שלעכט ער פילט וועגען דער גאַנצער פּאַסירונג. טשעיס האָט אים געזאָגט, אז ער פילט אויך זייער שלעכט און אז ער האָט באַשלאָסען צו רעזיגנירען. „איך האָב די רעזיגנאַציע ביי זיך אין קעשענע, האָט טשעיס געזאָגט. „וואו איז זי, גיט זי מיר", האָט לינקאָלן זיך שנעל אָפּגערופען. טשעיס האָט אים איבערגעגעבען דעם דאָקומענט. „איצטער, האָט לינקאָלן געזאָגט מיט אַ געלעכטער, קען איך די זאַך ער־לעדיגען אָן שוועריגקייט. איך זע פאַר זיך אַ גראַדען וועג". דאַן האָט מיניסטער סטענטאָן אויך אריינגעשיקט זיין רעזיג־נאַציע. אָבער לינקאָלן האָט זיך אנטזאגט זי אָנצונעמען.

לינקאָלן האָט זיך אַזוי דערפרייט מיט טשעיס'עס אָנבאָט צו רעזיגנירען ווייל דאָס האָט אים געגעבען אַ טעגליכקייט זיך צו דינגען מיט די סענאַטאָרען. ער האָט זיי דערקלערט, אז אויב זיי וועלען באַשטיין אויף דעם אז ער זאָל אננעמען סואַרד'ס רעזיגנאַציע, וועט ער אויך אָננעמען טשעיס'עס רעזיגנאַציע. דאָס האָבען די סענאַטאָרען ניט געוואָלט. זיי האָבען ניט געוואָלט פארלירען זייער טשעיס'ן פון קאַבינעט. דעמאָלט האָט לינ־קאָלן ביידע רעזיגנאַציעס צוריקגעוויזען. ביידע מיניסטאָרען זיינען געבליבען אויף זייערע פּלעצער אין קאַבינעט. לינקאָלן האָט געהאַלטען, אז עס איז אבסאָלוט נויטיג צו האָבען אין קאַ־בינעט פאָרשטייער פון ביידע פליגלען, כדי די מיניסטאָרען זאַ־לען באַלאַנסירען איינע די אנדערע. „ווען איך וואָלט אוועק־געלאָזט סואַרד'ן, — האָט ער שפּעטער געזאָגט, — וואָלט זיך די שיף אַ קער געטאָן אויף איין זייט און מיר וואָלטען פאַר־לאָרען אַ גרויסע צאָל פון אונזערע אָנהענגער".

אין פרילינג פון 1863, זיינען די „קאָפּערהעדס" געוואָרען זייער טעטיג. דער ערפאָלג פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין די וואַלען פון 1862 און די מפּלות פון דער נאָרט אויף

די שלאכטפעלדער האבען זיי צוגעגעבען מוט. איצט איז נאך צוגעקומען דער „דרעפט" (פריזיוו) וועלכער האט ארויסגערופען א סך אומצופרידענהייט צווישען א גרויסער טייל פון דער באפעלקערונג. די געהיימע פאראיינען וועלכע האבען געזוכט מיטלען ווי צו שטערען דער אדמיניסטראציע זיינען שטארקער געווארען. די פאראיינען האבען געטראגען אומשולדיגע נעמען, ווי, צום ביישפיל: „די ריטער פון גאלדענעם צירקעל", „דער ארדען פון אמעריקאנער ריטער", „דער ארדען פון דעם שטערן", „די זין פון פרייהייט". די טעטיגקייט פון די ארגאניזאציעס איז באשטאנען אין פאלגענדען: זיי פלעגען צוריידען סאלדאטען צו דעזערטירען, זיי פלעגען דערמארדען רעקרוטען-בעאמטע, זיי פלעגען צושטעלען אינפארמאציע און צייטענווייז אויך מיליטער-רישע הילף דעם שונא. אין אינדיאנא, צום ביישפיל, האבען זיי באזארגט מיט עסען די סאלדאטען וועלכע האבען איינגעווי-ליגט צו אנטלויפען פון דער ארמיי. זיי האבען אנגעפירט אן אגיטאציע וועגען ארגאניזירען אן אויפשטאנד אין די שטאטען פון דער נארט-וועסט און גרינדען דארטען א באזונדער רעגי-רונג. די פאראיינען פלעגען אפהאלטען זייערע מיטינגען אין געהיים, אין פריוואטע הייזער, אין שטאלען, און אלע פלעגען זיי שווערען דורכצופירען די באשלוסען.

לינקאלן האט זיך וועגען די פאטרעטערישע ארגאניזאציעס וויניג געקימערט. זיין שטעלונג צו זיי איז געווען א „גוט-מוטיגע פאראכטונג". עס זיינען געווען אזעלכע, וואס האבען געזוכט צו ווירקען אויפ'ן פרעזידענט ער זאל אננעמען מיטלען געגען די ארגאניזאציעס. ער האט געענטפערט אז זיי פאר-דינען ניט מען זאל זיי שענקען אויפמערקזאמקייט, ווייל זיי זיינען פונקט אזוי קינדיש ווי שלעכט. די אדמיניסטראציע האט גוט געוואוסט אלץ, וואס די פאראיינען האבען געטאן און לינ-קאלן האט ריכטיג געקענט אפשאצען אויף וויפיל זיי האבען אים געקענט שאדען טאן.

די איינציגע ערנסטע אפאזיציע צו לינקאלנ'ען האט זיך אנט-וויקעלט אין פארבינדונג מיט'ן דרעפט. אין די אומרוען וואס

זיינען דעמאָלט פאַרגעקומען האָבען זיך די געהיימע פאַראיינען און די „קאָפּערהעדס" שטאַרק באַטייליגט. אין א סך פאַלען זיינען זיי געווען די איניציאַטאָרס און די אָנפירער פון די ראַיאַטען און טעראָריסטישע אַקטען, ספּעציעל געגען די נעגער.

אין 1864 האָבען געדאַרפט פאָרקומען וואַלען פאַר פּרעזידענט. די אומצופרידענע מיט לינקאָלנ'ען, סיי צווישען די דעמאָקראַטען, סיי צווישען די ראַדיקאַלען אין לינקאָלנ'ס אייגענער פּאַרטיי, האָבען זיך איצט גענומען אָרגאַניזירען מיט דעם צוועק ניט צוצולאָזען ער זאָל נאָמינירט ווערען און דערוויילט ווערען אויף אַ צווייטען טערמין. אַ גאַנץ יאָר האָט דאָס לאַנד געקאָכט מיט דער פּאָליטישער קאַמפּאַניע, מיט פּאָליטישע אינטריגעס. לינקאָלנ'ס געגנער פון ביידע פליגלען האָבען אויף אים געמאַכט די שרעקליכסטע אַטאַקעס. אַלע זיינע חטאים, די אמת'ע און די אויסגעטראַכטע, זיינען צעפּויקט געוואָרען איבער'ן לאַנד. און ביז אַ גאָר קורצער צייט פאַר די וואַלען האָט עס ווירקליך אויסגעוויזען אז לינקאָלן וועט זיכער דורכפאַלען. דער פּאָליטישער הימעל איבער זיין קאָפּ האָט זיך גענומען אויסלייטערען ערשט אין סעפּטעמבער.

אין די לעצטע טעג פון דעם פריערדיגען יאָר, 1863, האָט לינקאָלן אויפגערייצט געגען זיך דעם צאָרן פון אַ גרויסער צאָל פון זיינע אָנהענגער אין קאָנגרעס איבער אַ פראַגע וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבען אַרויפשווימען פון אויבען, כאָטש גאַנץ אַקטועל איז זי געוואָרען ערשט נאָך דער מלחמה, די פראַגע פון רעקאָנסטרוקציע. עס איז דאָ וויכטיג די פראַגע גענוי צו באַטראַכטען צוליב צוויי טעמים: ערשטענס, צוליב דער ראָלע וואָס זי האָט געשפּילט אין דער פּאָליטישער סיטואַציע פון 1864, און צווייטענס, ווייל זי גיט אַ געלעגענהייט צו משפּט'ן ווי אַזוי לינקאָלן וואָלט געוועזען געהאַנדעלט בנוגע דער סאוט נאָך דער מלחמה, ווען ער וואָלט געבליבען לעבען און וואָלט געזעסען אויף דעם פּרעזידענט־שטול.

לינקאָלן איז פון אָנפאַנג אָן געשטאַנען אויפ'ן שטאַנדפּונקט, אז די שטאַטען וואָס האָבען געמאַכט דעם אויפשטאַנד זיי־

נען געזעצליך קיינמאל פון די פאראייניגטע שטאטען ניט ארויס. ער האט אין זיין איינשווערונגס־רעדע אין 1861 געזאגט: „קיין שטאט קען ניט געזעציליך ארויסטרעטען פון דער יוניאן". די שטאטען וואס האבען זיך אפגעריסען זיינען אין פרינציפ מיט־גלידער פון די פאראייניגטע שטאטען אזוי ווי געווען. מער ניט, זיי אנטזאגען זיך צו פאלגען די געזעצען פון די פאראייניגטע שטאטען. דארף מען זיי צווינגען דאס צו טאן. אזוי שנעל ווי זיי וועלען זיך אונטערגעבען און דערקלערען אז זיי זיינען וויליג צו פאלגען די געזעצען קענען זיי אנפאנגען צו פונקציאנירען אלס שטאטען אזוי ווי פריער, פאר דעם אויפשטאנד.

געוויסע שטאטען אין דער סאוט זיינען טאקע טיילווייז אריינגענומען געווארען צוריק אין פארלויף פון די ערשטע יארען פון קריג. לינקאלן האט דערלויבט די בירגער אין די באזיגטע געגענדען וואו עס איז געווען אבסאלוט רואיג, צו שיקען פאר־שטייער צום קאנגרעס אין וואשינגטאן. אין דעצעמבער, 1862, זיינען אין לואיזיאנא אויסגעוויילט געווארען צוויי קאנגרעסלייט און דער קאנגרעס האט זיי ערלויבט צו פארנעמען זייערע פלע־צער. דעם אכטען דעצעמבער האט לינקאלן אונטערגעשריבען א פראקלאמאציע אין וועלכער ער האט פארמולירט זיין פרינציפ בנוגע דעם, ווי אזוי די איינגענומענע שטאטען קענען ווערען צוריק גוטשטייענד. זיין פלאן איז געווען אזוי: אויב צען פראצענט פון די בירגער וואס האבען אין א שטאט געשטימט אין די וואלען פון 1860, שווערען איצט טרייהייט צו די פאר־אייניגטע שטאטען, מעגען זיי ארגאניזירען א שטאט־רעגירונג. די שטאט־רעגירונג וועט אנערקענט ווערען פון די פאראייניגטע שטאטען, זי מוז אבער פאלגען דעם נייעם געזעץ וואס האט אין די רעוואלטירטע שטאטען אפגעשאפט שקלאפעריי. ווייטער האט לינקאלן אין דער פראקלאמאציע דערקלערט, אז יענע בירגער אין די רעוואלטירטע שטאטען וואס וועלען שווערען טרייהייט צו די פאראייניגטע שטאטען, וועלען באקומען פולע באגנאדיגונג און וועלען צוריקקריגען אלע זייערע רעכט און זייער אייגענטום, נאר ניט זייערע שקלאפען.

אויף דעם סמך פון דער דאָזיגער פּראָקלאַמאַציע זיינען אָר־גאַניזירט געוואָרען לאָיאַלע שטאַט־רעגירונגען אין אַרקאַנסאַ און לואיזיאַנאַ.

די פּראָקלאַמאַציע פון פּרעזידענט האָט שטאַרק אויפגעבראַכט דעם קאָנגרעס. טייל קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרען זיינען געווען אין כעס וואָס לינקאָלן האָט זיך גענומען דאָס רעכט אין אַזאַ וויכטיגער אַנגעלעגענהייט צו האַנדלען אַליין. זיי האָבען גע־טענה'ט, אַז לויט דער קאָנסטיטוציע קען דער פּרעזידענט ניט אַריינעמען קיין נייעם שטאַט אין דער „יוניאָן" אָן דער צו־שטימונג פון קאָנגרעס. נאָכמער, לויט דער קאָנסטיטוציע ווע־רען נייע שטאַטען נאָר אַריינגענומען פון קאָנגרעס, און ערשט דערנאָך גיט דער פּרעזידענט זיין צושטימונג. די קאָנגרעס־לייט האָבען באַטראַכט די רעוואָלטירטע שטאַטען אַלס אויסגע־שלאָסענע. איצט דאַרף מען זיי אַריינעמען איבעראַנייעס. און דאָס קען טאָן בלויז דער קאָנגרעס.

טייל קאָנגרעסלייט זיינען געווען אין כעס דערפאַר וואָס לינ־קאָלן האָט אַזוי מילד געהאַנדעלט מיט די רעוואָלטירטע שטאַטען. זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז אַזאַ ליבעראַלע, מילדע האַנדלונג מיט בונטאָוושטשיקעס איז אַ געפאַר, ווייל זי וועט צוגעבען מוט יענע שטאַטען, וועלכע זיינען נאָך געשטאַנען אין קאַמף געגען דער „יוניאָן".

אַלס ענטפער אויף לינקאָלנ'ס פּראָקלאַמאַציעס האָט דער קאָנגרעס אין יולי אָנגענומען אַ ביל, וועלכער האָט פאָרגעלייגט אַ גאַנץ אַנדער וועג ווי אַזוי די רעוואָלטירטע שטאַטען זאָלען צוריק אַריינגענומען ווערען. נאָכדעם ווי דער שטאַט וועט זיך אונטערגעבען, זאָלען די בירגער דאָרט פאַררופען אַ קאָנוועגשאָן צו גרינדען אַ שטאַט־רעגירונג. די קאָנוועגשאָן מוז אָננע־מען דריי באַשלוסען: ערשטענס, אַז יענע בירגער, וועלכע האָ־בען פאַרנומען פּראָמינענטע עמטער אין דער מיליטערישער אָדער ציווילער אָרגאַניזאַציע פון דער קאָנפעדעראַציע זאָלען פאַרלי־רען זייער שטימרעכט; צווייטענס, אַז שקלאַפעריי איז אין דעם שטאַט אָפּגעשאַפט; דריטענס, אַז דער שטאַט זאָל ניט צאָלען

די חובות פון דער קאנפעדעראציע־רעגירונג. אויב דער קאנ־רעס אין וואשינגטאן וועט זיין צופרידען מיט די האנדלונגען פון דער קאנווענשאן זאל דער פרעזידענט האבען דאס רעכט דעם שטאט צוריק אריינצונעמען.

לוט דעם דאזיגען באשלוס האט דער קאנגרעס געהאט די הויפט דעה אין אריינצונעמען צוריק די שטאטען. דער ביל איז אנגענומען געווארען איןביידע צווייגען פון קאנגרעס. לינקאלן האט זיך אנטזאגט אים אונטערצושרייבען. ער האט ארויסגעגע־בען א דערקלערונג פאר זיין האנדלונג. ער האט געזאגט, אז ער איז ניט געגען דעם פלאן פון קאנגרעס. דער פלאן וואלט אבער אפגעשאפט די נייע שטאט־רעגירונגען אין ארקאנסא און אין לואיזיאנא, און דאס וואלט שלעכט געווירקט אויף די לאָ־יאלע בירגער אין יענע שטאטען. ער האט אויך ניט געוואלט צוגעבען, אז בלויז דער קאנגרעס האט דאס רעכט די שטאטען צוריק אריינצונעמען. ער איז אויך ניט צופרידען געווען מיט דעם פונקט וועגען שקלאפעריי. לויט דער קאנסטיטוציע, האט ער געזאגט האט דער קאנגרעס קיין רעכט ניט אפצושאפען שקלא־פעריי אין די שטאטען. שקלאפעריי קען אפגעשאפט ווערען נאר דורך אן אמענדמענט צו דער קאנסטיטוציע. אין אלגעמיין האט לינקאלן געוואלט, אז די גאנצע פראגע וועגען „ריקאנסטרוקציע" און וועגען צוריק אריינגעמען די שטאטען, זאל בלייבען אפען. עס דארף ניט באשטימט ווערען בלויז איין געוויסער וועג ווי אזוי דאס צו טאן. עס קענען זיין עטליכע פארשידענע וועגען און אלע גוטע.

לינקאלן איז ביטער אטאקירט געווארען דערפאר וואס ער האט ניט אונטערגעשריבען דעם ביל. זיין האנדלונג איז פאר־דאמט געווארען אלס „א קלאפ פאר די פריינד פון דער אדמיניס־טראציע, געגען די רעכט פון דער מענשהייט און געגען די פרינ־ציפען פון רעפובליקאנישער רעגירונג."

דער שטורם איבער דער פראגע פון רעקאנסטרוקציע איז פארגעקומען נאך דעמאלט, ווען דאס לאנד האט זיך גערודערט מיט וואלען־פאליטיק. דעמאלט זיינען לינקאלנ'ס אקציעס אלס

קאַנדידאַט געשטאַנען זייער נידעריג. זיינע פּאָליטישע געגנער, איבערהויפּט די דעמאָקראַטען, האָבען זיך נאַטירליך באַנוצט מיט דער פּאַסירונג אין זייער אַגיטאַציע געגען לינקאָלנ׳ען און זיין אַדמיניסטראַציע.

די אָפּאָזיציע צו לינקאָלנ׳ען אין זיין אייגענער פּאַרטיי איז געווען זייער גרויס. אַזוי צום ווייניגסטענס, האָט עס אויסגעוויזען אין די ערשטע מאָנאַטען פון יאָר 1864. מר. דזשוליוס, אַן איינפלוסרייכער רעפּובליקאַנישער טוער פון יענער צייט, שרייבט אין זיינע מעמוארען אַז „צווישען די מער ערנסטע און איבערגעבענע רעפּובליקאַנער איןביידע צווייגען פון קאָנגרעס איז וואַרשיינליך ניט געווען איינער פון צען וואָס האָט געוואָלט, אַז לינקאָלן זאָל ווידער נאָמינירט ווערען". די רעפּובליקאַנישע טוער אין דער פּאַרטיי און אין די רעגירונגס-קרייזען זיינען געווען אָנגעשטויסען אויף לינקאָלנ׳ען צוליב פּערזענליכע אורזאַכען. לינקאָלן האָט זיי געשענקט ווייניג אויפמערקזאַמקייט, האָט זיך ווייניג גערעכענט מיט זייערע מיינונגען. מיניסטער טשעיס, צום ביישפּיל, האָט זיך אַמאָל באַקלאָגט, אַז דער קאַבינעט שפּילט אין דער אַדמיניסטראַציע קיין ראָלע ניט; לינקאָלן דריקט קיינמאָל ניט אויס דעם ווילען און די מיינונג פון זיינע מיניסטאָרען. מר. מאָרס שרייבט: „עס זיינען געווען זייער ווייניג רעפּובליקאַנישע טוער וועמען לינקאָלן האָט ניט וויי געטאָן. מר. טעדיוס סטיווענס, דער ראַדיקאַלער פירער פון די רעפּובליקאַנער אין קאָנגרעס, האָט ערקלערט, אַז אין גאַנצען קאָנגרעס איז דאָ בלויז איינער וואָס איז לינקאָלנ׳ס אַ פריינד פּאָליטיש, און עס ווערט דערציילט אַז לינקאָלן אליין האָט טרויעריג צוגעגעבען אַז דאָס איז אמת".

די אומצופרידענע אין דער פּאַרטיי האָבען זיך גרופּירט ארום דעם פינאַנץ מיניסטער טשעיס. אין יאַנואַר, 1864, האָט זיך אָרגאַניזירט אַ קאָמיטע פון פּראָמינענטע סענאַטאָרען, קאָנגרעסלייט און בירגער צו אַרבייטען פאַר דער נאָמינירונג פון טשעיס׳ען אלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט אויף דעם רעפּובליקאַנישען טיקעט. ווען לינקאָלן האָט זיך דערוואוסט פון דער באַ־

וועגונג, האָט ער זיך אויסגעדריקט אז „ער ווינשט דאָס לאנד זאָל ניט האָבען קיין ערגערען מענשען פאר פּרעזידענט ווי טשעיס איז“. די באַוועגונג פאר טשעיס׳ן האָט אָבער שנעל געפּלאַצט דורך אן איבערגעאיילטען שריט וואס די קאָמיטע האָט געמאַכט. זי האָט אָן טשעיס׳עס וויסען ארויסגעשיקט א בריף צו רעפּובליקאַנישע טוער איבער׳ן לאנד, אין וועלכען לינקאָלן איז שאַרף קריטיקירט געוואָרען. דער בריף האָט געזאָלט זיין א געהיימער, אָבער די צייטונגען האָבען באַקומען א קאָפּיע און אים פאַרעפּענטליכט. טשעיס האָט זיך געפונען אין א שלעכטער לאגע. ער האָט גלייך געשריבען צו לינקאָלנ׳ען אז ער האָט פון דעם בריף ניט געוואוסט, און אז אונטער די אומשטענדען געפינט ער עס פאר זיין פליכט אָנצובאָטען זיין רעזיגנאַציע פון קאַבינעט. לינקאָלן האָט געענטפערט זייער פריינדליך. ער האָט אים פאַרזיכערט, אז ער האָט דעם בריף ניט געלייענט. וואס אנבאַלאַנגט דער רעזיגנאַציע האָט לינקאָלן ערקלערט, אז ער נעמט זי ניט אָן ווייל ער געפינט אז טשעיס איז גוט פאר דעם אמט פון פינאַנץ־מיניסטער.

די פּאַסירונג האָט געגעבען אַ שטאַרקען קלאַפּ דער טשעיס־באַוועגונג. באַלד האָט פּאַסירט נאָך עטוואס וואס האָט די באַוועגונג איינגאַנצען געטויט. טשעיס האָט ערקלערט אז ער וועט ניט מסכים זיין צו זיין א קאַנדידאַט, סיידען די רעפּובליקאַנער אין זיין אייגענעם שטאַט, אין אָהייאָ, וועלען אים פריער איינדאָרסירען. אין פעברואר האָבען די רעפּובליקאַנער מיטגלידער פון דער אָהייאָ לעדזשיסלייטשור אָפּגעהאַלטען אַ באַראַטונג און „אין נאָמען פון פאָלק און פון די סאָלדאַטען פון אונזער שטאַט“ ערקלערט, אז זיי שטיצען לינקאָלנ׳ען פאר אַ צווייטען טערמין. דאָס האָט געמאַכט אַ סוף צו טשעיס׳עס האָפענונגען און אַמביציעס צו ווערען פּרעזידענט. אין מאַי האָט ער געלאָזט וויסען עפענטליך, אז ער וויל מען זאָל וועגען אים אָלס אַ קאַנדידאַט מער ניט ריידען און זיין פאַרלאַנג איז באַוויליגט געוואָרען.

נאָך דער פּאַסירונג איז טשעיס לאַנג ניט פאַרבליבען אין קאַבינעט. די באַציאונגען צווישען אים און לינקאָלנ׳ען זיינען

געוואָרען מער און מער אָנגעצויגען. אין יוני האָט ער ווידער אריינגעשיקט זיין רעזיגנאַציע און דאָס מאָל האָט זי לינקאָלן אָנגענומען.

די ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער האָבען זיך איצט גענומען גרופּירען ארום גענעראַל פרעימאָנט, דעמזעלבען פרעימאָנט וואָס האָט אין מיזורי פּראָקלאַמירט די באַפרייאונג פון די שקלאַפען. לינקאָלן האָט דעמאָלט פרעימאָנט'ס פּראָקלאַמאַציע צוריקגעצויגען. פון דעמאָלט אָן איז פרעימאָנט באַטראַכט געוואָרען אלס דער פאָרשטייער פון די ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער וועלכע האָבען געפאָדערט די באַלדיגע אפּשאַפונג פון שקלאַפעריי אלס הויפּט פונקט פון דער מלחמה. פרעימאָנט'ס אָנהענגער האָבען איצט ארויסגעלאָזען אן אויפרוף צו אַ קאָנווענשאָן, וועלכע זאָל זיך פארזאַמלען דעם 31טען מאַי אין קליוולאַנד. צווישען די אָנהענגער פון דער פרעימאָנט־באַוועגונג איז געווען דער באַרימטער אבאָלישאָניסט ווענדעל פיליפּס, וועלכער האָט אָנגערופען די לינקאָלן־אַדמיניסטראַציע „אַ מיליטערישער און ציווילער דורכפאַל". דערביי מוז באַמערקט ווערען אז ווענדעל פיליפּס איז געווען אַן אויסנאַם. די אַנדערע וויכטיגע פירער פון דער אבאָליציאַניסטען באַוועגונג, ווי צום ביישפּיל, וויליאַם לאָיד גערריסאָן, זיינען געשטאַנען פאַר לינקאָלנ'ס ווידערערוויילונג. אמת, זיי זיינען אויך ניט געווען אינגאַנצען צופרידען מיט לינקאָלנ'ס האַנדלונגען בנוגע שקלאַפעריי. זיי האָבען אָבער געוואוסט, אז ווען לינקאָלן וועט זיין פּרעזידענט וועט שקלאַפעריי סוף־כל־סוף אָפּגעשאַפט ווערען, און אז אויב די רעפּובליקאַנער וועלען נאָמינירען אן אַנדערען איז דאָ אַ געפאַר, אז די דעמאָקראַטען וועלען ארויס די זיגער און דעמאָלט וועט שקלאַפעריי פארבלייבען.

די קליוולאַנדער קאָנווענשאָן איז ניט געווען קיין ערפאָלג. די צאָל מענשען, וואָס זיינען צו איר געקומען איז געווען פארהעלטניסמעסיג קליין. זי האָט אָבער אפּגעטאָן איר ארבייט. זי האָט נאָמינירט פרעימאָנט'ן פאַר פּרעזידענט און גענעראַל קאָקרען פאַר וויים־פּרעזידענט. אין פארלויף פון זומער האָבען די פרעימאָנט'אַנער אנגעשטרענגט אלע זייערע כוחות צו שאפען אין

לאנד א שטימונג פאר זייער קאנדידאט. זיי האָבען אבער קיין ערפאלג ניט געהאט. פרעימאָנט האָט זיך איבערצייגט, אז ער האָט קיין שאנסען ניט דערוויילט צו ווערען און אין סעפטעמבער האָט ער געלאָזט וויסען אז ער ציט זיך צוריק. פרעימאָנט איז אלזאָ אויך ארויס פון רעדעל.

די אגיטאציע געגען לינקאָלנ׳ען איז אָבער פאָרטגעזעצט געווארען. טייל פון די איינפלוסרייכסטע צייטונגען זיינען ארויסגעטראטען געגען אים. דער בארימטער רעדאקטאָר האָרעים גרילי, פון דער ניו יארק „טריביון", האָט ניט אויפגעהערט אים צו אטאקירען. איינער פון זייערע ארגומענטען איז געווען, אז א פרעזידענט טאָר מער ווי איין טערמין ניט דינען. זיי האָבען אָנגעוויזען, אז פאר די לעצטע דרייסיג יאר, זינט דזשעקסאָנ׳ען, איז קיין איין פרעזידענט ניט דערוויילט געווארען פאר מער ווי איין טערמין.

די רעפובליקאנישע קאָנווענשאָן האָט געדארפט פארקומען דעם 7טען יוני אין באלטימאָר. לינקאָלנ׳ס געגנער האָבען אנגעשטרענגט אלע זייערע כוחות צו ווירקען אז די קאָנווענשאָן זאל אָפּגעלייגט ווערען ביז סעפטעמבער. זיי האָבען געהאָפט, אז ביז דעמאָלט וועט פיליכט עטוואס פאסירען וואס וועט לינקאָלנ׳ען דיסקרעדיטירען און צווינגען די פארטיי אים אויסצובייטען אויף אן אנדערען. דאָס האָט זיך זיי אָבער ניט איינגעגעבען. די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאלטען געווארען אין דעם באשטימטען טאָג. לינקאָלן האָט אויף דער ערשטער אָפּשטימונג באקומען די שטימען פון אלע דעלעגאטען אויסער די 22 וואס האָבען פארטראטען מיזורי. יענע 22 האָבען געשטימט פאר גענעראל גרענט. אָבער איידער מען האָט געענדיגט דאָס ציילען, האָבען די 22 חרטה געהאט און לינקאָלן איז נאָמינירט געווארען איינשטימיג. אלס וויים־פרעזידענט איז נאָמינירט געווארען ענדרו דזשאנסאָן, א מלחמה־דעמאָקראט.

אויף דער פלאטפאָרמע וואס די קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען זיינען געווען די פאלגענדע הויפט פונקטען: שקלאפעריי מוז פארטריבען ווערען פון די פאראייניגטע שטאטען און די

קאָנסטיטוציע מוז אזוי אַמענדירט ווערען, אז עס זאָל אוממעגליך זיין ווידער איינצופירען שקלאַפעריי; קיין פּשרות מיט דער קאָנ־פעדעראַציע, זי מוז זיך אינגאַנצען אונטערגעבען; די רעגירונג זאָל דערמוטיגען אימיגראַציע. צו אַ קאָמיטע וואס איז אים געקו־מען גראַטולירען מיט זיין נאָמינאַציע האָט לינקאָלן געזאָגט אזוי:

„איך ערלויב מיר ניט צו גלויבען, אז די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען אז איך בין דער בעסטער און דער גרעסטער מאַן אין אמעריקע. איך גלויב, אז זי האָט מיך נאָמינירט ווייל זי האָט באַשלאָסען, אז עס איז בעסער ניט צו בייטען קיין פערד אין מיטען וועג ווען מען פאָרט איבער א טייך" (די פראַזע איז פאַר־בליבען באַרימט אַלס אַ שפּריכוואָרט ביים אמעריקאַנער פאָלק).

מעקמעסטער שרייבט: „פאר דער קאָמיטע וואס איז גע־קומען אים אָנזאָגען וועגען זיין נאָמיאַציע האָט לינקאָלן אונטער־שטראַכען, אז ער שטיצט דעם פּונקט אין דער פּלאַטפאָרמע, וועל־כע פאָדערט אז אין דער קאָנסטיטוציע זאָל אריינגעשריבען ווע־רען אַן אַמענדמענט צו פארבאָטען שקלאַפעריי. דאָס וואָס לינ־קאָלן האָט ביי דער געלעגענהייט אויפגעהויבען דעם דאָזיגען פּונקט אין דער פּלאַטפאָרמע און גראָד וועגען אים גערעדט, איז ניט געווען קיין צופאַל. גראָד דעמאָלט האָט דער קאָנגרעס גע־האַלטען אין פארהאַנדלען דעם אַמענדמענט... די דעמאָקראַטישע קאָנגרעסלייט האָבען געשטימט געגען דעם אמענדמענט און ניט געוואָלט דערלאָזען מען זאָל אים אָננעמען. די פראַגע וועגען אַן אַמענדמענט צו פארבאָטען שקלאַפעריי איז אויף אזא אופן גע־ווארען דער הויפּט שטרייטפּונקט אין דער פּרעזידענט־קאַמפּאַניע צווישען די דעמאָקראַטען און די רעפּובליקאַנער."

די דעמאָקראַטישע פּארטיי האָט איר קאָנווענשאָן אָפּגעהאַל־טען דעם 29טען אוגוסט. דאָס האָט זי געטאָן בכיון. דער זו־מער איז געווען זייער אַ שלעכטער פאַר דער נאָרט. די האָפע־נונג וואס לינקאָלן האָט געלייגט אויף גרענט'ן איז ניט פאַר־ווירקליכט געווארען. גרענט האָט ניט איינגענומען ריטשמאָנד און שערמאַן אין דער וועסט האָט נאָך דעמאָלט ניט דערגרייכט

זיין ציל איינצונעמען אטלאנטא. די הוצאות פון דער מלחמה זיינען געווען אונגעהייער גרויס, — צוויי מיליאן דאלער א טאג. די רעגירונגס־קאסע איז געווען אויסגעשעפט. אין קורצען האט מען געדארפט דורכפירען א נייעם „דראפט" צו קריגען נאך סאלדאטען. די דעמאקראטען האבען געהאפט אז אין פארלויף פון די נעקסטע עטליכע מאנאטען וועט די לאגע נאך ערגער ווערען און דעמאלט וועט זייער פארטיי זיין אימשטאנד בעסער צו אורטיילען וואס פאר א פרעזידענט־קאנדידאט ארויסצושטעלען געגען לינקאלנ'ען.

דערווייל האבען 43 דעמאקראטישע קאנגרעסלייט פאר־עפענטליכט א מאניפעסט צום פובליקום אין וועלכען זיי האבען אויסגערעכענט אלע פעלערען פון דער אדמיניסטראציע און אלע חטאים פון לינקאלנ'ען, און האבען גערופען צו אן ענדערונג אין דער אדמיניסטראציע. צווישען די אויסגערעכענטע „פארברע־כענס" איז געווען דאס, וואס מען נעמט אריין נעגער אין דער ארמיי און מען גיט זיי דיזעלבע רעכט און דיזעלבע פרייהייטען ווי די ווייסע סאלדאטען. „דאס רייסט ארונטער די וואנט צווישען די ראסען".

די דעמאקראטישע קאנווענשאן איז אפגעהאלטען געווארען אין שיקאגא, דעם 29טען אוגוסט. איינער פון אירע הויפט פירער איז געווען וואלענדינגהעם, דערזעלבער וואס איז ארויס־געשיקט געווארען פון לאנד פאר זיינע אטאקעס אויף לינ־קאלנ'ען. די קאנווענשאן האט אנגענומען א רעזאלוציע, אז די מלחמה איז געווען א דורכפאל, אז זי מוז גלייך אפגע־שטעלט ווערען און אז פרידען מוז געשלאסען ווערען. ווי אזוי דער פרידען זאל געשלאסען ווערען האט זי ניט קלאר געמאכט. די דעמאקראטען זיינען וועגען דעם ניט געווען איייניג צווישען זיך. זיי האבען אבער אלע איינגעשטימט אז נעגער שקלאפעריי מוז אויף ווייטער ערלויבט זיין אין דער סאוט. די פראגע איז געווארען איינע פון די הויפט אישום צווישען די צוויי פארטייען אין דעם וואלקאמף. אלס פרעזידענט־קאנדידאט האט די קאנ־ווענשאן נאמינירט גענעראל מעקלעלאנ'ען.

אין אוגוסט האָט עס אויסגעוויזען, אז לינקאָלן האָט ווייניג אויסזיכטען דערוויילט צו ווערען. ער אַליין איז געווען פּעסי־מיסטיש. דעם 26טען אוגוסט האָט ער אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר אָנגעשריבען די פאָלגענדע ווערטער: „היינט אין דערפרי, אזוי ווי אין די פאָריגע עטליכע טעג, זעט עס אויס אז העכסט וואַר־שיינליך וועט די אדמיניסטראציע צוריק ניט דערוויילט ווערען. דעמאָלט וועט זיין מיין פליכט מיטצואַרבייטען מיט דעם ניי־ערוויילטען פּרעזידענט צו ראַטעווען די יוניאָן אין פאַרלויף פון דער צייט צווישען דעם וואַלטאָג און דעם איינשוועדונגס־טאָג, ווייל ער וועט דערוויילט ווערען אויף אַזעלכע יסודות, אַז אים וועט אוממעגליך זיין שפּעטער די יוניאָן צו ראַטעווען.״ ער האָט דאָס שטיקעל פּאַפּיר צונויפגעלייגט אזוי אַז קיינער האָט עס ניט געקענט לייענען און האָט געבעטען די קאַבינעט־מי־ניסטאָרען זיי זאָלען אונטערשרייבען זייערע נעמען אויף דער צווייטער זייט. ער האָט דאָס פּאַפּיר קיינעם ניט געוויזען ביז נאָך די וואַלען. ער האָט עס געטאָן ווייל ער האָט געוואָלט מען זאָל שפּעטער וויסען ווי אַזוי ער האָט געפילט אין יענע טעג ווען ער האָט ניט געהאָפט ווידער דערוויילט צו ווערען, און וואָס זיינע פלענער זיינען דעמאָלט געווען.

גלייך נאָכדעם ווי די דעמאָקראַטען האָבען זייער קאָנ־ווענשאָן געשלאָסען און דער וואַלקאַמף האָט זיך אָנגעפאַנגען האָט די זון אָנגעהויבען אויפצוגיין פאַר לינקאָלנ׳ען און פאַר דער נאָרט. אָנפאַנג סעפּטעמבער האָט שערמאַן איינגענומען אַטלאַנטאַ. דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען די רייע נצחונות וואָס שערידאַן האָט אין פאַרלויף פון די צוויי מאָנאַטען, סעפּטעמבער און אָקטאָבער, אָפּגעהאַלטען אין דעם שענאַנדאָהאַ טאָל. אויך אויפ׳ן ים האָט די די פלאָטע פון דער נאָרט געהאַט וויכטיגע נצחונות. דער געשריי פון די דעמאָקראַטען, אַז די מלחמה איז אַ דורכפאַל האָט איצט גענומען פאַרלירען זיין האַפט. דער פּרעסטיזש פון דער אדמיניסטראַציע האָט זיך געהויבען פון טאָג צו טאָג.

אין פאַרלויף פון די וואַלקאַמף־מאָנאַטען האָבען זיך אַלע

פראקציעס פון דער רעפובליקאנישער פארטיי פאראייניגט ארום לינקאלנ'ען. זיי האבען איצט איינגעזען, אז אויב זיי וועלען זיין צוטיילט איז דא א געפאר אז די דעמאקראטען וועלען זיגען, און אויב דאס וועט געשען וועט די סאוט ארויס די זי־גערין אין דער מלחמה. די פרעסע פון דער סאוט האט אנגע־פירט א שטארקע אגיטאציע פאר מעקלעלאן. א צייטונג אין טשארלסטאן, סאוט קאראליינא, האט געשריבען אז „די אר־מייען פון דער סאוט און די דעמאקראטען אין דער נארט האבען דעמזעלבען ציל". הארעיס גרילי, אין דער „טריביון", האט ערקלערט, אז ער וועט פון איצט אן ארבייטען פאר דער ווי־דערערוויילונג פון לינקאלנ'ען, ווייל בעסער לינקאלן איידער א צוריסען לאנד אדער א פאראייניגט לאנד מיט שקלאפעריי. די רעפובליקאנער זיינען געווען איבערצייגט, און דאס איז טאקע געווען ריכטיג, אז אויב מעקלעלאן וועט דערוויילט ווערען וועט געשען איינע פון די צוויי זאכען: ענטוועדער די נארט וועט נאכגעבען דער סאוט, און איר דערלויבען צו האבען אן אייגענע רעגירונג, אדער די סאוט וועט איינוויליגען צוריק אריינצו־גיין אין דער יוניאן מיט דעם תנאי אז שקלאפעריי זאל אנער־קענט ווערען אלס א געזעצליכע אינסטיטוציע אין גאנצען לאנד.

אלע פריערדיגע געגנער לינקאלנ'ס האבען איצט אגיטירט פאר אים. טשעיס איז ארויסגעפארען און גערעדט פאר אים אין אהייא. פרעימאנט האט זיך צוריקגעצויגען אלס קאנדידאט און האט פארעפענטליכט א בריף אין וועלכען ער האט דער־קלערט: „איך טו דאס ניט כדי צו העלפען ברענגען א נצחון פאר לינקאלנ'ען, נאר מיטצוהעלפען אז א דעמאקראטישער קאנ־דידאט זאל ניט אויסגעקליבען ווערען". דיזעלבע שטעלונג ווי פרעימאנט האבען גענומען א סך ראדיקאלע רעפובליקאנער. זיי זיינען ניט געווען צופרידען מיט לינקאלנ'ען אבער זיי האבען אים געהאלפען, ווייל זיי האבען מורא געהאט טאמער וועט מעקלע־לאן געווינען.

די דעמאקראטען האבען אנגעפירט א שטורמישע קאמפאניע. זיי זיינען געווען זייער טעטיג אין ניו יארק און אין אנדערע

גרויסע שטעט. „קיינמאָל, שרייבט מעקמעסטער, זיינען אין ניו יארק ניט געווען אזוי פיל דעמאָנסטראַציעס, אזוי פיל פּאראַדען, אזוי פיל פייערווערק, אזוינע ריזיגע מאסענפארזאמלונגען, אזא ענטוזיאזם". די דעמאָקראַטישע רעדנער האָבען זיך אָפּגעשטעלט הויפּטזעכליך אויף דער שטעלונג פון די צוויי געגנערישע קאַנדידאַטען צו דער פראַגע פון פרידען. לינקאָלן האָט אין אַן אָפענעם בריף צום עולם דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו אונטערהאנדלען וועגען פרידען אויף צוויי באַדינגונגען: די סאוט זאָל צוריק אריין אין דער יוניאָן און זאָל זיך אָפּזאָגען פון שקלאַפעריי. מעקלעלאן האָט דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו פארהאַנדלען וועגען פרידען בלויז אויף איין באַדינגונג, די סאוט זאָל צוריק אריין אין דער יוניאָן. לינקאָלן וויל אלזאָ פירען מלחמה צוליב שקלאַפעריי. דאָס האָבען די דעמאָקראַטישע רעדנער פארדאַמט אַלס אַן „אייביגע קללה". זיי האָבען דערקלערט, אַז אויף לינקאָלנ'ס באַדינגונגען וועט די מלחמה אָנהאַלטען אזוי לאַנג ווי עס וועט זיין איין לעבעדיגער מענש אין דער סאוט. די סאוט וועט זיך קיינמאָל פון שקלאַפעריי ניט אָפּזאָגען. זיי האָבען באַשולדיגט לינקאָלנ'ען אַז אים אַרט גאָר ניט די גאַנצקייט פון לאַנד, ווייל אויב דאָס וואָלט אים געאַרט, וואָלט ער אויפגעגעבען די פאָדערונג וועגען שקלאַפעריי.

די רעפּובליקאַנישע רעדנער האָבען אויף די ארגומענטען געענטפערט, אַז שקלאַפעריי טאָר מער אין לאַנד ניט עקזיסטירען, אַז די פאראייניגטע שטאַטען קען מער ניט זיין פארבונדען מיט שטאַען וואו עס הערשט שקלאַפעריי. אויב די סאוט מוז אריין צוריק אין דער יוניאָן, מוז זי ווערען ריין פון שקלאַפעריי. די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי האָט געמאכט ספּעציעלע אָנשטרענגונג צו קריגען די שטיצע פון די ארבייטער. זי האָט אָנגעוויזען דערויף וואס לינקאָלן האָט אין א רעדע געזאָגט: „ארבייט איז העכער ווי קאַפּיטאַל און פארדינט מער אנערקענונג". ער האָט אויך ערקלערט אַז דער אויפשטאַנד פון דער סאוט איז א „קריגס ערקלערונג געגען די רעכט פון אַלע ארבייטער". די רעפּובליקאַנישע רעדנער האָבען אָנגעוויזען, אַזביידע קאַנדידאַטען פון דער

רעפובליקאנישער פארטיי געהערען צום ארבייטער־קלאס; לינ־קאלן און דזשאנסאן האבעןביידע געשטאמט פון ארימע פאמי־ליעס און געמוזט ארבייטען זיך צו דערנערען.

אין אקטאבער האבען זיך באוויזען די ערשטע סמנים פון לינקאלנ'ס שטארקייט. דעם מאנאט זיינען פארגעקומען וואלען אין די שטאטען פענסילווייניא, אהייא און אינדיאנא. אין די אלע שטאטען האבען די רעפובליקאנער געוואונען. די דעמא־קראטען האבען אבער ניט אויפגעגעבען זייער האפענונג. זיי האבען פארטגעזעצט זייער טיכטיגען, ענטשלאסענעם און ענטו־זיאסטישען קאמף ביז'ן לעצטען טאג.

די וואלען אין לאנד זיינען פארגעקומען דעם 8טען נא־ווענבער. לינקאלן האט באקומען 212 עלעקטארישע שטימען און מעקלעלאן בלויז 21. מעקלעלאן האט געוואונען ניט מער ווי דריי שטאטען: ניו דזשוירזי, דעלעווער און קענטאקי.

„די נאכט פון די וואלען, שרייבט מארס, איז לינקאלן געזע־סען ביז צוויי א זייגער אין קריגס־ביורא און דארט דערהאלטען די באריכטען וועגען זיין זיג... ווען ער איז צוריקגעקומען אהיים אין ווייסען הויז האט אויף אים געווארט אן עולם מענ־שען. זיי האבען פארלאנגט ער זאל זאגען עטליכע ווערטער. ער האט ערקלערט: „מיין דאנקבארקייט איז ריין פון דעם פלעק פון פערזענליכען טריאומף. איך צווייפעל ניט אין די מאטיווען פון מיינע געגנער. פאר מיר איז עס ניט קיין פאר־גענינגען צו טריאומפירען איבער אימיצען. אבער איך דאנק דעם אלמעכטיגען דערפאר וואס דאס פאלק האט איצט באַ־וויזען, אז עס איז ענטשלאסען צו שטיין פעסט פאר א פרייער רעגירונג און פאר מענשליכע רעכט".

צוויי טעג שפעטער האט לינקאלן אין א רעדע אויסגעֿ־דריקט די זעלבע געפילען אביסעל שטארקער. „איצט אז די וואלען זיינען פאריבער, לאמיר זיך אלע פאראייניגען צו רא־טעווען אונזער אלעמענס לאנד. וואס איז שייך מיר האב איך געשטרעבט און וועל ווייטער שטרעבען אויסצומיידען צו לייגען שטערונגען אין וועג. אזוי לאנג ווי איך בין דא האב

איך באוואוסטזיניג קיינעם ניט אריינגעשטאָכען א דאָרן אין זייט.... פילענדיג טיף דעם כבוד וואס די דערוויילונג האָט מיר צוגעטיילט . . . האָב איך אָבער ניט קיין הנאה דערפון, וואס אנדערע זיינען אנטוישט אָדער זיינען געקרענקט פון דעם רעזול־טאט".

## קאפיטעל 27.

# גנבות, קאָרופּציע און הולטאַיסטוואָ אין די רעגי־רונגס־קרייזען.

דער בירגער־קריג האָט געבראַכט די אַלע סאָציאַלע און פּאָליטישע קללות וואָס אַלע מלחמות ברענגען. די ריזיגע הוצאות פון דער רעגירונג אין שייכות מיט׳ן קריג האָבען גע־ווירקט ווי א מאַגנעט צוציען קאָרופּטע געשעפטסלייט וועלכע האָ־בען זיך פאַרבונדען מיט קאָרופּטע בעאַמטע און צוזאַמען האָ־בען זיי באַרויבט און באַ׳גנב׳עט די רעגירונג. מענשען וואָס זיינען ערשט נעכטען געווען אָרימעלייט זיינען אויף אַזאַ אופן געוואָרען שטיין רייך. אין די שווינדלען און גנבות האָבען זיך באַטייליגט גאָר אנגעזעענע סוחרים און פינאַנסירען. טייל פון די גאָר גרויסע מיליאָנערסקע פאַמיליעס אין דער איצטיגער אַמע־ריקאַ האָבען דעמאָלט אוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פון זייער פאַרמעגען. צוזאַמען מיט׳ן גרינגען געלט איז געקומען הול־טאַיסטוואָ און פאַרשווענדעריי. די רייכע קלאַסען האָבען זיך געבאָרען אין לוקסוס און געהולטאַיעוועט אין דער צייט וואָס אויף די שלאַכטפעלדער האָט זיך געגאָסען בלוט ווי וואַסער. די הולטאַיסטוואָ און אויסגעלאַסענקייט איז אריינגעדרונגען אין די הויכע פענסטער פון דער וואַשינגטאָנער געזעלשאַפט.

ווען סטענטאָן איז געוואָרען קריגס־מיניסטער האָט ער באַ־שטימט א קאָמיסיע אויסצופאָרשען די קאָנטראַקטען וואָס דער פריערדיגער מיניסטער האָט ארויסגעגעבען. די קאָמיסיע האָט געפונען, אַז די סיסטעם פון ארויסגעבען קאָנטראַקטען איז גע־ווען ניט קיין פאָרזיכטיגע און אַז געוויסע קאָנטראַקטאָרס וואָס וואָלטען אין פּריוואַט־געשעפט געווען ערליך האָבען די רעגי־

רונג באשווינדעלט. טייל קאָנטראקטען זיינען איבערגעגעבען געווארען צו רויבערישע אגענטען. א גרויסער טייל פון די סאָלדאטען זיינען פון די שווינדלער באוואפענט געווארען מיט זייער שלעכטע ביקסען. א יונייטעד סטייטס סענאטאָר האָט באקומען צען טויזענד דאָלער כאבאר פאר קריגען א קאָנטראקט פון דעם קריגס־דעפּארטמענט פאר א געוויסער פירמע. די קאָמיסיע האָט אויפגעדעקט אזוי פיל שווינדעל, אז געוויסע פירמען וואס האָבען ביי דער רעגירונג געמאָנט לויט זייערע קאָנטראקטען די סומע פון פופציג מיליאָן האָבען אליין איינגעוויליגט אראָפּצולאָזען דערפון זיבעצען מיליאָן.

אונטער סטענטאָנ׳ס פארוואלטונג האָט זיך די לאגע פארבעסערט. אָבער אינגאנצען אויסצוראָטען די גנבות און די קאָרופּציע איז אים אויך ניט געלונגען. אין 1863 איז געמאכט געווארען אן אונטערזוכונג פון א סענאט־קאָמיטע. זי האָט ווידער אויפגעדעקט א מאסע גנבות. אָט זייגען א פּאָר שטעלען פון דער קאָמיטע׳ס באריכט: „א געבאָרענער אין פריסען, פון אפשטאמונג א איד, א פעדלער און א פערד רייטער, האָט פארקויפט פערד דער רעגירונג. ער האָט געמאכט אומגעהייערע פּראָפיטען דורכדעם וואס ער האָט אונטערגעקויפט איין אינספּעקטאָר און דריי רעגירונגס־קלערקס. שפּעטער איז ער געווארען א גרויסער שיף־אייגענטימער (כאָטש מיט עטליכע מאָנאטען פריער איז ער געווען פארהעלטניסמעסיג אָרים). ער האָט פארדונגען דער רעגירונג דרייצען שיפען צו טראנספּאָרטירען סאָלדאטען. די שיפען האָבען אים געקאָסט 65 טויזענד דאָלער. ער האָט זיי דער רעגירונג פארדונגען אויף אזעלכע באדינגונגען, אז אין איין יאר צייט וואָלטען זיי אים אריינגעטראָגען 293 טויזענד דאָלער. א צווייטער מאָן איז מיט אכצען מאָנאטען פריער געווען אן אָרימאן. איצט איז ער רייך און ווערט רייכער פון טאָג צו טאָג. ער האָט פון דער רעגירונג באקומען כמעט א מאָנאָפּאָל אויף פארדינגען שיפען פאר קריגס־צוועקען. עס איז אוממעגליך זיך פאָרצושטעלען

אז ער וואלט אזא פריווילעגיע באקומען ווען די רעגירונגס־בעאמטע וואלטען געווען ערליך.״

דער פאלגענדער פאל ווערט אויך אנגעגעבען פון דער קא־מיטע. א געוויסע פירמע אין ניו יארק האט אנגעבאטען צו פארקויפען דער רעגירונג בלייַ פאר 29 סענט א פונט. די פירמע האט דעם קאנטראקט ניט באקומען ווייל אן אנדערער האט זיך אונטערנומען צו קריגען דער רעגירונג בלייַ פאר 27 סענט א פונט. יענער האט דעם קאנטראקט באקומען. ער האט אבער אליין קיין בלייַ ניט געהאט. האט ער די בלייַ גע־קויפט ביי דער ניו יארקער פירמע און איר געצאלט די 29 סענט א פונט און עס איבערגעשיקט דער רעגירונג פאר 27 סענט. ווי אזוי האט ער עס געקענט טאן? דורך גנב'ענען אין וואג. די אנגעשטעלטע פון דער רעגירונג וואס האבען געדארפט אויפ־פאסען אויף דער וואג זיינען געווען מיט אים יד אחת. זיי האבען פון דער וואג אראפגע'גנב'עט גענוג עס זאל קלעקען ניט נאר צו דעקען די צוויי סענט אויפ'ן פונט נאר אויך צו געבען גרויסע פראפיטען פאר אלע די וואס האבען געהאט א חלק אין דעם שווינדעל.

דאס זיינען בלויז אייניגע ביישפילען פון די גנבות און פון דער קארופציע. הענרי אלקאט, איינער פון דער קאמיסיע וואס האט די שווינדלען אונטערזוכט האט מיט יארען שפעטער גע־שריבען: „עס איז מיין פעסטע איבערצייגונג, געשטיצט אויף אויספארשונגען אין א סך ביוראס און אויפ'ן אויסהערען פון טויזענדער עדות, אז צום ווייניגסטענס צוואנציג אויב ניט פינף־און־צוואנציג פראצענט פון אלע הוצאות פון דער רעגירונג אין דער מלחמה זיינען געווען באפלעקט מיט שווינדעל. דאס הייסט, אז איבער זיבען הונדערט מיליאן דאלער זיינען ענט־ווערער אויסגעצאלט געווארען צו גנבים אדער זיינען צורונען געווארען דורך שלעכטער פארוואלטונג“.

אין א לייט ארטיקעל אין דעם „ספרינגפילד רעפאבליקען״, וואס איז געדרוקט געווען אין יאנואר, 1864, באקלאגט זיך דער רעדאקטאר אויף דער אויסגעלאסענקייט און הולטאיסטווא

וואס הערשט אין די רעגירונגס־קרייזען אין וואשינגטאָן. ער שרייבט: „א טרויעריג און שווידערליך בילד שטעלט מיט זיך פאָר דאָס לעבען אין וואשינגטאָן. א ביורא אין דעם פינאנץ מיניסטעריום איז פארוואנדעלט געווארען אין אן אויסגעלאסען הויז. אָרימע אָבער שיינע מיידלאך ווערען דאָרט פארפירט. הויכע רעגירונגס־בעאמטע, קאָנגרעסלייט זעצען אריין זייערע מעטרעסעס אין רעגירונגס־שטעלען. א סענאטאָר איז אויסגע־פּאטשט געווארען אין מיטען גאס פון א פרוי, וועלכע ער האָט פארפירט. מען שיכור'ט אויף וואָס די וועלט שטייט. די רעגירונג ווערט באשווינדעלט אין די קאָנטראקטען און באַ־רויבט פון אירע אָנגעשטעלטע. וואשינגטאָן איז קיינמאָל ניט געווען אזוי העסליך קאָרופּט ווי איצט.״

רעגירונגס־בעאמטע און מיליטער־בעאמטע זיינען אויך גע־ווען פארמישט אין דעם אומגעזעצליכען האנדעל וואס איז אנ־געפירט געווארען צווישען דער נאָרט און דער סאוט אין פאר־לויף פון דער מלחמה. די געשיכטע מיט דעם דאָזיגען האנ־דעל איז זייער א פארפּלאָנטערטע. די וואשינגטאָנער רעגירונג האָט א געוויסען טייל פון דעם האנדעל ערלויבט. אזוי ווי די נאָרט האָט זיך שטארק גענויטיגט אין קאטאן איז די וואשינג־טאָנער רעגירונג צופרידען געווען אויסצובייטען געוויסע סחורות פון דער נאָרט אויף די קאטאן פון דער סאוט. וואשינגטאָן איז אויך געווען פאראינטערעסירט, אז פון דער סאוט זאָל ארויס־געפירט ווערען קאטאן פאר ענגלאנד, כדי ענגלאנד זאָל דורך דעם מאנגעל אויף קאטאן ניט געטריבען ווערען צו סימפּאטיזירען מיט דער סאוט. עס זיינען דערפאר געמאכט געווארען גע־וויסע רעגעלען, לויט וועלכע פערזאָנען האָבען באקומען ער־לויבעניש אנצופירען א האנדעל אין געוויסע סחורות מיט דער באפעלקערונג פון דעם שונא'ס לאנד און די מיליטער־בעאמטע האָבען דערלויבט, אז געוויסע סחורות זאלען דורכגעפירט ווערען היין און צוריק דורך די מיליטערישע ליניעס.

אבער די פּריווילעגיעס זיינען שרעקלך מיסברויכט געוואָ־רען די סוחרים. האָבען זיך ניט באנוגענט מיט קויפען און

פארקויפען די דערלויבטע סחורות און פראדוקטען. זיי האָ־בען געקויפט אלץ און פארקויפט אלץ פון וואס מען האָט נאָר געקענט מאכען ריוח. און כדי דאָס צו קענען טאָן האָבען זיי אונטערגעקויפט די מיליטער־בעאמטע אדער זיי געמאכט פאר שותפים אין זייערע געשעפטען. איבערהויפט איז דער אומגע־זעצליכער האנדעל אנגעפירט געווארען אין די אקופירטע גע־גענדען, אין דער וועסט און אין דער וויטער סאוט. די ער־ליכע בעאמטע און גענעראלען האָבען זיך געהאלטען אין איין באקלאָגען צו לינקאָלנ'ען און צום קריגס־מיניסטער. זיי האָ־בען זיך געהאלטען אין איין בעטען אז דער האנדעל מיט דעם שונא זאָל אינגאנצען פארבאָטען ווערען. זיי האָבען אָנגעוויזען, אז דורך דעם האנדעל באקומט דער שונא געווער און אמוניציע און קליידער פאר זיין ארמיי. זיי האָבען אויך באוויזען, אז דער האנדעל האָט א דעמאָראליזירענדע ווירקונג אויף זייערע אייגע־נע סאָלדאטען; די אָפיצירען ווערען קאָרופטירט, פארדאָר־בען, די פראסטע סאָלדאטען ווערען פארביטערט. זיי זאָגען אז זיי פירען מלחמה, ווערען דער'הרג'עט און פארקריפעלט כדי געוויסע לייט זאָלען זיך אָנשיטען מיט געלד.

דער היסטאָריקער ראודס גיט א מאסע ציטאטען פון בריף וואס בעאמטע און גענעראלען האָבע געשריבען וועגען דעם ענין. אין די ציטירטע בריף ווערט אָפט באנוצט דאָס וואָרט „אידען" און „אידישע סוחרים", אז זיי זיינען געווען פארמישט אין די געשעפטען. אין טייל באריכטען ווערט גערעדט וועגען „אידען און יענקים".

גענעראל שערמאן זאָגט אין איינעם פון זיינע בריף צו גענעראל גרענט: צו וואס נוצט אונז אָנצופירען די מלחמה אז אונזערע מענשען שטעלען צו דעם שונא וואפען און אנדערע מלחמה מיטלען?" אין א צווייטען בריף שרייבט ער „די גרויסע פראָפיטען וואס ווערען דורך דעם האנדעל געמאכט פאר־וואנדעלט אלעמען אין לומפען. יעדעס מאָל, וואס איך אונטער־זוך א האנדעלס־פאל, שעם איך זיך פאר מיין אייגענעם לאנד". גענעראל האָווי שרייבט: „פרינציפינלאָזע שווינדלער און אי־

דען באַזאָרגען דעם שונא מיט אַלץ וואָס ער דאַרף. . . די יענקים פאַרפּלייצען דאָס לאַנד מיט קאָנטראַבאַנד." גענעראַל הוירלבוט שרייבט: „די ווירקונג איז אַ פאָלקאָם דעמאָראַלי־זירענדיגע. כאַבאַר און קאָרופּציע אין יעדען צווייג פון דער דינסט". טראָלם דיינאַ האָט געלאָזט וויסען קריגס־מיניסטער סטענטאָן אין אַ בריף פון מעמפיס: „די מאַניע פאַר שנעלע פּראָפיטען פון קאַטאָן צווישען דער באַפעלקערונג פון אידען און יענקים . . . האָט ביז אַ געפערליכען גראַד קאָרופּטירט און דעמאָראַליזירט די אַרמיי. יעדער אָפיציר איז אין געהיים אַ שותּף פון אַ קאַטאָן הענדלער. יעדער סאָלדאַט חלום'ט וועגען קריגען אַ פּאַק קאַטאָן אַלס צוגאָב צו זיין מאָנאַטליכען געהאַלט... דעם שונא'ס לאַגע ווערט דורכדעם אַ סך פאַרבעסערט." לינקאָלן האָט אין מיטען יאָר 1863 געשריבען אין אַ פּריוואַטען בריף: „ווייניג זאַכען פאַרשאַפען דער רעגירונג אַזוי פיל שמערצען ווי דער אימפּעט מיט וועלכען מענשען זוכען צו מאַכען פּראָפי־טען פון האַנדעל. דער רייץ איז אַזוי גרויס אַז כמעט יעדערער וויל זיך אין דעם באַטייליגען. . . און ווען זיי גייען אַריין אין געשעפט ווערען זיי אינגאַנצען קאָנטראָלירט פון דעם פּרינציפּ פון ריוח. זיי אַרט ניט צי דער וואָס פאַרקויפט די קאַטאָן איז לאָיאַל אָדער אַ רעבעל. זיי באַצאָלען אים מיט מעל אָדער מיט פּולווער. די אָפיצירען אין דער אַרמיי, גלויבט מען, העלפען אין אַ סך פעלען און באַקומען אַ טייל פון די פּראָפיטען. די אַרמיי, אַנשטאָט דעם וואָס זי זאָל קעמפען געגען שונא, גיט זיך אָפּ מיט פירען ספּעקולאַציעס אין קאַטאָן".

ראָודס איז מיט דער מיינונג, אַז די גאָר הויכע מיליטער־בעאַמטע, די גענעראַלען זיינען אין דער קאָרופּציע ניט געווען פאַרמישט. בלויז איין אויסנאַם מאַכט ער מיט גענעראַל בענ־דזשאַמין באַטלער פון מאַסאַטשוזעטס. באַטלער איז געווען פריער דער קאָמאַנדיר פון ניו אָרלינס, שפּעטער פון אַ ראַיאָן אין ווירדזשיניאַ. ער איז באַשולדיגט געוואָרען אַז ער האָט אָנגעפירט אַ גרויסען האַנדעל מיט'ן שונא פון וועלכען ער האָט געמאַכט גרויסע פּראָפיטען. אין ניו אָרליענס האָט ער דעם האַנ־

דעל געפירט דורך זיינעם א ברודער, אין ווירדזשיניא דורך זיי־
נעם א שוואגער. ראודס גלויבט, אז די באשולדיגונג געגען
אים איז געווען בארעכטיגט. ער ווייזט אן אויף פאלגענדען
פאקט: בשעת באטלער איז אריינגעטראטען אין דער אר־
מיי האט ער פארמאגט 150 טויזענד דאלער (ער איז געווען
אן אדוואקאט). דריי יאר נאך דער מלחמה האט מען זיין
פארמעגען געשאצט אין דריי מיליאן. באטלער איז געווען אן
אויסערגעוויינליך פייאיגער מענש. ער האט א סך נוצען געבראכט
דער ארמיי. ער האט אבער קיינמאל ניט דורכגעלאזען קיין
געלעגענהייט צו מאכען געלט.

קאַפּיטעל 30.

# די לאַגערען פאַר געפאַנגענע סאָלדאַטען אין דער נאָרט און אין דער סאוט.

די ליידען פון די געפאַנגענע סאלדאטען אין די לאגערען פון דער נאָרט און סאוט זיינען איינע פון די טראגישסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון דעם בירגער־קריג. אין משך פון דער מלחמה, און יארען לאנג נאָכדעם ווי די מלחמה איז שוין געווען פאָראיבער, זיינען געמאכט געווארען שווערע באַשולדיגונגען פוןביידע צדדים איינער געגען אנדערען. יעדער צד האָט באַשולדיגט דעם צווייטען אין אכזריות, אין בארבאריזם. דער היסטאָריקער ראודס דערקלערט, אז ער האָט די פראגע גרינדליך אונטערזוכט און איז געקומען צו געוויסע באשלוסען וועגען דעם ווי אזוי די געפאנגענע זיינען באהאנדעלט געווארען אין די געפענגניסען פון דער נאָרט און ווי אזוי זיי זיינען באהאנדעלט געווארען אין די געפענגניסען פון דער סאוט. צי זיינע שלוסען זיינען פאָלשטענדיג ריכטיג איז ער אליין ניט זיכער. עס פעלען אָפיציעלע ציפערען און דאָקומענטען, איבערהויפּט אין דער סאוט. אזוי פיל אָבער קען מען מיט זיכערקייט זאָגען, אז אויף דעם געוויסען פון די מיליטערישע בעאמטע אין ביידע טיילען פון לאנד ליגט דער פריצייטיגער טויט פון טויזענטער און טויזענטער סאלדאען וואס זיינען גענומען געפאנגען אין דער מלחמה.

ביז 1863 איז כמעט קיין פּראָבלעם וועגען געפאנגענע ניט געווען. ערשטענס, איז זייער צאָל געווען פארהעלטניסמעסיג קליין. צווייטענס, האָט מען זיך דעמאָלט מיט די געפאנגענע געביטען. סוף 1862 זיינען פאָרגעקומען צוויי זאכען וואס האָבען אפּגעשטעלט דעם אויסטויש פון געפאנגענע. פּרעזידענט

דזשעפערסאָן דייוויס האָט ארויסגעגעבען צוויי פּראָקלאמאציעס. אין איינער האָט ער דערקלערט, אז אויב גענעראל באָטלער*) אָדער די אָפיצירען פון גענעראל באָטלער'ס ארמיי וועלען געגור-מען ווערען געפאנגענע, וועלען זיי היינגעריכטעט ווערען. א צווייטע פּראָקלאמאציע האָט דייוויס ארויסגעגעבען אלס ענט-פער אויף לינקאָלנ'ס ווארנונג אז ער וועט באפרייען די נע-גער, און אויף דעם באשלוס פון דער נאָרט אריינצונעמען אנט-לאָפענע נעגער-שקלאפען אין דער ארמיי אלס סאָלדאטען. דייוויס האָט דערקלערט, אז נעגער-שקלאפען וואס וועלען געפאנגען ווערען מיט וואפען אין זייערע הענט וועלען אפּגעשיקט ווערען אין די שטאטען, פון וואנען זיי זיינען אנטלאָפען און דאָרט וועט מען מיט זיי האנדלען לויט די געזעצען פון יענע שטא-טען. די ווייסע אָפיצירען, אונטער וועלכע די נעגער דינען, וועלען אויך באהאנדעלט ווערען אויף דעם זעלבען אופן. לויט די געזעצען פון די שטאטען אין דער סאוט האָבען אזא נעגער און זיין ווייסער פירער געדארפט באשטראָפט ווערען מיט'ן טויט. מיט זיין צווייטער פּראָקלאמאציע אלזאָ האָט דייוויס געלאָזט וויסען, אז נעגער סאלדאטען און זייערע ווייסע אָפי-צירען וועלען היינגעריכטעט ווערען אזוי שנעל ווי זיי וועלען אריינפאלען אין די הענט פון דער סאוט אלס געפאנגענע אויפ'ן שלאכטפעלד.

קריגס-מיניסטער סטענטאָן האָט אויף די צוויי פּראָקלאמא-ציעס געענטפערט מיט א באפעל, אז מען זאָל מער קיין

*) גענעראל באָטלער איז דעמאָלט געווען דער קאָמאַנדיר אין ניו אָר-ליענס, די האַפען-שטאָט פון לואיזיאנא, וועלכע די נאָרט האָט איינגע-נומען. באָטלער האָט אין מיטען זומער, 1862, געלאָזט היינריכטען אַ געוויסען וויליאם מאָרפאר, אַן איינוואוינער פון שטאָט, דערפאר וואס ער האָט אראָפּגעצויגען א פאָן פון די פאראייניגטע שטאַטען וואס איז געהאנגען איבער א רעגירונגס-געביידע און זי געשלעפּט דורך די גאסען און דערנאָך זי צוריסען אויף שטיקער. דייוויס האָט די היינרכטונג פארדאמט אלס מאָרד און ער האָט דערקלערט, אז ער וועט באהאַנדלען באָטלער'ן און זיינע אָפיצירען ווי פשוט'ע מערדער.

געפאַנגענע ניט אויסבייטען. אין 1863 האָבען זיך שוין אָנ־געזאַמעלט א גרויסע צאָל געפאַנגענע אין ביידע לאַגערען. די געפענגניסען אין דער נאָרט זיינען געווען איבערגעפּאַקט. די ריינינגונגס מיטלען זיינען געווען שלעכט. אָפט האָט אויסגע־פעלט וואַסער צום טרינקען. וואו צו באָדען זיך איז כמעט גאָרניט געווען. די לופט איז געווען ווייט פון צופרידענשטע־לענד און די וואַסערלייטונג שלעכט. „שמוץ" איז א וואָרט וואָס מען באַגעגענט זייער אָפט אין די באַשרייבונגען פון די געפענגניסע. טייל אויפזעער זיינען געווען אומפייאיג, אַנ־דערע פלעגען שכור'ן. ווינטער האָבען די געפאַנגענע געליטען פון קעלט... מען האָט זיי אָבער געגעבען גענוג צום עסען. מען האָט זיי אויך געהאַלטען אין די באַראַקען. זיי זיינען באַ־זאָרגט געווען מיט קליידער און צודעקען. אין די באַראַקען זיינען געשטאַנען אויוועגס. לויט דעם באַפעל האָבען די געפאַנגענע געדאַרפט קריגען די זעלבע פּאָרציעס עסען ווי די סאָלדאַטען פון דער אַרמיי.

אין די געפענגניסען פון דער סאַוט איז שוין די לאַגע געווען ערגער. מען האָט דאָרט די געפאַנגענע געהאַלטען מער־סטענס אין די טאַבאַק־סקלאַדען אין ריטשמאָנד. שמוץ, אינ־סעקטען און אומגעזונטע באַדינגונגען. עס איז אָבער געווען גענוג וואַסער. די לופט איז געווען גוט.

אָבער שוין אין 1862 האָבען זיך גענומען הערען קלאַ־געס פון ביידע צדדים אז די געפאַנגענע ווערען ניט גוט באַהאַנדעלט. אין די צייטונגען פון דער נאָרט האָט מען דער־ציילט, אז די סאָלדאַטען וועלכע קומען פון געפאַנגענשאַפט אין דער סאַוט זיינען „כמעט נאַקעט און באַדעקט מיט שמוץ און לייז". אָפט זיינען זיי אויסגעצערט, אויסגעהונגערט און קראַנק. אויף די אָנקלאַגעס האָבען די פאָרשטייער פון דער סאַוט געענטפערט מיט ענליכע באַשולדיגונגען געגען דער נאָרט. די געפאַנגענע קומען צוריק מענשליכע חורבות... פאַרוואָס שטעלט מען ניט אָפּ די שרעקליך גרויסע צאָל פון טויטען־פאַלען אין די געפענגניסען פון דער נאָרט? — האָט מען גע'טענה'ט מצד

דער סאוט. א דאָקטאָר אין דער ארמיי פון דער נאָרט האָט אין זיין באריכט וועגען א פּאָר הונדערט סאָלדאטען וואס זיי־נען צוריקגעקומען פון דער סאוט געשריבען אזוי: „זייערע בערד זיינען לאנג און פארהארטעוועט פון שמוץ. די הויט איז שווארץ, באדעקט מיט עקעלהאפטען שמוץ. זייערע קליי־דער און קערפּערס זיינען באדעקט מיט לייז. די מערסטע פון זיי האָבען קיין כוח ניט זיך צו האלטען אויף די פיס". ראודס דענקט, אז דער דאָזיגער באריכט און ענליכע באריכטען פון ביידע צדדים דארפען באטראכט ווערען אלס פּארטייאישע דאָ־קומענטען וואס זיינען פארעפענטליכט געווארען מיט'ן צוועק צו באאיינפלוסען די עפענטליכע מיינונג.

די לאגע האָט אָנגעהויבען צו ווערען אמת שלעכט אין מיטען יאָר 1863. אין נאָוועמבער האָט די סאוט אויפגעבויט א געפענגניש אין דזשאָרדזשיא, וועלכע איז בארימט געוואָ־רען פאר די שרעקליכע גרויזאמקייטען וואס די צענדליגער טוי־זענטער געפאנגענע פון דער נאָרט האָבען זיך דאָרט אויסגע־שטאנען. די געפענגניש האָט זיך געפונען נעבען דער שטאָט ענדערסאָנוויל און איז דערפאר באקאנט אלס דער „ענדערסאָנ־וויל פּריזאָן". זי איז „באשטאנען פון אן אָפענעם פּלאץ ארומ־גערינגעלט מיט א וואנט. א קליינער טייכעל האָט זיך גע־צויגען דורך דעם פּלאץ און מען האָט גערעכענט אז די וואסער וועט זיין גענוג אי פאר טרינקען אי פאר וואשען זיך. . . אין אויגוסט, 1864, זיינען דאָרט געווען 32 טויזענד געפאנגענע. . . קיין ביידלאך זיינען דארט ניט געשטאנען. די ערשטע געפאנ־גענע האָבען פאר זיך אויפגעשטעלט כאטקעס פון האָלץ וואָס זיי האָבען אָנגעהאקט. די וואָס זיינען אָנגעקומען שפּעטער האָבען אויסגעגראָבען היילען אין דער ערד אדער זיי האָבען זיך איינגעוויקעלט אין שטיקער געוואנט וואס זיי האָבען מיט זיך מיטגעבראכט (אויב מען האָט עס ביי זיי פריער ניט צוגענומען). דאָס וואסער אין טייכעל איז פאראומרייניגט גע־ווארען פון דער קיך. כדי צו קריגען ריין וואסער האָבען די געפאנגענע געמוזט אליין אויסגראָבען ברונימער. ווען עס פלעגט

גיין א גרויסער רעגען פלעגט דאָס וואסער אין טייכעל אריבער־גיין די ברעגען און פארפלייצען די גאַנצע שטיק ערד. עס פלעגט דערנאָך איבערבלייבען דער שמוץ און דער געשטאַנק וואס דאָס האָט פאַראורזאַכט איז געווען שוידערליך."

אָפט האָט דאָרט געפעלט עסען. און ווען עס איז געווען גענוג שפייז האָבען געפעלט כלים אויף צו קאָכען און אויף אויס־צוטיילען. מר. ווירץ, דער קאָמאַנדיר פון דער געפענגנים, האָט באַריכטעט אז וויינינגסטענס אכט טויזענד פון די געפאַנגענע קריגען ניט זייערע פּאָרציעס רייז, בעבלאָך, עסיג און סיראָפּ, ווייל עס פעלען עמער. ניט האָבענדיג גענוג צום עסען, ברא־טענדיג זיך בייטאָג אין דער זידליכער זון, ליגענדיג ביינאַכט אין פייכטען טוי, וויקענדיג זיך אין די מבול'דיגע רעגענס, אָט־עמענדיג פאַרפּעסטעטע לופט, פאַרווייצפעלט און בענקענדיג אהיים — זיינען די געפאַנגענע געפאַלען לייכט קרבנות פון פאַרשידענע קראַנקהייטען. . . זייער בלוט איז געווען אזוי אָרים אז א שטאָך פון א נאָדעל, א קראַץ, אדער א ביס פון א מאָסקיטאָ (קאָמאַר) איז גענוג געווען צו ברענגען גיפטיגע געשווירען. . . דער האָספּיטאַל האָט דאָרט ניט געהאַט גענוג פּלאַץ פאַר אַלע קראַנקע, און הונדערטע זיינען אויסגעגאַנגען וואַלגערענדיג זיך אין די לאַגערען. די דאָקטוירים זיינען גרעסטענטיילס געווען ערליך און געטריי, אָבער זיי האָבען וועניג געקענט העלפען אָן די נויטיגע שפּייז, רפואות און בעטען פאַר די קראַנקע. . . נאָענט צו אַ דריטעל פון די געפאַנגענע זיי־נען אויסגעשטאָרבען אין זיבען מאָנאַט צייט.

אין א באַריכט וואס אן אָפיציר פון דער סאוט האָט גע־שיקט וועגען דער געפענגנים צו די רעגירונגס־בעאמטע אין ריטשמאָנד ווערען דערציילט די פאָלגענדע שוידערליכע פאַק־טען: „מען געפינט געפאַנגענע דערמאָרדעט פון זייערע איי־גענע קאַמעראַדען. די ארעסטאַנטען האָבען אליין אָרגאַניזירט א געריכט און גע'משפט די מערדער. זעקס זיינען פאַראורטיילט געוואָרען צום הענגען און די הינריכטונג איז דורכגעפירט גע־וואָרען. . . די צאָל פון קראַנקע איז אזוי גרויס אז בלויז די

שטאַרקסטע צווישען זיי קענען זיך דערשלאָגען צו די דאָקטוי־רים. די שוואכערע האָבען ניט גענוג כוח זיך דורכצושפּארען א וועג דורך דעם געדיכטען עולם. . . א סך שטאַרבען פון אונ־באקאַנטע אורזאכען. קיין דאָקטאָר האָט זיי קיינמאָל ניט אונטערזוכט. . . די סאַניטארע באדינגונגען זיינען אזוי שלעכט ווי מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען.. . . דער פּראָצענט פון טויטע האלט אין איין וואקסען. אין מערץ זיינען געשטאָר־בען 37 פון טויזענד; אין יולי, 62 פון טויזענד".

דער היסטאָריקער ראודס געפינט א שטיקעל זכות פאר דער סאוט. ער ווייזט אָן, אז אין 1864 האָט די סאוט זיך געהאל־טען אין איין בעטען ביי דער נאָרט אז מען זאָל זיך בייטען מיט די געפאנגענע. זי האָט שוין דאן צוגעזאָגט אז זי וועט די נעגער־געפאנגענע און זייערע ווייסע אָפיצירען ניט באשטרא־פען. אָבער די נאָרט האָט זיך אָפּגעזאָגט. דאָס איז געווען גע־נעראל גרענט'ס פּאָליטיק. ער האָט געוואוסט, אז אין דער סאוט פעלען מענשען און אז די אויסגעביטענע סאלדאטען, אפילו ווען זיי וועלען אין דער ארמיי ווידער ניט דינען, וועלען שטארקען די רייען פון דער סאוט. „אויב מיר וועלען אויס־בייטען די געפאנגענע וועלען מיר מוזען פירען די מלחמה ביז וואנען די גאנצע מענער־באפעלקערונג פון דער סאוט וועט אויס־געראט ווערען", האָט גרענט געזאָגט.

אין די געפענגניסען פון דער נאָרט האָבען די געפאנגענע ווייט, ווייט ניט געליטען אזוי פיל ווי די געפאנגענע אין דער סאוט. דאָך האָבען אין טייל געפענגניסען פון דער נאָרט די געפאנגענע אין 1864 געליטען הונגער. עס זיינען דארט געווען מער קראנקהייטען ווי עס האָבען געדארפט זיין. געלד האָט די רעגירונג פאר די געפאנגענע באוויליגט גענוג. פארוואָס עס האָט אויסגעפעלט עסען און מעדיצינען איז שווער צו זאגען. אפשר האָבען די אויפזעער גע'גנב'עט אדער אפשר איז די פארוואלטונג געווען שלעכט. די זאך איז קיינמאָל ניט אויסגעפאָרשט גע־ווארען.

די וועכטער אין די געפענגניסען זיינען געווען ברוטאלע

מענשען. דער הויפּט פון דער „ענדערסאָנוויל געפּעננגנים", ווירץ, איז נאָך דער מלחמה גע'משפּט געווארען פאַר ברוטאַלי־טעט און פאראורטיילט געווארען צום טויט. ער איז הינגעריכ־טעט געווארען אין וואשינגטאָן. לויט די אָפיציעלע באריכטען זיינען אין די געפּעננגניסען פון דער סאוט אויסגעשטאָרבען איבער דרייסיג טויזענד געפאנגענע און אין די געפּעננגניסען פון דער נאָרט, איבער 25 טויזענד.

„ווען מען נעמט אלץ אין אנבאטראכט, שרייבט ראודס, איז די נאָרט ניט געווען א סך בעסער ווי די סאוט. מען דארף אין זינען האָבען, אז די סאוט האָט ווירקליך ניט געהאַט די מיטלען, אז איר האָט פאר דער אייגענער ארמיי אויסגע־פעלט עסען, קליידער און מעדיצין. דערצו האָט זי די גאנצע צייט געוואָלט די געפאנגענע אויסבייטען".

דער סטראַשונאָק אז זי וועט די נעגער־סאָלדאטען הינ־ריכטען האָט די סאוט קיינמאָל ניט דורכגעפירט. עס איז ניטאָ קיין באווייזען, אז אן אָפיציר פון די נעגער־סאלדאטען איז ווען עס איז הינגעריכטעט געווארען. עס האָט נאָר פּאַסירט אין 1862 אז פיר געפאנגענע נעגער זיינען הינגעריכט געווא־רען, אָבער מען ווייס ניט אויף זיכער צי דאָס איז געטאָן געווארען מיט דער צושטימונג פון דער רעגירונג אדער ניט. עס זיינען פאָרגעקומען אייניגע אנדערע פאַלען ווען נעגער־סאָלדאַ־טען און זייערע ווייסע אפיצירען זיינען אומגעקומען נאָכדעם ווי מען האָט זיי געפאנגען. אָבער זייער הינריכטונג איז דורכ־געפירט געווארען אָן דער צושטימונג און אפילו אָן דעם וויסען פון דער רעגירונג.

קאפיטעל 31.

# די סאוט באַנוצט טעראָר אלס איך לעצטען פאַר־צווייפעלטען מיטעל.

אין לעצטען יאָר פון דער מלחמה האָט די סאוט געפרובט באַנוצען טעראָר־מיטלען, פירען א גאָרילא־קריג געגען דער נאָרט. צו דעם צוועק האָט זי ארויסגעשיקט אַגענטען קיין קע־נעדע, וועלכע האָבען דאָרט אויסגעארבייט אלערליי פארשווע־רונגען. זיי האָבען זיך באַנוצט מיט שפיאנען און מיט אנטלאָ־פענע געפאנגענע פון דער נאָרט. קיינע פון די פלענער האָבען זיך ניט איינגעגעבען. אָבער די פארזוכען אליין פארדינען די שארפסטע קריטיק, ווייל אויב זיי וואָלטען זיך איינגעגעבען וואלטען די קרבנות געווען פון דער פרידליכער באפעלקערונג, אומשולדיגע מענער און זייערע פרויען און קינדער.

די ארבייט אין קענעדע איז אָנגעפירט געווארען פון איינעם דזשייקאָב טאָמפסאָן. ער איז געשיקט געווארען דירעקט פון פרעזידענט דייוויס אלס א געהיימער אגענט „דורכצופירען מיינע אינסטרוקציעס, געשריבענע און מינדליכע”. ער האָט זיין ביורא געהאַט אין מאָנטרעאל. די ערשטע צייט האָט טאָמפ־סאָן געפירט אונטערהאנדלונגען מיט פאָרשטייער פון די געהיימע אָרגאַניזאציעס אין דער נאָרט און האָט מיט זיי געמאכט פלע־נער וועגען א באוואפענטען אויפשטאנד אין אָהייאָ, אילינאָי און אינדיאנא, וואו די אָרגאַניזאציעס זיינען געווען זייער שטארקע. פון די פלענער האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזען. דאן האָט טאָמפסאָן אויסגעארבייט א פלאַן ווי אזוי צו פאַרכאַפען די איינציגע קריגס־שיף וואס די נאָרט האָט געהאַט אויף די לעיקס, די וואסערען וואָס ליגען צווישען קענעדע און די פאראייניגטע

שטאַטען. ער האָט געוואָלט מיט דער שיף דערנאָך באַפאַלען א געוויסען אינזעל, וואו געפאנגענע סאָלדאַטען פון דער סאוט זיינען געווען אינטערנירט. זיין פּלאַן איז געגאַנגען נאָך ווייטער: די באַפרייטע סאָלדאַטען האָבען געזאָלט אריינדרינגען אין געוויסע שטעט אין דער נאָרט און זיי אַטאַקירען. אויך דער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבען. די צוויי הויפּט שפּיאָנען וואָס האָבען דאָס געדארפט דורכפירען זיינען ארעסטירט געווארען.

אין הערבסט פון 1864 האָבען טאָמפּסאָן'ס מענשען דורכגעפירט צוויי געוואגטע, פאַרברעכערישע אונטערנעמונגען — פאַרברעכערישע אפילו פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם אָנגענומענעם אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ. איינע פון די אונטערנעמונגען איז דורכגעפירט געווארען אין אָקטאָבער און איינע אין נאָוועמבער.

סעינט־אַלבאַנס איז אַ קליין שטעטעל אין ווערמאָנט, זעכצען מייל פון דער קענעדער גרעניץ. אין אָנפאַנג אָקטאָבער האָבען אהין אָנגעהויבען אריינצופאָרען פרעמדע מענשען. יעדען טאָג פלעגען קומען עטליכע און זיך באזעצען אין די האָטעלען פון שטעטעל. די פרעמדע האָבען איינע מיט די אנדערע ניט גערעדט. זיי האָבען זיך געמאַכט אז זיי קאָנען זיך ניט. דעם 19טען פון מאָנאַט זיינען די לייט, ארום דרייסיג אין צאָל, באַפאַלען דריי באַנקען און ארויסגענומען פון דאָרט 211 טויזענד דאָלאַר. דאַן האָבען זיי זיך אוועקגעלאָזט איבער דער הויפּט גאַס, געשאָסען מיט זייערע רעוואָלווערען אין דער לופטען, געשריען אז זיי זיינען סאָלדאַטען פון דער סאוט און זיי זיינען געקומען נעמען נקמה פאר דאָס, וואס גענעראַל שערמאַן האָט אָפּגעטאָן אין אַטלאַנטאַ. דערנאָך האָבען זיי זיך אריינגעריסען אין די שטאַלען פון פריוואַטע בירגער און ארויסגענומען די פערד, אָדער זיי האָבען אָפּגעשטעלט וועגענער אין גאַס און אויסגעשפּאַנט די פערד, און זיך אַרויפגעזעצט רייטענדיג און זייגען אוועקגעפאָרען. די גאַנצע געשיכטע האָט געדויערט אַ האַל־

בע שעה. איין מענש איז פון דער שיסעריי דער'הרג'עט געוואָרען און עטליכע זיינען פארוואונדעט געוואָרען.

אין קענעדע האָט מען אַ העלפּט פון דער באַנדע ארעס־טירט. עס איז אָבער אונמעגליך געווען צו געפינען אַ ריכטער וואָס זאָל זיי פאר'משפט'ן. זייער טענה איז געווען, אַז זיי זיינען רעגולערע סאָלדאטען און אַז זייערע מיליטערישע בעאמטע האָבען זיי באַפוילען צו מאכען די אָבלאַווע. איין ריכטער האָט זיי באַפרייט. דאן האָט מען זיי אויף אַ באַפעל פון דער רעגי־רונג ווידער ארעסטירט. שפּעטער האָט זיי אַ צווייטער ריכטער באַפרייט. מען האָט ביי זיי אפילו ניט אָפּגענומען די גערויבטע געלט. די קענעדער רעגירונג האָט אָבער באַצאָלט פון איר איי־גענער קאסע די פולע סומע צו די באַנקען פון סעינט אלבאנס.

אָנפאַנג נאָוועמבער האָט סעקרעטערי סוארד באַקומען אַ ידיעה פון דעם אַמעריקאַנעם קאָנסול אין האַליפאַקס, אַז אַ פארשווערונג איז געמאַכט געוואָרען אונטערצוצינדען די וויכטיג־סטע שטעט אין דער נאָרט און אַז די פארשווערונג וועט דורכ־געפירט ווערען די נאַכט פון די וואַלען, דעם 8טען נאָוועמבער. סוארד האָט ארויסגעשיקט ווארנונגען צו די שטאָט־בעאמטע. דער מעיאָר פון ניו יאָרק האָט געענטפערט, אַז ער גלויבט ניט אין דער ידיעה, אָבער ער וועט נעמען די ווארנונג אין אכט. די וואַל־נאַכט איז אָפּגעלאָפען שטיל, אָבער מיט אַ פּאָר וואָכען שפּעטער, די נאַכט פון דעם 25טען, איז דער פּארזוך יאָ גע־מאַכט געוואָרען. אכט אַגענטען פון טאָמפּסאָנען זיינען גע־שיקט געוואָרען אָפּצוטאָן די ארבייט. ווען זיי זיינען אנגעקומען אין שטאָט זיינען זיי פארפאָרען אין אכט פארשיידענע האָ־טעלען. . . קורץ נאָך ניין אזייגער ביינאַכט האָט אַ פייער אויס־געבראָכען אין דעם סט. דזשיימס האָטעל. מען האָט אים שנעל איינגעלאָשען. אָבער באַלד האָבען אויסגעבראָכען פייערען, איי־נע נאָך דער אנדערער אין בארנומס מוזעאום, אין די האָטעלען סט. ניקאָלאָס, מעטראָפּאָליטען און נאָך עטליכע. ביז האַלבע נאַכט האָבען שוין געברענט צוועלף האָטעלען. נעבען דעם לאַ־פארזש האָטעל האָט זיך געפונען דער ווינטער־גארדען טעאַטער,

וואו דער בארימטער אַקטיאָר עדווין בוטה האָט יענע נאַכט גע־שפּילט „יוליוס צעזאר”. דער טומעל פון די פייערלייט ארום האָטעל האָט פאראורזאכט שרעק צווישען עולם אין טעאַטער און עס איז שיעור ניט געקומען צו א פּאַניק. נעבען דעם מעטראָ־פּאָליטען האָטעל האָט זיך געפונען דער ניבלאָ גארדען, אויך א טעאַטער, און דארטען האָט עס אויך געהאַלטען נאָענט צו א פּאַניק. די פייערען זיינען אַלע איינגעלאָשען געווארען. איי־נעם פון די פייער מאַכער האָט מען שפּעטער געכאַפּט און ער איז אויפגעהאנגען געווארען.

פאר דעם פּארזוך צו פארברענען ניו יארק האַלטען די היס־טאָריקער פאראנטוואָרטליך ניט בלויז טאָמפּסאָנען און זיינע מענשען, נאָר אויך די הויפּט בעאמטע פון דער רעגירונג פון דער סאוט. ראוּדס איז געניינט צו גלויבען, אז פּרעזידענט דייוויס האָט דערפון ניט געוואוסט, אָבער אז סעקרעטארי בענ־דזשאמין האָט יא דערפון געוואוסט. קיין באווייזען זיינען ניטאָ אז בענדזשאמין האָט געוואוסט און גוטגעהייסען דעם פּלאַן אונטערצוצינדען די האָטעלען. ראוּדס האַלט אָבער אז בענדזשאמין איז געווען פייאיג אויף אזא טייפלישען פארברע־כען. אָט וואָס ער שרייבט: „דעצעמבער דעם 3טען האָט טאָמפּסאָן געשריבען צו בענדזשאמינ'ען א בריף וועגען דעם פּארזוך אונטערצוצינדען ניו יאָרק. ער (בענדזשאמין) איז וואָרשיינליך געווען אַן איינטיילנעמער אין דער אונטערנעמונג, ווייל ער האָט באקומען געהיימע אינפאָרמאציע וועגען דעם. דער פאקט, צוזאמען מיט די מיינונגען וועגען זיין כאראַקטער, מאַ־כען צו גלויבען, אז בענדזשאמין האָט סימפּאַטיזירט מיט טאָמפּ־סאָנ'ס אַלע פּלענער. עס וואָלט זיכער געווען אַן איבערראַ־שונג ווען עס וואָלט באוויזען געווארען אז ער האָט טאָמפּסאָנ'ען געמאַכט א פאָרוואורף. די באַציאונגען צווישען דייוויס'ן און בענדזשאמינ'ען זיינען געווען פארטרויטע. דאָך איז עס שווער צו באגרייפען, אז דייוויס זאָל האָבען גוטגעהייסען די אָבלאָווע אויף סט. אַלבאַנס און דעם פּארזוך צו פארברענען ניו יארק”.

די איינציגע באווייזען וואָס ראוּדס האָט געגען בענדזשאַ־

מינ'ען איז א בריוו וואס טאמפסאן האט געשריבען נאך דער געשעעניש. אין דעם בריוו האט טאמפסאן געגעבען אן ער־קלערונג וועגען דעם פייער אין ניו יארק. דאס באווייזט בשום אופן ניט, אז בענדזשאמין האט פריער געוואוסט וועגען דער פארשווערונג און האט גארניט געטאן זי אפצושטעלען. די געשיכטע מיט דער שרפה אין ניו יארק ווערט באטראכט אלס דער שווארצסטער פלעק אויף בענדזשאמינ'ס כאראקטער, כאטש אויף זיכער ווייסט קיינער ניט צי ער איז ווירקליך געווען פאר־מישט אין דער פארשווערונג.

## קאַפּיטעל 32.

# לינקאָלנ׳ס לעצטע טעג. — זיין טראַגישער טויט.

די ווידערערוויילונג פון פּרעזידענט לינקאָלן האָט געווירקט אז דער 13טער אמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע זאָל גוטגע־הייסען ווערען אין קאָנגרעס. דער דאָזיגער אמענדמענט פאַר־באָט אויף אייביג שקלאַפעריי אין די פאראייניגטע שטאַטען. לינקאָלן האָט דאָס געזעץ רעקאָמענדירט צום קאָנגרעס נאָך אין אָנפאנג יאר 1864. דער סענאַט האָט אים אָנגענומען מיט דער נויטיגער מאַיאָריטעט פון צוויי־דריטעל. דאָס רעפּרעזענטאַנ־טען־הויז האָט עס אָבער צוריקגעוויזען. אין דעצעמבער, 1864, האָט לינקאָלן אפּעלירט צו דער „האַוז" זי זאָל די פראגע ווידער פאַרהאַנדלען און ענדערען איר שטעלונג. אין דער „האַוז" זייי־נען איצט געזעסען דיזעלבע מיטגלידער ווי פריער. זיי האָבען זיך אָבער גערעכענט מיט׳ן פאקט, וואס לינקאָלן איז ערשט מיט א מאָנאַט צוריק ווידערערוויילט געוואָרען פאר פּרעזידענט. דאס האָט איבערצייגט א צאָל פון די געגנער פון דעם אמענדמענט, אז דאָס לאַנד שטיצט אלע לינקאָלנ׳ס פּלענער און זיי האָבען געביטען זייער שטעלונג און געשטימט ווי לינקאָלן האָט פאַר־לאַנגט. דער 13טער אמענדמענט איז איצט אָנגענומען געוואָ־רען איןביידע צווייגען פון קאָנגרעס. ווען דער פאָרזיצער האָט אַנאָנסירט אז דער אַמענדמענט איז דורכגעגאַנגען האָט אין זאַל אויסגעבראָכען א דונער פון טומעל און פרייד. קאָנגרעס־לייט אין זאַל, סאָלדאַטען און צושויער אין די גאַלערייעס, סע־נאַטאָרען, סופרים קאורט ריכטער, פרויען און באדינער זיינען מיטגעריסען געוואָרען אין דער אויפרעגונג איבער דער גרעס־טער און וויכטיגסטער פּאַסירונג אין דער אַמעריקאַנער געשיכ־

טע זייט דער „דעקלאריישאן אוו אינדעפענדענס". קאנגרעס־לייט האבען געפאכטעט מיט זייערע היטלען און געשריען הורא! די גאלערים האבען געענטפערט מיט הורא־געשרייען. קאנגרעס־לייט האבען געטאנצט, געשלעפט איינע די אנדערע אין א קארא־האד און ארומגעשפרונגען ווי קינדער.

דער אמענדמענט איז אפגעשיקט געווארען צו די לייד־זשיסלייטשורס פון די שטאטען און זיי האבען אים שנעל גוטגעהייסען. אין דעצעמבער, 1865, איז ער שוין איינגעשרי־בען געווארען אין דער קאנסטיטוציע. אייגענטליך איז דאן דאס געזעץ שוין ניט נויטיג געווען. אין די רעוואלטירטע שטא־טען האט לינקאלן באפרייט די נעגער אין אנפאנג 1863. די שקלאפען־שטאטען וואס זיינען געבליבען לאיאל האבען אלע כמעט אליין אפגעשאפט שקלאפעריי אין פארלויף פון די לעצטע פאר יאר. דער 13טער אמענדמענט האט געגעבען א טויט־קלאפ דער שקלאפען־אינסטיטוציע אין א מאמענט ווען זי האט שוין גע־גוסס'ט. לינקאלן האט אין זיין איינשווערונגס־רעדע, ווען ער איז אריין אין צווייטען טערמין, אין מערץ, 1865, ריכטיג גע־זאגט: „קיינער פון די צוויי צדדים האט ניט פארויסגעזען, אז די אורזאכען פון דעם קאמף וועלען פארשווינדען נאך איידער דער קאמף וועט זיך ענדיגען". די הויפט אורזאך פון דער מלחמה איז געווען שקלאפעריי, און שקלאפעריי איז געווען טויט נאך איידער די מלחמה האט זיך געענדיגט.

ביי יענער סעסיע פון קאנגרעס איז פארגעקומען א שארפער צוזאמענשטויס צווישען פרעזידענט לינקאלן און סענאטאר סאמ־נער פון מאסאטשוזעטס, איינער פון די וויכטיגסטע פארשטייער פון דער רעפובליקאנישער פארטיי און איינער פון די שטארקסטע קעמפער געגען דער שקלאפישער סאוט. דער קאמף איז געווען איבער דער פראגע צי לואיזיאנא זאל ווידער אריינגענומען ווע־רען אלס לאיאלער שטאט. די לאגע איז געווען אזא: לואי־זיאנא איז געווען איינער פון די ערשטע שטאטען וואס האט זיך אנגעשלאסען אן דער קאנפעדעראציע. די ארמייען פון דער נארט זיינען אבער אריינגעדרונגען אהין דעם צווייטען יאר פון

דער מלחמה און אַ גרויסער טייל פון דער טעריטאָריע איז איצ־טער געשטאַנען אונטער דער מיליטערישער הערשאַפט פון דער נאָרט. אָנפאַנג 1864 האָט לינקאָלן דערלויבט די לאָיאַלע איינ־וואוינער פון לואיזיאַנאַ אפצוהאַלטען וואַלען און אויסקלייבען בעאַמטע און אָרגאַניזירען אַ שטאַט־רעגירונג. געשטימט ביי די וואַלען האָבען נאָר בירגער, וואָס האָבען געשוואָרען לאָיאַליטעט צו די פאַראייניגטע שטאַטען. זייער צאָל איז געווען זייער קליין, אינגאַנצען אַ צוועלף טויזענד. לינקאָלן האָט אָבער זיי אַנער־קענט. די לאָיאַלע בירגער האָבען אויך אויסגעקליבען דעלעגאַ־טען צו אַ קאָנסטיטוציאָנעלער קאָנווענשאָן, וועלכע האָט זיך פאַר־זאַמעלט אין ניו אָרליענס אָנפאַנג אַפריל, 1664. די קאָנווענשאָן האָט אריינגעשריבען אין דער קאָנסטיטוציע אַז שקלאַפעריי אין לואיזיאַנאַ איז אָפגעשאַפט. וועגען שטימרעכט האָט די קאָנ־ווענשאָן באַשלאָסען אזוי: רעכט צו שטימען אין לואיזיאַ־נאַ האָבען בלויז ווייסע. אָבער די לעדזשיסלייטשור האָט דאָס רעכט צו דערלויבען אויך געוויסע שוואַרצע בירגער צו שטימען, „לויט די פרינציפען פון פרעזידענט לינקאָלן”. לינקאָלן האָט שוין פריער דערקלערט, אַז לויט זיין מיינונג דאַרף אין די סאוט געגעבען ווערען שטימרעכט צו יענע נעגער וואָס זיינען אינטעלי־גענט און אַזוינע וואָס האָבען געדינט אין דער ארמיי פון דער נאָרט. דאָס, אַלזאָ, האָט די לואיזיאַנאַר קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנ־ווענשאָן געמיינט מיט איר אויסדרוק, „לויט די פרינציפען פון פרעזידענט לינקאָלן”.

אין פעברואַר, 1865, איז אין סענאַט אריינגעטראָגען גע־וואָרען אַ רעזאָלוציע אַז לואיזיאַנאַ זאָל אריינגענומען ווערען אַלס לאָיאַלער שטאַט, אַז איר נייע רעגירונג און נייע קאָנסטיטו־ציע זאָלען אנערקענט ווערען פון קאָנגרעס אזוי ווי לינקאָלן האָט זיי אַנערקענט. עס האָט לכתחילה אויסגעוויזען, אַז אַ מאַיאָרי־טעט אין סענאַט וועלען שטיצען לינקאָלנ'ען. אָבער סענאַטאָר סאָמנער האָט גלייך ביים אָנפאַנג פון דער דיסקוסיע איבער דער רעזאָלוציע זיך אויפגעשעלט און געזאָגט: „איך וועל באַטראַכ־טען דאָס אננעמען פון דער רעזאָלוציע אַלס אַ נאַציאָנאַלען אומ־

גליק." סאמנער האט ניט דערלאזען די פראגע זאל גענומען ווע־רען צו אן אפשטימונג. די זיצונג האט זיך געמוזט שליסען דעם 4טען מערץ, ווייל דעמאלט האט זיך געענדיגט דער טערמין פון א סך סענאטארען. סאמנער איז דריי טעג געשטאנען אויף דער וואך און לינקאלנ'ס מענשען אין סענאט האבען איינגעזען אז זיי וועלען געגען אים גארניט קענען מאכען און זיי האבען גע־לאזט, אז די זיצונג זאל זיך שליסען אן אן אפשטימונג איבער דער פראגע, אין וועלכער לינקאלן איז געווען אזוי פאראינטערע־סירט.

מיט דער פראגע וועגען לואיזיאנא איז געווען פארבונדען דער אלגעמיינער פרינציפ פון רעקאנסטרוקציע, פון דעם ווי אזוי די רעוואלטירטע שטאטען זאלען שפעטער, ווען זיי וועלען באזיגט ווערען, ווידער אריינגענומען ווערען. דער וויכטיגסטער פונקט איבער וועלכען לינקאלן און סאמנער זיינען זיך פאנאנ־דערגאנגען איז געווען די פראגע פון שטימרעכט פאר די נעגער. סאמנער איז באשטאנען דערויף, אז קיין רעוואלטירטער שטאט זאל צוריק ניט אריינגענומען ווערען סיידען ער וועט פריער גע־בען די נעגער גלייכע שטימרעכט מיט די ווייסע. לינקאלן האט זיך צופרידענגעשטעלט מיט וויניגער. סענאטאר סאמנער האט אויך ניט געוואלט ליידען וואס לינקאלן האט אליין געמאכט פלע־נער ווי אזוי די שטאטען זאלען זיך רעארגאניזירען, וואס זיי זא־לען טאן כדי צוריק אריינצוקומען. סאמנער האט געהאל־טען, אז דאס האט דער פרעזידענט געדארפט איבערלאזען פאר'ן קאנגרעס.

נאכדעם ווי ריטשמאנד איז געפאלען האט לינקאלן א סך גע־טראכט וועגען דעם נייעם גרויסען פראבלעם פון רעקאנסטרוקציע, וואס צו טאן מיט דעם באזיגטען שונא, ווי אזוי די צובראכענע „יוניאן" צוריק גאנץ צומאכען. פראפעסאר ראודס שרייבט: „ער האט געפילט בלויז מיטלייד און פריינדליכקייט צו די געוועזענע שונאים. אימיצער האט צו אים געזאגט: „מען דארף אכ־טונג געבען אז דזשעפערסאן דייוויס, דער פרעזידענט פון דער קאנפעדעראציע, זאל ניט אנטלויפען. אים מוז מען הענגען".

דערויף האָט לינקאָלן געענטפערט: „משפט ניט קיין אנדערען כדי אנדערע זאָלען אייך ניט משפט׳ן״. דעם 11טען אפּריל האָט לינקאָלן געהאַלטען אַ רעדע פאַר אַן עולם מענשען וואָס זיינען געקומען אין „ווייסען הויז״ אים באַגריסען. ער האָט גערעדט וועגען דער פראַגע פון רעקאָנסטרוקציע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט הויפּטזעכליך אויף דעם ענין לואיזיאַנאַ. ער האָט געזוכט צו באַווייזען, אַז עס איז בעסער צו האַנדלען לאַנגזאַם, מילד, פאָרזיכטיג, מיט גוטען. ער האָט אַזוי געזאָגט: „לאָ־מיר צוגעבען אַז די נייע רעגירונג אין לואיזיאַנאַ איז אין פאַר־גלייך מיט דעם וואָס זי האָט געדאַרפט זיין ווי אַן איי אין פאַרגלייך מיט אַ הון. נו, עס איז דאָך בעסער די הון פון דער איי אויסצובריען, איידער די איי צוצוברעכען... דאָס וואָס איך האָב געזאָגט וועגען לואיזיאַנאַ קען אָנגעווענדט ווערען אויך אויף די איבעריגע שטאַטען״. מיט דעם משל פון דער איי און דער הון האָט לינקאָלן געמיינט צו זאָגען, אַז עס איז בעסער צו האַנדלען מיט דער סאוט מיט גוטען ווי מיט בייזען, בעסער צו באַנוגענען זיך פריער מיט ווייניג און וואַרטען אַז דאָס איבע־ריגע וועט שפּעטער במילא קומען, איידער אַרויפצווינגען אויף איר מער, און שטעלען די גאַנצע זאַך אין גרויסער סכנה.

די ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער זיינען געווען אומצופרידען מיט לינקאָלנ׳ס רעדעס איבער רעקאָנסטרוקציע. סענאַטאָר סאָמנער האָט געשריבען צו זיינעם אַ פּאָליטישען חבר: „דעם פּרעזידענט׳ס רעדעס זיינען אַן אָנזאָג אויף צומישונג און אומצו־פרידענהייט אין דער צוקונפט, אויף הייסע מחלוקות. ניט גוט! ניט גוט!״

פרייטאַג, דעם 14טען אַפּריל האָט לינקאָלן אָפּגעהאַלטען אַ באַראַטונג מיט זיין קאַבינעט. גענעראַל גראַנט איז געווען דער־ביי. מען האָט גערעדט וועגען דער מיליטער־לאַגע אין נאָרט קאַראָליינאַ וואו גענעראַל שערמאַן איז געשטאַנען מיט זיין אַרמיי געגען גענעראַל דזשאָנסטאָן. לינקאָלן האָט באַמערקט: „איך בין זיכער אַז באַלד וועט פון שערמאַנ׳ען אָנקומען גוטע נייעס. פאָריגע נאַכט האָב איך געהאַט אַ חלום, אַ זאַך וואָס

פאסירט מיט מיר שטענדיג איידער עס קומט פאר א וויכ־
טיגע געשעהעניש אויפ'ן שלאכטפעלד. מיר האט זיך גע'חלומ'ט,
אז איך זיץ אויף א מאדנער, אומבאשרייבליכער שיף, און די
שיף שווימט שנעל צו א טונקעלען אומבאקאנטען ברעג". דאן
האט דער קאבינעט גערעדט וועגען דער פראגע פון רעקאנסטרוק־
ציע. דער פרעזידענט האט געזאגט: „איך האף אז עס וועט
לען ניט פארקומען קיין רדיפות, קיין בלוטיגע מעשים נאכדעם
ווי דער קריג וועט זיין געענדיגט. קיינער זאל זיך ניט ריכטען
אז איך וועל זיך באטייליגען אין הענגען אדער הרג'ענען יענע
מענשען, אפילו די ערגסטע צווישען זיי. . . גענוג לעבענס זיינען
אויפגעאפפערט געווארען. מיר מוזען אויסלעשען אונזער כעס
אויב מיר דערווארטען הארמאניע און אייניגקייט. עס איז דא
א שטארקער פארלאנג ביי א טייל פון אונזערע בעסטע פריינד
צו ווערען הערשער, צו דיקטירען צו יענע שטאטען, צו באהאנד־
לען זיי ניט ווי ברידער; עס איז דא צו ווייניג רעספעקט פאר
זייערע רעכט. מיט די דאזיגע געפילען סימפאטיזיר איך ניט".
איידער די זיצונג האט זיך געשלאסען האט ער ווייטער געזאגט:
„דיו הויפט פראגע איצטער איז רעקאנסטרוקציע. מיר מוזען
האנדלען אין די אינטערעסען פון פרידען".

לינקאלן איז ביי יענער זיצונג געווען זייער אויפגעלייגט,
מונטער און פרייליך. קריגס־מיניסטער סטענטאן האט שפע־
טער דערציילט: „דער פרעזידענט איז דאן געווען פרייליכער
און גליקליכער ווי ווען עס איז פריער. ער האט זיך געפרייט
מיט די אויסזיכטען פון א נאענטען פרידען און ער האט ארויס־
געוויזען זיין מענשליכקייט, זיין פריינדליכקייט, זיין צערטליכ־
קייט און זיין גרייטקייט מוחל צו זיין".

עס איז אבער ניט באשערט געווען לינקאלנ'ען דורכצופירען
זיין פראגראם פון רעקאנסטרוקציע. די זעלבע נאכט פון פער־
צענטען, עטליכע שטונדען נאכדעם ווי ער האט דערציילט זיין
מערקווירדיגען חלום, איז זיין לעבען אויסגעלאשען געווארען און
ער איז אוועקגעשוואומען צו „דעם טונקעלען אומבאקאנטען
ברעג".

אין אָווענט פון יענעם טאָג איז לינקאָלן און זיין פרוי געגאנגען אין טעאטער, אין דעם פאָרד טעאטער, וואו עס איז אויפגעפירט געוואָרען אַ לייכטע קאָמעדיע מיט'ן נאָמען „אונזער אַמעריקאַנער קאָזין.״ צוזאַמען מיט די לינקאָלנס איז אין דער לאָזשע געזעסען אַ מיידעל און אַן אָפיציר, זייערע פריינט. צווישען צען און האַלב נאָך צען האָט זיך אין דער לאָזשע אַריינגעגנב'עט א יונגערמאַן, דזשאַן ווילקס בוט, אַן אַקטיאָר. ער האָט צוגעשטעלט אַ רעוואָלווער צו לינקאָלנ'ס קאָפּ און האָט אויסגעשאָסען. די קויל האָט דורכגעלעכערט לינקאָלנ'ס מאַרך און לינקאָלן איז אַראָפּגעזונקען אין זיין שטול א באַוואוסטלאָזער. דער מערדער האָט אויסגעשריען: „נקמה פאַר דער סאוט!״ דאַן האָט ער ארויסגעצויגען א מעסער און צושניטען די האַנד פון דעם אָפיציר אין דער לאָזשע, וועלכע האָט זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן. בוט איז אַראָגעשפּרונגען פון דער לאָזשע אויף דער בינע, אויסשרייענדיג: „אַזוי איז עס שטענדיג מיט טיראַנען!״ שפּרינגענדיג האָט ער זיך פאַרטשעפּעט אָן אַן אַמעריקאַנער פלאַג, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון דער לאָזשע און האָט צובראָכען א פוס. אים איז אָבער געלונגען אַרויסצולויפען פון א טיר הינטער דער בינע. אין גאַס האָט אויף אים געוואַרט אַ פערד. ער איז אויף אים אַרויפגעשפּרונגען און איז אנטלאָפען.

אין טעאַטער איז געוואָרען א מהומה. דעם באַוואוסטלאָזען פּרעזידענט האָט מען אַריינגעטראָגען אין אַ הויז איבער'ן וועג. דאָקטוירים זיינען באלד געווען אויפ'ן פּלאַץ. אָבער עס איז זיי ניט געלונגען אפילו אויף אַ וויילע אים צו ברענגען צו זיך. ער איז געשטאָרבען שבת, דעם 15טען אַפּריל, זיבען אַזייגער אין דער פרי.

בוט'ס מערדערליכען אָנפאַל אויף לינקאָלן איז געווען בלויז איין טייל פון אַ פאַרשווערונג וואָס דער אַקטיאָר האָט געמאַכט מיט א גרופּע יונגעלייט. זיי האָבען באַשלאָסען, אַז אין דערזעלבער נאַכט וואָס בוט וועט מאַכען זיין אָנפאַל, זאָל אַן אַנדערער באַפאַלען דעם וויים־פּרעזידענט דזשאַנסאָן, און אַ דרי־

טער, דעם סעקרעטערי אָוו סטייט סואַרד. בוט איז אָבער גע־
ווען דער איינציגער וואָס האָט זיין „אויפגאַבע" ריכטיג אויס־
געפירט. דער יונגערמאַן וואָס האָט געזאָלט באַפאַלען דזשאָנ־
סאָנ'ען האָט זיך דערשראָקען און גאָרניט געטאָן. דער דריטער
וואָס האָט געדאַרפט דערמאָרדען סואַרד'ן, האָט געמאַכט אַ פאַר־
צווייפעלטען פראַזוך דאָס צו טאָן. סואַרד איז דעמאָלט געלעגען
אַ קראַנקער ביי זיך אין הויז. דער קאָנספיראַטאָר, לואיס
פעין, אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציג, האָט אָנגעקלונגען אין שטוב
און געזאָגט אַז ער האָט אַ פעקעל מעדיצין פאַר סואַרד'ן, און
אַז דער דאָקטאָר האָט אים פאַרזאָגט ער זאָל דעם פעקעל איבער־
געבען דעם קראַנקען אין האַנד. גראַד אָבער איז סואַרד געשלאָ־
פען און דער דינער האָט ניט געוואָלט אריינלאָזען פעינ'ען אין
צימער. פעין האָט אַרויסגעצויגען אַ רעוואָלווער און אַטאַקירט
דעם דינער. עס איז געוואָרען אַ טומעל. פעין איז געווען
אַ פיזישער ריז. ער האָט באַקעמפט דעם דינער און סואַרד'ס אַ
זון, וואָס איז געקומען דעם דינער צו הילף, און האָט זיך אריינ־
געריסען אין סואַרד'ס צימער. ער האָט זיך אויף דעם קראַנ־
קען אַרויפגעוואָרפען מיט אַ מעסער און אים צושניטען. ער האָט
אויך צושלאָגען די מענשען וואָס זיינען אָנגעלאָפען. און דאַן
איז ער אַנטלאָפען. די וואונדען וואָס סואַרד האָט באַקומען זיינען
אָבער ניט געווען קיין געפערליכע און ער האָט זיך פון זיי ער־
האָלט.

צוויי שטונדען נאָכדעם ווי לינקאָלן איז געשטאָרבען איז
ענדרו דזשאַנסאָן, דער וויס־פּרעזידענט, איינגעשוואָרען געוואָ־
רען אַלס פּרעזידענט. דזשאַנסאָן איז געווען אַ מלחמה־דעמאָ־
קראַט. ער האָט אָבער געשטיצט די ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער
און זייער שטרענגען פּראָגראַם געגען דער סאַוט. זונטאָג אין
דערפרי האָט אַ קאָמיטע פון ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער באַזוכט
דזשאַנסאָנ'ען. איינער פון דער קאָמיטע האָט צו אים געזאָגט:
„דזשאַנסאָן, מיר האָבען צוטרויען צו אייך. איצטער וועלען
מיר ניט דאַרפען זאָרגען וועגען דעם פּראָגראַם פון דער רעגירונג."
דזשאַנסאָן האָט דערויף געענטפערט: „איך האַלט, אַז רוי־

בעריי איז א פארברעכען, אז פארגוואלטיגונג איז א פארברעכען, אז פארראט איז א פארברעכען און א פארברעכען דארף באַ־שטראָפט ווערען". דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש דארויף, ווי דזשאנסאָן האָט געפּלאָנעוועט צו האנדלען מיט דער באזיגטער סאוט.

עס איז באשלאָסען געוואָרען אז לינקאָלן זאָל באערדיגט ווערען אין זיין אייגענער שטאָט, אין ספּרינגפילד, אילינאָי. עס זיינען אָנגעקומען בקשות פון א סך שטעט אז דער צוג וואָס וועט פירען דעם קערפּער זאָל זיך ביי זיי אפּשטעלען כדי די באפעלקערונג זאָל האָבען א געלעגענהייט אויסצודריקען זייער טרויער. דער צוג איז דורכגעפאָרען דעמזעלבען וועג, אויף וועל־כען לינקאָלן איז מיט פיר יאָר פריער געפאָרען פון זיין היים קיין וואשינגטאָן. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין באלטי־מאָר, העריסבורג, ניו־יאָרק, באָפאלא, אלבאני, קליוולאנד, קאָ־לאָמבוס, אינדיאנאפּאָליס און שיקאגאָ. איבעראל זיינען גע־קומען טויזענדער מענשען אָנקוקען דעם טויטען און אויסדריקען זייער טרויער. קיין ספּרינגפילד איז דער קערפּער אָנגעקומען דעם 4טען מאַי.

די אַלע וואָס זיינען געווען פארמישט אין דער פארשוועָ־רונג צו טויטען לינקאָלן האָט מען שפּעטער געכאפּט. בוט און איינער פון זיין חברה האָבען זיך באהאלטען ביי זייערען א פריינד. שפּעטער זיינען זיי אנטלאָפען קיין ווירדזשיניא. דעם 25טען אפּריל האָבען א גרופּע סאָלדאטען זיי געפונען אין א שטאַל אויף א פארם. בוט'ס חבר האָט זיך אונטערגעגעבען. אָבער בוט האָט זיך אנטזאגט ארויסצוגיין פון שטאַל. דער אָפי־צער פון דער גרופּע סאָלדאטען האָט באפוילען די שטאַל אונ־טערצוצינדען. ווען די פלאַמען האָבען זיך פארשפּרייט איז בוט צוגעשפּרונגען צום טיר. ער האָט געהאלטען א רעוואָלווער אין האנד. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט א שאָס און בוט איז אַנידערגעפאַלען א טויטער. ווער עס האָט אויסגעשאָסען ווייס מען ניט אויף זיכער. מען ווייס ניט צי בוט האָט זיך אַליין

דערשאסען אדער איינער פון די סאלדאטען האט אים דערשאָ־
סען.

פון אנפאנג האט מען אין די רעגירונגס־קרייזען געגלויבט, אז די פארשווערונג איז געמאכט געווארען מיט דער הילף פון הויכע בעאמטע פון דער קאנפעדעראציע. די צייטונגען האבען אפילו באשולדיגט דזשעפערסאן דייווים. דעם צווייטען מאי האט פרעזידענט דזשאנסאן אנגעבאטען א באלוינונג פון הונדערט טויזענד דאלער פאר דעם ארעסט פון דזשעפערסאן דייווים. שפעטער אבער האט מען אויסגעפונען אלע אמת'ע איינצעלהייטען פון דער גאנצער געשיכטע. דער קאפ פון דער פארשווערונג איז געוועזן בוט. ער האט נאך מיט א יאר פריער גענומען פלא־נעווען וועגען „קידנעפען" לינקאלנ'ען און אנדערע הויכע בע־אמטע און זיי אוועקשיקען אין דער סאוט. דעמאלט האט ער געוואלט מיט זיין טאט העלפען דער סאוט צוריקקריגען די גע־פאנגענע סאלדאטען. ער האט געגלויבט אז ווען לינקאלן אליין וועט זיין א געפאנגענער אין דער סאוט, וועט די רעגירונג פון דער נארט מסכים זיין אויסצובייטען אלע געפאנגענע, כדי לינ־קאלן זאל באפרייט ווערען. בוט איז געוועזן אן אקטיאר (א ברוד־דער פון דעם בארימטען עדווין בוט, איינער פון די גרעסטע קינסטלער אין דער געשיכטע פון דעם אמעריקאנער טעאטער). ער איז ערצויגען געווארען אויף א פארם אין מערילענד. גע־שפילט האט ער א לאנגע צייט אין די טעאטערס פון דער סאוט און ער האט סימפאטיזירט מיט דער סאוט. איצט, אז די סאוט האט שוין געהאלטען ביים פארלירען די מלחמה האט בוט געענ־דערט זיין פריערדיגען פלאן. ער האט געוואלט טאן עטוואס וואס זאל אנווארפען א שרעק אויף דער נארט און וואס זאל דע־מאראליזירען די רעגירונג. ער האט געהאפט, אז דאס וועט דערגרייכט ווערען דורך אן אלגעמיינעם מארד פון אלע הויכע רעגירונגס בעאמטע.

די פארשווערונג איז געמאכט געווארען אין א „באָרדינג הויז" פון אן אלמנה, א געוויסע מרס. סושאט, ניט ווייט פון וואשינגטאן. בוט האט אין דער פארשווערונג אריינגעצויגען

יונגעלייט וואָס האָבען געשטאַמט פון דער סאוט, א פּאָר פון זיי האָבען פריער געדינט אין דער אַרמיי פון דער סאוט און זיינען אַנטלאָפען פון די תפיסות אין דער נאָרט, וואו זיי זיינען גע־זעסען אַלס קריגס־געפאַנגענע. בוט איז געווען א פאַנטאַזיאָר און ער האָט מיט זיינע באָמבאַסטישע, אַקטיאָרסקע פראַזען גע־קענט באַגייסטערען יונגע מענשען. ער האָט זיי איינגערעדט אַז זיין פּלאַן וועט זיך זיכער איינגעבען.

אַכט מענשען זיינען גע'משפט געוואָרען פאַר דעם מאָרד, צווישען זיי מרס. סושאַט. דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין מיליטערישען געריכט וועלכען דזשאָנסאָן האָט באַשטימט פאַר דעם צוועק. פיר זיינען געפונען געוואָרען שולדיג אין ערשטען גראַד מאָרד. מרס. סושאַט איז געווען צווישען די פיר. דריי זיינען פאַר'משפט געוואָרען צו לעבענסלענגליכע געפענגנים און איינער, אַן ארבייטער אויף דער בינע, וואו בוט איז אַראָפּגע־שפּרונגען, האָט באַקומען זעקס יאָר טורמע.

איבער מרס. סושאַט האָט זיך אין לאַנד א סך געטומעלט. די ריכטער, וועלכע האָבען זי פאַר'משפט צום טויט, האָבען זיך שפּעטער געווענדט צום פּרעזידענט ער זאָל דעם פסק פאַר־בייטען אויף א לייכטערע שטראָף. דזשאָנסאָן האָט אָבער די רעקאָמענדאַציע ניט געלעזען און האָט אונטערגעשריבען דעם טויט־אורטייל פאַר אַלע פיר. דעם 7טען יולי איז מרס. סושאַט אויפגעהאנגען געוואָרען צוזאַמען מיט די אַנדערע דריי. אויפ'ן פּראָצעס איז באַוויזען געוואָרען, אַז מרס. סושאַט האָט גע־וואוסט וועגען דער פאַרשווערונג. ביי איר אין באָרדינג הויז האָ־בען זיך די פאַרשווערער פאַרזאַמעלט, ביי איר האָבען זיי זיך אויך שפּעטער באַהאַלטען. אָבער געזעצליך, — שרייבט פּראָ־פעסאָר ראודס, — זיינען די באַווייזען געגען איר ניט געווען גענוג שטאַרק. א פרוי וועלכע האָט אַליין ניט באַגאַנגען קיין מאָרד און וועמעס מיטווירקונג אין דעם מאָרד איז ניט באַוויזען געוואָרען מיט אבסאָלוטער זיכערקייט, האָט ניט געדאַרפט גע־שיקט ווערען צו דער תליה.

קאפיטעל 33.

# דער סוף פון דער מלחמה.

נאָכדעם ווי לי האָט זיך אונטערגעגעבען און די רעגי־רונג פון דער קאָנפעדעראציע איז אַנטלאָפען פון ריטשמאָנד, האָט די סאוט געהאַט נאָך איין גרויסע ארמיי. זי איז גע־שטאַנען אין נאָרט קאראָליינא, וואו עס האָט זיך אויך געפונען שערמאַנ'ס ארמיי. די אַרמיי פון דער סאוט איז געפירט געוואָ־רען פון גענעראַל דזשאנסטאָן. דזשעפערסאָן דייוויס האָט איצט איינגעלאַדען די צוויי גענעראלען, דזשאנסטאָן און באָרעגארד זיך מישב צו זיין מיט זיי וואָס צו טאָן ווייטער. ביי דער באַ־ראטונג זיינען אויך געווען פיר מיניסטאָרען פון זיין קאבינעט. דייוויס איז געווען מיט דער מיינונג אז די לאַגע איז טאַקע א שווערע, אָבער ניט קיין האָפענונגסלאָזע, און אז דער קאמף דאַרף פאָרטגעזעצט ווערען. דאן האָט ער געפרעגט דזשאנ־סטאָנען, וואָס ער דענקט. דזשאנסטאָן האָט געענטפערט: „אונ־זער פאָלק איז מיד פון דער מלחמה, די מענשען פילען אז זיי זיינען געשלאָגען, און ווילען מער ניט קעמפען. . . מיינע סאָל־דאַטען דעזערטירען יעדען טאָג. . . זייט לי האָט זיך אונטערגע־געבען האַלטען זיי, אַז די מלחמה איז געענדיגט. . . מיין קליי־נע ארמיי צעשמעלצט ווי שניי אונטער דער זון און איך האָב ניט קיין האָפענונג צו קריגען נייע סאָלדאַטען. מיר דאַרפען נאָר זען קריגען אזעלכע באַדינגונגען וועלכע מיר זאָלען קאָנען אָננעמען".

אַלע דערבייאיגע, אויסער דייוויס און בענדזשאמין, האָ־בען איינגעשטימט מיט דזשאנסטאָנ'ען. עס איז געבליבען אז דזשאנסטאָן זאָל אונטערהאנדלען מיט שערמאנ'ען וועגען אונ־טערגעבען זיך.

די פאַרהאַנדלונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען אַ פּאָר טעג נאָכ־דעם ווי לינקאָלן איז דערמאָרדעט געוואָרען. שערמאַן און דזשאַנסטאָן האָבען זיך געטראָפען פּערזענליך, האָבען דיסקו־טירט און אויסגעאַרבייט אַ גאַנצע רייע פּונקטען. טייל פון די פּונקטען האָבען מיט מיליטערישע ענינים קיין שייכות ניט גע־האַט. איין פּונקט, צום ביישפּיל, איז געווען, אַז נאָכדעם ווי דזשאַנסטאָן וועט זיך אונטערגעבען, זאָל דער פּרעזידענט אין וואַשינגטאָן אַנערקענען די שטאַט־רעגירונגען פון דער סאַוט, און אַז די איינוואוינער פון דער סאַוט זאָלען גלייך צוריקקריגען זייערע פּאָליטישע רעכט, זייער שטימרעכט און אפילו זייער איי־גענטום רעכט „ווי דאָס ווערט דעפינירט אין דער קאָנסטי־טוציע” (טייל האָבען אויסגעטייטשט די לעצטע פראַזע אַלס אָנ־צוהערעניש, אַז זיי זאָלען צוריקקריגען זייערע שקלאַפען, ווייל די קאָנסטיטוציע אַנערקענט שקלאַפעריי).

שערמאַן האָט זיין אָפּמאַך מיט דזשאַנסטאָנ׳ען צוגעשיקט צו גענעראַל גראַנט. גראַנט האָט דאָס געוויזען דעם קריגס־מיניסטער סטענטאָן. עס פאַרשטייט זיך, אַז סטענטאָן האָט דעם אָפּמאַך צוריקגעוויזען. ער האָט געגעבען אַ באַפעל גענע־ראַל גראַנט׳ען ער זאָל הייסען שערמאַנ׳ען גלייך אַטאַקירען דזשאַנסטאָנ׳ס אַרמיי. מיט צוריקווייזען דעם אָפּמאַך האָט סטענטאָן זיך ניט באַנוגענט. ער האָט די גאַנצע געשיכטע גע־לאָזט פאַרעפענטליכען אין דער פּרעסע. עס האָט זיך איצט אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכע העצע געגען שערמאַנ׳ען. עס איז גע־געבען געוואָרען אָנצוהערעניש, אַז שערמאַן איז אונטערגעקויפט געוואָרען פון דער סאַוט, אַז ער האָט בכיון אַזוי אויסגעשטעלט זיין אַרמיי, אַז עס זאָל מעגליך זיין פאַר פּרעזידענט דייוויס צו אַנטלויפען קיין מעקסיקאָ. פּראָמינענטע פּערזאָנען האָבען געפאָדערט, אַז שערמאַן זאָל גלייך אַראָפּגעזעצט ווערען. פון די פיר וויכטיגסטע צייטונגען אין ניו יאָרק האָט בלויז איינע, די דעמאָקראַטישע, זיך אָנגענומען פאַר שערמאַנ׳ען. שערמאַנ׳ס איינענער ברודער, וועלכער איז געווען אַ סענאַטאָר פון אָהייאָ,

האט געשריבען צו סטענטאנ׳ען, אז גענעראל שערמאנ׳ס אפ־מאך מוז צוריקגעוויזען ווערען.

גענעראל שערמאן האט אויף גרענט׳ס באפעל זיין אפמאך צוריקגעצויגען און זיך גענומען גרייטען צו אטאקירען דזשאנ־סטאנ׳ען. דזשאנסטאן האט זיך דאן אונטערגעגעבען אויף די־זעלבע באדינגונגען ווי לי האט זיך אונטערגעגעבען ביי אפא־מאטאקס.

מיט דזשאנסטאנ׳ס אונטערגעבען זיך האט זיך די מלחמה פאקטיש געענדיגט. דזשעפערסאן דייווים איז אנטלאפען, בא־גלייט פון זיינע מיניסטארען און עטליכע טויזענד סאלדאטען. ער איז אוועק קיין דזשארדזשיא. אויפ׳ן וועג האבען די מיניס־טארען אים איינציגווייז פארלאזען, סעקרעטערי און סטייט בענ־דזשאמין האט זיך פון אים „אוועקגע׳גנב׳עט”. „ער האט זיך דערשלאגען צום ברעג, זיך געזעצט אויף א שיף קיין בערמודא און פון דארט איז ער אוועק קיין ענגלאנד”.

ווען דייווים איז אריבער דעם טייך סאוואנא האט ער געגע־בען יעדען סאלדאט 32 דאלער און זיי אוועקגעשיקט אהיים. ער איז פארבליבען מיט א וואך פון 20 געקליבענע סאלדאטען. מיט זיי איז ער אוועק ווייטער, צו דרום צו. אויפ׳ן וועג האט אים באגעגענט זיין פרוי. דעם 9טען מאי האבען זיי זיך אפגע־שטעלט נעבען שטעטעל אירווינגוויל אין דזשארדזשיא. דארט זיינען זיי ארומגערינגעלט געווארען פון א רעגימענט סאלדאטען פון דער נארט. זיי זיינען אלע גענומען געווארען געפאנגענע און זיינען אפגעפירט געווארען קיין מייקאן, דזשארדזשיא.

אין דעם אפיציעלען באריכט וואס סטענטאן האט ארויסגע־געבען וועגען דייווים׳עס ארעסט ווערט דערציילט, אז דייווים האט געמאכט א פארזוך צו אנטלויפען, אנגעטאן אין זיין פרוי׳ס קליידער. דאס איז אויפגעכאפט געווארען פון די צייטונגען אין דער נארט, וועלכע האבען זיך לוסטיג געמאכט איבער דייווים׳עס פחדנות. זיי האבען סטענטאנ׳ס באריכט נאך צוגעפוצט און אנגעגעבען „איינצעלהייטען” ווי אזוי דייווים האט אנגעטאן זיין ווייב׳ס אונטערקלייד און איר קרינאלינע, נאר ער האט פאר־

געסען אָנצוטאָן די שיך, און דאָס האָט אים פאַרראַטען. דייוויס אַליין האָט שפּעטער דאָס אַלעס אָפּגעלייקענט, ער האָט דערציילט אַז בשעת די סאָלדאַטען זיינען באַפאַלען דעם לאַגער איז געוועזן פינסטער, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זיין ווייב׳ס מאַנטעל, מיינענדיג אַז דאָס איז זיין אויבערראָק און האָט עס אָנגעטאָן. די פרוי האָט דערנאָך אַרויפגעוואָרפען אויף זיין פּלייצע איר שאַל. אַזוי האָט ער זיך געלאָזט לויפען איבער׳ן פעלד, אָבער די סאָלדאַטען האָבען אים געכאַפּט.

אַנדערע וויכטיגע בעאַמטע פון דער קאָנפעדעראַציע זיינען שפּעטער אַרעסטירט געוואָרען. צווישען די אַרעסטירטע זיינען געווען דער וויים־פּרעזידענט אַלעקסאַנדער סטיפענס, דער פּאָסט־מיניסטער ריגען, דער פלאָטען־מיניסטער מאַלאָרי, דער יוסטיץ־מיניסטער דייוויס, און דער פינאַנץ־מיניסטער טרענהאָלם. אַנדערע וויכטיגע בעאַמטע זיינען אַנטלאָפען, צווישען זיי דער מיניסטער בענדזשאַמין און קריגס־מיניסטער ברעקענרידזש. עס זיינען אויך אַרעסטירט געוואָרען עטליכע גאָווערנאָרס פון די רעוואָלטירטע שטאַטען. די וואָס מען האָט ניט געכאַפּט זיינען אַנטלאָפען, טייל קיין מעקסיקא און טייל קיין אייראָפּע.

די נאָרט האָט איצט גענומען פאַנאַנדערלאָזען איר אַרמיי. דעם ערשטען מאַי, 1865, זיינען אין די רייען געווען איבער אַ מיליאָן סאָלדאַטען. אין נאָוועמבער זיינען 800 טויזענד פון זיי שוין געווען אין דערהיים.

די מלחמה האָט אָפּגעקאָסט אין טויטע און פאַרוואונדעטע פון ביידע צדדים איבער אַ מיליאָן מענשען. די נאָרט האָט פאַרלוירען איבער 110 טויזענד טויטע אויף די שלאַכט־פעלדער, איבער 224 טויזענד זיינען געשטאָרבען פון קראַנקהייטען און איבער 24 טויזענד זיינען אומגעקומען דורך פאַרשידענע אומגליקען. די צאָל פאַרוואונדעטע האָט דערגרייכט ביז איבער 275 טויזענד. די סאוט האָט פאַרלוירען אין טויטע 94 טויזענט, 164 טויזענד זיינען געשטאָרבען פון קראַנקהייטען. וויפיל פאַרוואונדעטע די סאוט האָט געהאַט ווייס מען ניט גענוי.

אין געלט האָט די מלחמה אָפּגעקאָסט אַן ערך פון פינף בי־

ליאן דאלער. דערביי ווערט אנגעוויזען אז דער פרייז פון די פיר מיליאן שקלאפען איז פאר דער מלחמה געווען אן ערך פון דריי ביליאן. דאס הייסט אז אן א מלחמה וואלט מעגליך גע־ווען אלע שקלאפען אפצוקויפען פאר אומגעפער א העלפט פון דעם געלט וואס די מלחמה האט געקאסט.

קאפיטעל 34.

# דער חורבן אין דער סאוט.

די מלחמה האָט איבערגעלאָזען אין דער סאוט א סאָ־ציאַלען כאאָס און אן עקאָנאָמישען חורבן. יענע געגענדען וואו די ארמייען זיינען דורכגעגאנגען און וואו די שלאכטען זיינען פאָרגעקומען זיינען געוועזן אינגאנצען פארניכטעט. אָט וואָס פאר א סך הכל פון דער לאגע עס גיט דער היסטאָריקער עלען נעווינס:

„כמעט יעדער טייל פון ווירדזשיניא האָט געליטען. שערי־דען׳ס ארמייען האָבען פארוואַנדעלט דעם שענענדאָהא טאָל אין א מדבר. די שטאַלען, מילען און סטייגען היי זיינען אלע פארברענט געווארען. א סך הייזער אויך. די בריקען זיי־נען צושטערט געווארען. די בהמות און פערד זיינען אומגע־בראכט געוואָרען. די צאַמען און פארקענס זיינען פארשוואונ־דען. איבער דער גאנצער געגענד צווישען אלעקסאנדריא און ריטשמאָנד האָבען די חילות מארשירט הין און צוריק און די דערפער, פארם־הייזער, קירכען און געהילץ זיינען ווי אפגע־ווישט געווארען. אין א גרויסען טייל פון דער געגענד איז ניט געוועזן מער קיין סימן, אז לעבעדיגע מענשען האָבען דארט אמאָל געוואוינט. דאָ און דאָרט איז נאָך געשטאנען א פאררויכער־טער קוימען, ווי א פינסטערער וועכטער איבער דעם חורבן. דורך די קאראליינעס און דורך דזשאָרדזשיא האָט שערמאַנ׳ס ארמיי דורכגעשניטען א ברייטען שליאך פון חורבן, אזא פאָל־שטענדיגען חורבן, אז איינער פון די אָפיצערען פון דער נאָרט האָט זיך בארימט אז אין פארלויף פון א גאנצען דור וועט דאָרט אוממעגליך זיין צוריק אויפצובויען די אגריקולטור און דעם

האנדעל. ברייטע שטח'ן אין נארדליכען טייל פון אלאבאמא זיי־
נען צוראבירט געווארען דורך באנדעס פוןביידע צדדים. . .
אנדערע שטאטען האבען געליטען כמעט ניט ווייניגער. אין אר־
קאנסא האט דער גאווערנאר באריכטעט, אז די פארוויסטונג פון
דער מלחמה איז אומבאשרייבליך. די באנדעס האבען דארט
געארבייט מיט אזא ווילדקייט, אז צוויי־דריטעל פון די ראיאנען
זיינען אנגעפילט געווען מיט עלענד און נויט."

„איבער דער גאנצער סאוט, — שרייבט נעווינס וויי־
טער, — פון ווירדזשיניא ביז טעקסאס, זיינען געווען צואווארפען
שטעטלאך, וואס זיינען געווען אינגאנצען אדער טיילווייז פאר־
ניכטעט. דער האנדעלס־קווארטאל פון ריטשמאנד איז צושטערט
געווארען פון א פייער וואס דארטען האט אויסגעבראכען ווען
די קאנפעדעראציע־ארמיי איז ארוים. אנדערע טיילען פון
שטאט זיינען צוראבירט געווארען. אין סאוט קאראליינא זיי־
נען צושטערט געווארען אכציג בלאק מיט 1386 הייזער. טשארלס־
טאן האט געליטען פון צוויי שרעקליכע שריפות און עטליכע
מאל איז זי באמבארדירט געווארען. . . אטלאנטא, א בליענדע
שטאט ווען די מלחמה האט אויסגעבראכען, איז איצט געלעגען
האלב אין אש. . . און 35 טויזענד מענשען פון דער ארומיגער
געגענד האבען געמוזט אנקומען צו צדקה. . . און אזוי בסדר. . .
אפילו אין ניו ארליענס, וועלכע האט געליטען ווייניג היזק, האט
די באפעלקערונג ניט געהאט מער קיין ענערגיע און קיין מוט.
א סך פון די איינוואוינער זיינען פארטריבען געווארען, א העלפט
פון די קראמען זיינען געווען ליידיג און צוגעמאכט."

די באנען זיינען געווען צושמעטערט. שערמאנ'ס ארמיי
האט אויסגעריסען די רעלסען פון די באנען איבער א שטרעקע
פון 300 מייל אין דזשארדזשיא און אין סאוט קאראליינא.
מיסיסיפי האט שטענדיגט שטאלצירט מיט איר אויסגעצייכענטען
באן פארקער, א ליניע פון 200 מייל וואס האט איר אפגעקאסט
זיבען מיליאן דאלער צו בויען. איצט זיינען די סטאנציעס
געווען פארברענט, קיינע וואגאנעס און לאקאמאטיוועז זיינען
ניט געווען. די רעלסען און די בריקען זיינען מערסטענטיילס

געווען צושמעטערט. אין אלאבאמא איז כמעט די גאנצע באן פון 800 מייל געווען פארקריפעלט.

די גאנצע באפעלקערונג איז פון דער מלחמה פאראָרימט געווארען, אויסער די ספעקולאנטען און די וואס האָבען גע־מאכט געלד פון מלחמה־קאָנטראקטען. דער ווערט פון לאנד איז געפאלען. די באנקען אין דער סאוט זיינען דערטרונקען געווא־רען אין א ים פון ווערטלאָזע פאפירען וואס די קאָנפעדעראציע האָט אַרויסגעגעבען. . . די פארזיכערונגס געזעלשאפטען זיינען געווען באנקראָט, טויט. די פאבריקען און די מינעס זיינען געווען פארשלאָסען. א סך פלאנטאציעס זיינען געווען פאר־משכנ'ט און זייערע אייגענטימער האָבען געוואוסט, אז אויב זיי וועט ניט געלינגען זיך באלד צו שטעלען אויף די פיס וועט־לען זיי פארלירען זייערע היימען.

אָבער אם ערגסטען איז געווען דער מענשליכער חורבן, פי־זיש און מאָראליש. אין מיסיסיפי אליין זיינען געווען צען טויזענד מלחמה יתומים. . . באאָבאכטער האָבען דערקלערט, אז די מענליכע באפעלקערונג איז פארקלענערט געווארען אויף א העלפט. אָבער טרויעריגער ווי די אָרימקייט און די קברים איז געווען דער מאָראלער צוזאמענברוך. מענשען האָבען פאר־לוירען זייער האָפענונג, זייער מוט.

אין א סך טיילען פון דער סאוט האָט די הערשאפט פון גוואלד און טעראָר אָנגעהאלטען אויך נאָך דער מלחמה. אין דעם זיד־אסטליכען טייל פון אלאבאמא האָבען די באנדעס און דעזערטירער פוןביידע אַרמייען אָנגעהאלטען א גאנץ יאָר צייט זייערע רויב־אָנפאלען אויף די פארמער. . . די טייכען זיינען פאר־פלייצט געווארען מיט קאטען־גנבים וועלכע פלעגען צושווימען צום ברעג פון א קאטאן־פעלד, צו'גנב'ענען די קאטען און אנט־לויפען. . . אין סאוט קאראליינא האָבען זיך ארומגעטריבען באנדעס פון נעגער־רויבער. איינע פון די באנדעס איז אָנגע־פירט געווארען פון א ווייסען. דורך דער גאנצער סאוט האָבען געבושעוועט גנבים פון פערד און בהמות. ארום דעם טייך מיסי־סיפי, אין דעם מיטעלען טייל פון ארקענסא און טעקסאס, האָבען

זיך באנדיטען ארומגעטריבען איבער'ן לאנד, צוגענומען בהמות, בארויבט מענשען און געשניטען העלזער.

אין די שטעט האט זיך גלייך נאך דער מלחמה אנגעהויבען א לעבעדיגע אויפבויאונגס ארבייט. די נארט האט אהין גלייך גענומען ארייגשיקען א מאסע סחורה. מען האט אויך גענומען צוריק אויפבויען די באנען. סוף יאר האבען שוין טייל שטעט געקויפט אזוי פיל סחורה ווי פאר דער מלחמה. אבער די הויפט צרה איז געווען מיט דעם דארף, מיט די פארמס. די סאוט איז דאך געווען אן אגריקולטור־לאנד. דער וואויל־שטאנד פון די שטעט איז אפהענגיג געווען אן דעם וואוילשטאנד פון דארף. און די פארמער האבען געהאט א שווערען וועג בארג ארויף אפילו נאר זיך צו דערהאלטען. זיי האט געפעלט די מאטעריאלען וואס זיינען געווען נויטיג פאר דער אויפבוי־ארבייט: בהמות, פערד, מאשינען און זריעה. דזשארדזשיא, צום ביישפיל, האט אין 1860 געהאט 232 טויזענד פערד און אייזלען, און נאך דער מלחמה האט זי געהאט בלויז 132 טויזענד, א פארלוסט פון דריי אויף יעדע זיבען. דער שטאט האט פאר דער מלחמה געהאט מער ווי א מיליאן פי, און געבליבען איז אים איצט עטוואס מער ווי א העלפט דערפון. לואיזיאנא האט אויך פארלוירען מער ווי א העלפט פון אירע פערד און אייזלען. צום ערשטען מאל אין א סך יאר האבען די פארמער זיך געמוזט באנוצען מיט אקסען צום אקערען. עס זיינען געווען פאלען ווען מענער און פרויען האבען זיך געמוזט אליין איינשפאנען און שלעפען משא.

דער ערשטער געפיל ביי א סך סאלדאטען פון דער קאנפעדעראציע ווען זיי זיינען אהיימגעקומען און געזען דעם חורבן, איז געווען — צו אנטלויפען פון לאנד. זיי זיינען געווען פארצווייפעלט. טייל זיינען באגאנגען זעלבסטמארד. . . מען האט געמאכט פלענער וועגען אוועקפארען אין אנדערע לענדער און דארטען גרינדען קאלאניעס. א סך האבען געטראכט וועגען באזעצען זיך אין מעקסיקא. . . עס זיינען אפילו אנגעפירט געווארען וועגען דעם פארהאנדלונגען מיט דער מעקסיקאנישער רעגי־

רונג. א געוויסע צאָל פּראָמינענטע פירער פון דער קאָנפעדעראַציע זיינען טאקע אוועקגעפאָרען קיין מעקסיקא. די אלע פּלענער האָבן זיך אָבער אויסגעלאָזען מיט גאָרניט. גענעראַל לי און נאָך איינינע פון די פּראָמינענטע מענשען אין דער סאוט האָבען שטאַרק אַגיטירט געגען דעם. זיי האָבען געראַטען דעם עולם ער זאָל בלייבען זיצען אין דער היים און אָנשטרענגען אלע כוחות ווידער אויפצובויען דאָס לאַנד. און די דאָזיגע עצה האָט בעסער אַפּעלירט צום ברייטען עולם.

אין די גרענעץ־שטאַטען וואו די באַפּעלקערונג איז אין די מלחמה יאָרען געווען צוטיילט, איינע טריי צו דער נאָרט און אייגע צו דער סאוט, איז איצט אָנגעגאנגען א שטיקעל קריג, וואָס האָט די אלגעמיינע שלעכטע לאַגע נאָך ערגער געמאכט. א סך צרות זיינען אויך ארויסגעקומען פון דער פיינדליכער באַציאונג פון דער באַפּעלקערונג צו די „יוניאָן" סאָלדאטען וואס זיינען איצט געשטאַנען אין דער סאוט. איבערהויפּט זיינען די פרויען געווען פיינדליך געשטימט צו די סאלדאטען. קארל שורץ האָט אין זיין באַריכט צום פּרעזידענט געשריבען: „מען באַטראַכט אונזערע סאָלדאטען ווי פּרעמדע, ווי שונאים". די סאָלדאַטען האָבען אויך ניט געשוויגען און האָבען יעדע געלעגענהייט אויסגענוצט אויפצורייצען די פרויען. ווען אַ פרוי פלעגט קומען צו די מיליטער־בעאַמטע בעטען ערלויבניש אויף עפּעס, פלעגט מען פון איר פאָדערען זי זאָל שווערען טרייהייט דער יוניאָן־פלאַג. אין ריטשמאָנד האָט דער גענעראַל פארבאָטען צו פּראַווען אַ חתונה סיידען דער חתן, די כלה און דער גלח וועלען שווערען טרייהייט דער רעגירונג. מען האָט פארבאָטען די געוועזענע סאָלדאַטען און אָפיצירען פון דער קאָנפעדעראַציע צו טראָגען זייערע מונדירען (די גזירה איז אָבער ניט דורכגעפירט געווארען. די מיליטער־בעאַמטע האָבען געוואוסט, אז א סך פון די געוועזענע סאָלדאַטען און אָפּיצירען פון דער סאוט האָבען פשוט קיין אַנדערע קליידער ניט געהאַט און ניט געקענט קריגען. האָבען זיי זיך געמאַכט ניט זעענדיג און זיי געלאָזען די מונדירען ווייטער טראגען).

דאן איז צוגעקומען דאס פראבלעם פון ארבייט. ניט די ווייסע און ניט די נעגער זיינען געווען באקאנט מיט דער פראק־טישער זייט פון לוין־ארבייט. זייער ווייניג ווייסע האבען גע־האט געלט צו באצאלען פאר ארבייט. זיי האבען געמוזט ווארטען ביז וואנען די פראדוקטען וועלען ארפגענומען ווערען פון די פעלדער און פארקויפט ווערען. די נעגער האבען צונויפגע־מישט דעם באגריף פון פרייהייט מיט דעם באגריף פון ניט אר־בייטען. ביידע האבען ניט געטרויט איינע די אנדערע. די ווייסע האבען געגלויבט, אז עס איז אונמעגליך אן צוואנג צו ווירקען אויף דעם נעגער ער זאל ארבייטען. די נעגער האבען פארדעכטיגט אז די ווייסע ווילען זיי אפנארען, אדער אנשרע־קען. אין א סך געגענטען איז דורך דער דאזיגער באציאונג די פארמעריי אינגאנצען דעמאראליזירט געווארען.

„דער באפרייטער נעגער, שרייבט נעווינס, האט באקומען א שטארקען חשק צו צוויי זאכען: צו ענדערען זיין נאמען און צו ענדערען זיין וואוינארט. די מעגליכקייט צו טאן די דאזיגע צוויי זאכען זיינען פאר אים געווען דער סימבאל פון פריי־הייט, און די נעגער האבען גענומען וואנדערען מאסענווייז, אן א ציל און אן א צוועק. אין פארלויף פון דעם זומער פון 1865 האבען זיך 80 טויזענד נעגער אריינגעקליבען אין וואַ־שינגטאן. דער ארבייטס־מארק אין די שטעט, ביי דער גרע־נעץ פון דער סאוט, איז איבערפילט געווארען. טויזענטער נעגער־פאמיליעס וואס זיינען פריער צוזייט און צושפרייט געווען, דורך דעם וואס זייערע בעלי־בתים האבען זיי פארקויפט אין פארשידענע געגענטען, האבען זיך איצט פאראייניגט. אנדערע פאמיליעס, ווידער, זיינען דורך דער וואנדערלוסט צוריסען גע־ווארען. א גרויסע צאל פון די באפרייטע זיינען געבליבען אויף זייערע פלעצער און די מערסטע פון די וואס זיינען אוועק זיינען שפעטער צוריקגעקומען. אבער די לופט איז פול געווען מיט וואנדערונג, מיט אומרואיגקייט.

„וואס פאר א באגריף דער נעגער האט געהאט וועגען זיין באפרייאונג איז שווער צו זאגען, — שרייבט פלעמינג, — טייל

נעגער האבען געמיינט, אז זיי וועלען מער ניט דארפען ארבייטען, אז די רעגירונג וועט פאר זיי שטענדיג זארגען. אנדערע האבען געמיינט, אז זיי וועלען קריגען די נויטיגע בילדונג און די נויטיגע געלעגענהייטען צו ווערען גלייכע ווי זייערע פריערדיגע באלעבאטים. אבער די מערסטע פון זיי זיינען געווען אינגאנצען צוטומעלט. זיי האבען געוואוסט בלויז איין זאך, אז זיי זיינען פריי".

א סך פון זיי האבען איצט גענומען ארומוואנדערען. עס האט זיך ביי זיי פארשפרייט א געפיל, אז דערין באשטייט פרייהייט — אין קענען ארומגיין וואו און ווען מען וויל. אט די נעגער, וואס האבען אוועקגעוואנדערט פון זייערע פריערדיגע היימען, האבען אם שטארקסטען געליטען. צווישען די ארומוואנדערענדיגע נעגער, זיינען געווען אזעלכע, וואס האבען געדינט אין דער ארמיי און זיינען איצט אפגעלאזט געווארען אהיים. אויך אזעלכע וואס זיינען אין משך פון דער מלחמה געפאנגען געווארען און מען האט זיי געהאלטען אין קאנצענטראציאנס־לאגערען. אלס רעזולטאט פון דעם וואנדערן זיינען פאמיליעס צוריסען געווארען, עלטערען האבען פארלאזען זייערע קינדער, מענער זייערע פרויען. און עס איז ארויסגעקומען אזוי, אז די יונגע מענשען זיינען אוועק פון די פלאנטאציעס און איבערגעלאזען זייערע אלטע לייט און קליינע קינדער. א סך נעגער האבען זיך אפגעשטעלט נעבען די לאגערען פון די סאלדאטען פון דער נארט. זיי זיינען דארטען געשלאפען אין כאטקעס אדער אונטער'ן פרייען הימעל, פארהונגערטע און פארשמאכטע. זיי זיינען אויסגעשטארבען מאסענווייז.

די נעגער זיינען געווען אומוויסענד און נאאיוו. מען האט זיי לייכט געקענט איינריידען נארישע און אוממעגליכע זאכען. שווינדלער און לומפען האבען זיך דערמיט באנוצט כדי אויסצונארען ביי זיי דאס ביסעל געלט וואס טייל פון זיי האבען פארמאגט. אזוי צום ביישפיל האבען די שווינדלער פארשפרייט צווישען זיי א קלאנג, אז די רעגירונג וועט געבען יעדען נעגער פערציג אקער לאנד און אן אייזעל. א סך נעגער זיינען געזעסען

און האבען געווארט ביז זיי וועלען עס קריגען. אין איין ארט אין נארט קאראליינא האט אימיצער איינגעשמועסט די נעגער, אז כדי צו קריגען די פערציג אקער לאנד מוזען זיי פריער חתונה האבען. איז דארטען געווארען א געלאף אויף חתונות. א גלח אין א קליין שטעטעל האט אין צוויי טעג צייט חתונה געמאכט 150 נעגער-פארלאך. אין פלארידא האט מען די נעגער פאר־קויפט טויזענטער „סערטיפיקייטס" (שיינען) אויף די פערציג אקער לאנד. דאס איז געווען די ארבייט פון שווינדלער. די שווינדלער האבען איינגערעדט די נעגער, אז כדי צו קריגען דאס לאנד מו־זען זיי האבען א „סערטיפיקייט" און די נעגער האבען מיט פאר־געניגען געצאלט צו די שווינדלער צו פינף דאלער פאר'ן שטיקעל ווערטלאזען פאפיר. אנדערע שווינדלער האבען פארקויפט די נע־גער שטיקלאך האלץ געפארבט מיט רויטע און בלויע שטרייפען. זיי האבען זיי איינגערעדט, אז די פלעקלאך קומען פון וואשינג־טאן און אז דער נעגער וואס באזיצט די פלעקלאך קען מיט זיי ארומצאמען פאר זיך א שטיק לאנד.

צווישען די ווייסע אין דער סאוט האט געהערשט די מיינונג, אז דער נעגער איז פון דער נאטור פויל און אז איצט, ווען ער איז זיין אייגענער באלעבאס, וועט עס אוממעגליך זיין אים צו מאכען צו ארבייטען. קארל שורץ האט אין זיין באריכט צום פרעזידענט געשריבען: „א גלויבען, אז איבערצייגונג אדער א פאראורטייל איז דא ברייט פארשפרייט און טיף איינגעווארצעלט, אז דער נעגער וועט ניט ארבייטען אן פיזישען צוואנג". טייל פלאנטאטארס האבען געטראכט וועגען איינלאדען ווייסע אימי־גראנטען זיי זאלען קומען פארנעמען דעם פלאץ פון די נעגער. אין טשארלסטאן האט זיך אפילו געגרינדעט אן אימיגראנטען הילפס געזעלשאפט צו ברענגען אימיגראנטען פון אייראפא. איי־ניגע פלאנטאטארס פון דזשארדזשיא זיינען אליין געפארען אין דער נארט ברענגען ווייסע ארבייטער. זיי האבען אנגעבאטען איירישע און איטאליענישע אימיגראנטען פון צען ביז צוועלף דאלער א טאג געהאלט אויסער „באארד" (קעסט). מען האט אויך גערעדט וועגען ברענגען כינעזישע ארבייטער, קולים, ווייל

זיי עסען ווייניג און באנוגענען זיך מיט קליינע שכירות. קיין איינציגער פון די פלענער איז ניט פארווירקליכט געווארען. די מערסטע פלאנטאטארס האבען פארשטאנען, אז זיי וועלען זיך אן דעם נעגער־ארבייטער ניט באגיין און האבען געזוכט צו קומען מיט די נעגער צו א פארשטענדיגונג וועגען ארבייטען אונטער פרייע באדינגונגען.

די נאטור איז אויך געווען געגען דער פארוויסטער סאוט. די גערעטעניש אויף די פעלדער, דאס ערשטע יאר נאך דער מלחמה, איז געווען זייער שלעכט, ווייניגער ווי א העלפט פון דער גערעטעניש פון פאר דער מלחמה. אין יאר1867 האבען די פעלדער ווידער געליטען פון שלעכטען וועטער און פון היי־שעריק. דערצו זיינען יענעם יאר געפאלען די פרייזען פון די פראדוקטען. א סך פלאנטאטארס זיינען איינגאנצען רואינירט געווארען.

אמערגסטען איז די לאגע געווען אין דזשארדזשיא, סאוט קאראליינא און אלאבאמא. אין אלאבאמא איז די גערעטעניש אויף די פעלדער אין 1865 געווען קוים א צענטעל פון דער גערעטעניש פאר דער מלחמה. ערשט אין 1880 איז אלאבאמא איינגאנצען צו זיך געקומען און האט אנגעפאנגען פראדוצירען אזוי פיל ווי אין 1860. דעם ערשטען ווינטער פון פרידען האבען א סך ווייסע פאמיליעס זיך אויפגעהאלטען אין די וועלדער, וואו די בוימער זיינען געווען דער איינציגער שוץ. אין פרילינג פון יענעם יאר זיינען דריי־פערטעל פון די 80 טויזענט אלמנות פון דעם שטאט געווען אין נויט. עס זיינען געווען פאלען ווען מענשען זיינען אויסגעגאנגען פון הונגער. אין 1867 האט די „פרימענס ביורא" געמאלדען אז 10 טויזענד ווייסע און 50 טויזענד נעגער אין אלאבאמא זיינען אן שום לעבענס־מיטעל. אין סאוט קאראליינא האבען רייכע פאמיליעס געמוזט פארקויפען זייער זילבערוואַרג כדי צו האבען אויף ברויט. אין דעם שטאט זיינען אויך מענשען אויסגעגאנגען פון הונגער. אין 1886 האט די לעדזשיסלייטשור פון דעם שטאט באוויליגט די סומע פון 200 טויזענד דאלער צו קויפען ברויט פאר די הונגעריגע. אין

מיסיסיפי האט דער גאווערנאר רעקאמענדירט דער לעדזשיסלייטשור, אז א פינפטעל פון די שטייערען וואס די רעגירונג זאמעלט, זאל באנוצט ווערען צו קויפען עסען פאר די אלמנות, יתומים און אנדערע נויט־באדערפטיגע.

עס פארשטייט זיך, אז די נעגער האבען געליטען א סך מער ווי די ווייסע. אין די קווארטאלען וואו זיי האבען זיך באזעצט, האבען זיך פארשפרייט אלערליי מגפות. א סך זיינען אויסגעשטארבען פון טובערקולאז. די קינדער האבען ניט געהאט די ריכטיגע שפייז און זיינען אויסגעשטארבען ווי די פליגען. אין טייל געגענטען האט מען יארען לאנג קיין יונג קינד ניט געזען. די „פרימענס ביורא" האט געעפענט האספיטעלער און קליניקס, אבער זיי האבען די מגפות ניט געקאנט אפשטעלען. וויפיל נעגער־לעבענס עס זיינען אין יענע יארען אומגעקומען איז שווער צו באשטימען. אבער די סטאטיסטיק פון טשארלסטאן גיט א באגריף. דארט זיינען, צווישען די יארען 1866 און 1871, אויסגעשטארבען צוויי מאל אזוי פיל נעגער ווי ווייסע. (די צאל פון נעגער און ווייסע פון דער שטאט איז געווען כמעט גלייך.) קינדער זיינען דארט געשטארבען ביי די נעגער דריי מאל אזוי פיל ווי ביי די ווייסע. אין אייניגע קווארטאלען אין דער סאוט זיינען אין פארלויף פון די ערשטע יארען נאך דער מלחמה אויסגעשטארבען פון א פערטעל ביז א דריטעל פון דער גאנצער נעגער־באפעלקערונג.

ביסלאכווייז האט זיך די לאגע גענומען אויסקריסטאליזירען. אין מאנכע שטאטען האבען די ווייסע פלאנטאטארס גענומען דינגען די נעגער אלס פרייע ארבייטער און די נעגער האבען זיך צוגעפאסט צו דער נייער סיסטעם. אין לואיזיאנא האט זיך די סיסטעם ארויסגעוויזען פאר אן ערפאלג, אויב דער בעל־הבית האט נאר געצאלט די שכירות אין צייט. די לאגע איז אויך געווארען בעסער אין ווירדזשיניא און אין נארט קאראליינא. שלעכט איז אבער געווען אין סאוט קאראליינא, דזשארדזשיא, אלאבאמא און מיסיסיפי. ערשטענס איז די צאל פון נעגער דארטען געווען זייער גרויס. צווייטענס, זיינען די

ווייסע פארמער געווען זייער ארים. דארט האט זיך גענומען אנטוויקלען די „שער־סיסטעם“. דער ווייסער פלאנטאטאר האט אפגעמאכט מיט'ן נעגער אז ער, דער נעגער, זאל בעארבייטען די פלאנטאציע און זיי זאלען זיך דערנאך טיילען מיט די פראדוקטען. די ערשטע צייט האט דער ווייסער פלאנטאטאר באזארגט זיינע נעגער „טענענטס“ (שכנים) מיט עסען, מיט פערד און מיט געצייג. דערפאר האט ער באקומען צוויי־דריטעל פון די פראדוקטען און דער נעגער איין דריטעל. שפעטער האבען די נעגער שוין געהאט אליין געלט צו קויפען שפייז. האבען זיי זיך מיט'ן בעל־הבית געטיילט העלפט אויף העלפט. ביידע צדדים האבען זיך אבער באקלאגט. די ווייסע האבען גע־טענה'ט, אז די נעגער ארבייטען ניט טיכטיג גענוג, און די נע־גערס האבען גע'טענה'ט אז די ווייסע באשווינדלען זיי ביים אויסארבייטען די קאנטראקטען. פונדעסטוועגען, האט די סיס־טעם דאך געבראכט א געוויסע באפרידיגונג פארביידען. דער ווייסער האט געהאט ווער עס זאל זיינע פעלדער בעארבייטען און דער נעגער האט געהאט מיט וואס זיך די נשמה צו דער־האלטען.

צוליב די נייע ארבייטס־באדינגונגען זיינען די גרויסע פלאנטאציעס און פארמס צוטיילט געווארען אין קליינע חלקים. אונטער דער שקלאפען־סיסטעם האבען די נעגערס געוואוינט קאמ־פאקט, צונויפגעדריקט, אדער אין א גרויסער כאטקע ניט ווייט פון דעם בעל־הבית'ס וואוינונג. איצט אבער האט יעדער אר־בייטער געמוזט האבען אן אייגענע וואוינונג. יעדער וואס האט בעארבייט א שטיקעל ערד פאר דעם פלאנטאטאר האט געמוזט האבען פאר זיך א שטאל, א שייער, א קארעטע פאר די חזירים. און יעדער נעגער האט געוואלט וואוינען נעבען זיין שטיקעל ערד. דערפאר איז יעדע גרויסע פלאנטאציע פארוואנדעלט גע־ווארען אין קליינע פארמס. די ארימע ווייסע האבען איצט אויך גענומען קויפען פערד און ווערען פארמער. די ארימע מענ־שען איבער דער גאנצער סאוט האבען איצט געקראגען זייער שאנס, ווייל דער פרייז פון קאטען איז געווען הויך, און דער

פרייז פון ערד נידעריג... מען האט איצט געקאנט קויפען גאנצע פלאנטאציעס פאר א קליינינקייט. א סך לאנד־אייגענטימער האבען געהאט די ברירה צו לאזען א טייל פון זייער לאנד איינגאנצען ניט בעארבייט, אדער עס צו פארדינגען צו דעם יע־ניגען וואס וועט איינוויליגען צו צאלען די שטייערען. אין גע־וויסע געגענדען אין דער סאוט האט מען נאך דער מלחמה פאר־קויפט לאנד פאר דריי און פינף דאלער אן אקער. אין 1860 האט דאסזעלבע לאנד געקאסט פון 25 ביז 30 דאלער אן אקער. א פלאנטאציע וועלכע האט זיך געפונען דריי מייל פון קארינט, מיסיסיפי, איז פארקויפט געווארען פאר 35 סענט אן אקער.

די אלטע לאנד־אריסטאקראטיע פון דער סאוט איז אונ־טערגעגאנגען. כמעט אלע אריסטאקראטישע פאמיליעס פון דער אלטער סאוט האבען געליטען שרעקליכע פארלוסטען פון דער מלחמה. זייערע נעמען זיינען איינגאנצען פארשוואונדען פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען פאר די נעקסטע עטליכע צענדליק יאר. דער אמביציעזער מיטעל־קלאס, פארמער, אדוואקאטען, פאבריקאנטען האבען פארנומען דעם פלאץ פון דער לאנד־אריס־טאקראטיע. . . פאר דער מלחמה האט דאס געלט און דער יחוס געהערט צו די גרויסע לאנד־אייגענטימער און די פראפעסיא־נאלען. איצט האט דער האנדעל־קלאס באקומען א גרויסען חלק דערפון. די שטאט האט געוואונען אין באדייטונג אין פארגלייך מיט דעם דארף.

די נידעריגע פרייזען אויף לאנד האבען צוגעצויגען צו דער סאוט א סך מענשען פון דער נארט. מען איז געלאפען אין דער סאוט קויפען ביליג ערד און ווערען רייך.

די מערסטע פון די וואס זיינען געקומען פון דער נארט צו מאכען געלד האבען זיך מיאוס אפגענארט. דאס האט אבער דעם שטראם א לאנגע צייט ניט אפגעשטעלט. אבער פון דער סאוט זיינען א סך אוועקגעפארען אין דער סאוט־וועסט, אין טעקסאס און ארקענסא. דארט איז די ערד געווען א סך ביליגער און מער פרוכטבאר.

די צאל פארמס אין דער סאוט האט זיך צוליב די אלע אור־

זאכען א סך פארגרעסערט. אין 1870 זיינען אין טענעסי געווען איבער 118 טויזענד פארמס; מיט צען יאָר פריער איז די צאָל געווען בלויז עטוואָס איבער 82 טויזענד. אין סאוט קאראָליינא האָט זיך אין די צען יאָר די צאָל פארמס פארגרעסערט פון 33 טויזענט אויף 52 טויזענט; אין מיסיסיפּי, פון 43 טויזענט אויף 68 טויזענט; אין לואיזיאנא פון 17 טויזענט אויף 28 טויזענט. עס פארשטייט זיך, אז די פארמס זיינען איצט געווען קלענערע. דער טיפּישער פּלאנטאטאָר אין לואיזיאנא האָט פאר דער מלחמה בעארבייט א פּלאנטאציע פון 535 אקער; איצט האָט ער בע־ארבייט א פארם פון 241 אקער און אפילו אין נאָרט קאראָליינא, וואו עס זיינען שטענדיג געווען קלענערע פארמס ווי אין אנדערע שטאטען, איז די דורכשניטליכע פארם פאר דער מלחמה געווען 316 אקער און איצט בלויז 212 אקער".

אויך אין דעם האנדעל איז פאָרגעקומען א גרויסע ענדע־רונג. פאר דער מלחמה האָט דער גרויסער פּלאנטאטאָר גע־קויפט מיטאמאָל סחורה פאר זיין גאנצער פּלאנטאציע. ער פלעגט באשטעלען דאָס וואָס ער האָט געדארפט פאר זיין הויז־געזינד און פאר אלע זיינע נעגער־שקלאפען ביי א סוחר אין שטאָט, אין מאָביל, טשארלסטאָן, אָדער ריטשמאָנד. איצט אָבער האָט דער באפרייטער נעגער געקויפט אליין פאר זיך. עס האָבען זיך גענומען עפענען קליינע קראָמען איבער דער גאנצער סאוט. די הענדלער פון דער נאָרט האָבען געשיקט זייערע אגענטען זיי זאָלען זיך באקענען מיט די נייע קונדען, וואס פאר א סחורה זיי ווילען האָבען. דער נעגער איז איצט געווארען א בעסערער קונה. ער האָט געלעבט בעסער. דער מארק פאר די סוחרים פון דער נאָרט האָט זיך דארטען פיל פארבעסערט.

קאפיטעל 35.

# דער קאמף צווישען פרעזידענט דזשאנסאן און דעם קאנגרעס.

ענדרו דזשאנסאן, דער נייער פרעזידענט, איז געווען איינער פון די מערקווירדיגסטע פערזענליכקייטען אין דער געשיכטע פון אמעריקע. „אין פרט פון איינגעבארענע כחות און אין דער פייאיגקייט זיינע נאטירליכע כחות אויסצונוצען, — שרייבט פראפעסאר פארמאן, — איז צו אים קיין גלייכען ניט געווען אין אונזער געשיכטע".

געבוירען געווארען איז ער אין זייער ארימע אומשטענדען, אין א פאמיליע פון „ארימע ווייסע" אין נארט קאראליינא. ער איז קיין איינציגען טאג אין קיין שול ניט געגאנגען. ווען ער איז אלט געווען צען יאר האט זיין מוטער, אן אלמנה, אים אוועקגעגעבען צו א שניידער זיך לערנען די מלאכה. ער האט דעמאלט ניט געקאנט קיין אלף־בית. א צווייטער בעל־מלאכה האט אים אין דער ליידיגער צייט אויסגעלערנט לייענען. צו 18 יאר איז ער אוועק קיין טענעסי. דארט האט ער זיך באזעצט אין א קליין שטעטעל און האט זיך באשעפטיגט מיט שניידעריי. ער האט געהייראט מיט א געבילדעט מיידעל, און זי האט אים אויסגעלערנט שרייבען. זי האט אים אויך געלערנט אריפמעטיק. ער איז אריינגעטראטען אין א „דעבאטאנטען קלוב" און דארטען האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע פייאיגקייטען אלס רעדנער. זיין פרוי פלעגט פאר אים פארלעזען ביכער, בשעת ער פלעגט זיצען און ארבייטען. דאס איז געווען די גאנצע בילדונג וואס ער האט באקומען.

ער האט אבער פון קליינוויים אויף ליב געהאט פאליטיק.

אין זיין גייער היים איז ער געוואָרען טעטיג אין פּאָליטיק אזוי שנעל ווי ער האָט זיך דאָרטען באזעצט. דזשאנסאָן איז געווען א געבוירענער פּאָליטיקער און רעדנער. צו צוואָנציג יאָר איז ער שוין אויסגעקליבען געווארען אלס אָלדערמאַן. ער איז געווען דער קאַנדידאַט פון די ארבייטער אין זיין שטעטעל. געגען אים איז געלאָפען א פאַרשטייער פון דער אריסטאָקראַטיע, פון די שקלאַפען־אייגענטימער. פון דעמאָלט אָן איז ער שנעל געשטיגען פּאָליטיש. ער איז געווען אָלדערמאַן און מעיאָר פון זיין שטעטעל. דערנאָך האָט ער דאָס שטעטעל פארטראָטען אין דער לע־דזשיסלייטשור פון זיין שטאַט. אין 1843 איז ער אויסגעקלי־בען געווארען קאָנגרעסמאַן און האָט דעם אמט געהאַלטען צען יאר. שפּעטער האָט ער געדינט צוויי טערמינען אלס גאָווערנאָר פון טענעסי. אין 1857 האָט טענעסי אים געשיקט אין יונייטעד סטייטס סענאַט. „דאָס איז געווען די איינציגע אויסנאַם, — שרייבט ראודס, — צו דעם כּלל וואס עס האָט געהערשט אין די שקלאַפען־שטאַטען, אז אַ מענש וואס ארבייט מיט די הענט טאָר אזא הויכען אמט ניט פארנעמען". די איבעריגע סענאַ־טאָרען פון דער סאוט האָבען אויף אים געקוקט פון אויבען אראָפּ, ערשטענס, צוליב זיין אָרימער אָפּשטאַמונג, און צוויי־טענס, ווייל ער פלעגט זיך באַרימען דערמיט וואָס ער איז אַן ארבייטער.

ווען די סאוט האָט זיך אָפּגעריסען איז דזשאנסאָן ארויסגע־טראָטען שטארק פאר דער „יוניאָן". זיין אייגענער שטאַט, טע־נעסי, האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער קאָנפעדעראציע. אָבער דזשאנסאָן איז געבליבען טריי די פאַראייניגטע שטאַטען. כאָטש זיין שטאַט איז ארויס, איז ער געבליבען זיצען אין סענאַט. ער האָט דערקלערט, אז ווען ער וואָלט געווען פּרעזידענט, וואָלט ער ארעסטירט די פירער פון דער סאוט און זיי אויפגעהאנגען אלס פאררעטער. אין 1862, ווען די ארמיי פון דער נאָרט איז אריינגעדרונגען אין טענעסי און דעם שטאַט טיילווייז איינגענו־מען, האָט לינקאָלן געשיקט דזשאנסאָנ'ען אהין אלס מיליטער־רישען גאָווערנאָר. ער האָט דאָרט זיינע אויפגאבען און פליכטען

דורכגעפירט מיט מוט און מיט פייאיגקייט. אין דער נאָרט איז ער געווארען זייער פּאָפּולער, און די סאוט האָט אים גע־האלטען פאר א פאררעטער.

ער איז געוועזן א שטרענג־ערענהאַפטער מענש, א פליסיגער און געשיקטער רעדנער. ער איז אָבער אויך געוועזן א גרויסער עגאָאיסט. נאָך אין דער צייט ווען ער איז געוועזן מיליטערישער גאָווערנאָר האָט ער אָנגעהויבען צו שיכור'ען. צוליב זיין גרוי־סער פּאָפּולאריטעט אין דער נאָרט און אויך דערפאר וואס ער איז געווען א דעמאָקראַט, האָט אים לינקאָלנ'ס פּארטיי נאָמינירט פאר וויס־פּרעזידענט אין 1864. דורך אים האָט די פּארטיי געהאָפט צו געווינען א סך שטימען צווישען בירגער וועלכע זיי־נען מיט לינקאָלנ'ען ניט געווען גאַנץ צופרידען. איצט האָט אים דער שיקזאל דערהויבען צום פּרעזידענט־אמט.

די ערשטע צייט נאָכדעם ווי דזשאנסאָן איז געווארען פּרע־זידענט האָט ער ארויסגעוויזען א שטארקע נייגונג צו דעם פּראָגראם פון די ראַדיקאלע רעפּובליקאנער. די פירער פון דער פראַקציע, סענאַטאָר סאָמנער און דזשאַדזש טשיים, האָבען מיט אים געהאט אייניגע געשפּרעכען און זיי האָבען ארויסגעטראגען דעם איינדרוק, אז ער איז ניט וויניגער ראַדיקאל פון זיי. סאָמ־נער האָט נאָך א לאַנגע געשפּרעך מיט דזשאַנסאָנ'ען, ענדע מאָנאַט אפּריל, געשריבען צו זיינעם א פריינד אזוי: „איך האָב מיט דזשאנסאָנ'ען גערעדט וועגען גערעכטיגקייט צו דער נעגער־ראַסע. ער האָט פאָלשטענדיג אונטערשטיצט מיין געדאנק. ער האָט מיר אפילו געזאָגט: צווישען אונז איז קיין אונטערשיד ניטאָ. ער האָט דערקלערט אז מען דארף זיך ניט איילען צוריק אריינצו־נעמען די שטאַטען פון דער סאוט, אז מען דארף זיי א שטיק צייט האלטען אויף פּראָבע און אז דערווייל מוזען אלע לאָיאלע בירגער, אָן אונטערשיד פון קאָליר, באַהאַנדעלט ווערען ווי ביר־גער. און מוזען זיך גלייך באַטייליגען אין דער ארבייט פון רע־קאָנסטרוקציע". ביי א קאָנפערענץ וואָס די ראַדיקאלע רעפּובלי־קאַנער האָבען אָפּגעהאלטען אין וואשינגטאָן דעם 12טען מאי, האָט סאָמנער באַריכטעט, אז דזשאנסאָן שטייט פאר דעם פּרינ־

ציפּ, אז דער נעגער אין דער סאוט מוז קריגען גלייכע שטימ־
רעכט מיט די ווייסע.

אין די רעדעס וואס דזשאנסאן האט געהאלטען, די ערש־
טע וואכען פון זיין אדמיניסטראציע, האט ער ווידערהאלט, אז
די סאוט מוז באשטראפט ווערען. אייניגע פון זיינע אויסדרוקען
נעגען די „פאררעטער" זיינען געווען אזוי שטארק, אז די ראַ־
דיקאלען האבען זיך געשראקען אז ער זאל ניט גיין צו ווייט, און
זיי האבען געזוכט אים אביסעל איינצושטילען.

אבער פון דעם ערשטען ביז'ן צווייטען מאנאט פון זיין אד־
מיניסטראציע האט זיך דזשאנסאן פאליטיש געביטען. דעם
9טען מאי האט דער קאבינעט פארהאנדעלט די פראגע וועגען
צוריק ארייננעמען נארט קאראליינא אלס א לאיאלען שטאט.
לויט לינקאלנ'ס פלאן האט דער פראצעס פון צוריקארייננעמען
געדארפט זיין אזא: די לאיאלע בירגער פון דעם שטאט האַ־
בען געדארפט אויסקלייבען פארשטייער צו א קאנסטיטוציאנעלער
קאנווענשאן. די קאנווענשאן האט געדארפט אננעמען א נייע
שטאט־קאנסטיטוציע. דאן האט דער פרעזידענט דעם שטאט
אנערקענט. איצט האט דער קאבינעט דיסקוטירט די פראגע צי
נעגערס אין נארט קאראליינא זאלען האבען דאס רעכט צו שטי־
מען פאר די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. דריי מיטגלידער
פון קאבינעט האבען געהאלטען אז יא. די אנדערע דריי האבען
דערקלערט, אז די פעדעראלע רעגירונג האט קיין רעכט ניט זיך
צו מישען אין דער פראגע פון שטימרעכט, אז די פראגע גע־
הערט צו די שטאט־רעגירונגען. דזשאנסאן האט קיין שטעלונג
ניט גענומען. מר. טשייז, דער הויפט ריכטער פון סופרים־
קארט, האט געגעבען זיין מיינונג, אז דער פרעזידענט האט א
רעכט צו באפעלען אז די נעגער זאלען יא שטימען, ווייל אין אן
אלטער קאנסטיטוציע פון נארט קאראליינא איז געשטאנען, אז
פרייע נעגער מעגען שטימען. (די קאנסטיטוציע וואס נארט
קאראליינא האט געהאט ביים אנהויב פון קריג האט די שטימ־
רעכט פון פרייע נעגער צוגענומען.)

די צוויי גענעראלען פון דער נארט, וועלכע זיינען מיט זיי־

ערע ארמייען געשטאַנען אין נאָרט קאראָליינא, האָבען געגעבען זייער מיינונג אז עס איז געפעהרליך צו דערלויבען די נעגער צו שטימען. גענעראל שערמאן האָט דערקלערט, אז „אויב מען וועט געבען די נעגער דיזעלבע פּאָליטישע רעכט ווי די ווייסע וועט ווידער אויסברעכען א מלחמה".

סוף מאי האָט דזשאָנסאָן ארויסגעגעבען צוויי פּראָקלאַמאַציעס, וועלכע האָבען שרעקליך ענטוישט די ראַדיקאלע רעפּובליקאַנער. אין דער ערשטער פּראָקלאַמאַציע האָט ער געגעבען אַמנעסטיע צו אלע די וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דעם אויפשטאַנד פון דער סאוט (מיט דער אויסנאַם פון געוויסע מיליטערישע און ציווילע בעאמטע פון דער קאָנפעדעראציע). ער האָט זיי אויך צוריקגעגעבען אלע זייערע רעכט אויף זייער אייגענטום, אויסער די שקלאַפען. ער האָט נאָר געפאָדערט זיי זאָלען שווערען טריי־הייט צו די פאראייניגטע שטאַטען.

אין דער צווייטער פּראָקלאַמאַציע האָט ער דערקלערט, אז בלויז יענע בירגער פון נאָרט קאראָליינא זאלען האָבען דאָס רעכט צו שטימען פאר דעלעגאטען צו דער קאָנסטיטוציאָנעלער קאָנווענשאָן, וועלכע האָבען געהאַט שטימרעכט אין יענעם שטאַט אין אָנפאנג פון 1861, און אז די קאָנווענשאָן וואס וועט פארפאַסען די נייע קאָנסטיטוציע זאָל האָבען א רעכט צו באַשטימען וועלכע בירגער עס זאָלען דארטען שפּעטער האָבען שטימרעכט.

דזשאנסאָנ'ס איצטיגע פּאָליטיק איז געווען אומגעפער דיזעלבע ווי די וואָס לינקאָלן האָט פאַר'ן טויט אויסגעארבייט. ער האָט געזוכט צו מאַכען וואָס וועניגער שטערונגען פאַר די רעוואָלטירטע שטאַטען צוריק צו ווערען „גוטשטייענד". אין יעדען שטאַט איז געווען א מיליטערישער גאָווערנאָר. אזוי שנעל ווי צען פּראָצענט פון דער צאָל וואָס האָבען געשטימט אין די וואַלען פאר דער מלחמה האָבען געשוואוירען טרייהייט צו דער פעדעראלער רעגירונג, האָט דער מיליטערישער גאָווערנאָר דערלויבט דעם שטאַט צו פארופען א קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנווענשאָן. בלויז די ווייסע בירגער האָבען געהאַט דאָס רעכט צו שטימען פאר דעלעגאטען צו דער קאָנווענשאָן. די קאָנווענשאָן האָט גע־

מוזט אננעמען דריי רעזאלוציעס: ערשטענס, אז דער שטאט איז טריי צו די פאראייניגטע שטאטען; צווייטענס, אז שקלא־פעריי איז אין דעם שטאט אפגעשאפט, דריטענס, אז דער שטאט וועט ניט צאלען די חובות פון דער קאנפעדעראציע. נאכדעם ווי די קאנווענשאן האט די דריי רעזאלוציעס אנגענומען האט זי גע־מעגט פארפאסען א נייע קאנסטיטוציע פאר דעם שטאט. דער־מיט האט זיך איר ארבייט געענדיגט. דערנאך האט דער שטאט געקאנט פונקציאנירען אויף דעם געוויינליכען אופן, וויילען א גאווערנאר, א לעדזשיסלייטשור און אנדערע בעאמטע.

בשעת דזשאנסאן האט פארמולירט דעם דאזיגען פלאן איז דער קאנגרעס אין וואשינגטאן געווען געשלאסען. די שטאטען אין דער סאוט האבען געפאלגט דזשאנסאנ׳ס באדינגונגען. זיי זיינען געווען העכסט צופרידען דאס צו טאן, ווייל זיי האבען זיך געריכט ניט בלויז אויף פיל שטרענגערע באדינגונגען, נאר אויך אויף א שטראף־עקספעדיציע. ביז דעצעמבער, ווען דער קאנ־גרעס האט זיך געעפענט, האבען שוין כמעט אלע שטאטען פון דער קאנפעדעראציע געהאט זייערע אייגענע נייע קאנסטיטוציעס און זייערע אייגענע שטאט־רעגירונגען. זיי האבען שוין דאן אויך געהאט דערוויילט קאנגרעסלייט און סענאטארען צו דער נא־ציאנאלער רעגירונג אין וואשינגטאן.

דער קאנגרעס האט זיך געעפענט דעם 9טען דעצעמבער. די פירער פון די ראדיקאלען, וועלכע האבען דעם גאנצען זו־מער געהאלטען אין איין פראטעסטירען געגען דזשאנסאנ׳ס האנד־לונגען, האבען זיך ענדליך דערוואַרט אויף דער געלעגענהייט אנצופאנגען געגען אים אן אפענעם קאמף. ביידע צווייגען פון קאנגרעס זיינען געשטאנען אונטער דעם איינפלוס פון די ראַ־דיקאלע פירער. אין רעפרעזענטאנטען־הויז איז דער הויפט פי־רער געווען קאנגרעסמאן טעדיוס סטיווענס, פון פענסילווייניע, אין סענאט זיינען געווען דריי פירער: טשארלעס סאמנער פון מאסאטשוזעטס, לואיסאן טראמבועל פון אילינאי און וויליאם פע־סענדער פון מעין. אין דעם קאמף וואס האט זיך איצט פאנאנ־דערגעפלאקערט צווישען דעם פרעזידענט און דעם קאנגרעס האבען

די פיר פערזענליכקייטען געשפּילט די פירענדיגע ראָל אויף דעם זייט פון קאָנגרעס.

די צוויי מערקווירדיגסטע און אינטערעסאַנטסטע צווישען די פירער זיינען געווען סטיווענס און סאָמנער. סענאַטאָר סאָמנער'ן האָבען מיר שוין באַגעגענט עטליכע מאָל פריער. ער איז אין סענאַט געזעסען נאָך איידער דער קריג האָט אויסגעבראָכען און האָט דאָרטען יארען לאַנג געפירט דעם קאַמף געגען שקלאַפעריי. סטיווענס איז אויך באַוואוסט געווען אלס אַ קעמפּער געגען שקלאַ־פעריי. זיין באַרימטען פּלאַץ אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע האָט ער זיך אָבער דערוואָרבען ערשט אין די יארען פון קריג און נאָכ'ן קריג, ווען ער איז געזעסען אין רעפּרעזענטאַנטען־הויז און האָט דאָרטען פאַרטיידיגט די רעכט פון די נעגער. ווען ער איז אין קאָנגרעס אריין אין 1859 איז ער שוין געווען 67 יאָר אַלט. ער איז דאָרט גלייך געוואָרען איינער פון די פירער. אין דער צייט פון מלחמה איז ער מיט לינקאָלנ'ס פאָרזיכטיגקייט און טאַקט געווען אומצופרידען. ער האָט אין אַלגעמיין פון לינ־קאָלנ'ס פייאיגקייטען ווייניג געהאַלטען. איבערהויפּט איז ער געווען אומצופרידען מיט לינקאָלנ'ס שטעלונג צו שקלאַפעריי. ער האָט געפאָדערט פרייהייט און רעכט פאַר די נעגער אזוי שנעל ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכען. סטיווענס איז געווען אַ שטאַרקער און אַ בייסיגער רעדנער. סאָמנער האָט איינמאָל וועגען אים געזאָגט: „קיינער האָט ניט געקענט זאָגען מער מיט אזוי ווייניג ווערטער. קיינער האָט ניט געקענט אזוי בייסען מיט ווערטער. ער האָט זיך באַנוצט מיט זיין צונג ווי מיט אַ בייטש און ווייז צו יענעם אויף וועמען זיין בייטש איז געפאַלען". ראָודס זאָגט: „סטיווענס האָט געהאַט אַ טיפע סימפּאַטיע צו ליידענדע. זיינע געפילען צום נעגער זיינען געקומען פון האַר־צען. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסען אַ פריינדליכע טאַט און ער איז, פאַרקערט, אויך געווען אַ נוקם ונוטר".

דעם ערשטען טאָג ווען דער קאָנגרעס האָט זיך געעפענט האָט סטיווענס געהייסען דעם קלוירק פון רעפּרעזענטאַנטען־הויז ער זאָל אויף דער ליסטע פון די ניי־אויסגעקליבענע קאָנגרעסלייט

ניט ארויפשטעלען די נעמען פון די וואס זיינען אויסגעקליבען געווארען אין די שטאטען פון דער סאוט. די דעמאָקראטישע קאָנגרעסלייט האָבען פּראָטעסטירט, אָבער סטיווענס, וועלכער האָט געהאַט די רעפּובליקאַנער אונטער זיין קאָנטראָל (און די רעפּובליקאַנער האָבען געהאַט די מאַיאָריטעט), האָט אפילו ניט דערלאָזען די פראַגע זאָל דיסקוטירט ווערען. סטיווענס האָט דאַן פאָרגעשלאָגען אז א קאָמיטע פון ניין קאָנגרעסלייט און זעקס סענאַטאָרען זאָלען אונטערזוכען די שטאַטען פון דער קאָנפעדעראציע און באַשטימען צי זיי זיינען באַרעכטיגט צו שיקען פאָרשטייער אין קאָנגרעס.

אַן ענליכע רעזאָלוציע איז אָנגענומען געווארען אין סענאַט. די פאראייניגטע קאָמיטע איז באַשטימט געווארען. סטיווענס איז געווארען דער פאָרזיצער פון דער קאָמיטע פון דער „האוז" און פעסענדען דער פאָרזיצער פון דער קאָמיטע פון סענאַט. פעסענדען איז אויך באַשטימט געווארען אלס דער פאָרזיצער פון דער פאראייניגטער קאָמיטע.

ראָודס מאכט פאָלגענדען סך הכל פון אלע אורזאַכען וואס האָבען געווירקט, אז דער קאָנגרעס זאָל ארויסטרעטען געגען דזשאָנסאָנ'ס פּראָגראַם: „ערשטענס, האָט דער קאָנגרעס געגלויבט אז דער פּרעזידענט האָט קיין רעכט ניט געהאַט אליין, אָן אים, צו באַשטימען א פּראָגראַם; צווייטענס, האָט די סאוט געהאַנדעלט אזוי ווי זי וואָלט געשטעלט באַדינגונגען און ניט אזוי ווי זי וואָלט באַדינגונגען אָנגענומען; דריטענס, האָבען די שטאַטען אין דער סאוט איצט דורכגעפירט שווערע געזעצען געגען די באַפרייטע נעגער, זיך אָנטזאָגט זיי צו געבען פאָלשטענדיגע סאָציאַלע רעכט און זיי ניט געגעבען אפילו קיין באַשרענקטע שטימרעכט; פערטענס, זיינע אין דער סאוט באַגאַנגען געווארען גרוילטאַטען געגען די נעגער; פינפטענס, האָט די באַזיגטע סאוט איצט אָפען ארויסעוויזען איר שנאה צו דער נאָרט; זעקסטענס, האָט די סאוט, און די דעמאָקראטען אין דער נאָרט, באַשטימט דעם פּרעזידענט'ס פּראָגראַם.

אָט די אלע זאכען האָבען געווירקט, אין פארשידענע גראַ־

דען, אז דער קאָנגרעס זאָל זיך אפּזאגען פון דזשאנסאָנ׳ס פּראָ־גראם און אויסארבייטען אן אייגענע.

קאַרל שורץ, דער דייטשער פרייהייטס־קעמפּער, וועלכער איז געוועזען א גענעראל אין דעם בירגער קריג, האָט נאָך דער מלחמה געמאַכט א רייזע איבער דער סאוט און האָט אריינגע־שיקט א באַריכט צום פּרעזידענט. דער באַריכט האָט באַשטע־טיגט דעם שטאַנדפּונקט פון די ראַדיקאלען. ער האָט געשריבען: „די סאוט פילט ניט אז זי האָט מיט׳ן אויפשטאַנד באגאנגען א פאַרברעכען. . . זי האָט זיך אונטערגעגעבען ווייל זי האָט גע־מוזט. איר טוט וויי וואָס שקלאפעריי איז אפּגעשאפט גע־וואָרען. . . זי האָט אויפגעגעבען די האָפענונג צוריקאיינצופירען שקלאַפעריי, זי גלויבט אָבער אז צוואַנגס־ארבייט איז ניט שקלאַ־פעריי און אז זי וועט מיט דער צייט קענען ווידער איינפירען צוואַנגס־ארבייט אין א געוויסער פאָרם און אז דערמיט וועט זי ניט פארלעצען איר פארפליכטונג אפּצושאפען שקלאַפעריי.״ שורץ האָט ווייטער אָנגעוויזען, אז עס איז נויטיג צו געבען דעם נעגער שטימרעכט אלס א כלי־זין זיך צו באַשיצען געגען די ווייסע, גע־געז זיינע פריעדיגע אייגענטימער. „אַזוי ווי די סאוט איז אָבער אבסאָלוט געגען געבען דעם נעגער שטימרעכט, שרייבט שורץ, איז דאָ איין וועג ווי אַזוי צו צווינגען דאָס צו טאָן — ניט אריינצונעמען די שטאַטען צוריק אין דער „יוניאָן״ ביז זיי וועלען געבען דעם נעגער שטימרעכט״.

צווישען די נייע געזעצען וואס די שטאַטען פון דער סאוט האָבען איצט דורכגעפירט האָבען זיך געפונען די פאלגענדע. א נעגער טאָר ניט זיין אין א דזשורי; ער טאָר ניט דינען אין דער מיליץ, ער טאָר ניט שטימען, טאָר ניט האַלטען קיין רע־גירונגס־אַמט, ער טאָר ניט אויפטרעטען אלס עדות געגען א ווייסען. פאַר איין און דעמזעלבען פארברעכען האָט דער נע־גער געדארפט באקומען א שווערערע שטראָף ווי א ווייסער. פאַר אָנגרייפען א ווייסע פרוי איז א נעגער באַשטראָפט געוואָרען מיט טויט, אָבער א ווייסער בלויז מיט תפיסה. נעגער האָבען ניט געטאָרט האָבען קיין פאַרזאַמלונגען, האָבען ניט געטאָרט

טראָגען קיין וואפען זיך צו פארטיידיגען. ווען מען האָט געכאפּט א נעגער ארומוואנדערען, אהיימלאָזען, איז ער פארקויפט גע־ווארען אויף א טערמין צו ארבייטען פאר א ווייסען באלעבאָס.

די פאָרשטייער פון דער סאוט האָבען פארטיידיגט די גרויזאמע געזעצען געגען די פרייע נעגער דערמיט, וואס די נעגער זיינען געוועזען „אומגעבילדעט און אומציוויליזירט". די ווייסע אין דער סאוט האָבען, הייסט עס, מורא געהאַט צו געבען פריי־הייטען און רעכט צו די נעגער טאָמער וועלען זיי שלעכט אויס־נוצען די דאָזיגע פרייהייטען און רעכט. מען מוז די נעגער האַל־טען אין מורא, ווען ניט וועלען זיי אונז טעראָריזירען, האָבען זיי גע'טענה'ט. דאָך האָבען די זעלבע פאָרשטייער פון דער סאוט צוגעגעבען, אז אין פארלויף פון דער מלחמה האָבען די נעגער זיי טריי געדינט. א סך פּלאנטאציעס וואלטען געוועזען צו גרונד געגאנגען ווען ניט די נעגער־שקלאפען. אויף די פּלאנטאציעס זיינען קיין ווייסע מענער ניט געווען. די נעגער־שקלאפען האָבען אכטונג געגעבען אויף די פרויען און קינדער און אויף דער באַ־לעבאַטישקייט. דעמאָלט האָבען זיי זייערע מעגליכקייטען ניט אויסגענוצט צום שלעכטען. דעמאָלט האָבען זיי ניט געהאַנדעלט ווי ווילדע, אומציוויליזירטע מענשען. די ווייסע האָבען צו זיי געהאַט צוטרוי און זיך ניט געשראָקען זיי צו געבען פליכטען און פאראַנטוואָרטליכקייטען.

די ערשטע גרויסע באָמבע וואָס האָט געפּלאַצט אין דעם רעם קאַמף צווישען דזשאנסאָן און זיינע געגנער אין קאָנגרעס איז געווען א רעדע וואס דזשאנסאָן האָט געהאַלטען פאר אַן עולם אין „ווייסען הויז" אין וואַשינגטאָנ'ס געבורטסטאָג, פעב־רואר 22, 1866. די רעדע איז געווען א ברוטאַלע אטאקע אויף זיינע געגנער. ער האָט זיי באשולדיגט אין פארראט צום לאנד און האָט ערקלערט, אז זיי פּירען אָן א פארשווערונג אים צו דער־מאָרדען אויפ'ן זעלבען אופן ווי לינקאָלן איז דערמאָרדעט גע־וואָרען. אָט זיינען אייניגע שטעלען פון זיין רעדע.

„איך באטראַכט די מענשען אלס געגנער פון די גרונד־פּרינציפּען פון אונזער רעגירונג. . . די מענשען זיינען טעדיוס

סטיוועגס, טשארלס סאָמנער און װענדעל פּיליפּס. . . איך האָב פארנומען א סך פארשידענע עמטער אין דער רעגירונג . . . אי־ מיצער הינטער מיר זאָגט, אז איך בין געװען א שניידער. דאָס ארט מיך ניט א האָר. װען איך בין געװען א שניידער האָב איך געמאַכט גוטע ארבייט, איך בין ניט געװען קיין טאַנדעט־ ניק. . . מען גיט אָנצוהערעניש אין געװיסע הויכע קרייזען, אז מען דארף מיך אָפּראַמען פון װעג. זיינען יענע מענשען, װאָס װילען פארניכטען אונזערע אינסטיטוציעס און ענדערען דעם כאַ־



סענאַטאָר טשאַרלס סאָמנער.

ראַקטער פון אונזער רעגירונג, ניט צופרידען מיט'ן בלוט װאָס איז שוין פארגאָסען געװאָרען? איז פאַר זיי איין מארטי־ רער ניט גענוג? האָט דאָס בלוט פון לינקאָלן ניט באפרידיגט די נקמה און דעם צאָרן פון די געגנער פון אונזער רעגירונג? איך האָב פאַר מערדער קיין מורא ניט!"

עטליכע װאָכען נאָך דער רעדע איז פאָרגעקומען דער ערש־ טער גרויסער צוזאַמענשטויס צװישען דזשאנסאָן און די ראַדי־ קאַלען אין קאָנגרעס. דער קאַמף איז געװען איבער א ביל װאָס סענאַטאָר טראָמבאַל האָט אריינגעטראַגען. דער ביל האָט גע־

זוכט צו באשיצען די נעגער פון דער סאוט געגען די אויסנאמס־געזעצען און געגען די אונגערעכטיגקייטען וואס זיינען דארט גע־גען זיי באגאנגען געווארען. דער ביל האט פארגעשריבען, אז אלע בירגער מוזען אין אלע שטאטען האבען גלייכע רעכט, אז דאס געזעץ מוז זיך צו אלע בירגער באציען גלייך, אז די שטראף פאר א פארברעכען מוז זיין פאר אלעמען גלייך, און אזוי ווייטער.

ווען טראמבאל האט דעם ביל פארגעלייגט פאר'ן סענאט האט ער געהאלטען דערביי א זייער שטארקע רעדע. ער האט געזאגט. „מיר האבען געגעבען דעם נעגער פרייהייט. וואס פאר א באדייטונג אבער האט די פרייהייט, אז די שטאטען פון דער סאוט נעמען פון אים אוועק די רעכט וואס זיינען אבסאלוט נויטיג פאר פרייהייט? . . . עס איז שווער צו ציען א ליניע וואו פרייהייט הערט אויף און שקלאפעריי הויבט זיך אן. אבער א געזעץ וואס דערלויבט ניט א נעגער צו גיין פון איין פלאץ אין א צווייטען, א געזעץ וואס דערלויבט אים ניט צו באזיצען אייגענטום, צו זיין א לערער אדער א גלח — אזוינע געזעצען זיינען זיכער א פארגוואלטונג פון די רעכט פון פרייע מענ־שען.”

ביידע צווייגען פון קאנגרעס האבען דעם ביל אנגענומען מיט ריזיגע מאיאריטעטען. קיינער האט ניט געצווייפעלט אז דזשאנסאן וועט אים אונטערשרייבען. ער האט עס אבער ניט געטאן. דעם 27טען מערץ האט ער דעם ביל צוריקגעוויזען, אנ־געבענדיג צוויי הויפט אורזאכען: ערשטענס, האבען עלף שטא־טען ניט געהאט די מעגליכקייטען איבער אים צו שטימען (דאס זיינען געווען די עלף שטאטען פון דער סאוט, וועמעס פאר־שטייער די ראדיקאלען האבען ניט אריינגעלאזען אין קאנגרעס). צווייטענס, טאר זיך די נאציאנאלע רעגירונג ניט מישען אין אזעלכע פראגען. די פראגען געהערען צו די שטאט־רעגי־רונגען.

די פראגע איז איצט געווען, צי וועט דער קאנגרעס אננעמען דעם ביל איבער דזשאנסאנ'ס וועטא? פאר דעם איז נויטיג

געווען א מאַיאָריטעט פון צוויי דריטעל אין יעדען צווייג פון קאָנגרעס. ביי דער ערשטער אָפּשטימונג האָבען מער ווי צוויי דריטעל געשטימט פאר דעם ביל. דעמאָלט אָבער האָט מען גע־דענקט אז דזשאָנסאָן וועט ניט זיין געגען. איצטער אז מען האָט געוואוסט דזשאָנסאָנ'ס געגנערישע שטעלונג, איז שטימען פאר'ן ביל האָט געהייסען ארויסצוטרעטען געגען דעם פּרעזידענט. וועלען צוויי דריטעל פוןביידע צווייגען פון קאָנגרעס האָבען דעם מוט צו טאָן?

וועגען דער „האוז" איז קיין צווייפעל ניט געווען. דאָרטען האָט דער ראַדיקאַלער פירער סטיווענס געהאַט א פאָלשטענדיגע



גענעראַל בענדזשאַמין באַטלער.

קאָנטראָל. ניט זיכער איז מען אָבער געווען מיט'ן סענאַט. דעם 6טען אפּריל איז דער ביל דאָרט גענומען געוואָרען צו אפּשטי־מונג. א היבשע צאָל פון די סענאַטאָרען האָבען זיך איבערגע־קוליעט און געשטימט געגען דעם ביל. דאָך זיינען געבליבען גע־נוג שטימען כדי איבערצוואַרפען דעם פּרעזידענט'ס וועטאָ: 33 האָבען געשטימט פאר אים און 15 געגען. אין דער „האוז" האָבען 122 געשטימט פאר און 41 געגען.

ראודס שרייבט: „דאָס וואָס דער ביל איז אָנגענומען גע־וואָרען געגען דעם פּרעזידענט'ס וועטאָ איז געווען א העכסט וויכ־טיגע דערשיינונג, ניט נאָר דערפאר וואס דאָס האָט געמאכט

פאלשטענדיג דעם ריס צווישען דעם פרעזידענט און דעם קאנ־
גרעס, נאר אויך דערפאר וואס דאס האט געעפענט א נייעם קא־
פּיטעל אין רעגירונגס־פראקטיק. דאס איז געוועזן דאס ערשטע
מאל וואס דער קאנגרעס האט אין א וויכטיגער פראגע נידער־
געשטימט א וועטא פון דעם פרעזידענט".

אין מאי האבעןביידע צווייגען פון קאנגרעס אנגענומען מיט
די נויטיגע מאיאריטעטען פון צוויי דריטעל שטימען דעם פער־
צענטען אמענדמענט צו דער קאנסטיטוציע. אין דעם אמענדמענט
זיינען דא צוויי וויכטיגע פונקטען. דער ערשטער פונקט איז איי־
גענטליך דער זעלבער וואס איז פארגעשריבען געווארען פון דעם
אויבענדערמאנטען געזעץ פון סענאטאר טראמבאל, דאס געזעץ
צו באשיצען דעם נעגער'ס סאציאלע רעכט. פריער האט דער
קאנגרעס דאס אנגענומען אלס געוויינליכען געזעץ. איצט האט ער
עס ארייננעשריבען אין דער קאנסטיטוציע.

דער צווייטער פונקט פון דעם פערצענטען אמענדמענט באציט
זיך אויף דער פראגע פון שטימרעכט פאר די נעגער. עס ווערט
אין דעם פונקט ניט געזאגט קיין ווארט וועגען נעגער אדער זיין
שטימרעכט. דאך גיט ער אן ענטפער אויף דער ברענענדער
פראגע. דער ענטפער איז א מין פשרה צווישען דעם שטאנדפונקט
פון די ראדיקאלע רעפובליקאנער, וועלכע האבען געפאדערט אז די
נאציאנאלע רעגירונג זאל צווינגען די סאוט צו געבען שטימרעכט
צו די נעגער, און דעם שטאנדפונקט פון פרעזידענט דזשאנסאן,
וועלכער האט ערקלערט אז די פראגע פון נעגער־שטימרעכט זאל
איבערגעלאזען ווערען צו די שטאט־רעגירונגען פון דער סאוט
צו באשטימען.

דער פונקט אין דעם פערצענטען אמענדמענט זאגט אומגעפער
אזוי: אויב א שטאט נעמט אוועק דאס שטימרעכט פון א טייל
פון אירע בירגער דאן זאל די פארטרעטערשאפט פון יענעם שטאט
אין קאנגרעס פארקלענערט ווערען פראפארציאנעל צו דער צאל
פון רעכטלאזע בירגער. מיט דעם דאזיגען פונקט איז די ברירה
איבערגעלאזען געווארען צו יעדען שטאט פון דער סאוט, ענט־
ווערער צו דערלויבען זיינע נעגער צו שטימען אדער צו

פאַרלירען א טייל פון זיינע קאָנגרעסלייט אין וואשינגטאָן. פאַר געוויסע שטאַטען אין דער סאוט איז דאָס דאָזיגע פּראָבלעם געווען שווער צו אַנטשיידען אין סאוט קאראָליינא, צום ביישפּיל, זיינען געווען מער נעגער ווי ווייסע. אויב זי וואָלט דערלויבט די נעגער צו שטימען וואָלט זי געווען בארעכטיגט צו פינף קאָנגרעסלייט; ווען זי וואָלט זיי ניט דערלויבט, דאַן וואלט זי געווען בארעכטיגט צו בלויז צוויי קאָנגרעסלייט.

מיט דעם דאָזיגען פונקט אין דעם אמענדמענט האָבען די רעפּובליקאנער אין זינען געהאַט ניט בלויז צו געווינען גערעכטיגקייט פאַר די נעגער, נאָר אויך צו פאַרזיכערען זייער אייגענע פּאָליטישע מאכט. די רעפּובליקאַנער האָבען מורא געהאַט, אז ווען די שטאַטען פון דער סאוט וועלען צוריק אריין אין דער רעגירונג און זיי וועלען שיקען זייערע פארטרעטער אין קאָנגרעס וועלען זיי צוזאַמען מיט די דעמאָקראַטען אין דער נאָרט האָבען די מאַיאָריטעט. כדי דאָס צו פאַרמיידען האָבען זיי מיט דעם פונקט געוואָלט מיטברענגען ענטוועדער אז אַ טייל פון די פאַרטרעטער פון דער סאוט (די נעגער פאָרשטייער) זאָלען זיין רעפּובליקאַנער, אָדער אַז די צאָל פאָרשטייער פון דער סאוט זאָל אזוי געשניטען ווערען אַז זיי זאָלען אפילו צוזאמען מיט די דעמאָקראַטען פון דער נאָרט ניט האָבען קיין מאַיאָריטעט.

די ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער זיינען מיט דער פשרה ניט געווען צופרידען. פון אָנפאַנג האָבען זיי געשטימט געגען איר. שפּעטער אָבער האָבען זיי איינגעזען אז זיי קענען קיין בעסערס ניט קריגען און זיי האָבען געשטימט פאַר. דער פערצענטער אמענדמענט איז אנגענומען געווארען מיט צוויי דריטעל מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס. און עס איז פאַרשטאַנען געווארען, אז קיינער פון די שטאַטען אין דער סאוט וועט ניט אריינגענומען ווערען צוריק אין דער „יוניאָן" סיידען ער וועט פריער גוטהייסען דעם פערצענטען אמענדמענט.

דזשאָנסאָן איז ארויסגעטראַטען געגען דעם אמענדמענט. ער האָט דערקלערט, אַז דער קאָנגרעס טאָר ניט מאַכען קיינע אמענדמענטס צו דער קאָנסטיטוציע איידער ער נעמט ניט אריין צוריק

די שטאטען פון דער סאוט. דעם פרעזעדינט'ס ארויסטריט האט ניט געהאט קיין געזעצליכע באדייטונג, ווייל צוויי־דריטעל פון קאנגרעס האבען געשטימט פאר דעם אמענדמענט. דער ארויס־טריט האט נאר געווירקט שארפער צו מאכען די פיינדליכע שטי־מונג צווישען דעם פרעזידענט און דעם קאנגרעס.

סוף יוני, 1866, איז אין ניו ארליענס פארגעקומען א שחיטה אויף נעגער און זייערע ווייסע פריינט: 37 נעגערס און 3 ווייסע זיינען גע'הרג'עט געווארען; 119 נעגער און 17 ווייסע זיינען פארוואונדעט געווארען. דעם פאגראם אויף די נע־גער האט געמאכט די פאליציי פון דער שטאט. די נעגער האבען זיך פארזינדיגט דערמיט וואס זיי האבען געמאכט א דע־מאנסטראציע און געפאדערט שטימרעכט. די פאליציי איז באשטאנען כמעט דורכאוים פון געוועזענע סאלדאטען פון דער קאנפעדעראציע און זיי האבען איצט אויסגעגאסען זייער צארן אויף די באפרייטע נעגער. גענעראל שערידאן האט וועגען דער פאסירונג געמאלדען דאס פאלגענדע: „דאס איז ניט געווען קיין ראיאט נאר א שחיטה פון דער פאליציי. . . דער מעיאר און די פאליציי זיינען באגאנגען א מאסען־מארד אין דער מינדסטער אורזאך". די בלוטיגע פאסירונג האט פארשטארקט די אי־בערצייגונג אין דער נארט, אז די נעגער טארען ניט איבערגעלאזען ווערען אויף הפקר אין די שטאטען וואו עס האט פריער גע־הערשט שקלאפעריי.

אין דעם וואל־קאמף פאר קאנגרעס אין 1866 האט זיך דער פרעזידענט פארמאסטען אין כוחות מיט זיינע רעפובלי־קאנער געגנער. ער האט געמאכט א רייזע איבער דער נארט און געהאלטען גיפטיגע רעדעס געגען די רעפובליקאנער. זיינע פארזאמלונגען זיינען געווען שטורעמדיגע. ער האט אינגאנצען פארגעסען זיין הויכען אמט, זיין כבוד און האט זיך געזידעלט ווי א מארק אידענע. דער עולם האט אים אויך געענטפערט מיט זידעל־ווערטער. איבעראל וואו ער איז געקומען ריידען האט מען צו אים פון עולם געשריען: „וואס איז וועגען ניו ארליענס?" „וואס איז מכוח דער שחיטה אויף די נעגער?" די צייטונגען

האָבען פון אים חוזק געמאַכט. די ערנסטערע שרייבער האָבען פּראָטעסטירט פאַרוואָס ער האָט זיין אַמט אַזוי פאַרביליגט, אַזוי דערנידעריגט. „דזשאַנסאָן האָט דאָס „ווייסע הויז" פאַרוואַנדעלט אין אַ שענק," האָט איינער געשריבען. דאָס איז געוועזען אויך אַן אָנצוהערעניש אויף דעם, וואָס דזשאַנסאָן האָט זייער פיל געטרונקען. אייניגע פון זיינע שאַרפסטע זידעל־רעדעס האָט ער געהאַלטען ווען ער איז געוועזען שיכור.

דער רעזולטאַט פון די וואַלען איז געווען אַ מפּלה פאַר דזשאַנסאָנ'ען. די רעפּובליקאַנער האָבען געהאַט אַ גרויסען זיג. אין קאָנגרעס זיינען דעמאָלט אריין: אין סענאַט, 42 רעפּובליקאַנער און 11 דעמאָקראַטען; אין דער „האוז", 143 רעפּובליקאַנער און 49 דעמאָקראַטען. די וואַלען האָבען געוויזען אַז די גרויסע מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג אין דער נאָרט האָט געהאַלטען מיט'ן קאָנגרעס אין זיין קאַמף געגען דעם פּרעזידענט.

די מפּלה האָט אָבער אויף דזשאַנסאָנ'ען קיין ווירקונג ניט געהאַט. די סאַוט האָט דערפון אויך גאָרניט געלערענט. אין דעצעמבער האָבען אַלע שטאַטען פון דער סאַוט צוריקגעוויזען דעם 14טען אַמענדמענט. צוויי שטאַטען זיינען פון אָנפאַנג געווען גענייגט דעם אַמענדמענט גוטצוהייסען, אָבער פּרעזידענט דזשאַנסאָן האָט זיי געראַטען דאָס ניט צו טאָן און אַזוי ווי די סאַוט האָט באַטראַכט דזשאַנסאָנ'ען פאַר איר פּרעזידענט האָבען אויך די צוויי שטאַטען אים געפאָלגט.

אָט דער ווידערשטאַנד פון דער סאַוט האָט געשטאַרקט די הענט פון די עקסטרעמע „לינקע" רעפּובליקאַנער אין קאָנגרעס, פון וועלכע סטיווענס און סאָמנער זיינען געווען די פירער. אין מערץ, 1867, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען סטיווענס'ס פּראָגראַם פאַר רעקאָנסטרוקציע. דער פּלאַן איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדע פּונקטען:

1. אַז אַלע שטאַטען אין דער סאַוט זאָלען געשטעלט ווערען אונטער אַ מיליטערישער אויפזיכט צו באַשיצען די נעגער וואָס וואוינען דאָרטען.

2. אז יעדער שטאט זאל וויילען דעלעגאטען צו א קאנסטי־טוציאנעלער קאנווענשאן און די נעגער זאלען האבען גלייכע שטימרעכט מיט די ווייסע ביי די וואלען.

3. אז אין דער נייער קאנסטיטוציע וואס די קאנווענשאן וועט פארפאסען זאל ארייגעשריבען ווערען א פונקט וואס זאל אויף שטענדיג געבען די נעגער גלייכע שטימרעכט מיט די ווייסע.

4. אז די לעדזשיסלייטשור זאל גוט הייסען דעם פער־צענטען אמענדמענט.

דער שטאט וואס וועט די אלע באדינגונגען נאכקומען וועט פון קאנגרעס צוריק ארייגענומען ווערען אלס א מיטגליד פון די פאראייניגטע שטאטען.

עס פארשטייט זיך, אז פרעזידענט דזשאנסאן האט דעם ביל צוריקגעוויזען. דער קאנגרעס האט אבער מיט א מאיאריטעט פון צוויי־דריטעל דאס געזעץ דורכגעפירט געגען דעם פרעזי־דענט'ס וועטא.

דער קאנגרעס האט איצט געהאט די אויבערהאנט. דער פרעזידענט האט געטאן אלץ וואס איז מעגליך געווען צו שטערען אין דער פראקטישער דורכפירונג פון דעם פראגראם וואס דער קאנגרעס האט אויסגעארבייט. ער האט, צום ביישפיל, אראפ־געזעצט געוויסע גענעראלען אין די שטאטען פון דער סאוט, וויל זיי זיינען געווען צו „שטרענג" מיט דער ווייסער באפעל־קערונג און צו פריינדליך צו די נעגער. ער האט אראפגעזעצט דעם קריגס־מיניסטער סטענטאן, וועלכער איז געווען א ראדי־קאלער רעפובליקאנער און האט געהאלטען מיט'ן קאנגרעס. אבער די שטערונגען האבען סוף־כל־סוף ניט אפגעשטעלט די דורכ־פירונג פון דעם פראגראם. די מיליטערישע בעאמטע האבען ארייגענומען די שטאט־רעגירונגען פון דער סאוט אין זייערע הענט. זיי האבען דורכגעפירט א רעגיסטראציע פון אלע ביר־גער. אלע נעגער זיינען ארויף אויפ'ן צעטעל פון שטימבארעכ־טיגטע בירגער. פון די ווייסע זיינען, פארקערט, א סך צוריק־געוויזען געווארען פאר זייער טעטיגקייט אין דעם אויפשטאנד. דאן האבען די רעגיסטרירטע בירגער געשטימט איבער דער

פראגע צי א קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנווענשאָן זאָל פאררופען ווערען. דערנאָך האָבען די בירגער אויסגעקליבען דעלעגאטען צו דער קאָנווענשאָן. נעגער האָבען ניט נאָר געשטימט פאר דעלעגאטען נאָר זיי זיינען אויך אליין גלאפען אלס דעלעגאטען און א סך פון זיי זיינען אויסגעקליבען געווארען. אין סאוט קאראָליינא האָבען די נעגער געהאַט 76 דעלעגאטען און די ווייסע בלויז 48. אין די איבעריגע שטאַטען זיינען די ווייסע געווען אין א מאַיאָריטעט אָבער די נעגער האָבען אויך געהאַט א היבשע פארטרעטערשאפט. אין ווירדזשיניא זיינען געווען 80 ווייסע און 25 נעגער; אין פלאָרידא, 28 ווייסע און 18 נעגער; אין דזשאָרדזשיא, 133 ווייסע און 33 נעגער, און אזוי ווייטער.

אין אלע קאָנסטיטוציעס וואָס די קאָנווענשאָנס האָבען אָנגענומען איז איינגעשריבען געווארען א פונקט, אז די נעגער מוזען האָבען גלייכע שטימרעכט מיט די ווייסע. אין די מערסטע פון די קאָנסטיטוציעס זיינען אריינגעשריבען געווארען פונקטען וועלכע האָבען אוועקגענומען דאָס רעכט פון שטימען פון געוויסע גרופען ווייסע בירגער, וועלכע זיינען געווען אַקטיוו אין דעם בירגער־קריג אדער אזעלכע, וואס זייער לאָיאַליטעט איז איצט געשטאנען אונטער פראגע צייכען.

אין פעברואר, 1868, האָט דער קאמף צווישען דעם פרעזידענט און דעם קאָנגרעס דערגרייכט אזא מדרגה, אז דער קאָנגרעס האָט געמאכט א פארזוך דעם פרעזידענט אראָפּצוזעצען פון זיין אמט. לויט דער קאָנסטיטוציע קען דער פרעזידענט אראָפּגעזעצט ווערען בלויז דעמאָלט ווען ער באגייט א פארברעכען געגען די געזעצען פון לאנד. אויב דאָס פאסירט, דארף די „האוז“ באשליסען אָנצוקלאָגען דעם פרעזידענט. די „האוז“ באשטימט דאָן א קאָמיטע וואָס זאָל די קלאגען פאָרמולירען און זיי פאָרלייגען פאר דעם סענאט. דער סענאט ווערט פארוואנדעלט אין א געריכט. אלס פאָרזיצער פון סענאט אין פארלויף פון דעם פראָצעס זיצט דער הויפט ריכטער פון סופרים קאורט. די קאָמיטע פון דער „האוז“ איז דער פראָקוראָר. דער

פרעזידענט קען זיך פארטיידיגען דורך אדוואקאטען. דער סע־נאט הערט אוים ביידע צדדים און דערנאך שטימען די סענא־טארען צי ער איז שולדיג צי ניט. אויב צוויי־דריטעל פון די סענאטארען שטימען אז ער איז שולדיג ווערט דער פרעזידענט ארונטערגעזעצט. (די פראצעדורע פון ברענגען קלאגען געגען א בעאמטען כדי אים אראפצוזעצען פון זיין אמט רופט זיך „אימ־פיטשען״).

וועגען „אימפיטשען״ דעם פרעזידענט האבען די ראדיקאלע רעפובליקאנער אין קאנגרעס געטראכט שוין פריער. זיי האבען אבער ניט געפונען דעם געזעצליכען מיטעל דאס צו טאן. איצט האבען זיי ענדליך אזא מיטעל געפונען.

דאס איז ארויסגעוואקסען פון דעם צוזאמענשטויס צווישען דזשאנסאנ׳ען און סטענטאנ׳ען. דזשאנסאן האט אראפגעזעצט סטענטאנ׳ען פון זיין אמט אלס קריגס־מיניסטער און באשטימט אן אנדערען אויף זיין פלאץ. דער קאנגרעס האט די טאט פון פרעזידענט באטראכט אלס אומגעזעצליך. און אט פאר־וואס: אין מערץ, 1867, האט דער קאנגרעס דורכגעפירט א געזעץ, אז דער פרעזידענט טאר ניט אראפזעצען א בעאמטען אן דער דערלויבעניש פון סענאט. דאס געזעץ איז לכתחילה דורכגעפירט געווארען טאקע דערפאר וואס די ראדיקאלע רע־פובליקאנער האבען מורא געהאט, אז דזשאנסאן וועט ארויס־זעצען סטענטאנ׳ען פון קאבינעט, און סטענטאן איז פאר זיי וויכטיג געווען. סטענטאן אלס קריגס־מיניסטער האט גע־האט די אויפזיכט אויף די מיליטערישע בעאמטע אין דער סאוט. ער האט געדארפט אכטונג געבען, אז די מיליטערישע בעאמטע זאלען דארט ריכטיג דורכפירען דאס פראגראם פון קאנגרעס. אויף סטענטאנ׳ען האט זיך דער קאנגרעס געקענט פארלאזען ווייל ער איז אליין געווען א ראדיקאלער רעפובליקאנער.

דזשאנסאן האט דעם ביל צוריקגעוויזען אבער דער קאנ־גרעס האט אים דורכגעפירט איבער זיין וועטא מיט דער נוי־טיגער מאיאריטעט פון צוויי דריטעל. דאן האט דזשאנסאן דער־קלערט, אז דאס געזעץ איז ניט קאנסטיטוציאנעל. אויף דעם

גרונד פון דער טענה האָט ער זיך שפּעטער גענומען דאָס רעכט סטענטאָנ'ען אַראָפּצוזעצען.

סטענטאָן האָט זיך אָנטזאָגט צו פאַרלאָזען דעם אַמט. ער האָט זיך באַשעפטיגט אין זיין ביורא און איז פון דאָרט ניט אַרויס. זיינע פריינט האָבען אים געבראַכט עסען און ער איז דאָרט געשלאָפען. . . דזשאַנסאָן האָט ניט באַנוצט קיין מאַכט סטענטאָנ'ען אַרויסצוטרייבען. ער האָט אָבער דערקלערט, אַז סטענטאָן איז ניט מער קריגס־מיניסטער.

אָט פאַר דער האַנדלונג דזשאַנסאָנ'ס האָט דער קאָנגרעס איצט באַשלאָסען אים צו „אימפּיטשען". דעם 24טען פעב־רואַר, 1868, האָט די „האָוז" אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: „אַז ענדרו דזשאַנסאָן, פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, זאָל „אימפּיטשט" ווערען פאַר באַגיין אַ פאַרברעכען און פאַר טאָן ניט געזעצליכע זאַכען". אַ קאָמיטע פון זיבען איז באַ־שטימט געוואָרען פאָרצולייגען די קלאַגען פאַר'ן סענאַט. דער וויכטיגסטער מיטגליד פון דער קאָמיטע איז געווען טעדיוס סטי־ווענס. אַזוי ווי ער איז אָבער געווען אַלט און קראַנק איז די פירערשאַפט פון דער קאָמיטע איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ צווייטען קאָמיטע־מאַן, דעם געוועזענעם גענעראַל בענדזשאַמין באַטלער.

דער פּראָצעס אין סענאַט האָט זיך אָנגעהויבען דעם 4טען מערץ. דאָס גאַנצע לאַנד איז אין דעם פּראָצעס געווען טיף פאַראינטערעסירט. אין דער נאָרט איז די שטימונג געווען כמעט אינגאַנצען געגען פּרעזידענט. דזשאַנסאָנ'ס פּאַרטיידיגער זיינען געווען די גרעסטע אַדוואָקאַטען אין לאַנד. דער פּראָצעס גופא איז ניט געווען ניט איינדרוקספול און ניט אינטערעסאַנט. דער־פאַר אָבער זיינען די שלוס־רעדעס פון ביידע צדדים געווען מייסטערווערק אי פון דעם שטאַנדפּונקט פון לאָגיק אי פון דעם שטאַנדפּונקט פון רעדנער. די קאָנגרעס קאָמיטע און דזשאַנ־סאָנ'ס אַדוואָקאַטען האָבען גערעדט דריי טעג נאָכאַנאַנד. די שטאַרקסטע רעדע פאַר דער אָנקלאַגע האָט געהאַלטען סטיווענס. ער האָט אָבער קיין כוח ניט געהאַט זיין רעדע אַליין פאָרצו־

לעזען און ער האט געבעטען באטלער'ן ער זאל עס טאן פאר אים. „עס איז מעגליך, שרייבט ראודס, אז ווען סטיוועגס וואלט געהאט מער כוח יענעם טאג, וואלט דער רעזולטאט פון דעם פראצעס געווען אן אנדערער".

ביי דער אפשטימונג האבען 35 סענאטארען געשטימט „שולדיג" און 19 „ניט שולדיג". עס האט געפעלט בלויז איין שטימע צו די נויטיגע צוויי־דריטעל כדי דזשאנסאנ'ען צו פאר־משפט'ען. אלע דעמאקראטען האבען געשטימט פאר דזשאנ־סאנ'ען און איינער רעפובליקאנער האבען זיך אנגעשלאסען אן די דעמאקראטען.

אין דער צייט וואס אין וואשינגטאן האט זיך געדרודערט מיט דעם פארזוך ארונטערצוזעצען דעם פרעזידענט, האבען די קאנסטיטוציאנעלע קאנווענשאנס פון די שטאטען אין דער סאוט פארטגעזעצט זייער ארבייט. איצטער זיינען די נייע קאנסטי־טוציעס פון די שטאטען איבערגעגעבען געווארען צו די ביר־גער צום אפשטימען. די קאנסערוואטיווע ווייסע האבען אנגע־פירט א שטארקע פראפאגאנדע אז די קאנסטיטוציעס זאלען צו־ריקגעוויזען ווערען. זייער הויפט טענה איז געווען וואס די קאנ־סטיטוציעס גיבען די נעגער דיזעלבע פאליטישע און סאציאלע רעכט ווי די ווייסע. די פראפאגאנדע האט אבער ניט געהאל־פען. די נעגער האבען כמעט איינשטימיג געשטימט פאר די קאנסטיטוציעס און אויך א היבשע צאל פון די ווייסע. בלויז אין איין שטאט, אין מיסיסיפי, איז די קאנסערוואטיווע ווייסע געלונגען די נייע קאנסטיטוציע נידערצושטימען. אין צוויי אנ־דערע שטאטען, אין ווירדזשיניא און אין טעקסעס, איז די אר־בייט פון פארפאסען די קאנסטיטוציעס ניט פארענדיגט געווארען אין צייט. אין די איבעריגע זיבען שטאטען זיינען די קאנ־סטיטוציעס גוטגעהייסען געווארען. אין די זיבען שטאטען זיינען אויך געוויילט געווארען שטאט־רעגירונגען און פארשטייער צום קאנגרעס. דער קאנגרעס האט די זיבען שטאטען צוריק אריינ־גענומען אין די פאראייניגטע שטאטען, צוגעלאזען זייערע פאר־טרעטער צום קאנגרעס און אנערקענט זייערע שטאט־רעגירונגען

און אָפּגעשאַפט דאָרטען די מיליטערישע אויבערמאכט. דאָס איז געשען אין פערלויף פון די מאָנאַטען יוני און יולי, 1868.

אין יעדען פון די זיבען שטאַטען האָבען די ראַדיקאַלען געוואונען אין די וואַלען און האָבען געקראָגען א פעסטע קאָנטראָל איבער אַלע צווייגען פון די שטאַט רעגירונגען. צווישען די פאָרשטייער וואָס די שטאַטען האָבען געשיקט אין קאָנגרעס האָבען די קאָנסערוואַטיווע ווייסע געהאַט זייער ווייניג פאַרטרעטער. די קאָנסערוואַטיווע ווייסע האָט אַם שטאַרקסטען ווי געטאָן דאָס וואָס צווישען די רעגירונגס־בעאַמטע זיינען איצט געווען אַ סך נעגער און אַ סך ווייסע וועלכע זיינען אַהין אָנגעלאָפען פון דער נאָרט. צווישען די פערצען סענאַטאָרען וואָס די שטאַטען האָבען אויסגעקליבען זיינען צען געווען „פרעמדע", אָנגעפאָרענע פון דער נאָרט. דאָסזעלבע איז געווען מיט צוואַנציג פון די פינף און דרייסיג קאָנגרעסלייט, און מיט פיר פון די זיבען גאָווערנאָרס. צו הויכע אַמטען האָבען די נעגער זיך ניט דערשלאָגען. זיי האָבען אָבער פאַרנומען אַ סך קלענערע אַמטען אין די שטאַט־רעגירונגען. אין לואיזיאַנאַ איז דער וויצע־גאָווערנאָר געווען אַ נעגער. אין זאוט קאַראָליינאַ איז אַ נעגער געוואָרען סעקרעטערי אוו סטייט. אין די לעדזשיסלייטשורס פון די אַלע שטאַטען איז געווען אַ באַדייטענדער פּראָצענט נעגער. אין סאוט קאַראָליינאַ האָבען די נעגער אפילו געהאַט אַ מאַיאָריטעט אין דער קערפערשאַפט, 88 נעגער און בלויז 67 ווייסע.

די אַלע אריינגענומענע שטאַטען פון דער סאוט האָבען גוטגעהייסען דעם פערצענטען אַמענדמענט וועלכער איז דעם 20־טען יולי דערקלערט געוואָרען אַלס אַ טייל פון דער קאָנסטיטוציע.

די פירער פון די ראַדיקאַלען האָבען געפילט אז זיי האָבען זייער אַרבייט פּאַקטיש פאַרענדיגט. אין איין פּונקט בלויז האָבען זיי געהאַט אַ מפּלה. זיי איז ניט געלונגען אַראָפּצוזעצען דעם פּרעזידענט. אָבער וואָס איז שייך די שטאַטען פון דער סאוט האָט מען זיי געצוואונגען נאָכצוגעבען אַלץ וואָס

די ראדיקאלען האבען געפאדערט. מיט דעם געפיל פון באפרי־דיגונג און דערפאלג איז די רעפובליקאנישע פארטיי צוגעטראטען צו דעם וואלקאמף פאר פרעזידענט.

די פארטיי האט פאר איר פרעזידענט קאנדידאט ארויסגע־שטעלט גענעראל גרענט, וועלכער איז דעמאלט געווען דער פאפולערסטער און באליבטסטער העלד פון לאנד. גרענט האט זיך מיט פאליטיק קיינמאל ניט אינטערעסירט. אין זיינע אינ־גערע יארען האט ער זיך געהאלטען פאר א דעמאקראט און די דעמאקראטען האבען אפילו נאך דער מלחמה אים באטראכט פאר אן אייגענעם און געקלערט וועגען ארויסשטעלען אים אלס זייער קאנדידאט. האט אבער פאסירט, אז אין דעם קאמף צווישען דעם פרעזידענט און דעם קאנגרעס איז גרענט ניט ווילענדיג אריינגעצויגען געווארען. עס איז געשאפען געווארען אזא לאגע, אז ער האט געמוזט נעמען א שטארקע שטעלונג געגען דזשאנ־סאנ'ען. דאס האט אים אריינגעטריבען אין דעם לאגער פון די ראדיקאלע רעפובליקאנער. איצט האבען די רעפובליקאנער זיך באנוצט מיט דער גינסטיגער לאגע און ארויסגעשטעלט גרענט'ן אלס זייער פרעזידענט קאנדידאט.

ביים אויסארבייטען די פלאטפארמע איז די רעפובליקאנישע פארטיי געווען גאנץ מילד. זי האט זיך דערמאנט, אז זי קען ניט ריזיקירען צו זיין צו ראדיקאל אין דער נארט. אייניגע מאנאטען פריער, אין הערבסט פון 1867, האבען די שטאטען פון דער וועסט — אהייא, מישיגען, מינעסאטא, קענזעס, — גע־שטימט איבער דער פראגע פון שטימרעכט פאר די נעגער און אין די אלע שטאטען איז דער פארשלאג דורכגעפאלען. די רע־פובליקאנישע פארטיי וועלכע האט ארויפגעצוואנגען נעגער־שטימערכט אויף דער סאוט האט מורא געהאט דעם פרינציפ אריינצושרייבען אין איר פלאטפארם. זי האט זיך געשראקען פאר די שטאטען פון דער וועסט. האט זי זיך אויסגעדרייט מיט א קונציגער דערקלערונג אין דער פלאטפארמע: „אין דער סאוט האט דער קאנגרעס געמוזט זען אז די נעגער זאלען קריגען שטימ־רעכט. אין די אנדערע שטאטען אבער מישט זיך דער קאנ־

גרעס ניט אין דער פראַגע פון שטימערעכט. די בירגער פון די שטאַטען האָבען אַליין דאָס רעכט די פראַגע צו באַשטימען ווי זיי געפעלט.‟ די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי האָט געזוכט אויסצומיידען צו נעמען אַ שטעלונג אין אלע וויכטיגע פראגען. זי האָט זיך געהיט צו מאַכען וועלכע עס איז פאַרשפּרעכונגען. איר קאַנדידאַט גרענט האָט אַלס זיין שלאָגוואָרט אין דעם וואַל־קאַמף אַרויסגעשטעלט די פראַזע: „זאָל זיין שלום” — אַ פראַזע וואָס קלינגט שיין, אָבער זאָגט גאָרניט.

די דעמאָקראַטען איז אָנגעקומען זייער שווער אויסצוקלייבען אַ קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט. נאָך שווערער איז זיי געווען צו געפינען אַ פּאַסיגע פּרינציפּען־ערקלערונג. זיי האָבען מורא געהאַט צו נאָמינירען דזשאַנסאָנ׳ען כאָטש זיי האָבען איינגע־שטימט מיט אַלץ וואָס דזשאַנסאָן האָט געטאָן און כאָטש דזשאַנסאָן האָט זייער געוואָלט קריגען די נאָמינאַציע. זיי האָ־בען געטראַכט וועגען נאָמינירען דזשאָרדזש טשיים, דעם געווע־זענעם ראַדיקאַלען רעפּובליקאַנער, אָבער טשיים, וועלכער האָט אויך שטאַרק חשק געהאַט צו זיין פּרעזידענט, האָט געשטעלט אַ תנאי אַז די פּאַרטיי מוז גוטהייסען דעם פּרינציפּ פון שטימ־רעכט פאַר נעגער, און דאָס האָבען די דעמאָקראַטען ניט געקענט טאָן. נאָך עטליכע טעג פון אינוויינינגסטע רייסערייען האָט די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי נאָמינירט פאַר איר קאַנדידאַט אַ מאַן וועלכער האָט די נאָמינאַציע ניט געוואָלט און וועלכער האָט עטליכע מאָל פעסט דערקלערט, אַז ער וועט די נאָמינאַציע ניט אָננעמען. דאָס איז געווען האָריישיא סעימאָר פון ניו יאָרק. די פּאַרטיי האָט אים געצוואונגען צו ווערען דער קאַנ־דידאַט.

דעם רעזולטאַט פון וואַלקאַמף האָבען אַלע געוואוסט פריער. גרענט האָט באַקומען 214 עלעקטאָרשע שטימען און סעימאָר, בלויז 80. אַכט פון די פופצען געוועזענע שקלאַפען־שטאַטען זיינען געגאַנגען רעפּובליקאַניש. עס פאַרשטייט זיך, אז ווען אַלע ווייסע בירגער אין יענע שטאַטען וואָלטען געמעגט שטי־

מען וואלט דאס ניט געשען. די וואלען האבען קלאר געמאכט פאר דער רעפובליקאנישער פארטיי, אז אזוי שנעל ווי די שטאטען פון דער סאוט וועלען קריגען פאלשטענדיגע זעלבסטשטענדיגקייט וועלען זיי אריבערגייען צו דער דעמאקראטישער פארטיי און דעמאלט וועט די דעמאקראטישע פארטיי ווערען זייער שטארק, שטארק גענוג פיללייכט אריינצוקריגען די רעגירונג אין אירע הענט.

די רעפובליקאנישע פארטיי איז איצט צוטיילט געווארען אין צוויי פליגלען. איינער, אנגעפירט פון די ראדיקאלען, איז געווען מיט דער מיינונג אז די נייע אדמיניסטראציע דארף פארטזעצען די אלטע פאליטיק אין דער סאוט, זען אז די נעגער און די לאיאלע ווייסע זאלען דארטען איינהאלטען אין זייערע הענט די פאליטישע מאכט; און דער צווייטער פליגעל, דער קאנסערוואטיווער, איז געווען מיט דער מיינונג אז די אדמיניסטראציע דארף לאזען די סאוט צורו, זאלען דארטען די ווייסע טאן וואס זיי ווילען. זאלען יענע שטאטען אפילו אריבערגייען צו די דעמאקראטען; די אדמיניסטראציע דארף נאר זוכען צו געפעלען דער נארט און דער וועסט און דארט באפעסטיגען די רעפובליקאנישע פארטיי.

סוף פעברואר, 1869, א פאר וואכען איידער דזשאנסאן האט געענדיגט זיין טערמין, האט דער קאנגרעס מיט א מאיאריטעט פון צוויי־דריטעל אנגענומען דעם פופצענטען אמענדמענט צו דער קאנסטיטוציע. דער אמענדמענט הייסט, אז קיין שטאט־רעגירונג טאר ניט אוועקנעמען דאס שטימרעכט פון א בירגער אויפ'ן יסוד פון „ראסע, קאליר, אדער ווייל ער איז אמאל געווען א שקלאף". דעם אמענדמענט האבען די ראדיקאלע רעפובליקאנער דורכגעפירט אלס א לעצטען פארצווייפעלטען מיטעל צו באשיצען דאס שטימרעכט פון די נעגער אין דער סאוט. די ראדיקאלען האבען געוואוסט, אז אזוי שנעל ווי די ווייסע אין דער סאוט וועלען ווערען די באלעבאטים פון די רעגירונגען אין די שטאטען וועלען זיי געפינען אן אויסוועג ווי אזוי צו בא־

זייטיגען זייערע אייגענע קאָנסטיטוציעס, וואָס מען האָט זיי פּאַקטיש געצוואונגען אָנצונעמען און אין וועלכע מען האָט זיי געצוואונגען אריינצושרייבען שטימרעכט פאר נעגערס. זיי וועט אָבער אוממעגליך זיין זיך אויסצודרייען פון אן אמענדמענט אין דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטוציע.*)

ניט דער פערצענטער און ניט דער פופצענטער אמענדמענט האָבען סוף־כל־סוף פארזיכערט שטימרעכט פאר'ן נעגער. די רעגירונגען אין דער סאוט האָבען געפונען פארשידענע מיטלען ווי אזוי זיך פון די אמענדמענטס אויסצודרייען.

*) עס איז כדאי צו באַמערקען אז אין דער נאָרט זיינען דעמאָלט געווען בלויז זעקס שטאַטען וואו נעגער האָבען געהאַט שטימרעכט. אין 1865 האָבען די שטאַטען קאָנעטיקוט, וויסקאָנסין און מינאָסאָטא זיך אנטזאגט צו געבען די נעגער שטימרעכט. אין 1867 האָט מינאסאטא צוריקגעוויזען א פאָרשלאָג צו געבען דעם נעגער שטימרעכט. דאָסזעלבע האָבען געטאָן קענזעס און אָהייאָ.

קאַפּיטעל 36.

# דער קאַמף פון די ווייסע געגען די נעגערס אין דער סאוט.

די פּאָליטישע און סאָציאַלע לאַגע פון דער סאוט ביים סוף פון די זעכציגער און אָנהויב פון די זיבעציגער יאָרען איז געווען אָנגעלאָדען מיט דינאַמיט. עס האָט דאָרט געהערשט א גוואַל־טיגער ראַסען־האַס, קאָרופּציע און איינפּאַכער פּאָגראָם־גייסט. די רעגירונגען פון די דאָרטיגע שטאַטען זיינען געשטאַנען אונ־טער דעם קאָנטראָל פון די נעגער און זייערע ווייסע פירער און מיטהעלפער. די גרויסע מאַסע ווייסע איינוואוינער האָבען אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען, געזעצליכע און אומגעזעצליכע, פרידליכע און פאַרברעכערישע, כדי אַרויסצורייסען די מאַכט פון די נעגער און זייערע פריינט. זיי האָבען זיך ניט אפּגע־שטעלט פאַר פּאָגראָמען און מאָרדען כדי צו דערגרייכען זייער ציל. און כאָטש די רעגירונג אין וואַשינגטאָן האָט אַ שטיק צייט געשטיצט די נעגער דאָך האָט עס ניט געדויערט לאַנג ביז די ווייסע האָבען זייער ציל דערגרייכט און די נעגער זיינען ווידער פאַרשקלאַפּט געווארען פּאָליטיש און סאָציאַל.

די הויפּט טענה פון די ווייסע דעמאָלט, און פון די היס־טאָריקער וואָס פאַרטיידיגען זיי איצט, איז, אז די נעגער און זיי־ערע ווייסע פירער האָבען געפירט די שטאַט־רעגירונגען אומער־ליך און אומפּייאַיג, אז זיי האָבען באַרויבט די רעגירונגס־קאַסעס, אָנגעמאַכט ריזיגע און אומזיסטע הוצאות און אַרויפגעלייגט אויף די איינוואוינער א שווערען יאָך פון שטייערען... די הויפּט טענה פון די נעגער דעמאָלט, און פון די היסטאָריקער וואָס פאַר־טיידיגען זיי איצט, איז, אז די ווייסע האָבען אויף זיי געמאַכט

בלבולים און זיי טעראָריזירט בלויז דערפאַר וואס זיי זיינען געווען נעגער, פריערדיגע שקלאַפען. דער היסטאָריקער דזשאָרדזש מעריאַם („דער נעגער און די נאַציע") גיט אָן אפשאַצונג פון דער לאַגע וועלכע שיינט צו זיין אַ ריכטיגע. ער שרייבט: „די געזעצען וואָס די רעגירונגען (אונטער דער קאָנטראָל פון די נעגער און זייערע פריינט) האָבען דורכגעפירט זיינען געווען פאַר־שידען אין כאַראַקטער, טייל פון זיי אויסגעצייכענט גוט. זיי האָבען, צום ביישפיל, אָרגאַניזירט אין יעדען שטאַט פאָלקס־שולען. . . מען מוז אָבער צוגעבען אַז אַ סך שלעכטס איז אויך אָפּגעטאָן געוואָרען. . . מען האָט אַ מאַסע געלד צושלעפּט. אָבער דערביי מוז מען געדענקען, אַז דער גרעסטער טייל פון די גנבות זיינען פאַרבליבען אין די קעשענעס פון לומפּען פון דער הערר־שענדער ראַסע (די ווייסע). . . צו משפּט'ן ריכטיג די גוטע און די שלעכטע זייטען פון די רעגירונגען איז פיליכט די שווערסטע אויפגאַבע וואס אַ היסטאָריקער קען האָבען. עס איז שווער צו קריגען די אמת'ע פאַקטען. די מערסטע היסטאָריקער ווערען היסטעריש ווען זיי שרייבען וועגען דער דאָזיגער עפּאָכע. און אפילו די אָפיציעלע ציפערען ווידערשפּרעכען איינע די אַנדערע".

די נייע שטאַט־רעגירונגען האָבען אָנגעמאַכט ריזיגע הוצאות. אַ טייל פון די אויסגאַבען זיינען געווען פאַר גוטע צוועקען. די רעגירונגען האָבען זיך גענומען בויען וועגען, בריקען, האַפענס, רעמאָנטירען און אויסבעסערען די שטעט. דאָס אַלץ האָט גע־קאָסט אַ סך געלט. אפילו די קאָנסערוואַטיווע ווייסע זיינען ניט געווען געגען די אונטערנעמונגען. עס זיינען אויך צוגעקומען הוצאות אין דער רעגירונג טאַקע דורכדעם וואָס די נעגער זיינען איצט געוואָרען פרייע בירגער. איינע פון די גרעסטע נייע הוצאות זיינען געווען די פאָלקסשולען. פרייע פאָלקס־בילדונג האָט פאַר דער מלחמה כמעט גאָרניט עקזיסטירט אין דער סאַוט. די נייע קאָנסטיטוציעס פון די שטאַטען האָבען אָבער געפאָדערט אַז עס זאָל איינגעפירט ווערען אַ פאָלשטענדיגע סיסטעם פון שו־לען, לויט דעם מאָדעל פון די פאָלק־שולען אין דער נאָרט. דער פינאַנציעלער יאָך פון די אויסגאַבען איז געווען גרויס. די אויפ־

רעגונג צווישען די ווייסע איז נאך פארגרעסערט געווארען דורכ־דעם וואס פון דער נייער סיסטעם, פון די נייע רעגירונגס־אויס־גאבען האבען גענאסען מייסטענס די נעגער. דערצו האבען א סך ווייסע באטראכט פרייע בילדונג פאר די נעגער פאר נוצ־לאז און געפערליך.

די שטאט־רעגירונגען האבען אנגעהויבען בויען באנען. גע־ווים האבען זיי זיך אין דעם שטארק גענויטיגט. די סאוט איז שטענדיג געווען הינטערשטעליג אין באנען, און דאס ביסעל בא־נען וואס זי האט געהאט זיינען אין פארלויף פון דער מלחמה צושמעטערט און פארקריפעלט געווארען. אבער די נעגער און זייערע ווייסע פריינט, די וואס האבען איצט געהאט די פאר־ואלטונג אין זייערע הענט, האבען ווייניג פארשטאנען ווי אזוי אזעלכע גרויסע פינאנציעלע אונטערנעמונגען דורכצופירען. עס איז לייכט געווען פאר קארופטע מענשען זיי אפצונארען און זיי פארפירען. די עלף שטאטען אין דער סאוט האבען ביז 1872 אנגעמאכט נייע הוצאות ניט ווייניגער ווי אויף 132 מיליאן. צוויי דריטעל פון דעם געלט איז פארנוצט געווארען פאר נייע בוי־ארבייט, איבערהויפט פאר נייע באנען. פריוואטע מענשען האבען ארגאניזירט קאמפאניעס צו בויען די ליניעס און די רע־גירונג האט זיי אויסגעבארגט דאס געלט. אין סאוט קאראליינא, דזשארדזשיא און אלאבאמא זיינען די באנען וואס האבען טייל־ווייס אדער אינגנאנצען געהערט צו דער רעגירונג, זייער שלעכט פארוואלטעט געווארען. פאליטיקאנטען האבען פון זיי געמאכט ריוחים פאר זיך.

צווישען די בעאמטע זיינען געווען א טייל אומפייאיגע און א טייל אומערלאכע. מען האט גע'גנב'עט, גענומען כאבאר, בא־גאנגען אלערליי שווינדלען. אבער ריכטיג ווייזט אן פראפעסאר דאנינג, אז אין דעם דאזיגען פרט זיינען די נייע שטאט־רעגירונגען אין דער סאוט ניט געווען קיין אויסנאם. אין דערזעלבער צייט וואס די ווייסע אין דער סאוט האבען געגוואלדעוועט אז דערפאר זיינען די שטאט־רעגירונגען דארטען קארופט ווייל די נעגערס האבען אין זיי די דעה, אין דער אייגענער צייט האט אין ניו

יארק געהערשט די קארופטעסטע פאליטישע מאשין אין דער געשיכטע פון לאנד, באס טוויד, וועלכער האט גע'גנב'עט צענדליגער מיליאנען פון דער שטאט־קאסע

די ביטערסטע פראקטיק האט געהאט סאוט קאראליינא. אין דער דארטיגער לעדזשיסלייטשור האבען די נעגער געהאט א מאיאריטעט. זיי זיינען געפירט געווארען פון א גרופע קארופטע ווייסע פאליטיקאנטען. פריער איז דארט געווען גאווערנאר א געוויסער סקאט, אן „אימיגראנט" פון דער נארט. שפעטער האט דעם אמט איבערגענומען א געוויסער פרענקלין מאזעס, א ווייסער פון דער סאוט (ער האט געשטאמט פון אידען). אין די זעקס יאר וואס די צוויי גאווערנארס האבען רעגירט איז די רעגירונגס־קאסע געווען פשוט הפקר. הונדערטער טויזענטער דאלער זיינען פארשוועדט געווארען אויף מעבעל און לוקסוס־זאכען פאר די געזעצמאכער. די לעדזשיסלייטשור צוזאמען מיט דעם גאווערנאר האבען פארקויפט צו פריוואטע מענשען די פריווילעגיעם (פרענטשייזעס) אויף עפענטליכע אונטערנעמונגען. דער פארזיצער פון לעדזשיסלייטשור, א נעגער, האט פארלארען טויזענד דאלער אין א וועט. האט די לעדזשיסלייטשור באשלאסען אז דאס געלט זאל אים אויסגעצאלט ווערען פון דער רעגירונגס־קאסע. פאר כאבאר האבען די גאווערנארס באגנאדיגט פארברעכער. די צוויי גאווערנארס זיינען געווען פילייכט די קארופטסטע בעאמטע פון יענער קארופטער צייט אין דער סאוט.

שלעכט איז אויך געווען די לאגע אין לואיזיאנא. דארט איז די קארופציע געווען אן אפענע. א גרופע לומפען און אוואנטוריסטען האבען געהאט די רעגירונג אין זייערע הענט. איינער פון זיי איז געווען גרענט'ס א שוואגער.

די ווייסע האבען געהאלטען אין איין שרייען און פראטעסטירען. זיי האבען זיך ביסלאכווייז ארגאניזירט און אין איין שטאט נאכ'ן אנדערען האבען זיי אפגענומען די פאליטישע מאכט פון די רעפובליקאנער. אזוי שנעל ווי זיי האבען די רעגירונג אריינגענומען אין זייערע הענט, האבען זיי דורכגעפירט געזעצען וואס האבען דעם נעגער אינגאנצען ארויסגעשטויסען פון

דער פאליטיק. שפעטער האבען זיי אויך ביי אים אוועקגענומען די סאציאלע און פאליטישע פרייהייטען וואס זייערע אייגענע קאנסטיטוציעס און די קאנסטיטוציעס פון די פאראייניגטע שטא־טען האבען גאראנטירט.

איינע פון די שטארקסטע כלי־זיין מיט וועלכע די ווייסע הא־בען זיך באנוצט ארויסצורייסען די פאליטישע מאכט ביי די נע־גער איז געווען דער „קלו קלוקס קלען" — א געהיימע טעראריס־טישע ארגאניזאציע.

דער „קו קלוקס קלען" איז געגרינדעט געווארען אין דעם קליין שטעטעל פאלאסקי, אין טענעסי, דעצעמבער 28, 1865. די זעקס יונגעלייט (געוועזענע סאלדאטען אין דער ארמיי פון דער קאנפעדעראציע) וואס האבען אים געגרינדעט, האבען ניט געמיינט קיין בייז. זיי האבען געהאט אין זינען בלויז צו אר־גאניזירען א געוויינליכען קלוב פאר געזעליגקייט. איינער פון די זעקס האט פארגעשלאגען, אז דער קלוב זאל זיך רופען מיט דעם גריכישען נאמען „קוקלאס", וואס איז דער טייטש „ציר־קעל". דאן האט א צווייטער צוגעשטעלט דאס ווארט „קלען", וואס איז דער טייטש א פאמיליע אדער א שבט. דערפון איז געווארען דער נאמען קו קלוקס קלען. די ארגאניזאציע איז גע־ווען א געהיימע, אן שום אורזאך. אפשר האבען די מיטגלידער געדענקט, אז דאס וועט זי מאכען מער אינטערעסאנט. אזוי ווי זי איז שוין געווען א געהיימע האט איינער פון די מיטגלידער פארגעשלאגען זי צו מאכען נאך מער געהיימניספול, נעמליך, אז די מיטגלידער זאלען גיין פארמאסקירט. אלס מאסקע איז בא־טימט געווארען א ווייסע ליילאך איבער דעם קערפער און א ציכעל איבער'ן קאפ (מיט אזוינע מאסקעס האט מען זיך דע־מאלט אין יענע געגענדען באנוצט גאנץ אפט). יעדער מיט־גליד האט געמוזט געבען א שבועה צו האלטען בסוד אלץ וואס איז פארבונדען מיט דער ארגאניזאציע.

דער „קלען" איז שנעל געווארען באוואוסט. די מיטגלידער פלעגען ארומפארען פארמאסקירט, רייטענדיג אויף פערד. יונגע לייט האבען זיך מיט אים גענומען פאראינטערעסירען. יע־

דערער האָט געוואָלט זיך אָנשליסען, טאָקע דערפאר וואס ער איז געווען ארומגערינגעלט מיט סודות. פארשידענע קלאַנגען האָבען זיך ארומגעטראַגען וועגען אים. אויף די נעגער פון דער געגענד האָט ער אָנגעוואָרפען א שרעק. דאָס איז די ווייסע גאָר שטאַרק געפעלען געוואָרען.

דער „קלען" האָט גענומען וואַקסען און זיך אויסשפּרייטען אין דער אַרומיגער געגענד און אויך אין אַנדערע שטאַטען. דאַן האָבען זיך די באַזונדערע קלובען פאַראייניגט אין איין גרויסען געהיימען אָרדען. אין מאַי, 1867, איז אַ געוועזענער גענעראַל פון דער קאָנפעדעראַציע, גענעראַל פאָרעסט, אויסגעוויילט געוואָרען אלס הויפּט פון קלען. ער איז געקרוינט געוואָרען מיט דעם געהיימניספולען טיטעל „דער הויפּט מכשף פון דעם קלען". די גאַנצע סאַוט איז געקרוינט געוואָרען מיט דעם נאָמען „אומזיכט־באַרע אימפּעריע". די „אימפּעריע" איז איינגעטיילט געוואָרען אין „קעניגרייכען" און „פּראָווינצען" און אַזוי ווייטער. די קלען־בעאַמטע איבער די אָפּטיילונגען האָבען געטראָגען אַזוינע שרעקליכע נעמען ווי שלאַנגען, נאַכט פויגלען, עקדעשען, טי־טאַנען, און אַזוי ווייטער.

לכתחילה איז דאָס אַלץ געווען אַ שפּיל. שפּעטער אָבער האָבען „פּראַקטישע מענשען" איבערגענומען די אָרגאַניזאַציע אין זייערע הענד און גענומען זי אויסצונוצען פאַר פּראַקטישע צוועקען. אין 1868, ווען דער קאָנגרעס האָט גענומען אַרויפ־צווינגען זיין פּראָגראַם אויף דער סאַוט האָט דער קלען געהאַט אַ מיטגלידערשאַפט פון אַ האַלבען מיליאָן אין אַלע טיילען פון דער סאַוט. דער קלען האָט גענומען אָנפירען אַ סיסטעמאַטישע קאַמפּאַניע פון טעראָר און פּאָגראָמען געגען די נעגער צו צווינ־גען זיי זיי זאָלען אויפהערען זיך באַטייליגען אין פּאָליטיק, און אויך געגען די ווייסע פריינד פון די נעגער, זיי זאָלען ענטווע־דער אוועקוואַרפען די פּאָליטיק אדער פאַרלאָזען די נעגער און אַריבערגיין אויף דעם זייט פון די ווייסע.

די גוואַלדטאַטען האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין וואַל־קאַמף פון 1868. אין סאַוט קאַראָליינאַ זיינען פאָרגעקומען עטליכע מאָרדען

אָנצושרעקען די נעגער זיי זאָלען ניט וואגען צו גיין שטימען. אין מיסיסיפּי האָט דער קלען אויך דורכגעפירט עטליכע מאָרדען און אָנפאלען מיט׳ן זעלבען צוועק. אין אלאבאמא, וואו דער קלען האָט געהאַט צען טויזענד מיטגלידער, זיינען באַגאנגען געווארען נאָך מער פארברעכענס. אָבער אַם שרעקליכסטען איז די לאַגע געוועזן אין לואיזיאנא. גענעראל רוסא האָט פאַרגליכען די באַפעלקערונג פון ניו אָרליענס צו אַ וואולקאַן וואס איז גרייט צו עקספּלאָדירען. באַנדעס האָבען זיך ארומגעטריבען איבער די שטעט, זיינען אָנגעפּאַלען אויף אומשולדיגע נעגער. אין קליינע שטעטלאך און אין דערפער זיינען דורכגעפירט געווארען מאָרדען און פּאָגראָמען. נעגער זיינען אויסגעראטעט געווארען אזוי ווי זיי וואָלטען געוועזן אַ געפערליכע פּעסט. דער הויפּט פון דעם קלען, גענעראל פאָרעסט, האָט זיך אליין דערשראָקען פאר די גוואלדטאַטען פון זיין אָרגאַניזאציע און ער האָט זי אין מערץ, 1869, אָפיציעל אויפגעלייזט... די לאָקאַלע אָרגאַניזאציעס האָבען אָבער זייער בלוטיגע ארבייט פאָרטגעזעצט. די שטאַט־רעגירונגען האָבען געפּרובט אונטערדריקען דעם קלען. עס זיינען אָנגענומען געווארען שטרענגע געזעצען. איינס פון די געזעצען האָט אפילו ערלויבט יעדען מענשען צו דערשיסען איינעם וואס טראָגט א מאַסקע. דער קלען האָט זיך אָבער ניט איבערגעשראקען. לסוף האָט זיך די נאַציאָנאלע רעגירונג ארייגעמישט. דער קאָנגרעס האָט געשיקט א קאָמיטע אויסצופארשען דעם קלען. ער האָט אויך געגעבען דעם פּרעזידענט דאָס רעכט צו שטעלען די טעראָריזירטע געגענד אונטער קריגס־צושטאַנד. דער פּרעזידענט האָט אריינגעשיקט סאָלדאטען אין סאוט קאראָליינא און אין אַנדערע שטאַטען. הונדערטע קלעניקעס זיינען אַרעסטירט געווארען. א סך זיינען צולאָפען. זייער ווייניג פון די ארעסטירטע האָבען באַקומען זייער שטראָף. די מערסטע זיינען באפרייט געווארען אפילו אָן אַ פּראָצעס.

אָט איז אַן אויסצוג פון אַ באַריכט וואס גענעראל שערידאן האָט אַריינגעשיקט צו פּרעזידענט גרענט וועגען די פּאָגראָמען פון דעם קלען אין לואיזאנא: „פון יאר 1866 אָן זיינען

דער׳הרג׳עט און פאַרוואונדעט געוואָרען נאָענט צו 3600 מענשען, די מערסטע פון זיי נעגער... עס זיינען דאָ געגוג באַווייזען, אַז איבער 1200 פון זיי זיינען געווען קרבנות פון פּאָליטישע ליידענ־שאַפטען. שרעקליכע פּאָגראָמען זיינען פאָרגעקומען אין אַ גאַנ־צער רייע שטעטלאַך... אין סט. לענדרו האָט אַ פּאָגראָם אָנגע־האַלטען פון דריי ביז זעקס טעג און צווישען צוויי און דריי הונ־דערט נעגער זיינען ערמאָרדעט געוואָרען... די צאָל מאָרדען און מערדערליכע אַטאַקעס אין פאַרלויף פון די מאָנאַטען סעפּטעמבער, אָקטאָבער און נאָוועמבער, אין 1868, גרייכט ביז אַ טויזענד.״

אָט זיינען איניגע טיפּישע פאַלען פון די גוואַלדטאַטען, ארויסגענומען פון אפיציעלע באַריכטען: „יאַנואַר 5, טיילאָר האוקענס דערמאָרדעט; יאַנואַר 6, מיידזשאָר סעלווע אויפגעהאַנ־גען; יאַנואַר 14, דזשאָן דזשעקסאָן דערשאָסען; יאַנואַר 16, דזשאָרדזש וואַשינגטאָן דערשאָסען און פאַרברענט אין אויל; פעברואַר 3, סעמער הענדערסאָן דערשאָסען; פעברואַר 17, טשאַרלס ראָבערטסאָן אויפגעהאַנגען; אַפּריל 13 א. פּעין איז אַרויסגעפירט געוואָרען פון זיין הויז, אַ שטריק איז פאַרוואָרפען געוואָרען אַרום זיין האַלז. דער עק פון שטריק איז צוגעבונדען געוואָרען צום זאָטעל פון אַ פערד. דער פערד האָט אים אַרומ־געשלעפּט ביז וואַנען ער איז דערוואָרגען געוואָרען. דאַן איז דער קערפּער אריינגעוואָרפען געוואָרען אין טייך״.

צענדליגער טויזענטער נעגער זיינען פון שרעק אינגאַנצען אַנטלאָפען פון דער סאַוט.

אין די וואַלען פון 1874 האָבען די קאָנסערוואַטיווע ווייסע געוואונען אין די שטאַטען אַלאַבאַמאַ און אַרקאַנסאַ. אין 1875 האָבען די ווייסע געקראָגען אַ מאַיאָריטעט אין דער נידעריגער הויז פון דער לעדזשיסלייטשור אין לואיזיאַנאַ. אין מיסיסיפּי, וואו די נעגער האָבען געציילט מער ווי די ווייסע, האָבען די קאָנסערוואַטיווע געזיגט מיט אַ מאַיאָריטעט פון 30 טויזענד. די נעגער האָבען ניט געוואָגט צו גיין שטימען. אין 1876 זיי־נען שוין אַלע שטאַטען פון דער סאַוט געווען אין די הענט פון די ווייסע. אין אַ פּאָר שטאַטען האָט דער קאַמף געדויערט נאָך

א פאר יאר. אבער די נאציאנאלע רעגירונג האט אויפגעהערט צו שטיצען און העלפען די נעגער. די נעגער זיינען געצוואונגען געווען אויך דארטען אויפצוגעבען דעם קאמף.

---

דזשעפערסאן דייוויס איז אין געפענגניס געזעסען אונגעפער א יאר צייט. אין אנפאנג איז ער באהאנדעלט געווארען זייער שלעכט. עטליכע טעג האט מען אים אפילו געהאלטען געשמידט אין קייטען. דעמאלט האט דער פרעזידענט אפילו אין זינען גע־האט אים צו שטעלען פאר א מיליטערישען געריכט און פאר־דערען טויט־שטראף. מיט דער צייט אבער איז די אויפרעגונג געגען דייוויס'ן אפגעקילט געווארען. מען האט אין געפענגניס גענומען אים באהאנדלען גאנץ מילד. אין מאי, 1867, איז ער געשטעלט געווארען פאר א ציווילען געריכט. ער איז אנגעקלאגט געווארען אין הויך־פארראט. דער פראקוראר האט געבעטען דער פראצעס זאל אפגעלייגט ווערען. דער ריכטער האט געשטעלט דייוויס'ן אונטער 100 טויזענד דאלער בעיל. צווישען די וואס האבען פאר אים אונטערגעשריבען די בעיל איז געווען האראס גרילי, דער רעדאקטאר פון דער „טריביון". דער פראצעס איז קיינמאל ניט פארגעקומען. מען האט אים עטליכע מאל אפגע־לייגט. דעם טאג פון ווייגאכטען פון 1868 האט דער פרעזי־דענט ארויסגעגעבען אן אמנעסטיע פאר אלע וואס האבען זיך בא־טייליגט אין בירגער־קריג. דייוויס איז אין דער אמנעסטיע גע־ווען איינגעשלאסען. די קלאגע געגען אים איז אפגעווישט גע־ווארען.

קאַפּיטעל 37.

# יאָרען פון ריזיגער ענטוויקלונג אין דער נאָרט און וועסט.

דער וואוילשטאַנד און די שפע אין דער נאָרט, די ריזיגע אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנדעל וואָס די מלחמה האָט געבראַכט האָט דורכ׳ן פרידען באַקומען אַ העפטיגען שטויס פאָראויס. צווישען די יאָרען 1865 און 1873 איז אויף יעדען געביט פון אינדוסטריע געמאַכט געוואָרען ריזיגער פאָרטשריט. דאָרט וואו מען האָט פריער גערעדט וועגען טויזענדער, האָט אַ פּראָמינענטער פּאָליטיקער פון יענער צייט באַמערקט, רעדט מען איצט וועגען מיליאָנען. דער היימישער מאַרק האָט זיך אויסגעברייטערט, טיילוויז דורך דעם צופלוס פון אימיגראַנטען, טיילוויז דורך דער קאָלאָניזאַציע פון דער וועסט. די מלחמה האָט מיטגעבראַכט, אַז דאָס לאַנד זאָל זיך זוכען צו באַפרייען פון איר אָפּהענגיגקייט פון אייראָפּאַ. הינטער דעם הויכען טאַריף האָבען מאַסען נייע פאַבריקאַנטען איצט געמאַכט סחורות וואָס פלעגען פריער געבראַכט ווערען פון אויסלאַנד. אין 1859 זיינען אין לאַנד געוועזען 140 טויזענד פאַבריקען; אין 1869 זיינען שוין געוועזען 250 טויזענד. אין 1865 איז אין דער פאַבריקאַציע פון לאַנד געלעגען אַ קאַפּיטאַל פון אַ ביליאָן און אַ האַלב דאָלער; אין 1878 איז די סומע געוועזען דאָפּעלט, גאַנצע דריי ביליאָן. די ריוחים וואָס די פאַבריקאַנטען און סוחרים האָבען געמאַכט זיינען געוועזען אַזוי גרויס, אַז איינער פון די פּראָמינענטסטע פאַבריקאַנטען האָט פאַר אַן אונטערזוכונגס קאָמיטע באַצייכענט זיינע אייגענע ריוחים מיט דעם אויסדרוק: „שמערצליך גרויס". אין 1866 האָט דער „סייענטיפיק אמעריקאַן" גע־

שריבען: „אין ניו יארק זיינען איצט פאראן מער מענשען וואס פארדינען צו הונדערט טויזענד דאָלער א יאר ווי עס זיינען מיט 25 יאר פריער געווען מענשען, וועמעס גאנצער פארמעגען איז באשטאנען פון הונדערט טויזענד דאָלער“.

דער פונדאמענט פון איניגע פון די גרעסטע און וויכטיגסטע אינדוסטריען פון דער איצטיגער אמעריקע איז געלייגט געווארען אין יענע יארען. דעמאָלט האָבען זיך אויך באוויזען די ערשטע בויער פון די גרויסע קאפיטאליסטישע דינאסטיעס, פון די ראַקעפעלערס, די קארנעגים, די וואנדערבילטס, די גולדס. דאָס זיינען געווען די לייט, וואס האָבען אין זייערע הענט דורך פארשידענע מיטלען ארייגענומען די וויכטיגסטע אינדוסטריען פון דער נייער צייט — שטאָל, אויל, באנען א. אז. וו.

„די וויכטיגסטע פאסירונג אין דער געשיכטע פון פאבריקאַציע אין די פאראייניגטע שטאטען אין פארלויף פון בירגערקריג און דעם פעריאד פון רעקאָנסטרוקציע, איז געווען דער אָנפאנג פון פאבריצירען בעסעמער שטאָל“, — שרייבט פראָפעסאָר ווען מעטרע. בעסעמער איז געווען אן ענגלענדער, א כעמיקער, וועלכער האָט דערפונדען א ביליגע און לייכטע מעטאָדע ווי אזוי צו פארוואנדלען אייזען אין שטאָל. מיט דער דאָזיגער דערפינדונג איז געבוירען געוואָרען די מאָדערנע אינדוסטריע. אין פארלויף פון די מלחמה־יאָרען האָט מען אין ענגלאנד זיך שוין באנוצט מיט בעסעמער׳ס דערפינדונג. אין אמעריקא האָט מען מיט איר ערשט אָנגעפאנגען זיך צו באנוצען אין 1867. אין 1875 איז שוין שטאָל דאָ געווען אזוי ביליג ווי אייזען. אין די 70ער יארען זיינען אויף דער סצענע ערשינען די גרויסע באראָנען, מיט ענדרו קארנעגי בראש. די פאבריקאציע פון שטאָל איז געוואקסען בליץ־שנעל. אין 1875 איז אין אמעריקא פראָדוצירט געווארען 375 טויזענד טאָן שטאָל, און פיר יאָר שפעטער, אין 1879, איז שוין פאבריצירט געוואָרען נאָענט צו א ביליאָן טאָן. די שטאָל פאבריקאציע האָט מעגליך געמאכט די אנטוויקלונג פון א סך אנדערע אינ־

דוסטריען. איבערהויפּט האָט זי געווירקט אויף דער אויס־שפּרייטונג פון די באַנען.

אין יענע יאָרען האָט זיך אויך אַנטוויקעלט די פלייש אינדוסטריע אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלען מאַסשטאַב. די ערשטע וואָס האָבען אָנגעהויבען אַרויסצושיקען פלייש פון די שלאַכטהייזער פון שיקאַגאָ און קענזעס סיטי אין די פאַרשי־דענע טיילען פון לאַנד און אויך קיין אויסלאַנד, זיינען געווען פיליפּ אַרמאָר, נעלסאָן מאָרים (אַ אידישער אימיגראַנט פון בייערען) און גוסטאַוואוס סוויפט. די ערשטע צוויי האָבען גע־מאַכט אַ סך געלט אין מלחמה קאָנטראַקטען. און נאָך דער מלחמה זיינען זיי שוין באַרימט געווען אַלס די גרעסטע פלייש־הענדלער. אין די 70ער יאָרען איז געמאַכט געוואָרען אַן ער־פינדונג ווי אַזוי צו פרעזערווירען פלייש (דורך פאַרפרירען) און עס האַלטען אַ לאַנגע צייט אין אַ פרישען צושטאַנד. די דער־פינדונג האָט עס מעגליך געמאַכט פאַר די גרויסע פלייש־הענד־לער אין שיקאַגאָ און אין אַנדערע שטעט פון דער וועסט צו שי־קען דאָס פלייש אין די ווייטסטע טיילען פון לאַנד, און אפילו אין אויסלאַנד.

דער וואוקס פון דער אויל־אינדוסטריע אין די יאָרען נאָך דער מלחמה האָט איבערגעשטיגען אַלע דערוואַרטונגען. דעמאָלט האָט מען נאָך ניט געהאַט קיין באַגריף פון דער גרויסער ראָלע וואָס פּעטראָליאום וועט שפּילען אין דער אינדוסטריע. אָבער מענשען האָבען זיך גענומען יאָגען נאָך אויל מיט אַזאַ אימפּעט אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען גאָלד. יעדער וואָס האָט געהאַט געלט האָט עס געוואָלט אריינלייגען אין אויל־קוואַלען אַלס ספּעקו־לאַציע. ס'האָבען זיך געגרינדעט אָן אַ שיעור אויל קאָמפּאַניעס. אין אָנהויב 1865 איז אין די פאַרשידענע אויל־קאָמפּאַניעס גע־לעגען אַ קאַפּיטאַל פון 326 מיליאָן דאָלער. אין זומער פון זעל־בען יאָר איז שוין די סומע געשטיגען ביז 500 מיליאָן. יעדע שטונדע איז געבוירען געוואָרען אַן אַנדער אויל־קאָמפּאַניע.

דזשאָן ד. ראָקעפעלער איז אין דער אויל־אינדוסטריע אריין אין יאָר 1865. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 26 יאָר און איז

געווען א קאמיסיאנער אין קליוולאנד, אהייא. אין די מלחמה־יארען האט ער געמאכט געלט אין פארשידענע געשעפטען. איצט האט ער זיין קאפיטאל אריינגעלייגט אין אויל. ער האט געקויפט אויל־ריפיינערים און האט געזוכט צוזאמענצונעמען קליינע אויל־געשעפטען אין איין גרויסער געזעלשאפט. אין יוני, 1870, האט ער ארגאניזירט די „סטענדארד אויל קאמפאני" פון אהייא מיט א קאפיטאל פון א מיליאן דאלער. די קאמפאניע איז שוין דעמאלט געווען די גרעסטע און מעכטיגסטע אין דער אויל־אינדוסטריע. פון דעמאלט אן ווערט ראקעפעלער דער אויל־קעניג און פארבלייבט עס ביז היינטיגען טאג.

איבער דער איסט און וועסט זיינען אויפגעבויט געווארען נייע אינדוסטריעלע קערפערשאפטען. אין מינעאפאלים זיינען אויפגעשטעלט געווארען די גרויסע מעל־מילען, וועלכע האבען פארשלונגען די קליינע מילען איבער'ן לאנד. מען האט איצט גענומען מאכען קליידער און שיך דורך מאשינען. מען האט גענומען פאבריצירען זייגערס אין פאבריקען. עס זיינען געמאכט געווארען הונדערטער דערפינדונגען, נייע מאשינען וועלכע האבען מעגליך געמאכט צו פראדוצירען די אלע זאכען אויף א גרויסען מאסשטאב. דאס לאנד האט געהאט גענוג געלט פאר די אלע נייע אונטערנעמונגען. עס האבען זיך געגרינדעט מאסען נייע באנקען. אין 1864 זיינען געווען אין לאנד 584 באנקען און אין 1875 איז די צאל געשטיגען ביז 1566. אין מאסאטשוזעטס זיינען אין 1862 געווען 93 שפאר־באנקען. אין 1875 איז די צאל געשטיגען ביז 180. אין ניו יארק האט זיך די צאל פון שפאר באנקען אין די זעלבע יארען פארגרעסערט פון 74 אויף 158. מענשען זיינען געלאפען אין מסחר און אין פאבריקאציע.

ארבייטער פאר די אלע נייע און וואקסענדע אינדוסטריען זיינען געקומען פון אייראפא. די אימיגראציע האט זיך אונגעהויער פארגרעסערט. אין די 60ער יארען זיינען אין אייראפא פארגעקומען אומרוען, מלחמות, — רעוואלוציאנערע אויפשטאנ־

דען אין אירלאנד, א מלחמה צווישען פרייסען און עסטרייך, אַ קריזיס אין ענגלאנד. דאָס אלץ האָט געטריבען טויזענטער מענ־שען אין דעם נייעם לאנד. אין יענער צייט האָבען צום ערשטען מאָל אמעריקאנער פאבריקאנטען זיך פאראייניגט, און געשיקט אגענטען קיין אייראָפּא צו ברענגען אהער ארביטער. דער פאר־קער איבער'ן ים איז געווען לייכטער און זיכערער. אין 1856 זיינען בלויז א קליין הייפעל רייזענדע געפארען אין דאמף־שיפען. איבער 90 פראצענט זיינען געפאָרען אין זעגעל־שיפען. אין 1865 איז שוין די גרויסע מאיאריטעט געפאָרען אין דאמף־שיפען. אין פארלויף פון 1865 זיינען אהער אָנגעקומען אונ־געפער א פערטעל מיליאָן אימיגראנטען, און וואָס ווייטער איז די צאָל געשטיגען. אין 1873 האָט די אימיגראציע דערגרייכט די איבערראַשענדע ציפער פון 460 טויזענד. אין דעם נייעם וואקסענדען שטראָם פון אימיגראציע איז געווען א גרויסע צאָל סקאנדינאַווער. עס זיינען אויך געקומען אביסעל רוסען, בעהמער און איטאליענער. די גרעסטע צאָל זיינען נאָך אלץ געווען ענגלענדער, אירלענדער און דייטשען. צווישען די פערציג מי־ליאָן מענשען אין אמעריקא זיינען אין 1875 געווען זיבען און א האלב מיליאָן געבוירענע אין אויסלאנד.

מיט גרויס ענערגיע האָט זיך אמעריקא נאָך דער מלחמה אַ נעם געטאָן צו בויען נייע באַנען: געגנויטיגט האָט זיך דאָס לאנד אין דעם זייער און זייער. די באַנען אין דער סאוט זיי־נען אין די מלחמה־יארען צושטערט געווארען. אין דער נאָ־ענטער וועסט האָבען זיך אנטוויקעלט א סך אינדוסטריען און אויף די פארמס האָבען זיך באזעצט אַ גרויסע צאָל נייע קאָלאָניסטען. אויף דער אנדערער זייט מיסיסיפּי זיינען איצט אריינגעפאָרען דורכשניטליך 100 טויזענד נייע קאָלאָניסטען אַ יאָר. די פאר־מער פון אייאָווא, די פלייש־מאגנאטען פון שיקאגאָ, די אויל־אינדוסטריעלער פון פענסילווייניע, האָבען אין איין קול געפאָ־דערט לייכטערע פארקער־מיטלען. אויף די אלטע באַנען איז איצט געווארען זייער ענג. אויף די טייכען און קאַנאַלען האָט מען זיך ניט געקאָנט פארלאָזען. ערשטענס איז דער פארקער

געוועזן צו לאנגזאם און צווייטענס זיינען די וואסערען עטליכע מאנאט אין יאר געווען פארפרארען.

האט מען גענומען בויען נייע באנען. דער פאקט, אז אין פארלויף פון די מלחמה־יארען האבען די באן־געזעלשאפטען גע־מאכט גרויסע ריוחים האט צוגעגעבען די באן־אונטערנעמער מוט, און זיי האבען זיך ניט אפגעווארט אין זייערע האפנונגען. אן עקאנאמיסט האט אין 1868 אויסגערעכנט, אז אין די ערשטע פיר יאר האבען די נייע ליניעס געמאכט גענוג ריוח צו דעקען דאס גאנצע געלט וואס איז אריינגעלייגט געווארען זיי אויסצו־בויען. ביים סוף פון קריג איז אין לאנד געווען 35 טויזענד מייל אייזענבאנען; אין 1872 זיינען שוין געווען 70 טויזענד מייל. דאס גיט א באגריף מיט וואס פאר א שנעלקייט די נייע ליניעס זיינען געבויט געווארען.

אין 1869 איז פארטיג געווארען די ליניע דורך דער וויי־טער וועסט, די ליניע וואס האט זיך געצויגען פון נעבראסקא ביז'ן פאסיפישען ברעג אין קאליפארניא. צום ערשטען מאל האט איצט א באן גענומען לויפען דורך דעם ריזיגען טייל פון לאנד וואס ליגט אויף דעם מערב־זייט פון דעם מיזורי טייך. די דאזיגע ליניע איז געווען דער שטאלץ פון די אמעריקא־נער באן־בויער.

וועגען בויען א באן וואס זאל דורכשניידען די גאנצע ברייט פון דער ווייטער וועסט האט מען נאך גערעדט און געפלאנע־וועט א לאנגע צייט פאר'ן בירגער קריג. עס זיינען אבער געווען א סך שטערונגען, פאליטישע און עקאנאמישע. אין 1862 האט דער קאנגרעס אין וואשינגטאן באפאלמעכטיגט אן אקציע־געזעלשאפט, די „יוניאן פאסיפיק רייל־ראוד" צו בויען א ליניע וואס זאל זיך ציען פון אמאהא, נעבראסקא, ביז דער וועסטליכער גרענעץ פון נעוואדא, א שטרעקע פון 1086 מייל. אומגעפער אין דער זעלבער צייט האט קאליפארניע געגעבען ערלויבעניש א צווייטער אקציע־געזעלשאפט, די „סענטראל פאסיפיק", צו בויען א ליניע פון סעקראמענטא ביז נעוואדא, א שטרעקע פון 689 מייל. די צוויי ליניעס צוזאמען האבען עס געדארפט דורכשניי־

דען די גאַנצע ברייט פון דער ווייטער וועסט. די „יוניאָן פּאַ־סיפיק" קאָמפּאַניע האָט פון דער וואַשינגטאָנער רעגירונג באַקומען גרויסע שטרעקעס לאַנד און גרויסע סומען געלד אלס „דער־מוטיגונג" אָנצוגיין מיט דער ארבייט. די קאָמפּאַניע האָט באַ־קומען: 1) דעם גאַנצען באָדען אויף וועלכען די ליניע איז געבויט געוואָרען; 2) דאָס רעכט צו נעמען פריי געהילץ, שטיי־נער און זאַמד וואָס זיינען נויטיג פאַר דער בוי־ארבייט; 3) א רעגירונגס־הלואה אויף יעדען מייל וואָס זי האָט אויסגע־בויט (די סומען זיינען געווען פארשידען, לויט די קאָסטען. פאַר געוויסע מיילען — 16 טויזענד דאָלער א מייל, פאַר אַנ־דערע, מער, אַזוי פיל ווי 48 טויזענד דאָלער א מייל); 4) ביי ביידע זייטען פון די ליניעס האָט די קאָמפּאַני געקענט נעמען פאַר זיך, פריי, שטיקער לאַנד און עס פארקויפען — אַן ערך פון 12 טויזענד 800 אקער אויף יעדער מייל.

די ארבייט פון בויען די ליניעס דורך דער פוסטער, האַלב ווילדער וועסט איז געווען פארבונדען מיט די גרעסטע שוועריג־קייטען און געפאַרען. פון דעם אינזשענערען־שטאַנדפּונקט איז עס געווען איינע פון די גרעסטע וועלט־אונטערנעמונגען. זי ווערט פאַרגליכען מיט דער אונטערנעמונג פון בויען דעם סועץ קאַנאַל. די ליניע האָט זיך געצויגען איבער בערג, דורך געדיכטע וועלדער, דורך מדבריות. די צוויי קאָמפּאַניעס האָבען באַשעפ־טיגט ארום 25 טויזענד ארבייטער. אויפ'ן פּלאַץ גופא וואו די ליניעס זיינען געבויט געוואָרען זיינען קיין ארבייטער ניט גע־ווען. האָט מען זיי געמוזט ברענגען צופירען פון ווייט. די „סענטראַל פּאַסיפיק" וועלכע האָט געבויט אין קאַליפאָרניא, האָט מייסטענס באַשעפטיגט כינעזישע קולים, וועלכע זיינען אהער געבראַכט געוואָרען פון כינא ספּעציעל פאַר דעם צוועק. אויף דער „יוניאָן פּאַסיפיק" האָבען געארבייט א גרויסע צאָל אימיגראַנטען, מערסטענס אירלענדער. עסען און קליידער פאַר די ארבייטער האָט מען געמוזט ברענגען פון ווייטע געגענדען. מען האָט פאַר זיי געמוזט בויען וואוינונגען אונטערוועגס. די בוי־מאַטעריאַלען האָט מען אויך געמוזט שלעפּען פון מיילען

ווייט. מען האָט אויפ'ן פלאַץ געמוזט אויפשטעלען פאַבריקען צו גיסען אייזען און צו מאַכען די נויטיגע מאַשינען. אויסער די אַלע שוועריגקייטען איז געווען די שטענדיגע געפאר פון די פיינדליכע אינדיאַנער וואָס האָבען זיך געפונען אין יענעם געגענד. פּראָפעסאר פארמאַן שרייבט: א סך אינדיאַנער האָבען געקוקט אויף דער ארבייט פון די ווייסע מיט אייפערזיכטיגע אויגען און האָבען געמאַכט אַ סך שטערונגען. די אינדיאַנער האָבען באַטראַכט דאָס בויען פון דער באַן אַלס אַ רויבעריי איבער זיי. זייער פיינדשאַפט איז געווען אזוי גרויס אז מען האָט די ארבייט געמוזט טאָן אונטער א מיליטערישער וואך. אָפט האָבען די אינזשענערען און די ארבייטער געמוזט אוועקלייגען זייערע אינסטרומענטען און געצייג און זיך נעמען צום ביקס.

אָבער נישט קוקענדיג אויף אַלץ איז די ליניע פאַרטיג געווארען שנעלער ווי מען האָט גערעכענט. דעם 10טען מאַי, 1869, האָבען זיך די צוויי ליניעס באגעגענט אין אָגדען, יוטאַ און דער סיום איז געפייערט געווארען דערמיט וואָס צוויי מענער האָבען מיט זילבערנע האַמערס ארייגעקלאַפּט די פיר לעצטע צוועקעס אין די רעלסען — צוויי גאָלדענע צוועקעס און צוויי זילבערנע.

גלייך נאָכדעם ווי די דאָזיגע ליניע איז פאַרטיג געווארען האָט מען גענומען בויען נייע ליניעס, איבערהויפּט אין דער וועסט. אין 1870 האָט מען אנגעפאנגען בויען די „נאָרטערן פּאַסיפיק", א ליניע וועלכע האָט פארבונדען דולוט מיט פּאָרטלאנד, אָרעגאָן. דער קאָנגרעס האָט געשענקט דער קאָמפּאַני 43 מיליאָן אַקער לאנד. אין דערזעלבער צייט האָט מען גענומען בויען די „סאָטערן פּאַסיפיק" וואס האָט זיך געצויגען פון סט. לואיס ביז דער אינדיען טעריטאָריע. עס זיינען געבויט געווארען א גאַנצער נעץ פון באַנען, קורצע ליניעס, אין דער נאָרדליכער געגענד פון דער וועסט. יעדער שטאַט האָט געזוכט זיך צו פארבינדען מיט די ווייטערע אַרומיגע געגענדען.

האָט דער ארבייטער עפּעס געוואונען פון דער דאָזיגער גרויסער שפּע? „פון אויבען־אויף, שרייבט פּראָפעסאר נעווינס,

האָט עס אויסגעוויזען אז יע. ארבייט איז געווען גענוג און שכירות האָבען זיך געהויבען. מען האָט אַפילו גערעדט מיט איבערראשונג וואס פאַר א גרויסע געלט קלאַסיפיצירטע ארבייטער מאַכען. ווי שטענדיג אין גוטע צייטען האָבען די באַלעבאַטים גערעדט אז די ארבייטער פארשווענדען זייער געלד אויף טרינקען, אויף גוטע קליידער, אויף צירונג און פיאַנאָס. אָבער אז מען האָט געמאַכט אַן אונטערזוכונג האָט מען געפונען אז די לאַגע איז געווען גאַנץ אַנדערש. סוף 1866 האָט קאָמישאָנער וועלס אין אַ באַריכט דערקלערט, אז בשעת די שכירות פון די ארבייטער זיינען זינט 1860 געשטיגען אויף 60 פראָצענט, זיינען די קאָסטען אויף לעבענסמיטעל געהעכערט געוואָרען אויף 90 פראצענט. דירה־געלט איז נאָך העכער געשטיגען... די לאַגע פון געוויסע גרופען ארבייטער איז געווען נאָך ערגער. די שניידער און די פאַרבער האָבען זייערע שכירות געהויבען בלויז אויף 50 פראצענט... קלאַסיפיצירטע ארבייטער האָבען איצט געוואוינט אין ערגערע הייזער ווי פאַר דער מלחמה, און טייל האָבען איצט געגעסען ערגערע שפייז. קאָמישאָנער וועלס דערקלערט, אַז די גרויסע מאַיאָריטעט פון די ארבייטער זיינען איצט געווען אין אַן ערגערער לאַגע ווי אין 1860.

„אַן ארבייטער אין א גרויסער שטאָט איז געווען גליקליך ווען ער האָט געקראַגען צוויי דאָלער א טאָג. זיבען אין דערפרי האָט ער געמוזט קומען צו דער ארבייט. צוועלף האָט ער באַקומען אַ שטונדע אָפרו. זעקס אין אבענד האָט ער געענדיגט א צען שטונדיגען ארבייטס־טאָג. אין געוויסע פאַכען איז דער ארבייטס־טאָג געווען עטוואס קירצער, אָבער אין אַנדערע א סך לענגער. אזוי, צום ביישפּיל אין ניו יארק, האָבען די טראַמוויי־און אמניבוס־פירער געארבייט אין ברענענדיגער זון און בייסענדיגער קעלט פון צוועלף ביז זעכצען שעה אַ טאָג פאַר צוויי דאָלער... דער גורל פון די פרויען־ארבייטער איז אָפט געווען זייער ביטער. ווען דער פרידען איז געקומען זיינען אין ניו יארק געווען ניט ווייניגער ווי 15 טויזענד פרויען ארבייטער וועלכע האָבען פאַרדינט צווישען דריי און א האַלב און פיר דאָלער א

וואך. זיי זיינען באשעפטיגט געווען אין שעפער, פאבריקען און גרויסע קראמען און זיי האבען זיך געשעצט גליקליכער ווי די טויזענדע שניידערקעס וועלכע האבען געשלעפט אהיים די מאשינען און גענייט העמדער פאר 75 סענט א טוץ. מיידלאך אין די שניט־קראמען אין די גרויסע שטעט, וואס האבען שטאל־צירט מיט זייער ציוויליזאציע, האבען געארבייט פון האלב נאך זיבען אין דערפרי ביז ניין אדער צען ביינאכט, אן א שטול זיך אוועקצוזעצען, אן שום באקוועמליכקייט. און פאר דער דאזיגער פראצע האבען א סך פון זיי געקראגען ניט מער ווי פינף דאלער א וואך".

די נייע באנען, און די ענטדעקונג פון מעטאל־מינען אין דער ווייטער וועסט האבען געבראכט א גרויסען שטראם נייע אי־מיגראנטען אין יענעם טייל פון לאנד. די קאלאניזאציע איז איצט געגאנגען פון ביידע זייטען, אי פון דער וועסט, אי פון דעם פאסיפישען ברעג. און ווידעראמאל איז אויפגעשוואומען די אלטע פראגע וועגען די אינדיאנער. צווישען דעם טייך מי־סיסיפי און די ראקי־בערג האבען זיך איצט געפונען אן ערך פון א פערטעל מיליאן אינדיאנער. זיי האבען געלעבט פון גע־יעג. זייער גאנצער פארמעגען איז באשטאנען פון „פערד און געווער". ווען די ווייסע האבען אנגעהויבען ארייינצודרינגען אהין האבען די אינדיאנער זיך געשטעלט אנטקעגען. צווישען 1865 און 1870 איז צווישען די ווייסע און די אינדיאנער אנ־געגאנגען א שטענדיגע מלחמה. די אינדיאנער זיינען, פארשטייט זיך, באזיגט געווארען. אבער א לאנגע צייט נאכדעם האבען זיי זיך אויך ניט בארואיגט. פון צייט צו צייט פלעגט אויסברעכען אן אויפשטאנד אין דעם ווינקעל אדער יענעם ווינקעל.

די אינדיאנער האבען געהאט גענוג גרונד זיך צו בונטעווען. די אמעריקאנער רעגירונג האט קיינמאל ניט געהאלטען איר אפ־מאך מיט זיי. זי פלעגט נעמען אן אינדיאנישען שבט, אים אוועקפירען אויף א געוויסען פוסטען פלאץ, אים דארטען הייסען זיצען מיט דער פארזיכערונג אז זי וועט אים פארזארגען מיט עסענווארג און מיט אנדערע נויטיגע לעבענסמיטעל. עס פלעגט

ניט געדויערען לאַנג און די ווייסע פלעגען נעמען אריינדרינגען אין דער נייער טעריטאריע און אוועקרייסען פון די אינדיאנער שטיקער פון זייער לאַנד. די רעגירונג פלעגט אויך אָפּט פאר־געסען צו שיקען די עסענוואַרג, אדער די אגענטען פון דער רעגירונג פלעגען די עסענוואַרג צו'גנב'ענען און עס פארקויפען, צונעמען דאָס געלד פאר זיך און געבען די אינדיאנער שלעכטע, פארפוילטע שפּייז. די ווייסע קאָלאָניסטען פלעגען אויך אויס־הרג'ענען די הירשען און די ווילדע אָקסען וואס אויף זיי פלעגען די אינדיאנער לעבען.

אין פארלויף פון דער מלחמה האָט די רעגירונג פארפעלט צוצושטעלען די אינדיאנער עסענוואַרג און די אינדיאנער האָבען שטאַרק געליטען. זיי האָבען געמוזט עסען די קאָרע פון די ביימער אזוי ווי ווילדע חיות. די אינדיאנער פון יוטא זיי־נען ביים סוף פון דער מלחמה געווען אין אזא פארצווייפעלטער לאַגע, אז זיי זיינען ארומגעגאַנגען כמעט נאַקעט, געשלאָפען אין שניי אָן א צודעק און זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער. אָט די לאַגע האָט זיי געטריבען צו מאכען פּאָגראָמען אויף די ישובים פון די ווייסע. איינינע אָנפאַלען זיינען געווען גרויזאַם און ברו־טאַל.

די ווייסע האָבען אויף פּאָגראָמען געענטפערט מיט פּאָ־גראָמען. אין 1864 האָבען די ווייסע דורכגעפירט א שחיטה וואס האָט אויפגעטרייסעלט דאָס לאַנד. אַן ארמיי פון טויזענד פרייוויליגע אין קאָלאָראַדאָ איז באַפאַלען א פרידליכען ישוב פון אינדיאנער. עס האָבען זיך דארטען געפונען צווישען פינף און זעקס הונדערט מענשען, די מערסטע פון זיי פרויען און קינדער. די ווייסע סאָלדאַטען האָבען דעם גאַנצען ישוב אויסגעקוילעט אויף א גרויזאַמען, באַרבאַרישען אופן. דער אָפיציר וואָס האָט געפירט די סאָלדאַטען איז אין דער וועסט באַגריסט געוואָרען אלס א העלד. די אינדיאנער האָבען אלס ענטפער איצט אָנגע־הויבען צו שעכטען און ברענען און פארניכטען וואס עס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט. זיי האָבען איבערגעשניטען טעלע־גראַף־דראָטען, אָפּגעשטעלט באַנען און דער'הרג'עט די פּאַסאַ־

זשירען. זעקס וואכען נאכאנאנד איז אונמעגליך געווען צו פירען די פאסט דורך דער גאנצער וויטער וועסט.

די רעגירונג האט ארויסגעשיקט אן ארמיי פון 25 טויזענד מאן. ביידע צדדים האבען געפירט די מלחמה אויף א פארביטערטען אופן; מען האט ניט געשאנעוועט קיין פרויען, קינדער און אלטע לייט. אין דער וועסט האט געהערשט די שטימונג, אז דער קאמף מוז פארטגעזעצט ווערען ביז וואנען אלע אינדיאנער וועלען אויסגעראטעט ווערען. אבער אין דער איסט זיינען געווען א סך מענשען וואס האבען פראטעסטירט געגען דער בלוט־פארגיסונג. די רעגירונג האט געשיקט קאמיטעס צו אונטערהאנדלען מיט די אינדיאנישע פארשטייער. און ענדליך איז געלונגען צו ווירקען אויף די שבטים זיי זאלען זיך באזעצען אין געוויסע געגענדען אויף די אלטע תנאים און הבטחות.

אין דער וויטער וועסט איז געווען נאך אן ערנסטע פראבלעם: די ווילדע אקסען. זיי פלעגען דארט וואנדערען איבער'ן לאנד אין ריזיגע סטאדעס. ווען די ווייסע האבען זיך גענומען באזעצען אין יענעם טייל זיינען אין די סטאדעס דארט געווען אן ערך 15 מיליאן בופעל־אקסען. די סטאדעס פלעגען וואנדערען איבער דער גאנצער לענג פון דעם קאנטינענט, פון קענעדע ביז דעם גאלף. זיי פלעגען גיין הין און צוריק, ווינטער קיין דרום און זומער קיין צפון. אין די פריערדיגע יארען פלעגען די אינדיאנער שיסען די אקסען; דאס פלייש פלעגען זיי עסען און די פעל פלעגען זיי באנוצען אלס צודעקען און פאר ביידלאך. די אינדיאנער אבער פלעגען שיסען בלויז אזוי פיל אקסען ווי זיי האבען געדארפט פאר זייער געברויך. די ווייסע אבער האבען זיך גענומען די אקסען אינגאנצען אויסצוראטען. פאר זיי איז דאס געווען א געשעפט. צווישען 1870 און 1874 איז הרג'ענען אקסען געווען איינע פון די הויפט אינדוסטריען אין דער וועסט. אין די עטליכע יאר זיינען אין דעם זידליכען טייל אליין אויסגעשאסען געווארען נאענט צו פיר מיליאן אקסען. דער הויפט האנדעל איז געווען מיט די פעל. די אקסען זייבען געווען א וויכטיגער נאציאנאלער פארמעגען. ווען

די רעגירונג וואלט קאָנטראָלירט דעם גע'עג אויף זיי וואלטען זיי ביז היינט פארבליבען א קוואל פון גוטע פלייש און גוטע פעל. אָבער קיין קאָנטראָל איז ניט געוועז. יעדערער וואָס האָט געהאַט א ביקס אין האַנט האָט געשאָסען. דער רעזולטאַט איז געוועז אז אין פארלויף פון א פּאָר צענדליג יאָר איז פון דעם גאַנצען מין בופעל־אָקסען כמעט קיין זכר ניט געבליבען.

דער שטראָם פון אימיגראַציע צו דער וועסט איז אַלץ געוואַקסען. לאַנד איז דאָרטען געוועזען לייכט צו באַקומען. די רעגירונג האָט אַוועקגעגעבען לאַנד אומזיסט אונטער דעם „האומ־סטעד געזעץ". אין 1871 האָבען זיך מיט דער געלעגענהייט באַנוצט זעקס טויזענד פאַמיליעס; אין 1872, מער ווי צען טויזענד פאַמיליעס, און אין 1875 — נאָענט צו 23 טויזענד פאַמיליעס. די אומזיסטע ערד איז פארנומען געוואָרען הויפּט־זעכליך פון פאַמיליעס וואָס האָבען ניט געהאַט קיין מזומן געלד. זיי האָבען אויפגעשטעלט כאַטקעס פון ערד אָדער ברעטער און האָבען געאַרבייט ווי שקלאַפען און אָפּגעשפּאָרט יעדען סענט כדי צו קענען קויפען מאַשינען, בהמות און פערד. די באַן־קאָמ־פּאַניעס וועלכע האָבען פון דער רעגירונג באַקומען ארום 125 מיליאָן אַקער לאַנד האָבען געזוכט דאָס לאַנד צו פארקויפען צו קאָלאָניסטען. די „אילינאָי סענטראַל קאָמפּאַני" האָט ביז 1871 פארקויפט איבער צוויי מיליאָן אַקער פאַר צען דאָלער און 61 סענט אַן אַקער. די „יוניאָן פּאַסיפיק" האָט ביז סוף 1872 פארקויפט צוויי־דריטעל מיליאָן אַקער פאַר פיר דאָלער מיט 72 סענט אַן אַקער. א גוטער ארבייטער אין שטאָט, וועלכער פלעגט קריגען א חשק צו האָבען אַן אייגענע פארם האָט אין איין טאָג געקענט פארדינען גענוג צו קויפען אַן אַקער לאַנד. די „באָיר־לינגטאָן און מיזורי ריווער קאָמפּאַני" האָט אין 1870 פאַר־קויפט לאַנד אין אייאָוואַ פאַר א פּרייז פון צען ביז דרייסיג דאָ־לער אַן אַקער, און אין נעבראַסקאַ — פון איין ביז צען דאָלער אַן אַקער. זי האָט ארויסגעשיקט אַגענטען אין דער איסט און אפילו אין ענגלאַנד, איינצורייידען מענשען זיי זאָלען קויפען ערד. די באַן קאָמפּאַניעס זיינען געוועזען פאַראינטערעסירט, אז זייער לאַנד

זאל באארבייט ווערען, אז אויף אים זאלען זיך באזעצען פארמער כדי די באנען זאלען שפעטער האבען א הכנסה. זייערע אגענ־טען האבען געבראכט צו פירען אלערליי מענשען און זיי איינ־גערעדט צו ווערען פארמער. א סך פון די מענשען האבען צו פארמעריי ניט געטויגט. א סך האט מען איינגערעדט, אז די ערד איז פיל פעטער און פרוכטבארער ווי זי איז געווען אין אמת'ן. דערפון זיינען ארויסגעקומען א היבש ביסעל טראגע־דיעס. א סך קאלאניסטען־פאמיליעס האבען שטארק געליטען און טייל זיינען רואינירט געווארען. אבער די גרעסטע צאל האט זיך ווי עס איז איבערגעמוטשעט און זיינען פארבליבען פארמער.

די קאלאניסטען אין דער ווייטער וועסט האבען זיך דער עיקר אפגעגעבען מיט צוויי באשעפטיגונגען: תבואה און פי. די פעלדער אין דער נאענטער וועסט זיינען געווען גוט פאר פאשע. מען פלעגט אהין ברענגען יונגע קעלבער, זיי אויספאשען און דער־נאך פארקויפען פאר פיר אדער פינף מאל אזוי פיל ווי זיי האבען געקאסט. די דארטיגע סטאדעס פלעגען ציילען פון עט־ליכע הונדערט ביז צען טויזענד בהמות און אקסען. אין די צען יאר פון 69 ביז 1879 זיינען פון דער וועסט ארויסגע־שיקט געווארען צו די שלאכטהייזער ניט ווייניגער ווי פיר מיליאן שטיק פי. די מענשען וואס זיינען געווען באשעפטיגט אויף די פאשעס (רענטשעס) און וואס פלעגען דערנאך די סטאדעס ברענ־גען צום מארק האבען זיך גערופען „קאו באים" (בהמה בחורים). זייער ארבייט איז געווען זייער שווער און פארבונדען מיט גע־פאר. זיי האבען געדארפט באשיצען די בהמות געגען אנפא־לען פון אינדיאנער, זיי איינהאלטען פון אנטלויפען, זיי פירען איבער זומפען און טייכען. אין א שטורעמדיגען וועטער ווען די בהמות פלעגען ווערען צושראקען און צוואווילדעוועט האבען זיך די „קאו באים" ניט געוואגט לייגען שלאפען, טאמער וועלען די בהמות אנטלויפען... די „באיעס" האבען געמוזט זיין שטארק, פלינק אויפ'ן פערד און געשיקט מיט דעם שטריק. וועגען זייער לעבען איז אנגעשריבען געווארען א גאנצע ראמאנטישע ליטערא־

טור. דער „קאו באָי“ איז ביז היינטיגען טאָג פארבליבען א ראָמאַנטישע, העלדישע פיגור אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע און ליטעראַטור.

די „רענטשעס“ און זייערע ”קאו באָיס“ האָבען ניט גע־וואלט ליידען וואס אויפ'ן לאנד האָבען זיך גענומען באזעצען פארמער. די „רענטשערס“ פלעגען זייערע סטאדעס פאשען אויפ'ן ניט־באזעצטען לאנד אפילו ווען דאָס לאַנד האָט ניט באַלאַנגט צו זיי... איצט אָבער, אז אויפ'ן ליידיגען לאנד האָבען זיך באַ־זעצט פארמער האָט דער „רענטשער“ געמוזט זוכען פאשע ער־געץ אנדערש. דורכדעם זיינען ארויסגעקומען קריגערייען, וועל־כע האָבען געפירט צו געשלעגען און מאָרדען. די רעגירונג האָט אָבער פארטיידיגט די פארמער און ביסלעכווייז איז דער „רענ־טשער“ פון דאָרטען ארויסגעשטויסען געווארען.

קאַפּיטעל 38.

# פּאָליטישע קאָרופּציע אין וואַשינגטאָן און אין די גרויסע שטעט.

די אכט יאָר פון פּרעזידענט גרענט'ס אַדמיניסטראַציע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט פּאָליטישע קאָרופּציע ניט בלויז אין דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, נאָר אויך אין די שטאַט און שטאָט־רעגירונגען איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון לאַנד. אַ גאַנצע ריי סבות ווערען פאַר דעם אָנגעגעבען. ערשטענס, דער ריזיגער וואוקס פון קאַפּיטאַל, די שנעלע אויסשפּרייטונג און אנטוויקלונג פון וויכטיגע אינדוסטריען. צווייטענס, די מאָראַלע צוטרייסלונג פון לאַנד וואָס איז געקומען אלס רעזולטאַט פון די פיר בלוטיגע יאָר. דריטענס, די געלעגענהייטען וואָס פּאָליטיקער און קאַפּיטאַליסטען האָבען געהאַט צו מאַכען געלד דורך מלחמה־קאָנטראַקטען. סענאַטאָר הענרי ווילסאָן פון מאַסאַטשוזעטס האָט אין 1869 געשריבען „די מאַכט פון קאַפּיטאַל שטעלט מיט זיך פאָר אַ נייע געפאַר, וואָס סטראַשעט אונז אַלץ מורא'דיגער און מורא'דיגער... די נייע געפאַר ווייזט איר פּנים אין די שווינדלען, כאַבאַר און אין פאַרשידענע פאָרמען פון קאָרופּציע, מיט וועלכע אונזער צייט איז אַזוי רייך. קאַפּיטאַליסטען און אַקטיווע געשעפטסלייט, — יאָגענדיג זיך נאָך ערפאָלג, באַנוצען זיך מיט כל'ערליי מיטעל, אבי דאָס קען זיי נאָר ברענגען ערפאָלג". אַן אונטערזוכונגס קאָמיטע פון קאָנגרעס האָט אין איר באַריכט אין 1873 געזאָגט: „דאָס לאַנד ווערט שנעל אָנגעפילט מיט ריזיגע קאָרפּאָראַציעס וואָס קאָנטראָלירען ריזיגע קאַפּיטאַלען. דאָס גיט זיי גרויס איינפלוס און מאַכט. זיי זיינען די הערשענדע מאַכט אין אַ סך שטאַט־רעגירונגען". דער זשורנאַל „ניישאָן" האָט אין

1868 געשריבען: „עס איז כמעט ניטאָ קיין איין לעדזשיסלייטשור אין לאַנד וועלכע שטייט ניט אונטער חשד פון קאָרופּציע; עס איז כמעט ניטאָ קיין איין געריכט איבער וועלכען עס הענגט ניט דערזעלבער חשד".

צווישען די גרויסע צאָל קאָרופּטע פּאָליטישע פירער און רעגירונגס־בעאמטע וואס יענע צייט האָט ארויסגעבראכט האָט דעם שוואַרצעסטען פלעק איבערגעלאָזט וויליאם מ. טוויד, וועלכער איז באקאנט אין דער געשיכטע אלס „באָס טוויד". דער נאָמען „טוויד" ווערט ביז היינטיגען טאָג באנוצט צו באצייכענען דעם העכסטען גראַד פון פּאָליטישער דעמאָראַליזאציע און פּארדאָרבענקייט. טוויד איז געווען דער הערשער, דער „באָס" פון „טעמעני האָל", די דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאציע פון ניו יארק. ער האָט קאָנטראָלירט ניט בלויז די רעגירונג פון דער שטאָט נאָר אויך פון דעם שטאַט. ער האָט זיך ניט באַנוגענט דערמיט וואס ער האָט דעמאָראַליזירט די רעגירונגס־בעאמטע פון זיין אייגענער פּארטיי. ער האָט אונטערגעקויפט ניט נאָר דעמאָקראַטישע בעאמטע און געזעץ־געבער, נאָר אויך רעפּובליקאַנישע. אין דער לעדזשיסלייטשור פון 1870 אין אלבאַני האָבען די זעקס וויכטיגסטע רעפּובליקאנישע סענאַטאָרען באקומען פון באָס טוויד צו צוואַנציג טויזענד דאָלער. פאַר דעם דאָזיגען כאַבאַר האָבען זיי זיך מתחייב געווען צו טאָן אלעס וואס ער וועט זיי הייסען.

וויפיל טוויד און זיינע חברים האָבען אנגע'גנב'עט פון דער שטאָט קאַסע איז קיינמאָל ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען. די סומע ווערט געשאַצט פון צווישען 26 און 45 מיליאָן דאָלער. טוויד האָט אין 1871 זיך באַרימט, אז ער פאַרמאָגט צוואַנציג מיליאָן. דאָס איז אָבער בלויז א טייל פון די קאָרופּטע געלד וואָס די לייט האָבען באקומען. זיי האָבען אויסער דעם באקומען כאַבאַר פון גרויסע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע האָבען געזוכט טובות פון דער רעגירונג. אין יענער צייט זיינען פאָרגעקומען „מלחמות" צווישען גרופּען מאַגנאַטען איבער דעם קאָנטראָל פון אייזענבאַנען און יעדע פון די גרופּען האָט געזוכט צו קריגען די רעגירונג אויף איר זייט. טוויד האָט זיי פארקויפט די „פריינדשאַפט" פון די

בעאמטע, פון די ריכטער, פון דער לעדזשיסלייטשור. די ערג־סטע יארען פון טוויד'ס קארופטער הערשאפט איבער דער שטאט ניו יארק זיינען געווען פון 1869 ביז 1871. מען שאצט אז אין יענע יארען האט זיך ביי טוויד'ן און זיינע חברים אפגע־שטעלט 85 סענט פון יעדען דאלער פון דער רעגירונג'ס הוצאות. דעם שענדליכסטען „גרעפט"־סקאנדאל האט טוויד דורכגעפירט אין פארבינדונג מיט א נייער געריכט־געביידע וואס די שטאט ניו־יארק האט געבויט. מען האט די געביידע אנגעהויבען בויען אין 1868 און דעמאלט האט מען אפגעשאצט אז זי וועט דאר־פען קאסטען א פערטעל מיליאן דאלער. ביז 1871 האט די געביידע אפגעקאסט אכט מיליאן, און זי איז נאך אלץ ניט גע־ווען פארטיג. עס ווערט דערציילט, אז אין א געוויסען טאג אין 1870 האבען די שטאט־בעאמטע, טוויד'ס מענשען, אויסגע־צאלט רעכענונגען פאר פופצען מיט דריי פערטעל מיליאן דאלער, און אז פערצען מיליאן דערפון איז געווען „גרעפט" (כאבאר). פאר צוויי טעג ארבייט האט א מולער באקומען פון דער שטאט, אין „שכירות", 138 טויזענט 187 דאלער! יעדערער וואס האט געטאן ארבייט פאר דער שטאט האט געמוזט אנגעבען א חשבון אויף צוויי, דריי און אפילו מער מאל אזוי פיל ווי ער האט זיך באדונגען און דאס איבערגענומענע געלט האט ער געמוזט אפ־געבען טוויד'ן. אויב ער האט זיך אנטזאגט דאס צו טאן האבען די שטאט־בעאמטע אים גארניט באצאלט. גיין קלאגען אין געריכט האט ער ניט געקענט, ווייל די ריכטער זיינען געווען טוויד'ס משרתים. אט איז א ביישפיל: די רעגירונג האט געדונגען באראקען צו מושטירען די מיליץ־סאלדאטען. באדונ־גען האט זיך די שטאט צו צאלען 46 טויזענד דאלער. די אייר־גענטימער פון די באראקען האבען דערנאך צוגעשטעלט א חשבון אויף 130 טויזענד דאלער. אויף דעם חשבון זיינען געשטאנען אדרעסען פון באראקען וואס זיינען אויף דער וועלט ניט געווען. די באלעבאטים האבען נאטירליך דאס איבעריגע געלד ניט גע־נומען פאר זיך. זיי האבען עס אפגעגעבען טוויד'ן.

די מערסטע צייטונגען פון שטאט האבען ניט געוואגט צו

אטאַקירען טוויד'ן ווייל זיי האָבען דורך אים באקומען גרויסע סומען געלד פאר שטאָטישע אנאָנסען. די ניו יארק „וואָירלד“ האָט, פארקערט, אים שטענדיג פארטיידיגט. די „סאָן“ האָט אפילו איינמאָל געמאכט אַ פאָרשלאַג, אז די שטאָט זאָל טוויד'ן שטעלען אַ מאָנומענט. איין ציימונג אָבער האָט ניט אויפגעהערט צו דערציילען דעם אמת וועגען טוויד'ס קאָרופּציע. דאָס איז געוועזען די „טאַימז“. טוויד'ס מענשען האָבען אָנגעבאָטען דעם רעדאַקטאָר אַ מיליאָן דאָלער ער זאָל שווייגען. דער רעדאַקטאָר האָט זיך אנטזאגט צו נעמען כאבאר און האָט זיינע אטאַקעס פאָרטגעזעצט. טוויד האָט אויך געהאַט אויף זיין זייט די רייכסטע מענשען פון שטאָט. אין 1870 האָבען זעקס פון די רייכסטע און אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים, איינער פון זיי דזשאן דזשייקאָב אַסטאָר, זיך אונטערגעשריבען אויף אַן ערקלערונג, אז זיי האָבען אונטערזוכט די שטאָטישע פינאנצען און האָבען געפונען אז אַליץ איז קאָרעקט און ערליך. שפּעטער האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז טוויד האָט די זעקס רייכע לייט געצוואונגען דאָס צו טאָן. אויב ניט, האָט ער זיי געסטראַשעט, וועט די שטאָט רעגירונג העכערען די שטייערען אויף זייערע הייזער (די זעקס מענשען האָבען געהאַט אַ סך ריעל עסטייט — ערד־אייגענטום, אין ניו יארק).

די אַטאַקעס פון דער „טאַימז“ האָבען ענדליך מיטגעבראַכט טוויד'ס מפּלה. אין מיטען יאר 1871, האָט די „טאַימז“ באַקומען קאָפּיעס פון חשבונות פון די שטאָטישע הוצאות. די קאָפּיעס זיינען צו דער ציימונג צוגעשטעלט געוואָרען פון טוויד'ס אַ חבר, וואס האָט זיך מיט אים צוקריגט. די „טאַימז“ האָט די דאָקומענטען אָפּגעדרוקט און דאָס האָט אויפגעשטורעמט די שטאָט. טויזענטער בירגער האָבען אָפּגעהאַלטען פארזאמלונגען און געפאָדערט אַ גרינטליכע אונטערזוכונג. די רעגירונג האָט ניט געוואגט די פאָדערונג צו איגנאָרירען. אַ קאָמיטע איז באַשטימט געוואָרען. זי האָט ניט געהאַט קיין שוועריגקייט אויפצודעקען די בערג מיט כאַבאַר. טוויד איז ארעסטירט געוואָרען. דער באַן־מאַגנאַט, דזשיי גולד, האָט פאר אים איינגעלייגט אַ

מיליאן דאלער „בעיל“. אביסעל שפעטער האט טוויד געמאכט א פארזוך צו אנטלויפען קיין שפאניען. מען האט אים אבער אויפ'ן וועג געכאפט. ער איז פאראורטיילט געווארען צו זיצען צוועלף יאר אין געפענגנים. אין 1878 איז ער געשטארבען אין דעם ניו יארקער „לודלאוו סטריט דזשייל“.

די לאגע אין פענסילווייניא איז געווען ניט קיין סך בעסער ווי אין ניו יארק. די צוויי פאליטישע „באסעס“ וואס האבען דארט געהערשט זיינען געווען: סאלאמאן קאמעראן, וועלכער האט געמוזט רעזיגנירען פון לינקאלנ'ס קאבינעט צוליב גנבות, און מעטיו קוויי, וועלכער איז געווארען כמעט אזוי „בארימט“ ווי טוויד. די באסעס האבען זייערע גרעפטע קאמבינאציעס געמאכט מיט דער „פענסילווייניא באן־געזעלשאפט“ און מיט די קוילען־קאמפאניעס פון פענסילווייניא. די וויכטיגסטע שטאט פון פענסילווייניא, פילאדעלפיא, איז פון די רעגירונגס־בעאמטע באראויבט און באשווינדעלט געווארען אזוי ווי ניו יארק. אין 1871 האט מען דעם שטאט קאסיר געכאפט ביי א גנבה פון א האלבען מיליאן.

און וואס איז געווען אין דער ווייטער וועסט? אין 1867 איז די לעדזשיסלייטשור פון אילינאי געווען שרעקליך קארופטירט; אין 1868 האט זי דורכגעפירט א גאנצען בארג מיט קארופטע געזעצען. אין 1870 האט די אילינאי'ער רעגירונג ממש מיט די הענט אריינגעלייגט אין די קעשענעס פון קארפאראציעס צענדליגער מיליאנען דאלער. אין וויסקאנזין איז אונמעגליך געווען דורכצופירען א געזעץ וואס די באן־קאמפאניס האבען ניט געוואלט. די געזעץ־מאכער זיינען געווען פארקויפט צו די באן־קאמפאניעס. אין אייאווא, וואס איז געווען אזא „מאראלישער“ שטאט, אז דער גאווערנאר האט איינמאל געשיקט מיליץ־סאלדאטען אפצושטעלען א „פרייז־פייט“ — דארט איז די קאסע פון דעם אגריקולטור אוניווערזיטעט פלוצלונג פארשוואונדען. אין מינעסאטא האט מען דעם שטאט־קאסיר אריינגעזעצט פאר גנבה. אין מיזורי האט מען געכאפט ביים האנט א קאנדידאט פאר'ן יונייטעד סטייטס סענאט, וועלכער האט געוואלט

אונטערקויפען די מיטגלידער פון דער לעדזשיסלייטשור. אין קענזעס האט פאסירט אזא געשיכטע: צוויי קאנדידאטען זיינען געלאפען פאר'ן יונייטעד סטייטס סענאט. די וואלען זיינען פארגעקומען אין דער לעדזשיסלייטשור. אינמיטען שטימען האט זיך אויפגעשטעלט א מיטגליד פון דער לעדזשסלייטשור, אוועקגע־לייגט אויפ'ן טיש 7,000 דאלער און דערקלערט, אז דאס געלט האט אים איינער פון די קאנדידאטען געגעבען כאבאר. די אנ־הענגער פון דעם באשולדיגטען קאנדידאט האבען דאס ניט גע־וואגט אפצולייקענען. אלע האבען געוואוסט אז דאס איז געווען אמת.

די נאציאנאלע רעגירונג אין וואשינגטאן איז געווען ניט בעסער ווי די שטאט־רעגירונגען. די באן־קאמפאניעס האבען גע־האט זייערע אגענטען אין דער הויפט־שטאט, אגענטען וועלכע זיינען געווען בריות אויף אונטערקויפען קאנגרעסלייט און סע־נאטארען. די „יוניאן פאסיפיק" האט אין די ערשטע עטליכע יאר פון איר עקזיסטענץ אויסגעגעבען א האלבען מיליאן אויף כאבאר אין וואשינגטאן. דאס שטייערען־ביורא פון דער נאציא־נאלער רעגירונג איז געווען דורכגעפרעסען מיט קארופציע. אנ־שטאט צו צאלען שטייערען צו דער רעגירונג האבען א סך קאמ־פאניעס אונטערגעקויפט די בעאמטע און זיך מיט זיי געטיילט מיט די שטייערען.

דער גרעסטער כאבאר־סקאנדאל אין דער נאציאנאלער רעגי־רונג האט זיך אפגעשפילט אין יאר 1867, עטליכע מאנאטען איי־דער גרענט איז אויסגעוויילט געווארען פרעזידענט. דער־וואוסט האט מען זיך דערפון ערשט מיט פיר יאר שפעטער, ווען גרענט איז שוין געלאפען פאר א צווייטען טערמין. אין דעם סקאנדאל זיינען פארמישט געווען די פראמינענטסטע מענ־שען אין קאנגרעס און אין סענאט, די וויכטיגסטע פיגורען אין דער רעפובליקאנישער פארטיי. דער סקאנדאל איז באקאנט אונטער'ן נאמען „קרעדיט מאביליער".

אט זיינען בקיצור די וויכטיגע איינצעלהייטען פון דער געשיכטע: אין 1864 האט דער קאנגרעס באפאלמעכטיגט די

„יוניאן פאסיפיק קאמפאניע" צו בויען איר אייזענבאן. די קאמ־פאניע, ווי עס איז שוין פריער דערציילט געווארען, האט פון דער רעגירונג באקומען: ערשטענס, פריי דאס לאנד וואו די באן איז געלאפען; צווייטענס, א הלואה פון 27 מיליאן דא־לער (אין דער פארמע פון רעגירונגס־וועקסלען); דריטענס, גרויסע שטרעקעס ערד ביי ביידע זייטען פון דער ליניע, און פערטענס, דאס רעכט ארויסצולאזען אייגענע וועקסלען אויף נאך 27 מיליאן דאלער.

איינער פון די הויפט פירער פון דער „יוניאן פאסיפיק קאמפאניע" איז געווען א קאנגרעסמאן פון מאסעטשוזעטס, א רייכער מאן מיט'ן נאמען אקס איימס. ער, צוזאמען מיט די איבעריגע פירער פון דער „יוניאן פאסיפיק", האבען שטילער־הייט ארגאניזירט א נייע קאמפאניע מיט'ן נאמען „די קרעדיט מאביליער", וועלכע האט פון דער „יוניאן פאסיפיק" באקומען דעם קאנטראקט צו בויען די באן. דאס הייסט, די מענשען וועלכע האבען קאנטראלירט די „יוניאן פאסיפיק" האבען זיך אליין איבערגעגעבען די בוי־ארבייט. זיי האבען נאטירליך אליין באשטימט וויפיל זיי זאלען קריגען פאר דער ארבייט באצאלט. די „יוניאן פאסיפיק" האט דאך געהאט געלט וואס די רעגירונג האט איר געגעבען (27 מיליאן דאלער אין באנדס, און די פרייע שטרעקעס לאנד). דאס דאזיגע געלט האט „די קרעדיט מאביליער" איצט צוגענומען פאר דער ארבייט פון בויען. זי האט אבער געמאכט אזא חשבון, אז פון די רעגירונגס־באנדס און פון דער פרייער ערד האט זי פארדינט איבער צוואנציג מיליאן דאלער. די „קרעדיט מאביליער" האט אויך באקומען אלס א טייל פון איר באלוינונג „סטאק" פון דער קאמפאניע און זי האט עס גערעכענט דרייסיג סענט אויפ'ן דאלער.

די אייזענבאן איז פארטיג געווארען אין 1867. גלייך נאכדעם האט מען אין לאנד גענומען ריידען וועגען די אומערליכע זאכען וואס זיינען אפגעטאן געווארען אין פארבינדונג מיט דער אונטערנעמונג. דערצו האט א קאנגרעסמאן פון דער וועסט

ארייננעטראָגען א פאָרשלאַג, אז די רעגירונג זאָל קאָנטראָלירען די פראַכט־פּרייזען פון דער „יוניאָן פּאַסיפיק”. אָקס איימס האָט זיך מישב געווען, אז מען דאַרף זיך באַצייטענס באַשיצען געגען די אַלע אַטאַקעס, און ער האָט באַשלאָסען אונטערצוקויפען אויף אַ פאַרשטעלטען אופן די איינפלוסרייכע מיטגלידער פון קאָנגרעס. ער האָט גענומען 343 אקציעס פון דער „קרעדיט מאָביליער” און זיי פארקויפט צו די מענשען. דער פרייז פון די אַקציעס אויף דער בירזשע איז דעמאָלט געווען וויינינגסטענס 200 דאָלער. האָט ער ביי די קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרען גענומען ניט מער ווי הונדערט דאָלער. די וואס האָבען די הונדערט דאָלער אויך ניט געהאַט האָט ער דאָס געלט אויסגעבאָרגט. ער האָט זיי געזאָגט, אז ער וועט פאר זיי די אַקציעס האַלטען און זיי געבען די פּראָפּיטען. נאָכדעם ווי ער האָט די אַקציעס פאַרקויפט האָט איימס געשריבען אין א בריוו צו זיינעם א פריינד: „איצט האָב איך קיין מורא ניט פאר קיינע אונטערזוכונגען פון קאָנגרעס. . . איך האָב די אקציעס געברויכט דאָרטען וואו זיי וועלען אונז ברענגען די בעסטע רעזולטאַטען. . . צוליב וואַשבוירנ'ס ארויסטריט (וואשבוירן איז דאָס געווען דער קאָנגרעסמאַן וואס האָט געמאַכט דעם פאָרשלאַג וועגען קאָנטראָלירען די פרייזען פון דער יוניאָן פּאַסיפיק) דאַרף מען טאַקע גלייך אויסצאָלען די פּראַצענטען אויף די אקציעס”.

די געשיכטע איז פאַרבליבען אַ געהיימניס ביז 1872. דאַן האָט פּאַסירט, אז איינער פון די גרינדער פון דער „קרעדיט מאָביליער” האָט זיך צוקריגט מיט איימס און ער האָט די אַלע פאַקטען פאַרעפענטליכט אין א ניו יאָרקער צייטונג. דער קאָנגרעס האָט באַשטימט א קאָמיסיע אויסצופאָרשען די זאַך און די קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט אז די באַשולדיגונג איז ריכטיג. איינער פון די וואס האָבען באַקומען די כאַבאַר־אקציעס איז געווען סקיילער קאָלפעקס. בשעת ער האָט די אַקציעס געקראָגען איז ער געווען דער „ספּיקער” אדער פאָרזיצער אין רעפּרעזענטאַנטען־הויז. איצט אָבער איז ער שוין געווען דער

וויס־פרעזידענט פון לאנד. די קאמיטע האט רעקאמענדירט אז קאנגרעסמאן איימס און קאנגרעסמאן ברוקס פון ניו יארק זאלען אויסגעשלאסען ווערען פון רעפרעזענטאנטען הויז. דער קאנגרעס האט דאס אבער ניט געטאן. ער האט זיך באנוגענט מיט ארויסטראגען א טאדלונג געגען די צוויי הויפט־שולדיגע אין דעם סקאנדאל. א סענאט־קאמיטע, וועלכע האט אויך געמאכט אן אונטערזוכונג האט רעקאמענדירט, אז סענאטאר פעטערסאן פון ניו העמפשיר, זאל אויסגעשלאסען ווערען. אבער אזוי ווי זיין טערמין האט געהאלטען סיי־ווי ביים סוף, האט דער סענאט באשלאסען אים ניט צו טשעפען. קאלפעקס און די איבעריגע שולדיגע זיינען אינגאנצען ריין געוואשען געווארען. איינער פון זיי, גארפילד, א קאנגרעסמאן פון אהייא, איז מיט אכט יאר שפעטער אויסגעקליבען געווארען פרעזידענט פון די פאר־אייניגטע שטאטען.

די האנדעלס־וועלט אין אמעריקא איז קיינמאל ניט געווען אזוי געזונקען מאראליש ווי אין די יארען נאכ'ן בירגער־קריג. עס זיינען פארגעקומען ריזיגע גנבות און שווינדלען אין די גרעסטע קארפאראציעס, און פארמישט אין די גניבות און שווינדלען זיינען געווען אייניגע פון די פראמינענטסטע מענשען פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס. גרויסע רעגירונגס־בעאמ־טע זיינען אפט געווען שותפים אין די פארברעכענס. איינע פון די גרעסטע גנבות פון דעם מין איז געשען אין דער פירמע „קעטשעם, מיין ענד קאמפאני" פון ניו יארק. דער הויפט פון דער פירמע, עדווארד קעטשעם, האט אנגע'גנב'עט אקציעס אויף דער סומע פון צוויי און א האלב מיליאן דאלער און געמאכט פאלשע גאלד־נאטען אויף נאך א מיליאן און א פערטעל.

אומגעפער א יאר שפעטער האט א געוויסער דזשאן ראס אנגעשווינדעלט ביי פריוואטע מענשען און ביי באנקען די סומע פון א האלבען מיליאן.

מען האט געשווינדעלט מיט די אקציעס פון פארשידענע קארפאריישאנס. די קרבנות זיינען געווען דער גרויסער עולם, וואס האט צו די קארפאריישאנס געהאט צוטרויען.

די רעגירונג האָט געלאָזען די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנע־מער טאָן וואָס זיי געפעלט. דער גרויסער עולם האָט נאָך דע־מאָלט ניט געהאַט קיין דערפאַרונג מיט די „קונצען" פון די ספּעקולאַנטען און די טראָסט־פירער. זיי האָבען געהאַט צו־טרויען צו די מענשען און געגלויבט זייערע גאָלדענע הבטחות. ווען עס פלעגט באַקאַנט ווערען אז א געוויסע קאָמפּאַניע אין א נייער אינדוסטריע האָט געמאַכט געלד פלעגען זיך אָרגאַניזירען נייע קאָמפּאַניעס אין דער זעלבער אינדוסטריע און דער עולם פלעגט כאַפּען די אַקציעס פון די נייע קאָמפּאַניעס, גלויבענדיג אז זיי וועלען שנעל רייך ווערען. זייער אָפט פלעגען די נייע קאָמפּאַניעס געגרינדעט ווערען פון שווינדלער וועלכע פלע־גען צונעמען דאָס געלד און פאַרשווינדען. פּראָפעסאָר נעווינס שרייבט: „אַ סך מער מענשען זיינען רייך געוואָרען דורך שווינדלען מיט אויל אַקציעס ווי דורך ענטוויקלען אויל־קוואַלען. באַן־בוי איז אויך געווען א פרוכטבאַרער פעלד פאַר באַ־שווינדלען אומדערפאַרענע. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען באַן־קאָמפּאַניעס וואָס פלעגען פאַרשפּרעכען צו צאָלען צען פּראָ־צענט און מער. נאָכדעם ווי די אַקציעס זיינען פאַרקויפט גע־וואָרען האָט זיך אַרויסגעוויזען אז זיי זיינען אַבסאָלוט ווערט־לאָז. א געוויסע באַן־קאָמפּאַניע אין וועלכער דער פּראָמינ־ענטער פּאָליטישער פירער דזשיימס דזש. בלעין איז געווען פאַר־אינטערעסירט, האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַן אַבסאָלוטען שווינדעל. דאָס מערקווירדיגסטע דערביי איז, וואָס די פּאָלי־טישע פירער און הויכע בעאַמטע וואָס זיינען געווען שותפים אין די שווינדלערישע קאָמפּאַניעס האָבען דורכדעם ניט געלי־טען אין זייער רעפּוטאַציע. דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד אין 1870, האָט דאָרטען געהאָלפען פאַרקויפען אַק־ציעס פאַר א מינען־קאָמפּאַניע אין אַמעריקא. די קאָמפּאַניע האָט באַנקראָטירט און ער איז ווייטער געבליבען אין זיין אַמט, כאָטש אין ענגלאַנד האָט מען אים געהאַלטען פאַראַנטוואָרט־ליך פאַר די פאַרלוסטען פון די ענגלישע אַקציאָנערען.

די גרעסטע פאַרלוסטען האָט דער גרויסער עולם געליטען

פון די באַנקראָטען פון לעבענס־פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטען און פון שפּאַרבאַנקען. אין פאַרלויף פון די אכט יאָר צווישען 1870 און 1878 האָבען ניט ווייניגער ווי 28 אזעלכע קאָמפּאַניעס צו־געשלאָסען זייערע טירען אין ניו יארק אליין. די קאָמפּאַניעס האָבען געהאַט פאַרפליכטונגען אויף דער סומע פון 159 מיליאָן דאָלער. דער גרעסטער טייל דערפון איז פארלוירען געגאַנ־גען. אין 1872 האָט זיך אין ניו יארק צוגעשלאָסען די גרעס־טע שפּאָרבאַנק. די אָרימע מאַסען וואס האָבען דארטען גע־האַלטען זייערע אָפּגעשפּאָרטע סענטען האָבען אַלץ פארלוירען.

די סענסאַציאָנעלסטע שווינדלען און קאָרופּציע זיינען אָנ־געפירט געווארען אין שייכות מיט די גרויסע אייזענבאַן־קאָמ־פּאַניעס. די נעמען פון די גרעסטע באַן־קאָמפּאַניעס פון יע־נער צייט זיינען פארבונדען מיט די דאָזיגע סקאַנדאַלען. אָט איז די געשיכטע פון איינעם פון אזעלכע סקאַנדאַלען. פיר פון די גרעסטע אייזענבאַן־מאַגנאַטען האָבען אָנגעפירט א מלחמה איבער דעם קאָנטראָל פון דער „אירי" אייזענבאַן. די פיר מענ־שען האָבען געשטאַמט פון אָרימע פאַמיליען און האָבען דורך ספּעקולאַציעס אנגעזאַמעלט מיליאָנען. זיי זיינען געווען: דעניעל דרו, קארניליוס וואַנדערבילט, דזשיי גולד און דזשים פיסק. די מלחמה איבער דער „אירי" האָט זיך אָנגעפאנגען צווישען דרו און וואַנדערבילט. דאַן זיינען פיסק און גולד צו־געשטאַנען צו דרו'ן. וואַנדערבילט איז געשטאַנען געגען די אַלע דריי. ווען גולד, פיסק און דרו האָבען געקראַגען קאָנ־טראָל איבער דער „אירי" האָבען זיי אָפּגעדרוקט א גרויסע צאָל אַקציעס און זיי פאַרקויפט אויף דער בערזע. דאָס האָט אומ־מעגליך געמאכט פאר וואַנדערבילט'ן אריינצוקריגען גענוג אַק־ציעס אין זיינע הענד צו קענען זיי ארויסשטופּען. וואַנ־דערבילט האָט זיך געווענדעט צום ריכטער בארנארד נאָך אן „אינדזשאָנקשאָן" צו פארווערען די אקציעס צו דרוקען. האָ־בען די דריי געקראַגען א באַפעל פון א צווייטען ריכטער גע־גען וואַנדערבילט'ן. ריכטער באַרנארד האָט געוואָלט לאָזען די דריי ארעסטירען. זיינען זיי אנטלאָפען קיין ניו דזשוירזי

און זיך באַפעסטיגט אין אַ האָטעל אונטער אַ וואַך פון געדונ־גענע שלעגער. דער קאַמף איז אריבערגעפירט געוואָרען קיין אַלבאַני. דאָ אין דער לעדזשיסלייטשור איז אריינגעטראָגען געוואָרען אַ ביל, אַז גולד און דרו זאָלען האָבען דאָס רעכט צו פאַרקויפען נייע אַקציעס אויף צען מיליאָן דאָלער. איצט איז די פראַגע געווען, וועלכער צד וועט קענען אונטערקויפען מער מיטגלידער פון דער לעדזשיסלייטשור. גולד איז אנגעקו־מען אין אַלבאַני מיט אַ קאָסטען אנגעפּאַקט מיט אסיגנאַציעס. די סענאַטאָרען האָבען פאַרקויפט זייערע שטימען גאַנץ אָפען. דער פּרייז פאַר אַ סענאַטאָר'ס שטימע איז געווען 15 טויזענד דאָלער. איין סענאַטאָר האָט גענומען געלד ביי ביידע צדדים; וואַנדערבילט האָט אים געגעבען 75 טויזענד דאָלער און גולד האָט אים געגעבען 100 טויזענד. געשטימט האָט ער פאַר גולד'ן. מען האָט דעמאָלט גערעדט, אַז געוויסע קוואַרטאַלען פון שטאָט האָבען זיך געפונען באַליידיגט וואָס זייערע אַסעמב־לי לייט האָבען פאַרקויפט זייערע שטימען פאַר אַ נידעריגען פּרייז. לסוף איז דער ביל דורכגעגאַנגען און דער גאָווערנאָר האָט אים אונטערגעשריבען.

דער גרעסטער נאַציאָנאַלער סקאַנדאַל האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף דער ניו יאָרקער בערזע אין סעפּטעמבער, 1869. די צוויי הויפּט אינטריגאַנטען אין דעם סקאַנדאַל זיינען געווען גולד און פיסק. אין דעם סקאַנדאַל זיינען אויך געווען פאַרמישט הויכע וואַשינגטאָנער בעאַמטע און נאָענטע קרובים פון פּרעזידענט גראַנט. צי דער פּרעזידענט אַליין האָט אויך געהאַט אַ חלק דערין איז ניט באַשטימט. די היסטאָריקער זיינען געניי־גט אַראָפּצונעמען פון אים די שולד. אָט זיינען די איינצעלהיי־טען פון דעם סקאַנדאַל:

אין יולי 1868 האָבען פיסק און גולד געקראָגען די קאָנטראָל איבער דער „אירי" באַן־ליניע. די פּאַרוואַלטער, די פאַרשידענע קאָמיטעס זיינען אפילו ניט צוגעלאָזט געוואָרען אויף באַ־ראַטונגען. די „אירי" איז געוואָרען פּאַקטיש דאָס „אייגענטום און דאָס שפּילצייג" פון פיסק און גולד. מיט די מיליאָנען וואָס

די צוויי לייט האבען געמאכט דורך דער אומערליכער פאר־וואלטונג פון דער „אירי” האבען זיי מיט א יאר שפע־טער באשלאסען דורכצופירען א שווינדלערישע ספעקולאציע מיט גאלד. דעם פלאן האט אויסגעארבייט גולד. דער פרייז פון גאלד איז דעמאלט געווען 130 (דאס הייסט, אז א גאלדענער דאלער איז ווערט געווען 130 פאפירענע דאלערס). גולד האט באשלאסען צו גיין אויף דער בערזע, אויפקויפען א סך גאלד און ארויפהויבען דעם פרייז ביז 145. ער האט געזאגט, אז ער וויל עס טאן כדי עס זאל זיך לוינען פאר דעם פארמער אין דער וועסט צו פארקויפען זיין תבואה פאר'ן ענגלישען מארק. (די ענגלישע סוחרים האבען געצאלט מיט גאלד און ווען גאלד וועט זיין טייערער וועט דער פרייז וואס דער פאר־מער וועט קריגען ממילא זיין העכער.) ווען די תבואה וועט פארקויפט ווערען קיין ענגלאנד וועט מען דאך עס פריער מוזען ברענגען פון דער וועסט אין דעם ניו יארקער האפען, און דערוייל וועלען די באנען פארדינען פון דעם טראנספארט.

איין שוועריגקייט איז אים געשטאנען אין וועג. די וואַ־שינגטאנער רעגירונג פלעגט אין איר קאסע אריינקריגען גרויסע סומען גאלד פון די טאריף־איינצאלונגען. דער פינאנץ־מיניס־טער פלעגט יעדען מאנאט פארקויפען אויף דער בערזע פאר עט־ליכע מיליאן דאלער גאלד. כל זמן די רעגירונג האט גע־בראכט אלע עטליכע וואכען פרישע גאלד צו פארקויפען אויפ'ן מארק איז אונמעגליך געווען דעם פרייז פון גאלד ארויפצו־הויבען. אין ניו יארק און ארום ניו יארק האט זיך געפונען גאלד איף אן ערך פון א צוואנציג מיליאן. דאס דאזיגע גאלד האט גולד געקענט אויפקויפען. אבער וואס האט ער געקענט טאן בנוגע די פרישע סומען וואס די וואשינגטאנער רעגי־רונג האט כסדר געבראכט? די וואשינגטאנער רעגירונג האט אין איר קאסע פארמאגט גאלד אויף הונדערט מיליאן. דאס אלס אויפצוקויפען וואלט פאר גולד'ן געווען אונמעגליך.

האט גולד באשלאסען צו ווירקען אויפ'ן פרעזידענט ער זאל באפעלען דעם פינאנץ־מיניסטער ער זאל אויף א ווײַלע

קיין גאָלד ניט פּארקויפען. גולד האָט זיך צונויפגערעדט מיט א געוויסען מר. קארבין, וועלכער איז געווען פארהייראט מיט פּרעזידענט גרענט'ס א שוועסטער אין ניו יארק. קארבין איז געווען א בערזע ספּעקולאַנט און גולד האָט אים איינגערעדט ער זאָל אים העלפען אין דער אונטערנעמונג. קארבין האָט פאָרגעשטעלט גולד'ן און פיסק'ן פאר פּרעזידענט גרענט. די צוויי לייט זיינען געווארען „בוזים פריינד" פון דעם פּרעזידענט. זיי האָבען אים איינגעלאדען אויף זייער פּראכטפולער יאכט־שיף און זיינען געפארען צוזאמען פון ניו יארק קיין באָסטאָן. ווען גרענט איז צוריקגעקומען קיין ניו יארק האָבען זיי אים איינגעלאדען צו א פאָרשטעלונג אין טעאטער. דאָס אלץ איז געטאָן געווארען מיט'ן צוועק צו שאפען דעם איינדרוק אויף דער וועלט, אז זיי זיינען נאָענטע מחותנים מיט'ן פּרעזידענט.

סוף מאָנאט אוגוסט האָט גולד גענומען קויפען גאָלד. דעם 4טען סעפּטעמבער האָט גרענט געשריבען א בריף צום פינאנץ־מיניסטער, אין וועלכען ער האָט אויסגעדריקט די מיינונג, אז עס איז ניט ראַטזאַם אראָפּצודריקען דעם פּרייז פון גאָלד, ווייל דערפון וואָלט געליטען דער פארמער אין דער וועסט. דער פינאנץ־מיניסטער האָט גלייך טעלעגראפירט צו זיין אסיסטענט ער זאָל ניט פּארקויפען קיין גאָלד ביז וואנען ער וועט אים הייסען. קארבין האָט געוואוסט וועגען גרענט'ס בריף צום פינאנץ־מיניסטער און ער האָט געלאָזט וויסען גולד'ען וועגען דעם.

דערויף האָט גולד געווארט. גולד האָט איצט גענומען קויפען ריזיגע סומען גאָלד. ער האָט געזוכט אין דער ספּעקולאַציע אריינצוציען איינפלוסרייכע מענשען. ער האָט געקויפט גאָלד אויף א האלבען מיליאָן דאָלער אין קארבינ'ס נאָמען. ער האָט אויך געקויפט גאָלד אויף אַנדערהאלבען מיליאָן אויפ'ן נאָמען פון דעם געהילף פון פינאנץ־מיניסטער, אויפ'ן נאָמען פון דעם פּרעזידענט'ס פּריוואַט־סעקרעטאר. די אלע מענשען פאר וועמען גולד האָט דאָס גאָלד געקויפט זיינען, אזוי ווי

ער אליין, איצט געווען פאראינטערעסירט, אז דער פרייז פון דאלער זאל זיך הויבען און אז די רעגירונג זאל קיין גאלד ניט פארקויפען.

אליין ארויפטרייבען דעם פרייז פון גאלד האט גולד אבער ניט געקענט. ער האט געבעטען זיין פריינד פיסק ער זאל אים העלפען און ווערען א שותף אין דער ספעקולאציע. פיסק האט לכתחילה מורא געהאט. ער האט געזאגט צו גולד'ן: „ווי אזוי קענען מיר ריזיקירען? מיר ווילען ארויפהויבען דעם פרייז און דערנאך וועט די רעגירונג ברענגען גאלד אויפ'ן מארק און וועט דעם פרייז צוריק אראפדריקען". דערויף האט גולד געענטפערט: „דערפאר האב איך קיין מורא ניט. אלץ איז פארזארגט. קארבין האט זיך שוין באווארענט מיט'ן פרעזי־דענט". ווייטער האט ער דערציילט פיסק'ן אז דער פינאנץ מיניסטער האט באקומען א באפעל פון פרעזידענט ניט צו פאר־קויפען קיין גאלד. גרענט איז דעמאלט געווען אין ניו יארק און איז איינגעשטאנען ביי זיין שוואגער, קארבין.

דעם 13טען סעפטעמבער איז דער פרעזידענט אוועקגעפא־רען אין א זומער־פלאץ, אין די בערג פון וועסט פענסילוואני־ניא. דער פלאץ האט זיך געפונען 28 מייל פון פיטסבורג און פון דער אייזענבאן און א ווייטען מהלך פון א טעלעגראף־סטאנציע. די גאנצע וואך האט אויף דער בערזע אין ניו יארק געקאכט מיט דעם פארזוך פון פיסק און גולד איינצוקויפען וואס מער גאלד. ביז דאנערשטאג האבען די צוויי ספעקולאנ־טען אויפגעקויפט גאלד אויף הונדערט מיליאן דאלער. דער־ווייל האט זיך גרענט דערוואוסט וועגען דעם, אז זיין שוואגער קארבין איז פארמישט אין דער ספעקולאציע און האט אים גלייך געשיקט א בריף ער זאל אפטרעטען. ווען קארבין האט באקו־מען דעם בריף האט ער געשיקט נאך גולד'ען און אים וועגען דעם דערציילט. גולד האט פארשטאנען, אז אימיצער האט געווירקט אויפ'ן פרעזידענט. האט ער אויף מארגען שטילער־הייט גענומען פארקויפען זיין גאלד. פיסק'ן, זיין אייגענעם שותף, האט ער וועגען דער סכנה ניט דערציילט. דערווייל

האָט פּיסק געהאַלטען אין איין באָטען העכערע פּרייזען, אין איין קויפען נאָך און נאָך.

פרייטאָג, דער 24טער סעפּטעמבער, איז פאַרצייכענט אַלס דער באַרימטער „שוואַרצער פרייטאָג" פון דער בערזע. פּיסק'ס אַגענט אויף דער בערזע איז געווען אַ אידישער אימיגראַנט, ספּייערס. ער האָט שפּעטער פאַר אַ קאָמיסיע דערציילט פאָל־גענדעס: „פּיסק האָט מיר געהייסען קויפען וויפיל גאָלד מען וועט נאָר אָנבאָטען פאַר ווייניגער ווי 146. איך האָב געקויפט. דאַן האָט מיר פּיסק צוגעשיקט אַ צעטעל: קויף ביז 150. איך האָב געבאָטען העכער און העכער ביז 150. די בערזע איז געווען געפּאַקט מיט אַ ווילדער, אויפגערעגטער מאַסע. אַלע זיינען געווען אין שרעק. פּיסק האָט געהאַלטען אין איין שי־קען באַפעלען צו מיר איך זאָל קויפען: באָט 160, קויף ווי־פיל דו קענסט פאַר 160. איך האָב איינגעקויפט גאָלד פאַר 60 מיליאָן. דער פּרייז האָט זיך געהויבען העכער און העכער: 160, 161, 162. דאַן האָט פּלוצלונג געגעבען אַ קראַך. עס איז אָנגעקומען אַ ידיעה אַז דער פינאַנץ־מיניסטער האָט באַקו־מען אַ באַפעל צו פאַרקויפען גאָלד. דער פּרייז איז גלייך אַראָפּגעפאַלען פון 162 אויף 135."

הונדערטער מענשען זיינען יענעם טאָג רואינירט געוואָרען. די אויפרעגונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז פּיסק און גולד האָבען זיך געמוזט באַהאַלטען אין זייער קאָנטאָר און אַרומ־שטעלען אַ וואַך פון שטאַרקע זיי צו באַשיצען געגען המון. גולד האָט גאָרניט פאַרלוירען, ווייל ער האָט שטילערהייט זיין גאָלד באַצייטענס פאַרקויפט. פּיסק אָבער האָט פאַרלוירען אַ סך מיליאָנען. ער האָט אָבער זיינע חובות ניט באַצאָלט. דאָס מערקווירדיגסטע איז, אַז נאָך דער דאָזיגער געשיכטע זיינען פּיסק און גולד געבליבען פריינד ווי פריער.

דער האַנדעל פון גאַנצען לאַנד איז דורך גולד'ס שטיקעל ארבייט פּאַראַליזירט געוואָרען. די סוחרים וואָס האָבען אימ־פּאָרטירט פון אויסלאַנד און אַרויסגעשיקט סחורה קיין אויס־לאַנד האָבען געמוזט האָבען גאָלד אַלס זייער געלד. **ווען דער**

פרייז פון גאָלד האָט זיך מיט אַמאָל א הויב געטאָן און דער־נאָך מיט אמאָל צוריק א פאַל געטאָן, זיינען די אַלע הענדלער געוואָרען צוטומעלט. די וואס האָבען זיך באַטייליגט אין דער ספּעקולאַציע אויף דער בערזע זיינען רואינירט געוואָרען. עס זיינען פּאָרגעקומען א סך באַנקראָטען. א סך מענשען האָבען דאן געגלויבט, אז דער פּרעזידענט אָדער דעם פּרעזידענט'ס שוואָגער איז געווען פאַראינטערעסירט אין דער גאָלד ספּעקו־לאַציע. איינינגע היסטאָריקער מיינען, אז עס איז ניטאָ קיין שום גרונט חושד צו זיין דעם פּרזידענט אָדער זיין פרוי אדער זיין פּריוואַט־סעקרעטער אז זיי האָבען אין דער פאַרשווערונג גע־האַט א חלק. דער פּרעזידענט האָט אָבער געהאַנדעלט אומ־טאַקטיש דערמיט, וואס ער האָט ערלויבט אַז גולד און פיסק זאָלען מיט אים ווערען נאָענטע מחותנים. עס איז אויך געווען ניט גוט וואס זיין שוואָגער האָט זיך באַטייליגט אין די ספּעקו־לאַציעס. גערעדט האָט מען, אז דער פינאַנץ־מיניסטער איז גע־ווען פאַרמישט אין דעם סקאַנדאַל. אָבער שפּעטער איז קלאָר געוואָרען אז אויך דערויף איז קיין באַוויז ניט געווען. איי־נער פון די געהילפען פון דעם פינאַנץ־מיניסטער האָט אָבער יע געהאַנדעלט ניט ערליך. ער האָט געבאָרגט געלד ביי גולד'ן און האָט זיך באַטייליגט אין דער גאָלד־ספּעקולאַציע. דער פּרעזידענט האָט אים מיט עטליכע טעג שפּעטער געצוואונגען צו רעזיגנירען.

אין די יארען פון נאָך דער מלחמה האָבען אין דער וועסט געבושעוועט באַנדעס באַנדיטען, וועלכע האָבען זיך באַרימט געמאַכט איבער'ן גאַנצען לאַנד. טייל פון די פירער פון די באַנדעס האָבען פריער געדינט אלס סאָלדאַטען אין דער קאָנפעד־דעראַציע. דורך זייערע פאַרברעכענס האָבען זיי איצט געזוכט צו נעמען נקמה פון שונא וואס האָט זיי באַזיגט. דער באַרימט־סטער צווישען די באַנדיטען־פירער איז געווען דזשעסי דזשיימס. די באַנדעס פלעגען איינברעכען אין באַנקען, אפּשטעלען צוגען, באַפאַלען פורען און אמניבוסען.

אין יענע יארען איז דאָס לאַנד אויך געווען פאַרפלייצט

מיט געמבלינג הייזער. אין ניו יארק אליין זיינען געווען צוויי טויזענד אזעלכע פּלעצער. מען האָט דעמאָלט דערציילט, אז אין איינעם פון די הייזער האָט א געוויסער בען וואָרד פאר־שפּילט אין איין נאכט 124 טויזענד דאָלער. ביים טישעל וואו דער שפּיל איז אָנגעגאנגען איז געזעסן א באוואוסטער ריכטער און האָט וואָרד׳ן געליען געלד צו שפּילען ווייטער.

קאפיטעל 39.

## די פראנצויזישע אוואנטורע אין מעקסיקא. — אלאסקא.

אין פארלויף פון די יארען פון דעם בירגער־קריג זיינען אין מעקסיקא פארגעקומען איינינע פאסירונגען וואס האבען געסטרא־שעט אנצומאכען אן איבערקערעניש אין דער פאליטישער לאגע פון דעם גאנצען אמעריקאנער וועלט־טייל. די מעשה האט זיך אנגעהויבען סוף יאר 1861 און זיך געענדיגט אין מיטען 1867. וועגען דער ראלע פון די פאראייניגטע שטאטען אין דער געשיכטע זיינען היסטאריקער צוטיילט אין זייערע מיינונגען. די אמערי־קאנער היסטאריקער האבען איין מיינונג און די ראדיקאלע היס־טאריקער פון מעקסיקא האבען אן אנדער מיינונג.

אומגעפער אין דערזעלבער צייט וואס דער בירגער־קריג האט זיך אנגעפאנגען אין די פאראייניגטע שטאטען האט אין מעקסיקא געזיגט די ערשטע אמת'ע רעוואלוציע, אנגעפירט פון דעם פריי־הייטס־קעמפער כווארעס. אים איז געלונגען צו באזיגען די פאר־אייניגטע מאכט פון די לאנד־באזיצער און דער קירכע, און צו פראָ־קלאמירען א דעמאקראטיע אונטער א ראדיקאלער קאנסטיטוציע. אין יוני 1861 איז כווארעס איינגעשווארען אלס פרעזידענט פון מעקסיקא.

גלייך נאכדעם האבען דריי גרויסמעכטע פון אייראפא אנגע־פאנגען צו דריקען די מעקסיקאנער רעגירונג זי זאל צאלען די חובות וואס זי איז זיי שולדיג ,און אויך שאדענערזאץ פאר די פארלוסטען וואס זייערע בירגער האבען אין מעקסיקא געליטען דורך די רעוואלוציעס. כווארעס האט געענטפערט, אז מעקסיקא האט קיין געלט ניט און האט זיי געבעטען ווארטען צוויי יאר.

דאָס האָבען זיך די רעגירונגען אנטזאַגט צו טאָן. סוף אָקטאָבער האָבען ענגלאנד, פראנקרייך און שפּאַניען זיך פאראייניגט אין א באשלוס צו שיקען אַ פלאָטע און אַן אַרמיי צו פאַרנעמען די האַפענס אין מעקסיקאָ און מיט געוואַלד איינמאָנען דאָס געלט. זיי האָבען איינגעלאַדען די פאַראייניגטע שטאַטען אויך אין דער שטראָף־עקספּעדיציע. אָבער לינקאָלן האָט זיך אנטזאַגט. אין אָנהויב יאָר 1862 זיינען צום מעקסיקאַנער ברעג צוגעשוואומען די דריי פלאָטען פון די דריי רעגירונגען און געלאַנדעט צוזאַמען ארום צען טויזענט סאָלדאטען.

ענגלאנד און שפּאַניען זיינען אין מעקסיקאָ געשטאַנען אַ קורצע צייט. נאָכדעם ווי די צוויי רעגירונגען זיינען געקומען צו אַ פאַרשטענדניס מיט כוואַרעס'ן וועגען דער סומע פון די חובות האָבען זיי די אַרמייען צוריקגעצויגען. די פראנצויזישע אַרמיי איז אָבער דאָרט געבליבען. נאַפּאָלעאָן דער דריטער, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער קייזער פון פראנקרייך, האָט געהאַט אַ סך ווייטערע פלענער. ביי אים איז די פראַגע פון די חובות לכתחילה ניט געווען גאַנץ וויכטיג. ער האָט געהאָפט, אַז אים וועט גע־לינגען צו גרינדען אין מעקסיקאָ אַ מאָנאַרכיע און ארויפזעצען דאָרטען אויפ'ן טראָן זיינעם אַ מענשען. צו דעם גענעראַל פון זיין אַרמיי אין מעקסיקאָ האָט ער געמאַכט די פאָלגענדע ערקלע־רונג: „מיר ווילען ניט דערלויבען אַז די פאַראייניגטע שטאַטען זאָל קאָנטראָלירען די מערק פון דעם אַמעריקאַנער וועלט־טייל. אויב מיר ווילען איצט גאָרניט טאָן וועט אַמעריקא מיט דער צייט ווערען די באַלעבאָסטע פון מעקסיקאָ און פון צענטראַל אַמעריקא...”
נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט געהאָפט, אַז אים וועט געלינגען מיט דער צייט אויפצובויען אַן אייגענע אימפּעריע אויף דעם אַמע־ריקאַנער וועלט־טייל. מעקסיקאָ האָט געזאָלט זיין דער אָנהויב.

ער האָט געשיקט נאָך און נאָך סאָלדאַטען ביז זיין אַרמיי אין מעקסיקא האָט דערגרייכט די צאָל פון פופציג טויזענט. כוואַרעס איז ארויסגעטריבען געוואָרען פון דער הויפּט־שטאָט און דער פראנצויזישער גענעראַל האָט איבערגענומען די רעגירונג. דער גענעראַל האָט באַשטימט עטליכע צענדליג גלחים און לאַנד־

באַזיצער, אַז זיי זאָלען פירען די רעגירונג. די קליקע האָט (אויף נאַפּאָלעאָן'ס פאַרלאַנג, פאַרשטייט זיך) געשיקט אַ דעלעגאַציע צו נאַפּאָלעאָנ'ען מיט דער בקשה, אַז ער זאָל פאַר מעקסיקאָ באַ־שטימען אַ קייזער. נאַפּאָלעאָן האָט „זייער פאַרלאַנג" באַוויליגט. ער האָט אויסגעקליבען פאַר דעם מעקסיקאַנער טראָן דעם יונגען עסטרייכישען גראַספירסט מאַקסימיליאַן, פראַנץ יאָזעף'ס אַ ברו־דער. עס ווערט דערציילט, אַז מאַקסימאַליאַן האָט קיין חשק ניט געהאַט צו פאָרען קיין מעקסיקאָ, נאָר זיין פרוי קאַרלאָטאַ האָט אים צוגערעדט. זי איז געווען די טאָכטער פון דעם בעלגישען קעניג און איר האָט זיך זייער געוואָלט טראָגען אַ קרוין. איידער ער איז אָפּגעפאָרען איבערנעמען דעם מעקסיקאַנער טראָן, האָט מעק־סימיליאַן געקראָגען אַ צוזאָג פון נאַפּאָלעאָנ'ען, אַז אין די נעקסטע פאָר יאָר וועט די פראַנצויזישע אַרמיי שטיין אין מעקסיקאָ און אים באַשיצען געגען אַן אויפשטאַנד. דעם 12טען דעצעמבער, 1864, איז מאַקסימיליאַן אָנגעקומען קיין מעקסיקאָ און איז דאָרט געקרוינט געוואָרען קעניג.

די גאַנצע צייט וואָס נאַפּאָלעאָן האָט אַזוי געבאַלעבאַטעוועט אין מעקסיקאָ האָט די פאַראייניגטע שטאַטען גאַרניט געקענט טאָן. לינקאָלן האָט זיך אַנטזאָגט צו אַנערקענען מאַקסימיליאַן'ס רעגי־רונג. מער ווי דאָס האָט ער ניט געקענט טאָן. אָבער אַזוי שנעל ווי דער בירגער־קריג האָט זיך געענדיגט האָט זיך אין די פאַר־אייניגטע שטאַטען גענומען קאָכען מיט דער פאָדערונג, אַז די רע־גירונג זאָל צווינגען נאַפּאָלעאָנ'ען זיך אַרויסצוציען פון מעקסיקאָ. אין פראַנקרייך גופא האָט זיך אויך די שטימונג געענדערט. דעפּו־טאַטען אין פאַרלאַמענט האָבען גענומען פּראָטעסטירען געגען דער מעקסיקאַנער אַוואַנטורע. דערצו האָט מען זיך אין נאַפּאָלעאָנ'ס קאַבינעט גופא גענומען שרעקען פאַר אַ מלחמה מיט פּרייסען. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט ענדליך געצוואונגען נאַפּאָלעאָנ'ען ער זאָל ברעכען זיין וואָרט צו מאַקסימיליאַנ'ען און ער האָט באַשלאָסען צוריקצוציען זיין אַרמיי פון מעקסיקאָ. ווען מען האָט זיך אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ פון מעקסיקאָ דערוואוסט וועגען נאַפּאָלעאָנ'ס באַשלוס, איז מען דאָרט געוואָרען צושראָקען. דאָרטען האָט מען

געוואוסט אַז מאַקסימיליאַנ׳ס טראָן וועט זיך איין טאָג ניט קענען האַלטען אָן דער שטיצע פון די פראנצויזישע באַיאָנעטען. מאַקסימיליאן האָט געוואָלט באַלד אָפּדאַנקען און פאָרען צוריק אַהיים. אָבער קאַרלאָטאַ האָט אים ווידער אָפּגעהאַלטען. זי האָט באַשלאָסען אַליין צו פאָרען קיין איירָאָפּא און קריגען די נויטיגע מיליטערישע הילף פאַר איר מאַן. זי איז אין איירָאָפּא אָנגעקומען אין מאָנאַט אויגוסט. נאַפּאָלעאָן האָט זי אויפגענומען קאַלט און איר דערקלערט, אַז ער קען איר ניט העלפען. זי האָט זיך ארומגעשלעפּט איבער פאַרשיידענע קעניגליכע הויפען און איבעראַל באַקומען דעם זעלבען ענטפער. פון האַרצווייטאָג איז זי קראַנק געוואָרען און אַראָפּ פון זינען.

דערווייל האָט נאַפּאָלעאָן בּיסלאַכווייז צוריקגעצויגען זיינע סאָלדאַטען. אין מערץ 1867 איז מעקסיקאָ שוין געווען אינגאַנצען אָפּגעליידיגט פון דער פראנצויזישער אַרמיי. נאַפּאָלעאָן האָט געזוכט צו באאיינפלוסען מאַקסימיליאַנ׳ען ער זאָל רעזיגנירען. אָבער איצט האָט מאקסימיליאן זיך אנטזאגט דאָס צו טאָן. וואַרשיינליך האָט ער געלייגט האָפנונג אויף די רעאַקציאָנערע גרופּען אין לאַנד וועלכע האָבען אים געשטיצט. באַלד ווי די פראנצויזישע אַרמיי איז אַוועק האָט כוואַרעס ווידער איינגענומען דאָס לאַנד. מאקסימיליאן איז גענומען געוואָרען געפאַנגען. די רעוואָלוציאָנערען האָבען אים געשטעלט פאַר אַ קריגס־געריכט, וואָס האָט אים פאַר׳משפּט צום טויט. דעם 19טען יוני, 1867, איז ער הינגעריכט געוואָרען.

די אַמעריקאַנער היסטאָריקער זיינען מיט דער מיינונג, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג איז פון ערשטען טאָג אָן געווען געגען דעם אָנפאַל אויף מעקסיקאָ, און אַז די מורא פאַר די פאַראייניגטע שטאַטען האָט ענדליך געווירקט אויף נאַפּאָלעאָנ׳ען ער זאָל זיין אַרמיי צוריקציען, אָבער די ראַדיקאַלע היסטאָריקער פון מעקסיקאָ גלויבען אַז לכתחילה איז די פאַראייניגטע שטאַטען געווען צופרידען מיט דער האַנדלונג פון די דריי איירָאָפּעאישע מעכט, ווייל זי האָט ניט געקענט ליידען, אַז מעקסיקאָ זאָל האָבען אַ פּראָגרעסיווע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. זיי לייקענען אויך, אַז נאַפּאָ־

לעאָן האָט זיך שפּעטער דערשראָקען פאַר די פּראָטעסטען פון וואַשינגטאָן. זיי ווייזען אָן, אַז די פּראָטעסטען זיינען געווען זייער מילדע און אַז נאַפּאָלעאָן האָט זיי לייכט געקענט איגנאָרירען. נאַפּאָלעאָן, זאָגען זיי, האָט זיין אַרמיי צוריקגעצויגען צוליב גאַנץ אַנדערע אורזאַכען, צוליב דער פּאָליטישער לאַגע אין אייראָפּא און צוליב דער אומצופרידענקייט אין זיין אייגען לאַנד.

אין זעלבען יאָר וואָס די פראַנצויזישע אַוואַנטורע אין מעקסיקאָ האָט זיך געענדיגט האָט זיך פון דער אַמעריקאַנער וועלט ארויסגעצויגען נאָך אַ אייראָפּאישע מאַכט — רוסלאַנד. רוסלאַנד האָט פאַרקויפט צו די פאַראייניגטע שטאַטען איר גרויסע שטיק טעריטאָריע ביים צפון־מערב ברעג פון קאָנטינענט, די טעריטאָריע וואָס האָט דעמאָלט געטראָגען דעם נאָמען רוסיש־אַמעריקע און וועלכע רופט זיך איצט אַלאַסקאַ. דאָס שטיק לאַנד איז אַנטדעקט געוואָרען און אויסגעפאָרשט געוואָרען פון דער רוסישער רעגירונג אין 18טען יאָרהונדערט. אַ רוסישע האַנדעלס־געזעלשאַפט האָט דאָרט אָרגאַניזירט האַנדעלס־פּאָסטענס. דער אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער, סואַרד, האָט אונטערהאַנדעלט מיט דעם רוסישען אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן וועגען אָפּקויפען די טעריטאָריע עטליכע יאָר צייט. עס איז אָבער שווער געווען צו קריגען דעם צאַר׳ס צושטימונג.

ביינאַכט דעם 29טען מערץ איז סואַרד געזעסען און געשפּילט קאָרטען. פּלוצלונג איז אריינגעקומען דער רוסישער אַמבאַסאַדאָר מיט אַ דעפּעשע אין האַנט. דער צאַר האָט ענדליך געגעבען זיין צושטימונג. „מיר וועלען מאָרגען אונטערשרייבען דעם קאָנטראַקט“, האָט דער אַמבאַסאַדאָר געזאָגט. סואַרד האָט געענטפערט: „פאַרוואָס עפּעס וואַרטען ביז מאָרגען? לאָמיר עס שוין טאָן“. ער האָט אַוועקגעלייגט די קאָרטען, געשיקט רופען סענאַטאָר סאָמנער און צוזאַמען זיינען זיי געזעסען ביז פיר אַזייגער פאַרטאָג און אויסגעאַרבייט אַלע פּונקטען פון דעם מסחר. אויף מאָרגען איז דער אָפּמאַך אריינגעטראָגען געוואָרען אין סענאַט, וועלכער האָט געדאַרפט געבען זיין צושטימונג. רוסלאַנד האָט פאַר אַלאַסקאַ באַקומען זיבען מיליאָן דאָלאַר.

אין סענאַט און אין דער פּרעסע איז געווען אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע געגען אָפּקויפען אַלאַסקאַ. צו וואָס דאַרף אַמעריקא „דעם פארפראָרענעם מדבר״? — האָבען זיי גע׳טענה׳ט; אַמאָל זיינען נאָך דאָרט געווען ווילדע חיות, וועלכע האָבען געהאַט גוטע פעל. איצט איז שווין פון זיי אויך כמעט קיין זכר ניטאָ. מען וועט דאַרפען שיקען אַן אַרמיי אַהין און האָבען צו טאָן מיט אינ־דיאַנער. קנאַפּ צרות האָט מען פון די אינדיאַנער אין דעם אייגע־נעם לאַנד, צו וואָס זוכען נייע צרות?

איינער פון די הויפּט־אַרגומענטען פון די וואָס האָבען גע־שטיצט דעם אָפּמאַך איז געווען, אַז אויב מען וועט אים צוריק־ווייזען וועט רוסלאַנד זיך פילען באַליידיגט. סאָמנער און די אַנ־דערע סענאַטאָרען פון זיין צד האָבען גע׳טענה׳ט אַז רוסלאַנד איז אין דער צייט פון דעם קריג געווען זייער פריינדליך צו דער נאָרט און אַז עס וואָלט געווען אַן עולה זי איצט צו באַליידיגען. ׳סאָמ־נער האָט אויך דערקלערט, אַז דערמיט וואָס מען וועט אַלאַסקאַ אָפּקויפען וועט מען פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט פאַרטרייבען נאָך אַ קרוין. „איינציגווייז זיינען די געקרוינטע קעפּ פון אַמע־ריקע ארויס. פריער פראַנקרייך, דערנאָך שפּאַניען, דערנאָך ווידער פראַנקרייך און איצט רוסלאַנד״.

לסוף האָט דער סענאַט דעם אָפּמאַך גוטגעהייסען.

איצט איז די פראַגע אַריבערגעגאַנגען צו דער „האוז״, וועלכע האָט געדאַרפט באַווילליגען דאָס געלט. דאָרט האָט זיך דער קאַמף אויפגעהויבען איבער אַ נייעס. מיט דעם קאַמף אין דער „האוז״ איז געווען פאַרבונדען אַ שטיקעל סקאַנדאַל. צייטונגען האָבען געמאַכט די באַשולדיגונג, אַז געוויסע פּראָמינענטע פּערזאָנען, אַ געוועזענער מיניסטער צווישען זיי, האָבען באַקומען גרויסע סומען געלט פון דער רוסישער רעגירונג זיי זאָלען דעם מסחר דורכשטופּען. אָבער נישט געקוקט אויפ׳ן סקאַנדאַל האָט די „האוז״ דאָס געלט באַווילליגט און אַלאַסקאַ איז געוואָרען אַ טייל פון די פאַראייניגטע שטאַטען. ווען אַלץ איז געווען געענדיגט האָט אַ קאָמיטע פון קאָנ־גרעס געמאַכט אַן אונטערזוכונג וועגען די כאַבאַר־קלאַגען און עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז זיי זיינען געווען מייסטענס אָן אַ

גרונט. עטליכע מענשען האבען באקומען קליינע סומען געלט פאר טאן געוויסע ארבייט אין שייכות מיט דער אנגעלעגענהייט. ארום און ארום האבען די סומען באטראפען אן ערך פון דרייסיג טויזענט דאלאר. די קאמיטע האט זיך באנוגענט מיט אויסדריקען א פאר־ווארף די מענשען וואס האבען דאס געלט גענומען.

קאַפּיטעל 40.

# דער זיג פון די באַנקירען איבער'ן פאָלק אין פאַר־בינדונג מיט די מלחמה ווערקסלען.

די מלחמה האָט איבערגעלאָזען א ריזיגען בארג חובות וואס די פאראייניגטע שטאטען האָט איצט געמוזט נעמען צאָלען. די סומע האָט באטראפען צוויי און דריי פערטעל ביליאָן דאָלער. ארום דער פראגע פון די מלחמה־חובות האָט זיך אנטוויקעלט א גאַנצע ריי ספסוכים און חלוקי־דעות — ווי אזוי די חובות זאָלען באַצאָלט ווערען און צי די אייגענטימער פון די ווערקסלען זיינען באַרעכטיגט צו דער פולער סומע פון זייערע ווערקסלען, צי עס איז רעכט אז אויף די ווערקסלען זאָל ארויפגעלייגט ווע־רען א שטייער, און אזוי ווייטער. איבער איינער פון די פרא־גען אין פארבינדונג מיט די חובות, האָט דער קאַמף אנגעהאל־טען א צענדליג יאָר און האָט געפירט צו דער גרינדונג פון א נייער פּאָליטישער פּארטיי. די פראגע האָט געהאַט צו טאָן מיט די 433 מיליאָן פּאַפּירענע דאָלערס „גרינבעקס", וואס די נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט געהאַט געדרוקט און פארשפרייט אין דער צייט פון דער מלחמה. ווי עס איז שוין דערציילט געווא־רען אין א פּאָריגען קאפיטעל איז דאָס פּאַפּיר־געלד געווען א פארשטעלטע הלואה, ווייל דאָס פּאַפּיר האָט מיט זיך ניט פאַר־געשטעלט קיין געלט־ווערט. די רעגירונג האָט ניט געהאַט ניט קיין גאָלד און ניט קיין זילבער אויסצולייזען דאָס פּאַפּיר־געלד. מענשען האָבען דאָס פּאַפּיר־געלט גענומען ווייל זיי האָבען גע־האַט צוטרויען צו דער רעגירונג, ווייל זיי האָבען געגלויבט אז ווען עס איז, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיגען, וועט די רעגירונג האָבען די מעגליכקייט פאר דאָס פּאַפּיר צו צאָלען מיט אמת'ען געלט, מיט גאָלד אָדער זילבער.

די פראגע איז איצט געווען: וואס טוט מען מיט'ן פאפיר־געלט, מיט די „גרינבעקס"? דער פינאנץ־מיניסטער מעקאלאק האט געהאלטען, אז מען מוז די אסיגנאציעס בישלאכווייז צוריקציען פון צירקולאציע, ד. ה. די רעגירונג דארף זיי איינקויפען און פארניכטען. דער קאנגרעס האט דעם פארשלאג פון דעם פינאנץ־מיניסטער גוטגעהייסען. ער האט באפאלמעכטיגט מעקאלאק'ען צו פארקויפען אקציעס און מיט'ן געלט איינקויפען די „גרינבעקס", די ערשטע זעקס מאנאטען אויף דער סומע פון צען מיליאן און דערנאך אויף דער סומע פון פיר מיליאן יעדען מאנאט. דאס געזעץ איז אנגענומען געווארען אין אפריל, 1866. מעקאלאק האט גלייך אנגעפאנגען דאס געזעץ דורכצופירען.

אין לאנד האט זיך גענומען טומלען מיט פראטעסטען געגען דעם באשלוס פון דער רעגירונג צוריקצוציען די „גרינבעקס". די פראטעסטען זיינען געקומען מייסטענס פון די פארמער אין דער וועסט. עס האבען אבער אויך פראטעסטירט קליינע געשעפטסלייט, פאבריקאנטען און ארבייטער אין דער איסט. זיי האבען ארויסגעשטעלט פאלגענדע טענות:

ערשטענס, וועט דאס צוריקציען פון דעם פאפיר־געלט שאפען א דוחק אין געלט. געלט וועט ווערען טייער און ממילא וועלען פרייזען פון פראדוקטען און סחורה פאלען. די וואס האבען געהאט פראדוקטען און סחורה צו פארקויפען וועלען ליידען פארלוסטען.

צווייטענס, וועלען ליידען די מענשען וואס זיינען שולדיג געלט, בעלי חובות, און אזעלכע זיינען אין לאנד געווען זייער א סך, איבערהויפט אין דער וועסט און אין דער סאוט, וואו די פארמער זיינען געווען שטארק „פארמארטגיידזשט" (געהאט ארויסגעגעבען היפאטעקען אויף זייער אייגענטום). די דאזיגע מענשען האבען אזוי געט'טענה'ט: בשעת מיר האבען דאס געלד געבארגט האבען מיר באקומען פאפיר־געלד וואס איז אין פארגלייך מיט'ן גאלדענעם דאלער ווערט געווען א דריטעל אדער א פערטעל וויניגער (א פאפיר דאלער איז ווערט

געווען פון 60 ביז 70 סענט פון א גאָלדערנעם דאָלער). איצט װעלען מיר פאר דעם זעכציג אָדער זיבעציג סענטיגען דאָלער מוזען צאָלען מיט דאָלערס וואס װעלען ווערט זיין נײנציג, סינף און נײנציג און שפּעטער גאנצע הונדערט סענט.

די פּראָטעסטען האָבען געווירקט. אין 1868 איז געוואָרען א שטיקעל פינאַנציעלער קריזיס אין לאנד. די רעגירונג האָט זיך דערשראָקען און האָט געהייסען דעם פינאנץ־מיניסטער ער זאָל אויפהערען צוריקציען דאָס פּאַפּיר געלד. אָבער אין די צוויי יאר האָט ער פארניכטעט 44 מיליאָן „גרינבעקס".

איצט האָט זיך גענומען טומלען מיט א צווייטער פראגע אין פארבינדונג מיט די חובות: מיט וועלכען געלט זאָל די רעגירונג צאָלען אירע וועקסלען? מיט פּאפּיר געלט אדער מיט גאָלד־געלד? דער פּאַפּירענער דאָלער איז איצט ווערט געווען מער ווי אין דער מלחמה צייט, אָבער נאָך אלץ א סך ווייניגער ווי דער גאָלדענער דאָלער. די מענשען וואס האָבען געהאט די וועקסלען, די באַנקירען און רייכע לייט, האָבען גע־פּאָדערט אז מען זאָל צאָלען מיט גאָלד, הונדערט סענט פאר יעדען דאָלער. די מאסען האָבען גע'טענה'ט, אז מען דארף צאָלען מיט פּאפּיר־געלט, מיט „גרינבעקס". זיי האָבען אָנגע־וויזען, אז בשעת די רעגירונג האָט דאָס געלד געבאָרגט (א גאָר גרויסער טייל דערפון) האָט זי פון די מלוים ניט באקומען קיין גאָלד, נאָר פּאַפּיר־געלט, טאַקע דיזעלבע „גרינבעקס". די מלוים האָבען דער רעגירונג געגעבען א ביליגען דאָלער, א זעכציג אדער זיבעציג סענטיגען דאָלער, טאָ פארוואָס קומט זיי איצט א טייערער דאָלער? אפילו ווען מען וועט זיי צאָלען מיט פּאַ־פּירענע דאָלערס, וועלען זיי אויך קריגען מער ווי עס קומט זיי, ווייל דער פּאַפּירענער דאָלער גופא איז נאָך דער מלחמה געשטיגען אין פּרייז.

די הויפּט פירער פון דער רעפּובליקאנישער פּארטיי האָבען געהאלטען מיט די אייגענטימער פון די וועקסלען. זיי האָבען געזאָגט, אז אויב די רעגירונג וועט צאָלען מיט פּאפּיר וועט זי ביי די פינאנסירען פארלירען אין פּרעסטיזש און ווען זי וועט זיך

ווידער נויטיגען אין געלט וועט זי עס ניט קענען קריגען. זיי האבען ווייטער גע'טענה'ט, אז די וואס האבען געבארגט דער רעגירונג געלד האבען זיך גערעכט צו קריגען באצאלט אין גאלד. אנדערש וואלטען זיי ניט ריזיקירט מיט זייער געלט. די רעגי־רונג האט עס געוואוסט און זי האט זיך פאקטיש מתחייב גע־ווען דאס צו טאן. מוז זי איר התחייבות האלטען.

אין דעם וואלקאמף פאר פרעזידענט אין 1868 איז די פראגע לכתחילה אויפגעהויבען געווארען. דזשארדזש פענדעל־טאן, א געוועזענער קאנגרעסמאן פון אהייא, האט געזוכט צו קריגען די נאמינײשאן פאר פרעזידענט ביי די דעמאקראטען, ארויסשטעלענדיג אלס דעם הויפט פונקט אין זיין פלאטפארמע די פראגע פון די חובות. ער האט געוואלט אז די דעמאקרא־טישע פארטיי זאל צוזאגען, אז אויב זי וועט קריגען די מאכט וועט זי ניט נאר ניט צוריקציען דאס פאפיר־געלט, נאר זי וועט נאך צודרוקען ניי פאפיר־געלט און וועט דערמיט באצא־לען אלע רעגירונגס־חובות. דאס הייסט, זי וועט מאכען דער דאלער זאל ווערען נאך ביליגער און די וועקסעל־אייגענטימער וועלען קריגען בלויז א קליינעם טייל פון דעם ווערט פון זיי־ערע חובות.

פענדעלטאן האט געהאט א גרויסע צאל אנהענגער פאר זיין פלאן ביי דעם אלגעמיינעם עולם, און אויך צווישען די דעלע־גאטען ביי דער קאנוועגשאן. ער האט אבער די נאמינאציע ניט געקראגען, כאטש די דעמאקראטישע פארטיי האט אין איר וואלקאמף פארטיידיגט א טייל פון פענדעלטאן'ס אידעע, נעמליך, אז די חובות זאלען באצאלט ווערען מיט פאפיר־געלט. די רעפובליקאנישע פארטיי האט די גאנצע פראגע פארשוויגען, כאטש אלע האבען געוואוסט אז זי האלט מיט די באנקירען און וועקסעל־אייגענטימער, דאס הייסט, די חובות זאלען באצאלט ווערען מיט גאלד.

גלייך ווי גראנט איז איינגעשוואוירען געווארען אלס פרעזי־דענט האט דער קאנגרעס דורכגעפירט א רעזאלוציע, וועלכע האט ערקלערט, אז די רעגירונג פארפליכטעט זיך אזוי שנעל ווי

מעגליך אויסצולייזען דאָס פּאַפּיר־געלט מיט גאָלד און אויך צו באַצאָלען אלע חובות מיט גאָלד. די רייכע קלאַסען האָבען געהאַט א פאלשטענדיגען זיג.

עס פארשטייט זיך, אז מיט דער רעזאָלוציע אליין האָט זיך די זאַך ניט געענדיגט. גלייך דורכפירען דעם באַשלוס האָט מען ניט געקענט. די רעגירונג האָט ניט געהאַט די מיט־לען דערצו. זי האָט געמוזט ווארטען ביז זי וועט האָבען גע־נוג גאָלד. דערווייל האָבען די מאַסען אין לאַנד ניט געשוויגען. די באוועגונג פאר פּאַפּיר־געלט איז געוואַקסען. דער געשריי איז געווען: „פארוואָס איז דאָס פּאַפּיר־געלט געווען גוט גענוג צו באַצאָלען דעם סאָלדאַט אין דער ארמיי, דעם ארבייטער אין פאבריק און פארוואָס איז עס ניט גוט גענוג צו באַצאָלען דעם קאַפּיטאַליסט?" דאָס שלאָגוואָרט איז געווען „דאָס זעלבע געלט פאר דעם קאַפּיטאַליסט ווי פאר דעם פארמער". די רע־גירונג האָט די געשרייען איגנאָרירט, ביז 1873, ווען אין לאַנד האָט אויסגעבראָכען א שרעקליכער קריזיס. אין צייט פון קרי־זיס האָט דאָס פאָלק געפאָדערט די רעגירונג זאָל ארויסגעבען נאָך פּאַפּיר געלט. זיי האָבען געשריען אז דער מאַנגעל אין געלט איז שולדיג אין דעם קריזיס. פאר די וואַלען צום קאָנ־גרעס האָט זיך די רעגירונג דערשראָקען און אין אַפּריל, 1874, האָט דער קאָנגרעס דורכגעפירט א ביל, אז עס זאָל צוגעדרוקט ווערען פּאַפּיר־געלט אויף דער סומע פון 18 מיליאָן דאָלער. פּרעזידענט גרענט האָט דעם ביל צוריקגעוויזען.

פאר גרענט'ס האַנדלונג האָט די רעפּובליקאַנישע פּארטיי טייער באַצאָלט אין די קאָנגרעס־וואַלען. די דעמאָקראַטען האָ־בען אין די וואַלען געוואונען א גרויסע מאַיאָריטעט. גרענט און די רעפּובליקאַנישע פּארטיי האָבען זיך מיט דער מפּלה ניט גערעכענט. פארקערט, אין משך פון די עטליכע מאָנאַטען וואָס זיי האָבען נאָך קאָנטראָלירט דעם קאָנגרעס, האָבען זיי דורכגעפירט א ריי געזעצען צו באפעסטיגען זייער פּראָגראַם אין דער פראגע פון געלט און חובות. עס איז באַשלאָסען גע־ווארען, אז די רעגירונג זאָל גלייך נעמען צוריקציען דאָס פּאַפּיר־

געלט פון צירקולאציע און אז מען זאל גלייך נעמען צאלען די חובות מיט גאלד. דאס פראגראם איז דורכגעפירט געווארען. נים דאס גאנצע פאפיר־געלט איז צוריקגעוויזען געווארען, אבער דאס ביסעל וואס איז נאך פארבליבען אין צירקולאציע האט זיך געהויבען און האט דערגרייכט דעמזעלבען ווערט וואס דער גאלדענער דאלער. פאר די וועקסלען איז באצאלט געווארען מיט גאלד.

קאפיטעל 41.

# די פארמערס בונטעווען זיך געגען גרויס קאפיטאל.

אלע אומשטענדען זיינען איצט געווען גינסטיג פאר א גרויסער פארמער קאלאניזאציע אין דער ווייטער וועסט, אין דא־קאטא, נעבראסקא, קענזעס און אזוי ווייטער. דאס „האומסטעד" געזעץ האט געמאכט צוגענגליך פאר די קאלאניסטען פרייע ערד. די נייע אייזענבאנען האבען זיי געגעבען די מעגליכקייט ארויסצופירען זייערע פראדוקטען צו די מערק פון דער איסט. די אינדיאנער זיינען פארטריבען געווארען. א סך נייע דערפינ־דונגען אין דער פארם־מאשינערי און פארם־געצייג האבען פאר־לייכטערט די ארבייט און מעגליך געמאכט א גרעסערע פרא־דוקציע.

דער געלאף אין יענע געגענדען, אין דער ווייטער וועסט, איז טאקע געווארען זייער גרויס. עס זיינען אהין געפארען אימיגראנטען דירעקט פון אייראפא און קאלאניסטען פון די עלטערע טיילען פון לאנד, פון דער איסט און דער סאוט.

די ערשטע צייט נאך דער מלחמה איז די לאגע פון די פאר־מער געווען ניט שלעכט. די פרייזען פון תבואה זיינען דע־מאלט געווען הויך און די פארמער האבען באקומען זייער חלק. נאך 1868 האט זיך די לאגע גענומען ענדערען און זי איז גע־ווארען ערגער און ערגער. די האומסטעדערס זיינען געקומען טויזענדערווייז כמעט אן געלד... א סך פון זיי האבען די ערש־טע יארען געמוזט וואוינען אין היילען וואס זיי האבען אויסגע־גראבען אין די זייטען פון די בערגלאך. אפט האבען זיי גאנצע הייזער אויפגעבויט פון ערד. די וואוינונגען זיינען געווען ענג,

זומער היים, ווינטער קאלט, און די מינדעסטע באקוועמליכקייטען. אין משך פון א יאר צייט האט דער קאלאניסט באגעגענט אפשר ניט מער ווי א טוץ פנימ'ער. יעדע פאמיליע איז געווען איינגעצאמט אין איר הייזקע ווי אין א געפענגניס. א רייזע אין שטעטעל וואו די פארמער און זייערע פרויען פלעגען זיך פארזאמלען אין די קראמען און כאפען א שמועס, איז אויך געווען א זעלטענע פאסירונג, ווייל די פארמער און פארמערקעס פלעגען זיך שעמען איינע פאר די אנדערע צוליב זייערע ארימע קליידער.

אויסער די אומבאקוועמליכקייטען איז דאס לעבען געווען ארומגערינגעלט מיט שרעק און געפארען. אן איבערפאל פון אינדיאנער, וועלכע פלעגען אויסקוילען די מענער און פארגוואלטיגען די פרויען, פלעגט ניט זיין קיין גאר זעלטענע זאך ביז אין מיטען פון די זיבעציגער יארען. פרערי פייערען פלעגען אפט פארניכטען לעבענס און אייגענטום. געפערליכע שטורםווינטען פלעגען שטעלען אין געפאר די סטאדעס בהמות און שאף און די לעבענס פון מענשען, וואס פלעגען זיך געפינען אונטערוועגס. אין 1874 האט א היישעריק אנגעמאכט א חורבן אויף די פארמס פון נעבראסקא און קענזעס. . . נאך שרעקליכער ווי די היישעריקען איז געווען די אפטע טריקעניש וואס האט געצוואונגען טויזענדער פאמיליעס אין די טרוקענע געגענדען פון דער וועסט צו פארלאזען זייערע נייע היימען און אוועקוואנדערען צוריק אין דער איסט. די ביטערסטע טראגעדיעס זיינען פארגעקומען אונטער די בוידען וואס זיינען לאנגזאם געפארען צוריק צו דער איסט.

אין 1868 האבען די פרייזען אויף פארם-פראדוקטען גענומען פאלען. די פארמער אין דער וועסט האבען געווארט טאמער וועט ווערען בעסער, אבער די פרייזען זיינען אראפ אלץ נידעריגער. אין 1870 און 1871, אין פארלויף פון דער פראנצויזיש-פרייסישער מלחמה, איז די לאגע געווארען אביסעל בעסער. אבער דערנאך האבען די פרייזען זיך ווידער גענומען גליטשען אראפ. דאס האט געבראכט פארצווייפלונג צו צענ־

דליגער טויזענדער פאמיליעס. דער פארמער איז איצט געוועזן אין שטענדיגער שרעק טאָמער וועט ער ניט קענען צאָלען די פראָצענטען אויף די „מאָרטגיידזשעס" (היפּאָטעקען) און די פארם וועט פון אים אינגאנצען צוגענומען ווערען.

די פארמער האָבען זיך ארומגעזען, אז שולדיג אין זייער אומגליק זיינען די אייזענבאַן קאָמפּאַניעס, די באַנקירען, די ספּעקולאַנטען. געגען זיי האָבען די פארמער איצט אָנגעהויבען צו פּראָטעסטירען און קעמפען. די באַן־קאָמפּאַניעס האָבען געפאָדערט הויכע פראכט־פרייזען פאר פירען תבואה. די פארמער אין דער איסט האָבען געקענט לייכט קאָנקורירען מיט די פארמער אין דער וועסט ווייל זיי זיינען געוועזן נאָענט צו די גרויסע שטעט און צו די האפענס, און דערצו האָבען זיי איינגעשפּאָרט די הויכע פראכט־פרייזען. אין אייאָווא און נעבראסקא האָט דער פארמער אין 1872 געמוזט פארקויפען זיין קאָרן פאר 52 אדער 30 סענט א בושעל און זיין ווייץ פאר 90 סענט א בושעל, בשעת אין מישיגען האָט דער פארמער באקומען 60 סענט פאר זיין קאָרן און א דאָלער מיט 32 סענט פאר זיין ווייץ.

כדי זיך צו באַוואָרענען אז די לעדזשיסלייטשורס זאָלען זיך ניט איינשטעלען פאר די פארמער, האָבען די באַן־קאָמפּאַניעס זיך באַנוצט מיט אומערליכע מיטלען. זיי האָבען די געזעצגעבער אונטערגעקויפט, אָפען און פארשטעלט. די פארשטעלטע כאבאר איז געגעבען געווארען אויף פאלגענדען אופן די אייזענבאַן־קאָמפּאַניעס האָבען פארקויפט צו די געזעץ־געבער אקציעס אונטער דעם מארק־פרייז, און אויף אַזאַ אופן געמאַכט די געזעץ־געבער גופא פאר שותפים אין די אייזענבאַנען.

די פארמער האָבען אויך געליטען פון די אגענטען, די פארמיטלער, וועלכע פלעגען איינקויפען די תבואה און עס אפּשיקען אין דער איסט. אין 1870 איז באַוויזען געווארען, אז א העלפט פון דעם ווערט פון יעדען בושעל ווייץ איז אוועק אין די קעשענס פון די אגענטען. די אגענטען פלעגען אָפט פארכאפּען דעם מארק און קאָנטראָלירען די פרייזען.

און בשעת די פּרייזען פון די פאַרם־פּראָדוקטען זיינען גע־פאַלען האָבען זיך די פּרייזען פון פאַבריצירטע סחורות גע־הויבען. פאַרם־מאַשינען, נייי־מאַשינען און אַנדערע סחורות זיי־נען אין אַ סך פעלען פאַרקויפט געוואָרען בלויז דורך געוויסע אגענטען, און די אַגענטען האָבען געפאָדערט גרויסע פּראָצענ־טען פאַר זיך און דער פאַרמער האָט געמוזט צאָלען. נאָך אַ גרעסערע צרה איז געווען — די הויכע פּראָצענטען אויף געלט. אין די גוטע יאָרען האָבען די פאַרמער זיך שטאַרק פאַרשול־דיגט. זיי האָבען געבאָרגט געלד כדי צו מאַכען אויסבעסע־רונגען אויף זייערע פאַרמס, צו קויפען מער לאַנד, האָפענדיג אז זיי וועלען שפּעטער מאַכען געננג ריוח און וועלען קענען פאַר אַל׳ץ באַצאָלען. איצט איז דער יאָך פון די „מאָרטגיי־דזשעס" געהאַנגען ווי אַ מילשטיין אויף זייערע העלזער. די פּראָצענטען זיינען געווען שרעקליך הויך — פּופצען און אַפילו צוואַנציג סענט אויפ׳ן דאָלער. און דאָ האָט דער אַגענט, דער פאַרמיטלער, ווידער געשפּילט זיין ראָלע. די וועסט איז פאַר־פלייצט געוואָרען מיט אַגענטען — מלוים. די דאָזיגע אַגענטען פלעגען באַקומען געלט פון די קאַפּיטאַליסטען אין דער איסט, פלעגען אויפזוכען דעם פאַראייניגטען פאַרמער און אים אָנ־באָטען הלוואות אויף הויכע פּראָצענטען. די אַגענטען זיינען פעט געוואָרען פון די „טובות" וואָס זיי האָבען געטאָן די פאַר־מער.

די פאַרמער זיינען אויך געווען אויפגעבראַכט געגען דער וואַשינגטאָנער רעגירונג, וועלכע האָט מיט איר געלט־פּאָליטיק און די שטייער־געזעצען געהאָלפען די רייכע און געדריקט די אָרימע. דערמיט וואָס די רעגירונג האָט צוריקגעצויגען די „גרינבעקס" פון צירקולאַציע איז געלד געוואָרען טייער. פּריי־זען פון תבואה זיינען געפאַלען. דער פאַרמער וואָס האָט זיין געלד געבאָרגט אין די יאָרען ווען געלד איז געווען ביליג האָט איצט געמוזט צאָלען מיט טייערע געלד. די רעגירונג האָט זיך אויך ענטזאָגט ארויפצולייגען אַ שטייער אויף די רעגירונגס־אַקציעס וועלכע האָבען געהערט צו די רייכע, זי האָט אָבער

יע ארויפגעלייגט א הויכען שטייער אויף אימפארטירטע סחורה און דערמיט געהאלפען דעם היגען סוחר און פאבריקאנט, דעם קאפיטאליסט, צו העכערען דעם פרייז אויף זיין סחורה, אויף דעם חשבון פון דעם פארמער און ארבייטער. דער פארמער האט אויך גע׳טענה׳ט אז דער רייכער מאן אין שטאט קען זיך פון שטייערען לייכט אויסדרייען, ווייל ער קען זיין געלט־פארמעגען לייכט באהאלטען. אבער דער פארמער האט זיין קאפיטאל אין לאנד און אין תבואה, וועלכע קענען ניט פארלייקענט אדער באהאלטען ווערען.

די פארמער האבען זיך געבונטעוועט. זיי האבען אויסגעקליבען זייערע אייגענע פארשטייער אין די לעדזשיסלייטשורס פון די שטאטען אין דער וועסט. די לעדזשיסלייטשורס האבען דורכגעפירט געזעצען צו קאנטראלירען די פראכט־פרייזען פון די אייזענבאנען. די אייזענבאן־קאמפאניעס האבען זיך אנטזאגט צו פאלגען די געזעצען און האבען אפעלירט אין געריכט. ווען די באנען האבען זיך אנטזאגט צו פאלגען דאס געזעץ, האבען די פארמער גענומען דאס געזעץ אין זייערע הענט. זיי פלעגען מחנות׳ווייז קומען אויף א באן־סטאנציע און אנבאטען דעם געזעצליכען פרייז. ווען די באן־אנגעשטעלטע פלעגען זיך אנטזאגען צו נעמען דעם פרייז און זיי הייסען אראפגיין פון באן, פלעגען די פארמער ארויסציען רעוואלווערען און זיך שטעלען אנטקעגען. אין געריכט אבער האבען די פארמער פארלארען. האבען זיי זזיך ניט בארואיגט און געמאכט ווייטערע געזעצען. דער קאמף האט אנגעהאלטען יארען לאנג ביז וואנען די פארמער האבען דאך אויסגעפירט.

אין יענע יארען האבען זיך די פארמער אנגעהויבען צו ארגאניזירען. עס זיינען געשאפען געווארען די ערשטע גרויסע פארמער־ארגאניזאציע, א מין ארדען אונטער דעם נאמען „די גריינזש”. די ארגאניזאציע איז געווען טיילווייז אן עקאנאמישע, טיילווייז א געזעלשאפטליכע און טיילווייז א פאליטישע. אין 1874 האט זי פארמאגט אנדערהאלבען מיליאן מיטגלידער

און איז געווען פארשפרייט אין איבער טויזענד ישובים. די מיטגלידער פון דעם „גריינזש" אין א ישוב פלעגען זיך פאר־זאמלען, אמאל צו פארברענגען און אמאל צו באשפרעכען עקאָ־נאָמישע אדער פאָליטישע פראגען. פרויען זיינען אריינגענומען געווארען אלס פול־בארעכטיגטע מיטגלידער. די פרויען האָבען זיך אפּגעגעבען מייסטענס מיט דער געזעלשאפטליכער זייט פון דער אָרגאַניזאַציע. זיי פלעגען אָרגאַניזירען פארוויילונגען, באנ־קעטען און לעקציעס.

איינע פון די הויפּט אויפגאבען פון דעם „גריינזש" איז געווען צו פארשפרייטען דעם געדאנק פון קאָאָפּעראטיווען צום קויפען און פארקויפען צווישען די פארמערס. קאָאָפּעראציע איז געווען די שטארקסטע כלי־זיין וואס די פארמער האָבען געהאט אין זייער קאמף מיט דער אָרימקייט. די פירער פון „גריינזש" האָבען אויפגעוויזען די פארמער די געווינסען וואס זיי קענען האָבען פון בשותפות'דיגען קויפען. די רעזולטאטען זיינעןווירק־ליך געווען וואונדערליכע. אין אילינאָי האָבען די „גריינזש"־אָרגאַניזאציעס געקויפט שנייד־מאשינען, פאר וועלכע די אגענ־טען פלעגען נעמען 275 דאָלער א שטיק, פאר בלויז 175 דאָלער. דעם פרייז פון דרעש־מאשינען האָבען זיי פארקלענערט אויף א דריטעל, פון 300 דאָלער אויף 200. פאר א וואגען וואס דער פארמער פלעגט באצאָלען 150 דאָלער, האָט דער „גריינזש" געצאָלט ניט מער ווי 90 דאָלער.

אויף דעם פּאָליטישען פעלד האָט דער „גריינדזש" ווייניג וואס געטאָן. ער האָט בלויז געהאָלפען ווירקען אז די לע־גיסלייטשורס זאלען אין די פארמער־שטאטען דורכפירען גע־זעצען צו קאָנטראָלירען די אייזענבאנען און די פארמיטלער אדער „מידלמען". אָבער אין פארשידענע געגענדען האָבען די פארמער אָרגאַניזירט פּאָליטישע פארטייען און זיי איז אפילו געלונגען צו דערוויילען זייערע קאנדידאטען.

דער „אויפשטאַנד" פון די פארמער האָט אָנגעהאלטען ביז ארום 1875. טייל פון די רעפאָרמען פאר וועלכע די פארמער האָבען געקעמפט זיינען דורכגעפירט געווארען. פראפעסאר נע־

ווינס מאכט פאלגענדען סך־הכל פון דעם אויפשטאַנד: „דער אויפשטאַנד האָט געהאָלפען שאפען א קלאַסען־באוואוסטזיין צווי־שען די פּארמער, איינפלאנצען אין זיי דעם גערדאנק, אז דאָס געזעץ קען ווערען א ווערטפולע בלי־זיין אין זייער קאמף געגען אָרימקייט און אומערליכקייט.‟

## קאפיטעל 42.

# דער קריזיס פון 1873.

אין די לעצטע מאנאטען פון יאר 1873 איז אנגעקומען דער קריזיס, וועלכען גוטע עקאנאמיסטען און פינאנציעלע׳באאבאכטער האבען יארען־לאנג פאראויסגעזאגט. די גרויסע מאסען האבען אין די נעקסטע פינף יאר באצאלט מיט הונגער און נויט פאר די אנגעזאמעלע זינד און פארברעכענס פון די געלט־מענשען און די „פאליטישענס".

ספעקולאציע, שווינדעל און קארופציע — דאס זיינען די דריי קערנער פון וועלכע דער שרעקליכער בוים פון קריזיס איז אויסגעוואקסען. די „גוטע צייטען" גלייך נאך דער מלחמה און אין די לעצטע יארען פון דער מלחמה האבען צורייצט די אפעטיטען ביי א סך מענשען, וועלכע האבען געוואלט שנעל רייך ווערען. מען האט געבארגט געלט, זיך פאר׳משכנ׳ט און ספעקולירט. פארמערס האבען פאר׳משכנ׳ט זייער לאנד און געבארגט געלט צו קויפען מאשינען און מער לאנד, האפענדיג אז די גרויסע ריוחים אויף תבואה וועלען פאר אלץ באצאלען. פאבריקאנטען האבען געבארגט געלט כדי צו בויען נייע פאבריקען. עס האבען זיך געגרינדעט טויזענדע נייע אקציען־געזעלשאפען און אלע האבען זיי פארזיכערט דעם עולם אז גאר אין קורצען וועלען זיי צאלען הויכע פראצענטען, און דער עולם האט געגלויבט און געקויפט די אקציעס. אלע האבען געבארגט, זיך פאר׳משכנ׳ט און געווארט אויף ריוחים.

ווען די ספעקולאציעס וואלטען געפירט געווארען ערליך וואלט נאך געווען א האלבע צרה. אבער די מענשען וואס זיינען געשטאנען בראש פון די אונטערנעמונגען האבען געשווינדעלט און בארויבט די קאמפאנים פאר זייערע פריוואטע נוצען. די רעגי־

רונגס־באאמטע, סאי פון דער נאציאָנאַלער רעגירונג אין וואשינג־טאָן, סאי פון די באזונדערע שטאַט־רעגירונגען, זיינען געווען פאר־מישט מיט די ספעקולאַנטען און די שווינדלערישע פינאַנסירען. די געזעצגעבער און די הויכע באאמטע האָבען גענומען א חלק פון דעם רויב און זיך געמאַכט ניט זעענדיג. קאָרופציע האָט גע־בושעוועט פראנק און פריי.

דערצו איז געוואָרען א דוחק אין געלט דורכדעם וואָס די רעגירונג האָט עס געהאַלטען פאר איר פליכט צו באצאָלען אירע מלחמה־חובות מיט גאָלד. א גרויסער טייל פון די חובות איז געווען אין אויסלאַנד. בסך הכל איז אמעריקע שולדיג געווען צו אויסלענדישע קאַפיטאַליסטען אָנדערהאַלבען ביליאָן דאָלאר. די פראָצענטען דערויף האָבען געמוזט געצאָלט ווערען מיט גאָלד. דאָס אַליין האָט ארויסגעצויגען פון לאַנד אַכציג מיליאָן דאָלאר א יאָר אין גאָלד. די רעגירונג האָט אויך געטאָן אַלץ וואָס איז מעג־ליך געווען ארויפצוהויבען דעם ווערט פון דעם פאַפיר־געלט. קיין נייע אסיגנאַציעס זיינען כמעט ניט געדרוקט געוואָרען. א טייל פון די אַלטע איז צוריקגעצויגען געוואָרען. געלט איז געוואָרען טייער. פרייזען זיינען געפאלען. דער פארמער האָט פאר זיינע פראָדוקטען געקראָגען ווייניגער צאַצאָלט און פאר זיינע חובות האָט ער געמוזט צאָלען מיט געלט וואָס איז געווען ווערט א סך מער ווי דאָס געלט וואָס ער האָט מיט יאָרען פריער געבאָרגט.

בויען נייע אייזענבאַנען און פאראייניגען פאראַנענע אייזען־באַנען איז געווען א פרוכטבארער פעלד פון ספעקולאַציע. גרודעם מיט געלט זיינען ארייננעלייגט געוואָרען אין די אונטערנעמונגען. אָבער די באַנען האָבען געמוזט וואַרטען עטליכע יאָר איידער זיי האָבען געקענט צאָלען פאר די ארייננעלייגטע קאַפיטאַלען. די אייזענבאַנען אין דער וועסט זיינען געבויט געוואָרען אויף א ריזי־קאַלישען און פארשווענדערישען אופן. דער הויפט ציל פון די אונ־טערנעמער איז געווען צו מאַכען אזוי פיל געלט ווי מעגליך ניט פון דעם באַטריב פון די אייזענבאַנען נאָר פון דעם בויען אַליין. א קליינע גרופע פון די פארוואלטער פון דער אייזענבאַן־קאָמפאַניע פלעגען אָרגאַניזירען א „בוי־קאָמפּאַניע" און זיך לאָזען באצאָלען

פאבעלהאפטען פרייזען פאר'ן בויען. אויף אזא אופן זיינען די אקציע־קויפער פון דער קאמפאניע באשווינדעלט געווארען. דאס לאנד און דאס געלט מיט וועלכע די רעגירונג האט ארויסגעהאלפען די קאמפאניעס זיינען אוועק אין די קעשענעס פון עטליכע פאר־וואלטער. נאך א שווינדלערישער מיטעל פון די פארוואלטער איז געווען צו קאפיטאליזירען דאס געשעפט אויף א גרעסערער סומע ווי ס'איז ווירקליך ווערט געווען. צ. ב., אין 1869 האט וואנדער־בילט פאראייניגט די צוויי אייזענבאן־קאמפאניס, די „ניו יארק סענטראל" און די „האדסאן ריווער", און האט דעמאלט ארויסגע־געבען נייע אקציעס וואס האבען באטראפען צוויי מאל אזוי פיל ווי די אקציעס פוןביידע קאמפאניעס צוזאמענגענומען. עטליכעס האט געטאן די „פענסילווייניא ריילראוד". אין פארלויף פון דעם קאמף וואס וואנדערבילט און גולד האבען אנגעפירט איבער דער „אירי ריילראוד", האבען די צוויי מאגנאטען ארויסגעגעבען אקציעס אויף דריי מאל אזוי פיל ווי די באן איז ווירקליך ווערט געווען.

מיט דער צייט האט זיך דער עולם אין אמעריקע און אין אייראפע דערוואוסט פון די אלע גנבות און רויבערייען, און א סך מענשען, איבערהויפט אין אייראפע, האבען מורא געהאט ווייטער אריינצולייגען זייער געלט אין די אונטערנעמונגען. קיין נייע „אינ־וועסטמענטס" זיינען אלזא ניט געמאכט געווארען, די אלטע זיינען צושלעפט געווארען און קיין ריווחים זיינען דערוויילע ניט געווען.

דערצו האבען זייטיגע אומשטענדען נאך געהאלפען די לאגע שווערער צו מאכען. אין 1871 און אין 1872 זיינען פארגעקומען צוויי גרויסע שרפות אין צוויי פון די גרעסטע שטעט: שיקאגא און באסטאן. די שרפה אין שיקאגא האט אויסגעבראכען א זונ־טאג ביינאכט אין אקטאבער, 1871, אין א קליינעם הילצערנעם שטאל. איידער מען האט דעם פייער איינגעלאשען איז א דריטעל פון דער באפעלקערונג פון שטאט געלעגען אונטער דעם פרייען הימעל. 17 טויזענט און 450 הייזער זיינען אוועק מיט'ן רויך. די שרפה אין באסטאן איז געווען א קלענערע, אבער האט אויך פארניכטעט הונדערטע הייזער און אנגעמאכט שאדען אויף מיליא־נען דאלאר. די צוויי שטעט האבען זיך גענויטיגט אין גרויסע

הלוואות אויף אויפצובויען זיך צוריק. שיקאגא אליין האט געבארגט אין ניו יארק פופציג מיליאן. דאס האט דעם דוחק אויף געלט פאר אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין לאנד נאך גרעסער געמאכט. דער געלט־מארק אין איירא‌פּע איז אויך פארענגט געווארען דורך עטליכע געשעענישען: די מלחמה צווישען פרייסען און פראנקרייך, די פראנצויזישע אוואנטורע אין מעקסיקא, די מלחמה צווישען עסטרייך און פרייסען, די דערעפענונג פון דעם סועץ קאנאל, און אזוי ווייטער.

דער קראך איז פארגעקומען אין סעפטעמבער. אנהויב מאנאט האבען צוויי גרויסע פירמעס אין ניו יארק באנקראטירט. די בערזע איז געווארען זייער אומרואיג. אלערליי קלאנגען האבען זיך גענומען ארומטראגען וועגען דער פינאנציעלער לאגע פון פארשיידענע באנקען און אינדוסטריעלע געשעפטען. דאן האט פאסירט עטוואס שרעקליכעס: דעם 18טען סעפטעמבער האט די באנק פון דזשיי. קוק פלוצלונג צוגעשלאסען אירע טירען. פריער האט זיך געשלאסען די פיליאלע אין ניו יארק, דערנאך די הויפטבאנק אין פילאדעלפיע און נאכהער א צווייטע אפטיילונג אין וואשינגטאן.

די באנק־פירמע דזשיי. קוק האט אין יענער צייט פארנומען דעם זעלבען פלאץ ווי די באנק־פירמע פון מארגאן פארנעמט איצט. זי איז באטראכט געווארען אלס די שטארקסטע, די רייכסטע, די זיכערסטע געלט־אינסטיטוציע אין לאנד. אט ווי פראפעסאר נעווינס באשרייבט יענעם מאמענט „קוק'ס באנקראט איז געווען א פינאנציעלער דונער וואס האט פארגליווערט דאס לאנד. ווען די נייס איז אנגעזאגט געווארען אויף דער ניו יארקער בערזע זיינען צוערשט אלע געבליבען אן לשון. דאן האט אויסגעבראכען אזא מהומה וואס מען האט קיינמאל פריער אויף דער בערזע ניט געהערט. ווען די נייעס איז אנגעקומען אין פילארעלפיע זיינען אלע מענשען אין דער בערזע ארויסגעלאפען אין גאס און זיך געלאזט ווי משוגעים צו קוק'ס קאנטאר, צו זען צי דער באריכט איז טאקע אמת. א צייטונגס־פארקויפער וועלכער האט געשריען אין גאס: „לייענט וועגען קוק'ס באנקראט" איז ארעסטירט געווארען. דער

פאליסמאן איז געווען זיכער אז דער צייטונגס־מאן וויל אפנארען דעם עולם מיט א סענסאציאנעלען ליגען. אין וואשינגטאן איז די נייס דערציילט געווארען אין א געריכט אין מיטען פון א מארד־פראצעס. האט דער ריכטער אפגעשטעלט די זיצונג און ער צוזאמען מיט די אדוואקאטען, די עדות, די געשווארענע זיינען אלע ארויסגעלאפען אין גאס אויסצוגעפינען צי עס איז אמת".

קוק'ס באנק האט באנקראטירט דערפאר וואס זי האט זיך אריינגעפלאנטערט אין אן אייזענבאן־אונטערנעמונג. אין 1864 האט א גרופע קאפיטאליסטען באקומען א קאנצעסיע פון דער רעגירונג צו בויען אן אייזענבאן אין דעם נארדליכען טייל פון לאנד, ביז'ן פאסיפישען ברעג. די קאמפאניע האט זיך גערופען „נארטערן פאסיפיק". זי האט מיט דער אונטערנעמונג קיין ערפאלג ניט געהאט. אין 1870 האט קוק זיך אונטערגענומען צו פארקויפען אקציעס פאר דער קאמפאניע און זאמלען פאר איר די נויטיגע סומע פון 100 מיליאן דאלער. דאס פובליקום האט געהאט גרויס צוטרויען צו קוק'ן און פון אנפאנג האט מען די אקציעס געקויפט. אבער ביסלאכווייז האט זיך דער עולם דערוואוסט אז די אונטערנעמונג איז א ריזיקאלישע. די ליניע האט זיך געדארפט ציען אויף הונדערטע מיילען דורך ליידיגען לאנד און פון דארטען האט זי א לאנגע צייט קיין שום הכנסה ניט געקענט האבען. קוק האט גענומען אריינלייגען געלט פון די קאסעס פון זיינע באנקען. דאס הייסט, ער האט געבארגט געלט ביי זיינע באנקען און עס אריינגעלייגט אין זיין אייזענבאן־קאמפאניע. ער האט ארויסגעצויגען אזוי פיל געלט פון די באנקען, אז זיי האבען מער ניט געקענט צאלען זייערע שולדען.

באנקען האבען איצט גענומען קראכען איינע נאך דער אנדערער. עס האבען זיך אויך געשלאסען פארשיידענע אינדוסטריעלע פירמעס. אין שיקאגא האבען באנקראטירט פינף נאציאנאלע באנקען. ביז'ן סוף יאר זיינען פארגעקומען פינף טויזענט באנקראטען אין לאנד אויף דער סומע פון 228 מיליאן דאלער. 29 אייזענבאן־קאמפאניס האבען דערקלערט, אז זיי קענען ניט צאלען די פראצענטען אויף זייערע וועקסלען. די ארבייט פון בויען בא־

גען האָט זיך אָפּגעשטעלט. עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרען די ארבייט אפילו אויף די ליניעס וואָס מען האָט שוין געהאַלטען אין מיטען בויען. אַ האַלבער מיליאָן ארבייטער האָט פארלאָרען די ארבייט. פאַבריקען האָבען זיך צוגעמאַכט, איבערהויפּט יענע פאַבריקען וואָס זיינען געווען פארבונדען מיט דער באַן־אינדוסטריע. די ארבייטסלאָזיגקייט איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג.

עס פארשטייט זיך, אַז אַם שרעקליכסטען האָבען פון דעם קריזיס געליטען די ארבייטער־מאַסען אין די שטעט. אָט זיינען ציטאַטען פון איינינגע היסטאָריקער ווי זיי שילדערען די לאַגע פון די ארבייטער אין די קריזיס־יאָרען: „דער ווינטער פון 1873 האָט געבראַכט שרעקליכע ליידען, איבערהויפּט אין די גרויסע שטעט. צענדליגע טויזענטע זיינען געווען אויפ'ן שוועל פארהונגערט צו ווערען אויף טויט. אין אַ סך ערטער זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען פאַרזאַמלונגען פון ארבייטסלאָזע. מענער האָבען זיך געבעטען מען זאָל זיי געבען ארבייט. קינדער האָבען געוויינט מען זאָל זיי געבען אַ שטיקעל ברויט". ווען דער ווינטער פון 1874 איז אָנגעקומען זיינען אין ניו יאָרק, באָסטאָן און שיקאַגאָ געשטאַנען לאַנגע ברויט־שורות... ניט נאָר איז שווער געווען צו קריגען ארבייט, נאָר פאַר דער ארבייט וואָס מען האָט שוין געקראָגען האָט דער לוין געהאַלטען אין איין פאַלען. אין מאַסאַטשוזעטס האָבען די ארבייטער אין 1872 באַקומען מיט 36 פּראָצענט העכערע שכירות ווי אין 1860. אָבער סוף 1875 זיינען די שכירות געפאַלען אויף צען פּראָצענט און אין 1878 אויף נאָך פינף פּראָצענט. עס האָט זיך פארשפּרייט ניט נאָר אָרימקייט נאָר אויך קראַנקהייט און פארברעכען. אין די גאַסען האָט מען לייכט געקענט באַמערקען אַ גרעסערע צאָל פּראָסטיטוטקעס און אין די געפענגניסען אַ גרעסערע צאָל ארעסאַנטען פאַר גנבה".

איינער פון די רעזולטאַטען פון דעם קריזיס איז געווען דאָס וואָס עס האָט זיך פּלוצלונג פארשפּרייט די מגפה פון טרעמפּס (וואַגאַבונדען). . . די וועגען און שאָסייען זיינען פול געווען מיט וואַגאַבונדען. אין געוויסע געגענדען האָבען זיי זיך פאראייניגט מיט פּראָפעסיאָנעלע פארברעכער־באַנדעס און בעטלערס. זיי האָ־

בען זיך אויפגעהאלטען אין די וועלדער, האבען גע'גנב'עט, גע'־שיכור'ט און זיך געשלאגען. פון אומעטום זיינען אנגעקומען באריכטען וועגען גנבות, שרפות, אנפאלען אויף פרויען. אין איי־ניגע שטעט פון ניו ענגלאנד האבען די איינוואוינער פון זייטיגע גאסען פאר מורא געמוזט פארלאזען זייערע וואוינונגען . . . אין יוני 1876 האבען 200 טרעמפס אפגעשטעלט א צוג און זיינען אויף אים אריינגעפארען אין א שטעטעל אין אילינאי, וואו זיי האבען געהאט א בלוטיגען צוזאמענשטויס מיט דער פאליציי. אנפאלען אויף באנען זיינען פארגעקומען אזוי אפט, אז מען האט אויף די באנען געמוזט ארויפזעצען א ספעציעלע וואך.

מיט יעדען יאר איז די לאגע געווארען ערגער. אין 1874 זיינען פארגעקומען 5,830 באנקראטען. אין 1875 איז די צאל געשטיגען ביז 7,740. אין 1876 האבען באנקראטירט ניט ווייניגער ווי 9,900. אין 1878 האבען באנקראטירט נאענט צו 10,500 פירמעס. זייערע חובות האבען אנגעטראפען איבער 234 מיליאן. אין יענעם יאר האט זיך די לאגע שוין גענומען פארבעסערען, אבער די אנגעזאמעלטע נויט פון די פריערדיגע יארען האט אונמעגליך געמאכט פאר א סך געשעפטען צו זיך צו קומען.

## קאַפּיטעל 43.

# פּרעזידענט גרענט און זיין אדמיניסטראַציע.

וויליאם וואודוואַרד, אַ ביאָגראַף פון גענעראל גרענט, זאָגט וועגען אים: „אין דזשאָרדזשטאַון, אָהייאָ, וואו ער האָט געלעבט אינגעלווייז, האָט מען אים געהאַלטען פאַר׳ן שטאָט־נאַר . . . זיין פּאָטער, אַ קאַרגער און בייזער מענש האָט גענומען אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקענט נעמען אומזיסט. ער האָט פאַר זיין זון אויסגעווירקט אַ פּלאַץ אין דער מיליטערישער שול אין וועסט פּאָינט. דער יונגער יוליסיס האָט אַהין ניט געוואָלט פאָרען. זיין אַמביציע איז געווען צו ווערען ענטוועדער אַ פאַרמער אָדער אַ לערער . . . אין דער מיליטערישער שול האָט ער זיך אין לערנען ניט אויסגעצייכענט. ער האָט זיך דאָרטען אויפגעפירט שלעכט. ער איז געווען פויל און נאַכלעסיג . . . פערציג יאָר שפּעטער האָט ער דערקלערט, אַז די פיר יאָר אין וועסט פּאָינט זיינען געווען די אומגליקליכסטע אין זיין גאַנץ לעבען . . . ער איז ניט געגאַנגען אין געזעלשאַפט. קיינער האָט אים ניט איינגעלאַדען. ער האָט זיך אַפילו ניט אויסגעלערענט טאַנצען . . . ער האָט אַזוי פיינט געהאַט דאָס מיליטערישע לעבען אַז ער האָט אָנגעהויבען צו שיכור׳ן. . . ער האָט געדינט אַלס אָפיציר אין מעקסיקאַנער קריג . . . נאָך דער מלחמה איז ער געשיקט געוואָרען אויף אַ מיליטערישען פּאָסטען קיין קאַליפאָרניע. זיין פרוי האָט ער איבערגעלאָזען אין מיזורי. זיין פרוי׳ס בריף זיינען געווען זיין איינציגע טרייסט אין זיין איינזאַמקייט. ער פלעגט זיי שטענדיג ארומטראָגען ביי זיך, ביז זיי פלעגען ווערען אויסגעטראָגענע שטיקלאך פּאַפּיר, און ער פלעגט זיי לעזען זיצענדיג איבער אַ פלאַש בראַנפען שטונדען נאָכאַנאַנד. די העכערע באַאַמטע האָבען ניט געקענט פאַרטראָגען זיין אויפפירונג. זיי האָבען אים געהייסען

רעזיגנירען. ער איז געבליבען אָן א שטעלע, אָן לעבענס־מיטעל און מיט א שטארקער ליידענשאפט צו בראנפען . . . אין די הייסע זומער־מאָנאַטען פון 1859 האָט ער ארומגעוואנדערט אין די גאסען פון סט. לואיז, געזוכט קונים אויף הייזער. ער איז געווען אזוי אָפּגעריסען און פארצווייפעלט, אז די פארבייגייער פלעגען זיך אָפּשטעלען קוקען אויף אים. ער איז ארומגעגאנגען זוכען קליינע הלוואות ביי באקאנטע. און דאָך איז ער ניין יאָר שפּעטער געווען דער פּרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען און בארימט איבער דער גאנצער וועלט אלס גענעראל . . . מיר שיינט אז ער האָט ניט געהאט קיין שום אנדער פעהיגקייט ווי די מיליטערישע".

וועגען זיין פיזישען אויסזען שרייבט א צווייטער ביאָגראף, פּראָפעסאָר קולידזש, פאָלגענדעס: „א נידעריגער, אָן אָנגעבלאָזענער, מיט איידעלע מאנערען. פון זיינע קליידער האָט זיך געטראָגען א ריח פון אלטען טאבאק. ער האָט זיך געפילט אומבאקוועם אין דער געזעלשאפט פון געבילדעטע מענשען".

די אכט יאָר וואָס גרענט איז געווען פּרעזידענט איז די רעגירונג פארפלעקט געוואָרען מיט סקאנדאלען, כאבאר און קאָרופּציע. צי ער אליין איז אין די סקאנדאלען געווען פארמישט קען מען אויף זיכער ניט זאָגען. אָבער זיכער איז, אז ער האָט זיך געלאָזט אויסנוצען פון אומערליכע מענשען און האָט זיי אָפט באשיצט און פארטיידיגט. אין עטליכע פון די סקאנדאלען זיינען געווען פארמישט זיינע מיניסטאָרען, זיינע פּריוואט־סעקרעטערען און זיינע נאָענטע קרובים. ער האָט דורך זיין אומפעהיגקייט און נאכלעסיגקייט געבראכט צו אזא לאגע, אז ערליכע מענשען האָבען זיך געשעמט צו זיצען אין זיין קאבינעט.

מר. ראודס דריקט זיך אויס, אז גרענט „האָט געהאט א שוואכקייט" צו רייכע לייט. אלס פינאנץ־מיניסטער פון זיין ערשטען קאבינעט האָט ער באשטימט אלעקסאנדער סטוארט פון ניו יאָרק, איינער פון די דריי רייכסטע מענשען אין לאנד. עס האָבען זיך אויפגעהויבען פּראָטעסטען. אָבער גרענט האָט זיי איגנאָרירט. דאן האָט זיך אימיצער דערמאָנט, אז עס איז דאָ אַן אלטער געזעץ, אז א מענש וואָס איז דירעקט אָדער אינדירעקט

פאראינטערעסירט אין געשעפט אדער האנדעל, טאר ניט דינען אלס פינאנץ־מיניסטער. גרענט האט געזוכט צו ווירקען אויפ'ן קאנגרעס ער זאל דאס געזעץ ענדערען. אבער דאס האט ער ניט אויסגעפירט און סטוארט האט געמוזט רעזיגנירען. אין גרענט'ס קאבינעט האבען זיך געפונען בלויז דריי מיניסטארען וועמען מען האט געקענט אלס פייאיגע און ערליכע מענשען. די דריי האבען זיך אבער ביי אים לאנג ניט געהאלטען. וועגען דעם פלאטען־מיניסטער אדאלף בערי שרייבט ראודס: „בערי האט זיך אויסגעצייכענט בלויז מיט צוויי זאכען, ער איז געווען רייך און איז געווען גרענט'ס א פערזענליכער פריינד".

די ערשטע ניט־זויבערע פאסירונג אין גרענט'ס אדמיניס־טראציע איז געווען אין פארבינדונג מיט אויסלענדישע אנגעלע־גענהייטען. גרענט האט באשלאסען צו אנעקסירען סאן דא־מינגא, די נעגער־רעפובליק וואס געפינט זיך אויף אן אינזעל צווישען נארט און זיד אמעריקא. די אלע איינצעלהייטען פון דער פאסירונג זיינען נאך ביז היינט ניט קלאר. נאר מיט עט־ליכע יאר פאר דעם, האט זיך ארגאניזירט א געזעלשאפט פון אמעריקאנער קאפיטאליסטען, וואס האט געפירט אונטערהאנד־לונגען מיט דער סאן דאמינגא'ר רעגירונג וועגען געוויסע קאנ־סעציעס. א גרופע אמעריקאנער קאפיטאליסטען האבען אויך ארגאניזירט א באנק אין סאן דאמינגא. עס זיינען דא אורזאכען צו גלויבען, אז רעגירונגס־בעאמטע פון סאן דאמינגא און רעגי־רונגס־בעאמטע פון די פאראייניגטע שטאטען זיינען געווען פאר־אינטערעסירט אין דער באנק. פארשטייער פון די צוויי אמע־ריקאנער פירמעס אין סאן דאמינגא האבען אונטערהאנדעלט מיט געוויסע פערזאנען אין גרענט'ס אדמיניסטראציע. דורך זיי האט גרענט געקראגען צו וויסען, אז די סאן דאמינגא'ער רעגירונג איז וויליג צו פארקויפען דאס לאנד צו די פאראייניגטע שטאטען.

אין יולי, 1869, האט פרעזידענט גרענט געשיקט קיין סאן דאמינגא איינעם פון זיינע פריוואט־סעקרעטארען, א געוויסען ארוויל בעבקאק, ער זאל אויספארשען דאס לאנד. בעבקאק איז אנגעקומען אין סאן דאמינגא אויף א קריגס־שיף. דאס האט

נאטירליך געגעבען זיין מיסיע א הויכען דיפלאמאטישען כאראק־
טער. בעבקאק האט פארהאנדעלט מיט פארשטייער פון דער
סאן דאמינגא׳ר רעגירונג און האט אויסגעארבייט מיט זיי פאל־
גענדען „פראטאקאל”: אמעריקא זאל באצאלען סאן דאמינגא
אנדערהאלבען מיליאן דאלער (סאן דאמינגא האט זיך גענויטיגט
אין געלד אויף באצאלען חובות). פאר דער סומע זאל סאן
דאמינגא ווערען דאס אייגענטום פון די פאראייניגטע שטאטען.
בעבקאק האט פארשפראכען אז דער פרעזידענט וועט ווירקען
אויפ׳ן קאנגרעס ער זאל דעם מסחר גוטהייסען.

ווען די פראגע איז אויפגעהויבען געווארען אין סענאט האט
זיך דארטען אנטוויקעלט א שטארקע אפאזיציע צום פראיעקט.
דער פירער פון דער אפאזיציע איז געווען סענאטאר סאמנער.
ער האט גע׳טענה׳ט, אז דער אינזעל געהערט צו די נעגער און
זיי זיינען צו אים בארעכטיגט „דורכ׳ן רעכט פון באזיץ, דורכ׳ן
רעכט פון בלוט און שוויים וואס איז אויסגעמישט מיט דער
ערד”. ער האט דערקלערט, אז די סאן דאמינגא׳ר בעאמטע
וואס האבען אנגעבאטען דאס לאנד צו פארקויפען זיינען „פאָ־
ליטישע שווינדלער”.

פרעזידענט גרענט האט אנגעשטרענגט אלע זיינע כחות
דעם פראיעקט דורכצופירען. ער איז געווארען סאמנער׳ס בי
טערער פיינד, כאטש סאמנער איז געווען איינער פון די וויכ־
טיגסטע פערזענליכקייטען אין זיין פארטיי. אבער גרענט האט
דעם קאמף פארלארען. דער סענאט האט זיך אנטזאגט גוטצו־
הייסען דעם אפמאך מיט סאן דאמינגא.

אין פארלויף פון דעם צווייטען יאר פון זיין אדמיניסטרא־
ציע זיינען פון גרענט׳ס קאבינעט ארויסגעטראטען די צוויי בעס־
טע און ערליכסטע מיניסטארען. זיי האבען געמוזט גיין צוליב
נידעריגער און אומערליכער פאליטיק. דער ערשטער האט רע־
זיגנירט דער אטאירני דזשענעראל (יוסטיץ מיניסטער) ראקוואוד
האער. גרענט האט אים אין א שיינעם פרימארגען ארייננעשיקט
א בריוועלע מיט א בקשה ער זאל רעזיגנירען. קיין אורזאך האט
גרענט ניט אנגעגעבען. האער האט נאטירליך געפאלגט. שפע־

טער האָט ער זיך דערוואוסט אז ער איז געפאלען א קרבן אי־בער דעם קאמף ארום סאן דאָמינגאָ. די סענאַטאָרס פון דער סאוט האָבען געלאָזט וויסען גרענט'ן, אז אויב ער וועט ארייג־זעצען אין קאַבינעט איינעם פון דער סאוט וועלען זיי שטימען פאר זיין סאן דאָמינגאָ פּלאַן. האָט ער זייער פאָרשלאג אָנגע־נומען און געהייסען האער'ן גיין, כדי צו מאכען פּלאַץ פאר א פאָרשטייער פון דער סאוט. אויף האער'ס אָרט האָט גרענט בא־שטימט אן אומבאוואוסטען מענשען, א געוויסען אַקערמאַן, וועל־כער איז רעקאָמענדירט געווארען פון די פּאָליטישענס פון דער סאוט.

דער צווייטער וויכטיגער מיניסטער וואָס האָט געמוזט רע־זיגנירען איז געווען דזשייקאָב קאקס, דער מיניסטער פון אינער־ליכע אנגעלעגענהייטען. אין דער קורצער צייט וואס ער האָט זיין אמט געהאלטען האָט קאקס זיך פארהאסט געמאכט ביי די פּאָליטישענס וועלכע האָבען געזוכט „טובות" און קאָנטראקטען. ער האָט אויך פארבאָטען די פּאָליטישע „באָסעס" צו שלעפּען געלד ביי די אנגעשטעלטע פון זיין דעפּארטמענט. ער האָט זיך ענטזאגט צו געבען שטעלעס צו די פריינט פון די פּאָליטי־שענס. די פּאָליטישענס האָבען זיך באקלאָגט פאר'ן פּרעזידענט. קאקס האָט ניט געווארט ביז מען וועט אים הייסען גיין און האָט אליין אריינגעשיקט זיין רעזיגנאציע. אויף זיין פּלאַץ האָט גרענט באַשטימט א געוויסען דילייגאָ, וועלכער האָט געטאָן אלץ וואָס די פּאָליטישענס האָבען געוואָלט.

דער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאנד איז דעמאלסט געווען דער בארימטער היסטאָריקער מאָטלי. אים האָט אויך גרענט גע־צוואונגען צו רעזיגנירען. אויף זיין פּלאַץ האָט ער געשיקט דעם געוועזענעם גענעראל סקענק, וועלכער האָט זיך פארפּלאָנ־טערט אין א ניט־שיינעם געשעפט מיט אַקציעס און וועלכער האָט אָנגעשריבען א בוך: „ווי אזוי צו שפּילען פּאָוקער".

גרענט איז שטארק קריטיקירט געווארען פאר נאָך צוויי זאכען: ער האָט ליב געהאט צו נעמען מתנות און ער האָט גע־טיילט שטעלעס צו זיינע קרובים און צו זיין פרוי'ס משפחה.

סענאטאר סאמנער האט אין א רעדע דערקלערט, אז גרענט האט פארזארגט יעדען מיטגליד פון זיין אייגענער און פון זיין פרוי'ס משפחה מיט א גוט־באצאלטער שטעלע. וועגען זיין שוואכקייט צו נעמען מתנות שרייבט זיין ביאגראף קולידזש פאלגענדעם: „ער האט ניט באטראכט פאר אומעטיש צו נעמען מתנות אפילו פון אזעלכע מענשען וועמען ער האט שפעטער געטאן טובות. צווישען די פרעזענטען וואס ער האט באקומען זיינען געווען א הויז אין פילאדעלפיא און א הויז אין וואשינגטאן. ער האט גענומען אלץ וואס מען האט אים געגעבען, אפילו אזעלכע זאכען, אין וועלכע ער האט זיך גארניט גענויטיגט. א טייל פון די זאכען זיינען פארבליבען ליגען איינגעפאקט, אזוי ווי ער האט זיי באקומען, אין קעלער פון דעם „ווייסען הויז" די גאנצע צייט וואס ער האט דארט געוואוינט.

אין די רעפובליקאנישע רייען האט זיך אנטוויקעלט א שטארקע אומצופרידענהייט מיט גרענט'ן און מיט זיין אדמיניס־טראציע. ווען עס איז געקומען די צייט צו טראכטען וועגען נייע וואלען האט זיך די אפאזיציע קריסטאליזירט אין א באוועגונג אונטער'ן נאמען „ליבעראלע רעפובליקאנער". צווישען די אנ־פירער פון דער באוועגונג זיינען געווען די פראמינענטסטע צייטונגס־רעדאקטארען פון יענער צייט, ווי הארעיס גרילי, סעמיועל באועל, הארעיס ווייט, א. ל. גאדקין און וויליאם ראלען ברייענט. צווישען זיי זיינען אויך געווען אזוינע פראמינענטע פאליטיקער ווי סענאטאר סאמנער, דער געוועזענער קאבינעט מיניסטער קאקס און קארל שורץ. אנהויב מאי, 1872, האבען די אנפירער פון דער באוועגונג פארופען א נאציאנאלע קאנווענשאן אין סינ־סינעטי. די קאנווענשאן האט פארדאמט גרענט'ן און זיין אדמי־ניסטראציע אלס קארופט און פארדארבען. זי האט אויסגעאר־בייט א גאנצען צעטעל פון רעפארם־פאדערונגען. דאן האט זי נאמינירט הארעיס גרילי פאר פרעזידענט און גראטץ בראון פאר וויים־פרעזידענט. מיט צוויי מאנאטען שפעטער האט די דע־מאקראטישע פארטיי ביי איר קאנווענשאן אין באלטימאר בא־שלאסען זיך צו פאראייניגען אין דעם וואל־קאמף מיט די לי־

בעראַלע רעפּובליקאַנער. די רעגולערע רעפּובליקאַנער האָבען ביי זייער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיא נאָמינירט גרענט'ן פאַר א צווייטען טערמין. אלס וויס־פּרעזידענט האָט די פּאַרטיי נאָמינירט סענאַטאָר הענרי ווילסאָן פון מאַסאַטשוזעטס.

דער וואַל־קאַמף איז כמעט אויסשליסליך געפירט געוואָרען אויף פּערזענליכע ליניעס. די ליבעראַלע רעפּובליקאַנער און די דעמאָקראַטען האָבען געשימפּט און געזידעלט גרענט'ן, און די רעגולערע רעפּובליקאַנער האָבען געשימפּט און געזידעלט גרי־לי'ן. מיט גרילי'ס קאַנדידאַטור זיינען געווען אומצופרידען אויך א סך פון גרענט'ס געגנער, ערנסטע און ערליכע בירגער וואס האָבען שטאַרק געוואָלט דאָס לאַנד זאָל פּטור ווערען פון גרענט'ן. זיי האָבען געהאַלטען אז גרילי איז ניט דער פּאַסיגער מענש פאַר פּרעזידענט, ווייל ער איז געווען צו וואַקעלדיג אין כאַראַק־טער. זיי זיינען געווען איבערצייגט, אז אויב גרילי וועט זיין פּרעזידענט וועט ער דינען אלס ווערקצייג אין די הענד פון ביט־רע פּאָליטישענס. גרילי'ס באַוועגונג האָט געליטען פון נאָך א זאַך. אין די לאַנגע יארען אלס צייטונגס־רעדאַקטאָר האָט ער זיך פאַרשאַפט א סך געגנער. זיין אויפגאַבע אלס רעדאַקטאָר איז געווען שטענדיג צו קריטיקירען, שטענדיג אראָפּצורייסען. צווישען די גרויסע מאַסען האָט ער דורכדעם געוואונען א סך פאַרערער און פריינד. אָבער צווישען די פּאָליטיקער און מאַכט־האָבער האָט ער געהאַט זייער א סך שונאים.

דער וואַל־קאַמף האָט זיך געענדיגט מיט א גרויסען זיג פאַר גרענט'ן און מיט א שרעקליכער מפּלה פאַר גרילי'ן. גרענט האָט געוואונען אין כמעט אַלע שטאַטען, אויסער זעקס. ער האָט אויך באַקומען מיט 800 טויזענד שטימען מער ווי גרילי.

די באַוועגונג פון די ליבעראַלע רעפּובליקאַנער האָט צוזאַ־מענגעבראָכען. אויף האָרעס גרילי האָט די מפּלה געווירקט אַזוי שלעכט, אז ער איז מיט עטליכע וואָכען שפּעטער געשטאָר־בען פון א צובראָכען הארץ. קורץ נאָך די וואַלען האָט ער גע־שריבען צו זיינעם א פריינד א בריף אין וועלכען ער האָט אויס־געגאָסען זיין פאַרדרוס: „איך האָב געליטען די גרעסטע מפּלה

וואס א קאנדידאט פאר א הויכען אמט האט ווען עס איז געהאט. איך בין אזוי ביטער אטאקירט געווארען, אז איך האב ניט גע־וואוסט צי איך לויף פאר פרעזידענט צי פאר א טערמין אין פריזאן. אין דער טונקעלסטער שטונדע פון מיינע ליידען האט מיין פרוי מיך פארלאזען (זי איז געשטארבען עטליכע טעג פאר דעם וואל־טאג). .. איך האב זי באערדיגט מיט טרוקענע אויגען. איך בין אויסגעשעפט. איך קען ניט זען מער וואס עס טוט זיך ארום מיר. איך האב וואכען לאנג כמעט מיט אן אויג ניט צו־געמאכט".

גרענט'ס צווייטער טערמין איז אין פרט פון סקאנדאלען געוועזן נאך ערגער ווי דער ערשטער. נאך איידער גרענט איז צום צווייטען מאל איינגעשוואוירען געווארען אין אמט האט אויסגעבראכען דער סקאנדאל מיט דער „קרעדיט־מאביליער". אביסעל פריער פאר דער איינשווערונג איז געשען דער סקאנ־דאל מיט דער לוין־העכערונג: א טאג פריער איידער דער קאנ־גרעס האט געענדיגט זיין לעצטע זיצונג האט ער אנגענומען א פארשלאג צו העכערען דאס געהאלט פון פרעזידענט פון 25 טויזענד אויף 50 טויזענד א יאר, און פון די קאנגרעסלייט און סענאטארען — פון פינף טויזענד אויף זיבען און א האלב טוי־זענד א יאר. געגען דער העכערונג גופא וואלט ווארשיינליךביים עולם קיין געגענשאפט ניט געווען. די קאנגרעסלייט און סענאטארען האבען זיך אבער מיט דער העכערונג ניט באנוגענט. זיי האבען באשלאסען, אז זיי קומט די העכערונג ניט נאר אויף ווייטער נאר אויך אויף פריער, פאר די צוויי פארגאנגענע יאר. זיי האבען באשלאסען, אז די רעגירונג זאל יעדען פון זיי בא־צאלען אויסער זייער געהאלט, נאך צו פינף טויזענד דאלער.

דאס האט ארויסגערופען גרויס אויפרעגונג אין דער פרעסע. די האנדלונג איז באצייכענט געווארען מיט'ן נאמען „די בעק פעי גרעב". טייל סענאטארען און קאנגרעסלייט האבען זיך דערשראקען און אליין זיך ענטזאגט דאס געלד צו נעמען. דער שטורעם איז געווען אזוי גרויס, אז דער נעקסטער קאנגרעס האט

ביי זיין ערשטער זיצונג אינגאנצען צוריקגצויגען די העכערונג אויף דעם געהאַלט פון זיינע מיטגלידער.

אין 1874 איז פאָרגעקומען דער סקאַנדאַל מיט די „סענבאָרן" קאָנטראַקטען. דער פינאַנץ־מיניסטער ריטשערדסאָן, האָט געהאַט אַ קאָנטראַקט מיט אַ געוויסען סענבאָרן, אַז ער זאָל דינען אַלס ספּעציעלער אַגענט פאַר דער רעגירונג. סענבאָרנ'ס אויפגאַבע איז געווען אויפצומאַנען שטייערען ביי מענשען און פירמעס וואָס האָבען פאַרפעלט צו צאָלען זייער שטייער, אָדער אַזעלכע וואָס האָבען ניט באַצאָלט די פולע סומע. פאַר יעדען דאָלער וואָס סענבאָרן האָט איינגעמאָנט האָט ער באַקומען אַ האַלבען דאָלער. סענבאָרן האָט אין אַ קורצער צייט געזאַמעלט 427 טויזענט דאָלער און געקראָגען אויף זיין חלק 214 טויזענד. דאַן האָט מען זיך דערוואוסט, אַז סענבארן טוט זיין ארבייט אומערליך און שווינדלעריש. אַ קאָנגרעס־קאָמיטע האָט געמאכט אַן אונטערזוכונג און עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז ער האָט געמאָנט שטייערען ביי מענשען און פירמעס וואָס זיינען גאָרניט געווען הינטערשטעליג אדער אזוינע וואָס וואָלטען אליין באַצאָלט. עס האָט זיך אויך ארויסגעוויזען אַז אַ חלק פון דעם געלד וואָס ער האָט גענומען פאַר זיך האָט ער זיך דערמיט געטיילט מיט איינפלוסרייכע פּאָליטישענס, און אַז דער פינאַנץ־מיניסטער האָט געוואוסט פון אַלץ וואָס סענבאָרן האָט געטאָן און זיך געמאכט ניט זעענדיג.

די אונטערזוכונגס־קאָמיטע האָט זיך געאייניגט אויף אַ באַריכט וואָס האָט געראַטען, אַז דער פינאַנץ־מיניסטער זאָל אראָפּגעזעצט ווערען פון זיין אמט. ווען פּרעזידענט גרענט האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער געשיקט רופען די קאָמיטע־לייט און אויף זיי געווירקט זיי זאָלען דעם מיניסטער ניט טשעפּען. ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז ריטשערדסאָן וועט אליין רעזיגנירען. די קאָמיטע האָט אים געפאָלגט. ריטשערדסאָן האָטווירקליך רעזיגנירט. אָבער גרענט האָט אים באַשטימט אַלס ריכטער פון אַ וויכטיגען געריכט אין וואַשינגטאָן.

גרענט'ס פּריוואַט סעקרעטאַר בעבקאַק איז געווען פאַרמישט

אין א צווייטען גרויסען סקאנדאל, וועלכער האט זיך געענ־דיגט דערמיט וואס גרענט האט געצוואונגען די צוויי ערליכע מיניסטארען פון זיין קאבינעט צו רעזיגנירען. דער סקאנדאל האט געהאט צו טאן מיט די גרויסע ברויערייען אין דער וועסט, מיט די פאבריקאנטען פון שנאפס. איינער פון די מיניסטארען, דער נייער פינאנץ־מיניסטער בריסטאו, האט זיך דערוואוסט, אז די פאבריקאנטען באשווינדלען די רעגירונג אויף מיליאנען דאלער. זיי האבען געמאכט א פארשווערונג מיט די שטייער־זאמלער פון דער רעגירונג און אנשטאט צו צאלען שטייערען פלעגען זיי צאלען די בעאמטע כאבאר און יענע פלעגען מאכען א שוויינ. בריסטאו האט געמאכט א געהיימע אונטערזוכונג, געמאכט אב־לאוועס אויף ברויערייען און אויף רעגירונגס־ביוראס. דאן האט ער ארעסטירט עטליכע בעאמטע און עטליכע פאבריקאנטען. צווי־שען די באשולדיגטע איז געווען בעבקאק. ער איז אנגעקלאגט געווארען אין נעמען כאבאר. מען האט אויך גערעדט, אז בעב־קאק האט ביי די שנאפס־פאבריקאנטען גענומען געלד פאר גרענט'ס וואלקאמף אין 1872, און אז ער האט זיך געגרייט צו נעמען ביי זיי געלד אין 1878 צו דערוויילען גרענט'ן פאר א דריטען טערמין.

פון די אלע באשולדיגטע זיינען בלויז עטליכע באשטראפט געווארען. דאס מערקווירדיגסטע האט פאסירט מיט בעבקאק'ס פראצעס. פרעזידענט גרענט האט זיך אליין פארגעשלאגען אויפ־צוטרעטען אלס עדות פאר בעבקאק'ן. דאס האט, פארשטייט זיך, געהאט א גרויסע ווירקונג אין געריכט און בעבקאק איז באפרייט געווארען. וואס איז שייך דעם הויפט שולדיגען אין די סקאנדאלען, א געוויסען דזשאן מעקדאנאלד, האט ער געגעבען גרענט'ן טייערע פרעזענטען און ווען גרענט האט באזוכט סט. לואיס אין 1874, האט מעקדאנאלד אים זייער שיין אויפגענומען. נאכ'ן פראצעס האט גרענט געצוואונגען דעם פינאנץ־מיניסטער צו רעזיגנירען. אין איין וועג האט ער אויך ארויסגעזעצט פון קאבינעט דעם פאסטמייסטער דזשענעראל דזשועל, וועלכער האט געשטיצט בריסטאו'ן אין זיין קאמף געגען די כאבארניקעס.

נאָך אַ סקאַנדאַל איז אויפגעדעקט געוואָרען דורך אַ קאָנ־גרעס קאָמיטע וואָס האָט אונטערזוכט דעם קריגס־מיניסטעריום. דער קריגס־מיניסטער איז געווען וויליאם וו. בעלנעפּ, גראַנט'ס אַ ליבלינג. די קאָמיטע האָט אויסגעפונען, אַז דער מיניסטער האָט יאָרען לאַנג ארויסגעפּרעסט געלד ביי רעגירונגס־אַנגעשטעל־טע אין איינעם פון זיינע ביוראָס. די בעלנעפּס האָבען זייער שטאַרק געוואָלט אריינקומען אין די הויכע פענסטער. די פרויען אין דער פאַמיליע זיינען דערצו געווען אויסבערענגעריגס. קיין איינגען געלד האָט דער מיניסטער ניט געהאַט און זיין געהאַלט איז געווען קליין. . . מאַדאַם בעלנעפּ איז דאַן געפאַלען אויף אַ פּלאַן ווי אַזוי צו קריגען געלד. זי האָט געראַטען אירען אַ פריינד, אַ געוויסען קיילעב מאַרש, ער זאָל זיך אָנבאָטען צו איר מאַן פאַר אַ געוויסער שטעלע און אַז אויב ער וועט די שטעלע קריגען זאָל ער זיך מיט איר טיילען מיט זיין געהאַלט. האָט מאַרש געטאָן בעסער. ער האָט זיך געזען מיט דעם מענשען, וואָס איז שוין אין דער שטעלע געזעסען און יענער האָט מסכים געווען אים צו צאָלען צוועלף טויזענד דאָלער אַ יאָר אויב ער וועט אים לאָזען צורו אין דער שטעלע. מאַרש האָט איינגעשטימט. פון די צוועלף טויזענד דאָלער וואָס ער האָט באַקומען האָט ער אַ העלפט געגעבען דער מאַדאַם בעלנעפּ. ווען דער סקאַנדאַל איז אויפגעדעקט געוואָרען איז מאַדאַם בעלנעפּ שוין געווען טויט. איר מאַן, דער מיניסטער, האָט גע'טענה'ט, אַז ער האָט ניט גע־וואוסט פון דער גאַנצער געשיכטע. עס איז אָבער באַוויזען גע־וואָרען, אַז נאָך זיין פרוי'ס טויט איז דאָס כאַבאַר־געלד יע־שיקט געוואָרען צו אים און אַז ער האָט דאָס געלד צוגענומען.

די אונטערזוכונגס־קאָמיטע האָט רעקאָמענדירט אַז בעלנעפּ זאָל „אימפּיטשט" ווערען. בעלנעפּ האָט אָבער באַצייטענס רע־זיגנירט. גראַנט האָט אָנגענומען זיין רעזיגנאַציע „מיט פאַר־דרוס". דער סענאַט האָט בעלנעפּ'ן גע'משפט, אָבער אַזוי ווי ער האָט שוין אליין רעזיגנירט האָבען עטליכע סענאַטאָרען גע־שטימט מען זאָל אים צורו לאָזען. דערמיט האָט זיך די גע־שיכטע געענדיגט.

די אלע סקאנדאלען האבן געגעבען דער גרענט־אדמיניס־טראציע א זייער שלעכטע רעפוטאציע אין לאנד. זיי האבען אויך שטארק דיסקרעדיטירט די גאנצע רעפובליקאנישע פארטיי. אין די קאנגרעס וואלען פון 1874 זיינען די רעפובליקאנער מיאוס דורכגעפאלען. די דעמאקראטען האבען אויסגעקליבען 198 מיטגלידער און די רעפובליקאנער ניט מער ווי 94.

די דעמאקראטישע פארטיי האט געפילט, אז ענדליך איז גע־קומען די צייט ווען זי האט א מעגליכקייט צו דערוויילען א פרעזידענט און אריינקריגען די נאציאנאלע רעגירונג אין אירע הענט. זי האט אויך שטארק געבויט אויף דעם קריזיס אין לאנד. עס איז אן אלטער כלל, אז די פארטיי אונטער וועלכע א קריי־זיס קומט פאר, ווערט געשלאגען אין די נאענטסטע וואלען. די דעמאקראטישע פארטיי האט אלזא געמאכט גרויסע הכנות און גרויסע אנשטרענגונגען פאר די פרעזידענט־וואלען פון 1876. אלס קאנדידאט פאר פרעזידענט האט זי ארויסגעשטעלט איינעם פון אירע אנגעזעענסטע פירער, סעמיועל דזש. טילדען פון ניו יארק. די רעפובליקאנישע פארטיי האט געגען אים ארויסגעשטעלט רו־טערפארד ד. העיז, פון אהייא. העיז איז נאמינירט געווארען דערפאר וואס ער האט פריער זיך ווייניג וואס געמישט אין נא־ציאנאלער פאליטיק און ער האט געהאט א ריינעם נאמען. נאך א מעלה האט ער געהאט, וואס קיינער האט ניט געוואוסט זיין שטעלונג אין וויכטיגע טאג פראגען. ער איז געווען אן אונ־באקאנטע פערזאן וואס האט נאך קיין צייט ניט געהאט זיך איינ־צושאפען געגנער.

דער וואל־קאמף פון 1876 האט זיך געענדיגט מיט א ספסוך.ביידע פארטייען האבען דערקלערט אז זיי האבען געזיגט. אויס־געפירט לסוף האט די רעפובליקאנישע פארטיי און העיז איז געווארען פרעזידענט. אבער ביז היינטיגען טאג גלויבען די דעמאקראטען, אז זיי זיינען באשווינדעלט געווארען. מר. קענט („די געשיכטע פון דער דעמאקראטישער פארטיי") שרייבט: „די דעמאקראטען וועלען אייביג באשטיין דערויף, אז טילדען איז דערוויילט געווארען און אז דער פרעזידענט־אמט איז פון

אים אויסגעשווינדעלט געווארען. פאר די דעמאקראטען וועלען די דאזיגע וואלען שטענדיג באצייכענט ווערען מיט'ן נאמען „דער פארברעכען פון 1876".

מר. קענט שרייבט ווייטער: „קיינער וועט קיינמאל ניט וויסען אלע פאקטען וועגען די אומערלאכקייטען וואס זיינען אפ־געטאן געווארען פון ביידע פארטייען אין דעם גרויסען קאמף וואס האט אנגעהאלטען פון 8טען נאוועמבער ביז'ן 2טען מערץ. ביידע צדדים האבען באשולדיגט איינער דעם אנדערען אין קאר־רופציע און כאבאר — און ווארשיינליך זיינען אלע באשולדי־גונגען געווען ריכטיג".

די וואלען זיינען פארגעקומען דינסטאג, דעם 7טען נאוועמ־בער. פון די באריכטען וואס זיינען אנגעקומען יענע נאכט האט עס אויסגעוויזען אז טילדען איז זיכער דערוויילט געווארען. אין ניו יארק, וואו עס זיינען געווען די הויפט־קווארטירען פון ביידע פארטייען, האבען די דעמאקראטען יענע נאכט געפרא־וועט א שמחה און די רעפובליקאנער זיינען אוועק אהיים פאר־אומערטע. מיטוואך אין דערפרי זיינען אלע צייטונגען ארויס מיט די נייעס אז טילדען איז דערוויילט. בלויז איין צייטונג, „די טאימז", וועלכע איז געווען פארביסען רעפובליקאניש, האט געשריבען אז עס איז דא א האפענונג אז העיז האט געזיגט.

כדי צו ווערען דערוויילט האט א קאנדידאט געמוזט קריגען 185 עלעקטארישע שטימען. טילדען האט געהאט זיכערע 184; העיז האט געהאט זיכערע 166. דער צווייפעל און ספעקולאציע זיינען געווען איבער די עלעקטארישע שטימען אין דריי שטאטען פון דער סאוט: סאוט קאראליינא, פלארידא און לואיזיאנא. אויב העיז וועט קריגען אלע עלעקטארס פון די אלע דריי שטאטען וועט ער האבען 185 שטימען, מיט איין שטימע מער ווי טיל־דען. אין יענע דריי שטאטען זיינען אין דעם וואלטאג פארגע־קומען אומרועען: עס זיינען באגאנגען געווארען א סך שווינדלע־רייען און אומערליבקייטען אין די שטימפלעצער. די קאמיטעס וואס האבען דארט געדארפט ציילען די שטימען זיינען געווען רעפובליקאנישע. דערויף האבען די רעפובליקאנישע פירער איצט

געבויט. מיטוואך אין דערפרי האבען זיי טעלעגראפירט צו זייערע מענשען אין די דריי שטאטען אז זיי זאלען זען „האלטען די שטאטען", דאס הייסט, אז זיי זאלען אזוי ציילען די שטימען, אז די שטאטען זאלען „גיין" רעפובליקאניש.

ביידע פארטייען האבען אוועקגעשיקט זייערע בעסטע מענשען, זייערע געשיקטסטע פאליטיקער און בעסטע אדוואקאטען אין די דריי שטאטען. דער פרעזידענט האט אהין ארייננגעשיקט סאלדאטען צו באשיצען די שטים־ציילער. פרעזידענט גרענט האט גארניט געהאט קיין רעכט צו שיקען סאלדאטען, ווייל די שטאט־רעגירונגען האבען עס ניט געפאדערט. ער האט עס געטאן בלויז בדי צוצוגעבען מוט די רעפובליקאנישע קאמיטעס זיי זאלען ניט מורא האבען צו ציילען ווי זיי פארשטייען...

די קאמיטעס האבען אנטשידען אז די רעפובליקאנישע פארטיי האט געזיגט אין אלע דריי שטאטען. די דעמאקראטישע פארטיי האט באשלאסען צו קעמפען געגען דער אנטשיידונג. דאס געזעץ איז, אז אין אזא פאל דארפען ביידע צווייגען פון קאנגרעס דורכקוקען די רעזולטאטען פון די עלעקטארישע וואלען און באשטימען ווער עס איז ערוויילט. יעדע פון די צוויי פארטייען האט גראד איצט קאנטראלירט איין צווייג פון קאנגרעס: די רעפובליקאנישע פארטיי האט געהאט א מאיאריטעט אין סענאט און די דעמאקראטישע פארטיי, אין דער „האוז". יעדע פארטיי האט אלזא געהאט די מאכט ניט צו דערלאזען אז דער געגנערישער קאנדידאט זאל פון קאנגרעס דערקלערט ווערען אלס זיגער.

דער קאמף איז איצט אריבערגעטראגען געווארען אין קאנגרעס. נאך א לאנגער ראנגלעריי איז באשלאסען געווארען, אז יעדע פון די צוויי פארטייען זאל אויסקלייבען א קאמיטע פון פינף און אז פון סופרים קאורט זאלען אויסגעקליבען ווערען פינף ריכטער, און אז די פופצען זאלען דורכקוקען די שטימען און באשטימען וועלכער קאנדידאט איז דערוויילט. דער סענאט, וואו די רעפובליקאנער האבען געהאט די מאיאריטעט, האט אלס איר קאמיטע אויסגעקליבען דריי רעפובליקאנישע און צוויי דע־

מאָקראַטישע סענאַטאָרען; די „תאַוז״, וואו די דעמאָקראַטען האָבען געהאַט אַ מאַיאָריטעט, האָט אויף איר פינפער קאָמיטע אויסגעקליבען דריי דעמאָקראַטען און צוויי רעפובליקאַנער. ריכטער פון סופרים קאורט האָט מען פריער אויסגעקליבען פיר, צוויי רעפובליקאַנער און צוויי דעמאָקראַטען. די פיר האָבען געדאַרפט אויסקלייבען דעם פינפטען. און דאָ האָט דער מזל צוגעשפילט די רעפובליקאַנער. צווישען די פאַרבליבענע מיטגלידער פון סופרים קאורט איז בלויז איינער געווען מער אדער וויינינגער אַן אומפאַרטייאישער. האָט מען געדענקט אז ער וועט זיין דער פינפטער. האָט זיך געדאַרפט מאַכען, אז גראָד איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אלס סענאַטאָר פון זיין שטאַט און ער האָט פון סופרים קאורט רעזיגנירט. אלע איבעריגע זיינען געווען רעפובליקאַנער. די דעמאָקראַטישע צוויי ריכטער אין דער קאָמיטע האָבען איצט קיין ברירה ניט געהאַט. זיי האָבען געמוזט אננעמען אלס פינפטען ריכטער אַ געוויסען דזשאָדזש ברעדלי, כאָטש זיי האָבען געוואוסט אז ער איז אַן איבערגעבענער רעפובליקאַנער. די קאָמיטע איז אַלזאָ באַשטאַנען פון אכט רעפובליקאַנער און זיבען דעמאָקראַטען.

אין יעדער פראַגע וואס איז פאַר דער קאָמיטע פאַרגעבראַכט געוואָרען האָט יעדער קאָמיטע מאַן געשטימט שטרענג פאַרטייאיש. די סופרים־קאורט ריכטער אין דער קאָמיטע זיינען געווען פונקט אזוי פאַרטייאיש ווי די סענאַטאָרען און די קאָנגרעסלייט. עס איז קלאָר געווען, אז קיינער פון די קאָמיטעלייט האָט ניט געטראַכט וועגען אמת אדער גערעכטיגקייט. זיי איז געלעגען אין זינען בלויז די פאַרטיי. זיי האָבען געשטימט אזוי ווי די פאַרטיי האָט געפאָדערט.

אזוי ווי די רעפובליקאַנישע פאַרטיי האָט אין דער קאָמיטע געהאַט אַ מאַיאָריטעט איז זי אַרויס די זיגערין. העיז איז איינגעשוואוירען געוואָרען אלס פרעזידענט. אלע היסטאָריקער מאַכען אויפמערקזאַם דערויף, וואס די דעמאָקראַטען האָבען זיך געבויגען פאַר דער אַנטשיידונג. זיי ווייזען אָן, אז אין אַנדערע

לענדער וואָלט אַזאַ פאַרביסענער סכסוך וואַרשיינליך געפירט צו אומרוען אָדער צו אַן אויפשטאַנד. אלע דעמאָקראטען אין לאַנד זיינען געווען פעסט איבערצייגט, אז די וואַלען זיינען פון זייער פאַרטיי אַוועקגערויבט געווארען, פונדעסטוועגן האָבען זיי קיין געוואַלד מיטלען ניט אָנגעווענדט.

קאַפּיטעל 40.

# די אַרבייטער באַוועגונג אין די פופצען יאָר נאָך דעם בירגער קריג.

ווען דער בירגער־קריג האָט זיך אָנגעהויבען זיינען אין לאנד כמעט קיין יוניאַנס ניט געווען. די עטליכע אָרגאַניזאציעס וואס האָבען איבערגעלעבט דעם קריזיס פון 1857 זיינען זייער אָפּגע־שוואכט געווארען אין די ערשטע אנדערהאלבען יאָר פון דער מלחמה, ווען אלע אינדוסטריען האָבען זיך געפונען אין א צו־רודערטען צושטאַנד. ערשט נאָכדעם ווען די צייטען זיינען געוואָ־רען בעסער, ווען די מלחמה־שפּע האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט, האָט די ארבייטער־באוועגונג אנגעהויבען אויפצולעבען. די נעקסטע צען, פופצען יאר זיינען געווען רייך מיט וויכטיגע געשע־ענישען אין די אָרגאַניזירטע טיילען פון די ארבייטער־מאַסען.

די ערשטע פּראָמינענטע פאָרשטייער און פירער פון דער אר־בייטער באַוועגונג אין די זעכציגער יארען זיינען געווען פּאָרט־געשריטענע רעוואָלוציאָנערען. דער וויכטיגסטער פון זיי, וויליאם ה. סילוועס, פלעגט זיך דורכשרייבען מיט קארל מארקס און פריד־ריך ענגעלס אין דער צייט פון ערשטען אינטערנאציאָנאל. סיל־וועס איז געווען דער פּרעזידענט פון דער „מאָלדערס יוניאָן". ער האָט אָבער געגעבען דעם טאָן דער גאַנצער ארבייטער־באוועגונג. ווען ער איז געשטארבען אין 1869 (אין עלטער פון 41 יאר) האָט דער צוזאַמענפאָר פון ערשטען אינטערנאציאָנאל אין לאָנדאָן ארויסגעגעבען די פאָלגענדע דערקלערונג: „די ארבייטער באַוועגונג אין אמעריקא איז געוויס ניט אָפּהענגיג אָן דעם לעבען פון איין פּערזאָן. אָבער דער פאַרלוסט וואס דער ארבייטער־צוזאַמענפאָר האָט געליטען דורך סילוועס' טויט קען ניט גאַנץ גע־

מאכט ווערען. אַלעמענס אויגען זיינען געווען געווענדעט צו סיל־וועס'ן, וועלכער האָט אַלס גענעראַל פון דער פּראָלעטאַרישער ארמיי געהאַט די דערפאַרונג פּון צען יאָר און אויך גרויסע פּיי־ינקייטען. און סילוועס איז טויט".

אין 1862 האָט זיך אָנגעהויבען די אויפלעבונג פון דער אר־בייטער באוועגונג. די אומשטענדען האָבען געטריבען די ארביי־טער זיך צו אָרגאַניזירען אין יוניאַנס. די צייטען זיינען געווען גוט פאַר אַלע קלאַסען אויסער די ארבייטער. דעם איינציגען געווינס וואָס די ארבייטער האָבען געהאַט פון די גוטע צייטען איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבען לייכט געקענט קריגען ארבייט. אָבער זייערע שכירות זיינען איצט געווען נאָך קלענליכער ווי פריער. דער יקרות אויף לעבענס־מיטעל איז געוואַרען אַלץ גרע־סער און גרעסער. דער איינציגער אויסוועג פאַר די ארבייטער איז געווען זיך צו אָרגאַניזירען און קעמפען פאַר בעסערע באַדינ־גונגען.

אין יאָר 1862 זיינען לאָקאַלע יוניאַנס אָרגאַניזירט געוואָרען פּאַקטיש אין יעדען פאַך. דערנאָך האָבען לאָקאַלע יוניאַנס זיך פאַראייניגט אין צענטראַלע. די ערשטע שטאָדטישע צענטראַלע פון יוניאַנס איז געגרינדעט געוואָרען אין ראָטשעסטער, ניו יאָרק, אין 1863. אין גיכען זיינען אזעלכע צענטראַלען אָרגאַניזירט געוואָרען אין יעדער וויכטיגער שטאָט. א פאַרזוך איז געמאַכט געוואָרען אין 1864 צו פאַרבינדען די אַלע שטאָטישע צענטראַלען אין אַ נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד. דער פאַרזוך האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען.

די יוניאַנס האָבען אָבער געהאַט גרויס ערפאָלג אין אָר־גאַניזירען נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדען אין די באַזונדערע פאַכען. אין פאַרלויף פון אַכט יאָר, פון 1864 ביז 1872, זיינען געגרינדעט געוואָרען עטליכע און צוואַנציג אזעלכע פאַרבאַנדען. די צאָל מיטגלידער אין די אַלע יוניאַנס איז שווער צו באַשטימען. אין אויגוסט, 1869, האָט דער „ניו יארק העראַלד" געשאַצט, אז אין לאַנד זיינען פאַראַן 170 טויזענט אָרגאַניזירטע ארבייטער. מר. קאַמעראָן, איינער פון די וויכטיגסטע ארבייטער פירער פון יענער

צייט, האָט געשאַצט די צאָל אין 600 טויזענד. פּראָפעסאָר פּערל־מאַן האַלט אַז אין 1872 זיינען אין לאַנד געווען אַרום 300 טויזענד אָרגאַניזירטע ארבייטער.

אין 1866 איז אָרגאַניזירט געוואָרען דער „נאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַרבאַנד" (די נעשאַנעל לייבאָר יוניאָן) וועלכער האָט געשפּילט א וויכטיגע ראָלע אין דער באַוועגונג אין פאַרלויף פון די זעקס יאָר וואָס ער האָט עקזיסטירט. דער פאַרבאַנד איז ניט געווען קיין שטרענגע „טרייד־יוניאָן" אָרגאַניזאַציע. אין אים זיינען געווען אָנגעשלאָסען, אויסער יוניאָנס, אויך ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס, ווי צום ביישפּיל אַנאַרכיסטישע, סאָציאַליסטישע און אפילו פרויען־רעכטלערינס. אין דעם דאָזיגען פאַרבאַנד שפּיגלען זיך אָפּ די שטרעבונגען און די אידעאַלען פון די אמעריקאַנער ארבייטער פון דער צייט פון דעם בירגער־קריג און באַלד נאָכדעם. אין די זעקס יאָר וואָס ער האָט עקזיסטירט איז ער געווען טעטיג אין די אַלע וויכטיגסטע אונטערנעמונגען פון דער ארבייטער באַוועגונג פון יענער צייט.

צווישען די וויכטיגסטע פּונקטען וואָס דער פאַרבאַנד האָט פאַרהאַנדעלט ביי זיין ערשטען צוזאַמענפאָר אין 1866 זיינען געווען פאָלגענדע צוויי: דער אַכטשטונדיגער ארבייטס־טאָג און די גרינדונג פון אַן ארבייטער־פּאַרטיי אין ניו יאָרק. איבער דער צווייטער פראַגע איז פאָרגעקומען א הייסע דעבאַטע צווישען די דעלעגאַטען. א מאַיאָריטעט איז געווען פאַר אַן ארבייטער־פּאַרטיי און די קאָנווענשאָן האָט לכתחילה אָנגענומען די פאָלגענדע רעזאָלוציע: „די צייט איז געקומען פאַר די ארבייטער פון די פאַראייניגטע שטאַטען זיך אָפּצורייסען פון די פּאָליטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזירען אַן אייגענע ארבייטער פּאַרטיי". אָבער די געגנער פון אַן ארבייטער־פּאַרטיי, כאָטש זיי זיינען געווען אין א מינאָריטעט, האָבען געמאַכט אזעלכע געוואַלדען, אַז מען האָט זיי טיילווייז נאָכגעגעבען. אין דער אנגענומענער רעזאָלוציע איז אריינגעשריבען געוואָרען די פראַזע, אַז אַן ארבייטער פּאַרטיי זאָל געגרינדעט ווערען „אַזוי שנעל ווי מעגליך". מיט דער דאָ־

זיגער ענדערונג איז די רעזאלוציע אנגענומען געווארען כמעט איינשטימיג.

די קאנווענשאן האט באשלאסען צו ארבייטען פאר אן אכטשטונדיגען ארבייטס טאג. מיט דער דאזיגער פראגע האט זיך אין לאנד שוין גערודערט נאך פריער. אין א סך שטעט זיינען אנגעגאנגען ספעציעלע באוועגונגען פאר אן אכטשטונדיגען ארבייטס־טאג. מיט דער דאזיגער באוועגונג איז ענג פארבונדען דער נאמען פון א באסטאנער מאשיניסט, אירא סטוארט, וועלכער האט דער באוועגונג געגעבען א נאציאנאלען כאראקטער. סטוארט איז געבארען געווארען אין 1831. צו 19 יאר, ווען ער איז געווען א לערן אינגעל ביי א מאשיניסט און האט געארבייט צוועלף שעה א טאג, האט ער אנגעהויבען זיין אגיטאציע פאר קירצערע שטונדען. און די גאנצע צייט וואס די אגיטאציע פאר אן אכט שטונדיגען ארבייטס טאג האט זיך ברייט פארשפרייט, פון אנפאנג פון די זעכציגער יארען ביז סטוארט'ס טויט אין 1883, איז אוממעגליך אפצוטיילען די באוועגונג פון זיין פערזאן. ער איז געווען אזוי ארייננגעטאן אין דער אגיטאציע, אז מען האט אים אפטמאל גערופען „דער אכטשטונדיגער מאניאק".

סטוארט האט געגלויבט, אז דורך פארקירצטער ארבייטס־צייט קען געמאכט ווערען א רעוואלוציע, אן איבערקערעניש אין דער געזעלשאפט. זיין טעאריע איז געווען אזא: דער ארבייטער באקומט אזוי פיל שכירות ווי זיין סטאנדארד פון לעבען פאדערט. ווען דער ארבייטער האט העכערע פארלאנגען באקומט ער העכערע שכירות. א קירצערער ארבייטס־טאג וועט געבען דעם ארבייטער פרייע צייט צו אנטוויקלען העכערע פארלאנגען. ער וועט דאן מוזען קריגען העכערע שכירות. ווען די שכירות וועלען זיין העכער וועלען די ריווחים פון באלעבאס במילא זיין קלענער. אויף אזא אופן קען מען, דורך שניידען די ארבייטס־צייט, ביסלאכווייז צונעמען דעם גאנצען ריוח פון באלעבאס און אים אפגעבען די ארבייטער אלס שכירות. דורך דעם איינעם מיטעל, אלזא, פון שטענדיג קירצען דעם ארבייטס־טאג קען

די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט פאַרוואַנדעלט ווערען אין א סאָציאַליסטישער.

סטוארט איז געווען מיט דער מיינונג, אז דער בעסטער וועג צו געווינען דעם אכט־שטונדיגען ארבייטס־טאג איז דאָס געזעץ — די רעגירונג זאָל פאַרבאָטען צו ארבייטען מער ווי אכט שטונדען. ער האָט אָרגאַניזירט געהיימע פאַראיינען אין פאַרשידענע טיילען פון לאַנד צו פּראָפּאַגאַנדירען זיינע אידעען. צווישען די יאָרען 1865 און 1873 האָט ער געגרינדעט ניט ווייניגער ווי אכציג אזעלכע פאַראיינען.

דער „נאַציאָנאַלער ארבייטער פאַרבאַנד" האָט געזוכט צו ווירקען אויף דער וואשינגטאָנער רעגירונג זי זאָל איינפירען אן אכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג פאַר אַלע רעגירונגס אנגע־שטעלטע. דער „פאַרבאַנד" האָט געגלויבט, אז די פּריוואטע באַלעבאַטים וועלען נאָכטאָן דער רעגירונג. אין מערץ, 1866, האָט סענאַטאָר גראַץ בראַון פון מיזורי אריינגעטראָגען א פאַר־שלאַג פאַר אן אכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. א דעלעגאַציע פון דעם „פאַרבאַנד" האָט זיך געזען מיט פּרעזידענט דזשאנסאָן און אים געבעטען ער זאָל העלפען דורכצופירען דעם ביל. דזשאנ־סאָן האָט דער דעלעגאַציע פאַרזיכערט, אז ער איז א פריינד פון ארבייט. אָבער וועגען דעם ביל האָט ער קיין הבטחות ניט געמאַכט. נאָך א קאַמף פון צוויי יאר איז אָבער געלונגען דעם ביל דורכצופירען. דעם 29טען יוני, 1868, האָט פּרעזידענט דזשאנסאָן אונטערגעשריבען דאָס געזעץ.

אָבער דאָס וואָס דער „פאַרבאַנד" האָט דערוואַרט איז ניט פאַרווירקליכט געוואָרען. די פאַרשידענע בעאַמטע, אונטער וועל־כע די רעגירונגס ארבייט איז געטאָן געוואָרען, האָבען דאָס געזעץ געטייטשט אויף פאַרשידענע אופנים... א טייל האָבען געהאַלטען, אז וויבאַלד די ארבייטס־צייט איז פאַרקלענערט גע־וואָרען, דאַרפען אויך די שכירות געשניטען ווערען. דער פלאָטען־מיניסטער, גידיען וועלס, צום ביישפּיל, האָט געשניטען די שכירות פון זיינע ארבייטער אויף צוואַנציג פּראָצענט. איידער דער סכסוך איז אויסגעגליכען געוואָרען האָט געדויערט פיר יאָר

צייט. ענדליך אָבער האָט פּרעזידענט גרענט ארויסגעגעבען א באפעל, אין מאי, 1872, אז די שכירות פון די ארבייטער זאָלען נישט געשניטען ווערען. און דער קאָנגרעס האָט דורכגעפירט א געזעץ אז די ארבייטער ביי וועמען מען האָט די שכירות יאָ גע־שניטען זאָלען צוריקקריגען די גאנצע געלד וואס זיי האָבען דורכ־דעם פארלאָרען.

די האָפענונג אז פּריוואטע באלעבאטים וועלען נאָכטאָן דער רעגירונג איז ניט מקוים געוואָרען. אפילו יענע באלעבאטים וואָס האָבען געטאָן ארבייט פאר דער רעגירונג האָבען זיך אויך ניט גערעכענט מיט'ן געזעץ. עס האָט געדויערט נאָך פערציג יאָר, ביז די רעגירונג האָט גענומען צווינגען, אז די ארבייט וואָס זי גיט ארויס צו פּריוואטע פירמעס זאָל געמאכט ווערען אונ־טער'ן אכט־שטונדיגען ארבייטס־געזעץ.

די אָרגאניזירטע ארבייטער אין די באזונדערע שטאטען האָבען געזוכט צו ווירקען אויף זייערע שטאט־רעגירונגען זיי זאָ־לען געזעצליך באגרענצען די ארבייטס־צייט אין די פאבריקען אויף אכט שטונדען. פון אָנפאנג האָט עס אויסגעוויזען, אז די ארבייטער וועלען זייער ציל שנעל דערגרייכען. די פּאָליטישע לאגע אין א סך שטאטען איז געווען אזא, אז די פּאָליטיקער האָבען זיך געמוזט חנפ'ענען צו די ארבייטער־מאסען. אין 1867 האָבען עטליכע פון די וויכטיגסטע שטאטען אין לאנד אָנגענומען געזעצען פאר אן אכט־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. דאָס זיינען געווען: ניו יארק, אילינאָי, וויסקאָנסין, קאָנעטיקוט, מיזורי און קאליפאָרניא. שפּעטער האָט זיך אָבער ארויסגעוויזען אז די געזעצען האָבען קיין ווערט ניט געהאט. לויט די געזעצען האָט דער ארבייטער „געהאט דאָס רעכט" אונטערצושרייבען א קאָנטראקט מיט'ן באלעבאָס צו ארבייטען לענגער. אויסער דעם האָבען די שטאט־רעגירונגען, וואס האָבען די געזעצען אנגענומען, גאָרנישט געטאָן אז דאָס געזעץ זאָל אפּגעהיט ווערען. אין ניו יאָרק, צום ביישפּיל, האָבען די ארבייטער זיך געווענדט צום גאָ־ווערנאָר מיט דער בקשה ער זאָל צווינגען די באלעבאטים אפּצו־

היטן דאָס געזעץ. דער גאָווערנאָר האָט געענטפערט אז ער קען עס ניט טאָן.

ביים סוף פון די זעכציגער יארען איז פאר די אָרגאַניזיר־טע ארבייטער אויפגעשוואומען די פראגע פון נעגער־אַרבייט. די קאָנווענשאָן פון דעם „נאַציאָנאַלען ארבייטער פארבאַנד" האָט אין 1869 פארהאנדעלט די דאָזיגע פראגע. זי האָט באַשלאָ־סען צו העלפען אָרגאַניזירען די נעגער און האָט איינגעלאַדען די נעגער צו שיקען פאָרשטייער אין „פארבאַנד". אָבער אין דער דאָזיגער אונטערנעמונג האָט דער „פארבאַנד" קיין דער־פאָלג ניט געהאַט. די גרויסע מאסען פון די ווייסע ארביי־טער האָבען זיך באנומען פיינדליך צו די נעגער. זיי האָבען זיך אנטזאגט זיי אריינצונעמען אין זייערע יוניאָנס און ניט גע־וואָלט זיי אריינלאָזען אין די פאבריקען. און די נעגער האָבען בעסער געוואָלט זיך אָרגאַניזירען באַזונדער פון די ווייסע. די וויכטיגסטע אורזאכע איז געוועזן, ווי שוין געזאָגט, דאָס, וואס די יוניאָנס האָבען ניט אריינגעלאָזען קיין נעגער אין זייערע פאכען. אין פארלויף פון די זעכציגער יאָרען זיינען ניט זעל־טען פאָרגעקומען צוזאמענשטויסען צווישען ווייסע און שווארצע ארבייטער. די יוניאָן פון מולארעס (בריקלייערס) אין וואשינג־טאָן האָט פארבאָטען אירע מיטגלידער צו ארבייטער צוזאמען מיט נעגער. פיר ווייסע ארבייטער זיינען אויסגעשלאָסען געווארען פון דער יוניאָן דערפאר וואָס זיי האָבען געארבייט צוזאמען מיט נעגער. די נעגער זיינען ניט געוועזן צופרידען מיט דעם „נאַ־ציאָנאַלען ארבייטער פארבאַנד" צוליב נאָך אַ זאַך. דער „פאר־באַנד" האָט אַגיטירט געגען די צוויי קאַפּיטאַליסטישע פארטייען און געזוכט צו ארגאַניזירען אַן ארבייטער פארטיי. די נעגער זיינען אָבער געוועזן איבערגעבען דער רעפּובליקאַנישער פארטיי. זיי האָבען געגלויבט אז די פארטיי האָט זיי באפרייט פון שקלאַ־פעריי.

וויליאם סילוועס, וועלכער איז געוועזן איינער פון די הויפּט־פירער פון דעם „נאַציאָנאַלען ארבייטער פארבאַנד", האָט מיט אַלע כוחות געזוכט צו ווירקען אז די אמעריקאַנער ארבייטער

זאָלען זיך אָנשליסען אָן דעם „אינטערנאציאנאל" אין איירָאָפּא. ביי דער קאָנווענשאָן פון „פארבאנד" אין 1867, איז אים גע־לונגען דורכצופירען א רעזאָלוציע, אז דער „פארבאנד" סימפּאַ־טיזירט מיט די אָרגאניזירטע ארבייטער אין איירָאָפּא אין זייער קאמף געגען פּאָליטישע און סאָציאלע אומגערעכטיגקייטען, און פארשפּרעכט זיין מיטהילף. אין 1869 האָט דער „פארבאנד" באשלאָסען צו שיקען א דעלעגאט צום אינטערנאציאנאלען צוזאַ־מענפאָר אין באזעל. אלס דעלעגאט איז באשטימט געווארען דער ראדיקאלער ארבייטער פירער א. ס. קאמעראן. ווייטער איז עס אָבער ניט געגאנגען.

אין אַמעריקא זיינען אין יענער צייט געווען קליינע גרופּען אויסלענדישע ארבייטער, דאָס רוב דייטשע, און אויך א געוויסע צאָל היגע אינטעליגענטען, וועלכע האָבען געפּריידיגט דעם סאָ־ציאליזם. די דאָזיגע גרופּען זיינען געווען אנגעשלאָסען אָן דעם „אינטערנאציאָנאל".

דער קריזיס פון 1873 האָט א סך אפּגעשוואכט די ארגאַ־ניזירטע ארבייטער־באוועגונג. א סך יוניאנס זיינען אינגאנצען אונטערגעגאנגען. די וואס זיינען פארבליבען האָבען פארלאָרען א גרויסען טייל פון זייערע מיטגלידער. אין ניו יארק, צום ביישפּיל, זיינען ערב דעם קריזיס געווען נאָענט צו 45 טויזענד אָרגאניזירטע ארבייטער, און אין 1877 זיינען אין די יוניאנס פארבליבען ניט מער ווי פינף טויזענד מיטגלידער. אין סינ־סינעטי זיינען אין אלע יוניאנס געבליבען ניט מער ווי טויזענד מיטגלידער. אין 1873 זיינען אין לאנד געווען דרייסיג נאַ־ציאָנאלע יוניאנס; אין 1877 זיינען געבליבען ניט מער ווי אכט. די מאשיניסטען־יוניאָן האָט פארלארען צוויי דריטעל פון אירע מיטגלידער. די מוליארעס האָבען אין 1873 געהאט 113 לאָקאלען, און אין 1880 ניט מער ווי דריי. פון די דריי הונ־דערט טויזענד אָרגאניזירטע ארבייטער אין לאנד זיינען אין די יוניאנס געבליבען ניט מער ווי פופציג טויזענד.

די באלעבאטים האָבען זיך באנוצט מיט דער שווערער צייט און מיט דער אפּשוואכונג פון די ארבייטער־אָרגאניזאציעס צו

שניידען די שכירות. דאָס האָט געטריבען די ארבייטער פון א סך פאכען ארויסצוגיין אין סטרייק. אין אייניגע אינדוסטריען האָבען זיך די ארבייטער אָרגאַניזירט אין געהיים און אָנגעווענדט טעראָריסטישע מיטלען. אייניגע סטרייקס וואס זיינען פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון די קריזיס־יארען זיינען געוועזען די בלוטיגסטע און פארצווייפעלסטע אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

א ריי סטרייקס זיינען פאָרגעקומען אין פאָל ריווער, מאַסאַטשוזעטס, דער וויכטיגסטער צענטער פון דער טעקסטיל־אינדוסטרי אין ניו ענגלאַנד. די באַלעבאַטים האָבען דאָרט אָנגעפאנגען צו שניידען די שכירות גלייך ווי די שלעכטע צייטען זיינען אָנגעקומען. דעם ערשטען שניט פון צען פראָצענט האָבען די ארבייטער פארשוויגען. אָבער ווען די באַלעבאַטים האָבען אביסעל שפּעטער אנאָנסירט אז זיי שניידען ווידער די שכירות האָבען די ארבייטער זיך אָרגאַניזירט און אין פעברואַר, 1875, זיינען זיי ארויס אין סטרייק. דער קאמף האָט אָנגעהאלטען מאָנאַטען לאַנג און צום סוף האָט דער הונגער געצוואונגען די ארבייטער זיך אונטערצוגעבען. מיט עטליכע מאָנאַטען שפּעטער האָבען די באַלעבאַטים ווידער געשניטען די שכירות אויף צען פראָבענט. אין 1878 זיינען די שכירות פון די טעקסטיל־ארבייטער געווען מיט דרייסיג פּראצענט נידעריגער ווי אין 1873. דאן האָבען זיך די באַלעבאַטים מישב געווען און ארונטערגעהאקט אויף נאָך 15 פּראָצענט, געמאַכט זיי מיט 45 פּראָצענט נידעריגער ווי אין 1873. די ארבייטער זיינען ווידער ארויס אין סטרייק. די באַלעבאַטים האָבען געבראַכט סקעבס פון קענעדע. נאָך זעכצען וואָכען פון פארצווייפעלטען קאמף און שרעקליכע ליידען און רדיפות האָבען זיך די ארבייטער ווידער געמוזט אונטערגעבען.

אין דער קוילען־אינדוסטריע איז די יוניאַן באַזיגט געוואָרען אין א ביטערען סטרייק וועלכער האָט אָנגעהאלטען זיבען מאָנאַטען אין 1874 און אין 1875. דער רעזולטאט פון דער מפּלה איז געווען א שרעקליכע טראַגעדיע. די ארבייטער האָבען אָרגאַני־

זירט געהיימע פאראיינען, וועלכע האבען געטראגען דעם נאמען „מאלי מעגווייערס". געהיימע פאראיינען צווישען די מיינערס האבען עקזיסטירט נאך פריער. אבער ווען די יוניאן איז געווען שטארק האבען זיי קיין ראלע ניט געשפילט. איצט, אז די יוניאן איז שוואך געווארען, זיינען זיי געווארען שטארק. די מיטגלידער זיינען געוועזן דורכאויס אירלענדער מיינערס אין די מיינער־שטעטלאך פון פענסילווייניא.

וועגען די „מאלי מעגווייערס" איז א סך געשריבען געווארען. דאס רוב ווערען זיי פארגעשטעלט ווי ארגאניזאציעס פון טעראריסטען. אין משך פון די זעכציגער און זיבעציגער יארען זיינען אין די מיינער־שטעטלאך פארגעקומען א סך מארדען וואס זיינען צוגעשריבען געווארען צו די „מאלי מעגווייערס". אין 1869 האט דער פרעזידענט פון דער „פילאדעלפיא ענד רעדינג רייל־ראוד קאמפאני", וועלכע האט אויך געהאט קוילען מינען, באשלאסען צו פארניכטען די „מאלי מעגווייערס". ער האט געדונגען די „פינקערטאן דעטעקטיוו ביורא" זי זאל זאמלען באווייזען געגען די „מאלי מעגווייערס". די ביורא האט ארייננעשיקט אין דער געגענד פון די קוילען־גרובען א דעטעקטיוו מיט'ן נאמען דזשיימז מעקפארלאן. מעקפארלאן איז אליין געוועזן אן אירלענדער. ער האט זיך באזעצט צווישען די קוילען־גרעבער און זיך באפריינדעט מיט די מיטגלידער פון די „מאלי מעגווייערס". ער האט דערציילט, אז ער ווערט געזוכט פון דער פאליציי פאר געוויסע פארברעכענס. די „מאלי מעגווייערס" מיטגלידער האבען אים געגלויבט און האבען אים אנפארטרויט זייערע סודות. א פאר יאר האט ער פארבראכט צווישען זיי. דאן האט ער אלע זיינע געזאמעלטע באווייזען פארגעלייגט פאר דער פאליציי. אין הערבסט פון יאר 1875 זיינען א סך פון די „מאלי מעגווייער" מיטגלידער ארעסטירט געווארען. די פראצעסען האבען זיך געצויגען ביז שפעט אין 1876. פיר און צוואנציג פון די גע'משפט'ע זיינען געפונען געווארען שולדיג. צען האט מען אויפגעהאנגען. די איבעריגע זיינען פארשיקט געווארען אויף פארשידענע טערמינען אין געפענגנים.

די ראַדיקאַלע שרייבער זיינען מיט דער מיינונג, אַז דער שפּיאָן מעקפּאַרלאַן איז געשיקט געוואָרען ניט בלויז צו זאַמלען באַווייזען נאָר אויך צו שאַפען באַווייזען, אַז ער האָט די „מאָלי מעגווייערס" אויפגעהעצט צו באַגיין די פאַרברעכענס און אַז ער האָט אַליין אין די פאַרברעכענס טייל גענומען. דזשיימס אָניעל שרייבט:

„דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל ווען שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרען זיינען פון די באַלעבאַטים אריינגעשיקט געוואָרען אין די יוניאָנס".

אָט וואָס יודזשין דעבס שרייבט וועגען די „מאָלי מעגווייערס": „זיי האָבען אַלע אויסגעשריען אַז זיי זיינען אומשולדיג און זיינען געשטאָרבען ווי העלדען. קיינער פון זיי האָט ניט אַרויסגעוויזען דעם מינדעסטען סימן פון שרעק אָדער שוואַכקייט. קיין איינער פון זיי איז ניט געווען קיין מערדער פון נאַטור. זיי זיינען געווען אומוויסענד און אומאַנטוויקעלט, געבאָרען אין אָרימקייט און אַרומגעשלײַדערט הין און צוריק דורך די כוואַליעס פון שיקזאַל. צו געבען ווידערשטאַנד די אומגערעכטיגקייטען פון וועלכע זיי און זייערע קאַמעראַדען זיינען געווען די קרבנות, און צו באַשיצען זיך געגען די ברוטאַליטעטען פון די באַלעבאַטים לויט זייערע פּראָסטע באַגריפען — דאָס איז געווען דער הויפּט־ציל פון די אָרגאַניזאַציעס „מאָלי מעגווייער". קיין זאַך איז ניט געווען ווייטער פון זייער ציל ווי מאָרד און פאַרברעכען. אמת, זייערע מעטאָדען זיינען געווען שטאַרקע. אָבער מען דאַרף געדענקען, אַז זייער גורל אין לעבען איז געווען אַ שווערער, אַ ברוטאַליזירענדער, אַז זיי זיינען געווען די פאַרלאָזענע קינדער פון אָרימקייט... דעם 28טען יוני איז דער פאָרהאַנג געפאַלען אויף דער לעצטער סצענע פון דער טראַגעדיע פון אַרבייט. דער הענקער האָט דורכגעפירט דעם באַפעל און די תליה האָט צוגענומען אירע קרבנות. יענעם טאָג איז די געשיכטע פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אויסוואָרף. דאָס שיינע געזיכט פון אמת איז צוגעדעקט געוואָרען מיט אַ מיאוס'ער מאַסקע פון שקר. די מענער וואָס זיינען געשטאָרבען אויף דער

תליה אלס פארברעכער זיינען געווען פירער פון ארבייט, די ערשטע מארטירער פון דעם קלאסען־קאמף אין די פאראייניגטע שטאטען".

דער קריזיס האט דערגרייכט דעם שארפסטען פונקט אין יאר 1877. די שכירות פון די ארבייטער זיינען ווידער געשניטען געווארען. „אין קיין אנדער אינדוסטריע, שרייבט ענדרוס, האבען די האנדלונגען פון די באלעבאטים ניט ארויסגערופען אזא ביטערקייט צווישען די ארבייטער ווי אויף די אייזענבאנען. . . ערשטענס, האבען די באנען באשעפטיגט די גרעסטע צאל ארבייטער, און א פארקלענערונג פון שכירות האט אנגערירט גרויסע צאלען מיט אמאל. צווייטענס, האט דער אלגעמיינער געפיל פון דער געזעלשאפט צו די אייזנעבאנען פארהאלפען, אז די קריוודעס פון די ארבייטער זאלען אויסזען באזונדערס גרויס. די פענסילווייניא אייזענבאן קאמפאניע האט געשניטען די שכירות אויף צען פראצענט גלייך ווי דער קריזיס האט אויסגעבראכען אין 1873. אין 1877 האט זי ווידער רעדוצירט די שכירות אויף נאך צען פראצענט. די אנדערע אייזענבאנען האבען געטאן דאס זעלבע.

די ארבייטער האבען ארויסגעזעצט זייערע קאנסערוואטיווע פירער און זיינען ארויס אין סטרייק. אין ווירדזשיניא האט דער גאווערנאר ארויסגעשיקט מיליץ צו העלפען די באלעבאטים, אבער די סאלדאטען האבען זיך אנטזאגט צו שיסען אויף די ארבייטער. האט זיך דער גאווערנאר געווענדט צום פרעזידענט. אזוי שנעל ווי די נאציאנאלע סאלדאטען זיינען אנגעקומען איז דער סטרייק צוזאמענגעבראכען.

אבער פון דארטען האט זיך דער סטרייק פארשפרייט אין אנדערע געגענדען. די סאלדאטען האבען איבעראל געהאלפען די באלעבאטים. אין באלטימאר איז פארגעקומען א צוזאמענשטויס צווישען די סטרייקער און דער מיליץ. צען ארבייטער זיינען דערשאסען געווארען אויף טויט און א סך זיינען פארוואונדעט געווארען. אויך דארטען איז דער סטרייק דערשטיקט געווארען דורך מיליטער.

די בלוטיגסטע געשעעניש איז פארגעקומען אין פיטסבורג.

דאָרט האָבען די סאָלדאַטען דערשאָסען זעקס און צוואַנציג סטרייי־קער. די סטרייקער און די גרויסע מאסען איינוואוינער וואָס האָבען מיט זיי סימפּאַטיזירט האָבען זיך אָבער געשטעלט געגען די סאָלדאַטען און זיי פאַרטריבען פון שטאָט. זיי האָבען אויך אונטערגעצונדען די באַן־סטאַנציעס און די פאַבריקען. די שלאַכט האָט אָנגעהאַלטען א גאַנצען טאָג און א גאַנצע נאַכט. די קאָמ־פּאַניע האָט שפּעטער געשאַצט אירע פאַרלוסטען אין פינף מיליאָן דאָלער.

אין רעדינג, פּענסילווייניא, זיינען דרייצען ארבייטער דער־הרג'עט געוואָרען און 22 פאַרוואונדעט געוואָרען. אויך דאָרט איז עס צום סוף געלונגען די ארבייטער ארויסצוטרייבען די סאָלדאַטען פון שטאָט. צוזאַמענשטויסען זיינען פאָרגעקומען אין סט. לואיס און אין אַנדערע שטעט אין פאַרשידענע טיילען פון לאַנד.

פּראָפעסאָר ענדרוס שרייבט: „די אַלע אייזענבאַן־סטרייקס האָבען זיך געענדיגט מיט א מפּלה פאַר די ארבייטער אָבער די מאָראַלישע ווירקונג איז געווען ריזיג. צום ערשטען מאָל איז אין לאַנד פאָרגעקומען א גענעראַל סטרייק.” די רעגירונג און די באַלעבאַטים האָבען איצט איינגעזען, אז די ארבייטער זיי־נען א גרעסערע מאַכט ווי זיי האָבען געמיינט, און אין פאַרשי־דענע שטאַטען האָבען די לעדזשיסלייטשורס אנגענומען שטרענ־גערע געזעצען געגען ארגאַניזירטער ארבייט. אויף די ארביי־טער האָט דער סטרייק געהאַט די ווירקונג, וואס זיי האָבען גענו־מען פאַרשטיין זייער אייגענע מאכט און גענומען באַגרייפען אז זיי זיינען פּאָליטיש מאַכטלאָז. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס די נאַציאָנאַלע רעגירונג האָט געשיקט סאָלדאַטען געגען סטרייקער.

די ארבייטער האָבען איצט פאַרלאָרען זייער גלויבען אין דער מאכט פון יוניאָנס און אין די נעקסטע פאָר יאָר האָבען זיי געפּרובט זייער מזל מיט פּאָליטישער טעטיגקייט. זיי האָבען זיך פאַראייניגט מיט די פאַרמער און קליינע געשעפטסלייט אין דער „גרינבעק” פּאַרטיי, וואס האָט געגלויבט, אז דורך געלד־

רעפארמען וועט קומען די ישועה פאר אלע קלאסען אין דער געזעלשאפט וועלכע ליידען פון גרויס־קאפיטאל. די „גרינבעק" באוועגונג האט זיך אנגעפאנגען גלייך נאכ'ן קריג. דער „נאציא־נאלער ארבייטער פארבאנד" האט ביי זיין קאנווענשאן אין 1867 אינדארסירט דעם פרינציפ פון „גרינבעקיזם" אבער ביז נאך די ביטערע דערפארונגען פון די זיבעציגער יארען האבען די ארבייטער פאר דער באוועגונג ווייניג וואס געטאן. איצט האבען זיי זיך איינגעווארפען אין איר מיט אלע כחות.

„דער גרינבעקיזם, — שרייבט פראפעסאר פערלמאן, — איז געווען א פלאן צו געבען דעם מענשען אן קאפיטאל א גלייכע געלעגענהייט אין מסחר מיט זיין רייכען קאנקורענט. דער ציל איז געווען אוועקצונעמען פון דעם באנקיר און דעם פארמיטלער זייער קאנטראל איבער קרעדיט און קאפיטאל דורכדעם וואס די רעגירונג וועט געבען הילף צו די וואס שאפען די מאטעריעלע פראדוקטען."

דער פלאן איז באשטאנען אין פאלגענדען: די רעגירונג זאל רעדוצירען דעם פראצענט אויף אירע וועקסלען. דער פראצענט זאל זיין ניט מער ווי דריי סענט אויפ'ן דאלער. דאן זאל די רעגירונג דערלויבען די באזיצער פון אירע וועקסלען זיי אויס־צובייטען אויף „גרינבעקס". מיט אנדערע ווערטער, הייסט עס, אז אלע וועקסלען וועלען פארוואנדעלט ווערען אין געלט. ווען דאס וועט געשען, וועט עס מעגליך זיין פאר יעדען צו קריגען געלט געבארגט פאר עטוואס מער ווי דריי פראצענט. אלע וואס האלטען וועקסלען וועלען זיי אויסבייטען אויף „גרינבעקס" און די „גרינבעקס" אויסלייען יעדען וואס וועט איינוויליגען צו צאלען עטוואס מער ווי דריי פראצענט. דער גרויסער עולם, דער פארמער, דער קליין־הענדלער און די קאאפעראטיוועז פון די ארבייטער וועלען מער ניט דארפען אנקומען צו די באנקירען וועל־כע האבען פון זיי געפאדערט צוועלף פראצענט. די אנפירער פון דער באוועגונג האבען געגלויבט, אז דורך דער סיסטעם וועט עס געלינגען בישלאכווייז ארויסצושטופען דעם קאפיטאליסט פון

געשעפט און באַפרייען דאָס פאָלק פון דעם יאָך פון קאַפּי־טאַל.

דערביי איז נויטיג צו וויסען, אז אין די זעכציגער יארען זיי־נען געמאכט געווארען א סך עקספּערימענטען מיט גרינדען קאָ־אָפּעראַטיוועז. די ערשטע קאָאָפּעראַטיווען אין יענע יארען זיי־נען געווען פאר דער פאַרנאַנדערטיילונג פון סחורה, קראָמען־קאָאָפּעראַטיוועז. די באַוועגונג האָט זיך אָנגעפאַנגען אין 1862. און אין 1866 איז זי שוין געווען אַזוי פאַרשפּרייט אז עס איז פּאַקטיש ניט געווען קיין איין וויכטיגער אינדוסטריעלער צענטער צווישען באָסטאָן און סאַן פראַנציסקאָ אָן א קאָאָפּעראַטיווען געשעפט. זיי האָבען זיך אָבער לאַנג ניט געהאַלטען. איינע נאָך דער אנדערער האָבען זיי געפּלאַצט.

פון 1866 ביז 1869 זיינען געמאכט געווארען עקספּערי־מענטען מיט פּראָדוקציע־קאָאָפּעראַטיוועז. יעדער וויכטיגער פאַך האָט געהאַט א קאָאָפּעראַטיוו: בעקער, קוילען־גרעבער, מאַ־שיניסטען, גלאָז ארבייטער, אייזענגיסער, שניידער און אַזוי ווייטער. א גרויסע צאָל פון די אונטערנעמונגען זיינען ארויסגע־וואקסען פון פאַרלאָרענע סטרייקס.

די ארבייטער האָבען פאַראייניגט דעם געדאַנק פון קאָאָפּע־ראַטיוועז מיט דעם געדאַנק פון גרינבעקס. זיי האָבען געהאָפט, אַז מיט דער הילף פון די „גרינבעקס" וועלען די קאָאָפּעראַטיוועז קענען ווערען א גרויסער דערפאָלג. כל־זמן די גרינבעק־באַוועגונג האָט ניט געהאַט די פולע שטיצע פון די ארבייטער איז זי געווען שוואך. איצט אָבער האָט זי גענומען וואקסען. עס האָבען זיך איבעראל אָרגאַניזירט לאָקאלע „גרינבעק" ארבייטער־פּארטייען. אין 1878 איז אין טאָלידאָ, אָהייאָ, אפּגעהאלטען געווארען א קאָנווענשאָן פון דער גרינבעק־פּארטיי. עס זיינען געווען פאַר־טראַטען די טרייד יוניאָנס און די פאַרשידענע ארבייטער פּאַר־טייען. די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען צו ענדערען דעם נאָמען פון דער „גרינבעק פּארטיי" אויף „גרינבעק ארבייטער פּארטיי". די פּארטיי האָט ארויסגעשטעלט א פּרעזידענט קאַנדידאַט וועל־כער האָט אין די וואלען פון 1880 געצויגען 300 טויזענד שטי־

מען. אין די קאנגרעס וואלען פון 1878, ווען די פארטיי האט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט פון איר שטארקייט, האט זי אויסגעקליבען פערצען קאנגרעסלייט און געצויגען איבער א מי־ליאן שטימען.

אבער גלייך נאך די וואלען פון 1878 האט די „גרינבעק ארבייטער פארטיי" גענומען פאלען. די צייטען זיינען געווארען בעסער. די רעגירונג האט גענומען איינקויפען די „גרינבעקס" און צאלען פאר זיי דעם פולען פרייז אין גאלד. דאס צירקולי־רענדיגע געלט איז פארמערט געווארען. דעם פארמער און גע־שעפטסמאן איז געווארען גערעמער. און זיי האבען זיך פון דער באוועגונג אפגעטרייסעלט.

די קאאפעראטיווען זיינען אויך ביסלאכווייז אונטערגעגאנ־גען. זיי האבען זיך ניט געקענט האלטען צוליב פארשידענע סיבות. אייניגע דענקען, אז דאס איז געווען דערפאר וואס עס האבען געפעלט די פאסיגע פירער. פאר קאאפעראטיווען פאר־דערען זיך מענשען מיט געשעפטס־פייאיגקייטען, און מענשען וואס באזיצען אזעלכע פייאיגקייטען האבען אין אמעריקא גוטע געלע־גענהייטען אין פריוואטע אונטערנעמונגען. אין אייראפא איז דאס ניט אזוי. דארטען איז פאר א פייאיגען מענשען, אויב ער האט ניט קיין געלט, נישטא קיין מעגליכקייט אויפצובויען א געשעפט. דערפאר געפינט מען דארטען מענשען מיט אזעל־כע פייאיגקייטען אין די ארבייטער־קאאפעראטיוון. דא גייען אזוינע מענשען אוועק אין קאפיטאליסטישען לאגער.

אין די זיבעציגער יארען איז געלייגט געווארען א פעסטער פונדאמענט פאר א סאציאליסטישער באוועגונג אין אמעריקא. די ערשטע סאציאליסטישע ארגאניזאציעס האבען זיך א סך מאל געשפאלטען איבער פראגען פון טאקטיק. אין 1876 איז אין פילאדעלפיא אפגעהאלטען געווארען א קאנווענשאן, אין וועל־כער די פארשידענע פראקציעס האבען זיך פאראייניגטע אונטער'ן נאמען „די ארבייטער פארטיי פון די פאראייניגטע שטאטען". ביי דער צווייטער קאנווענשאן וואס די ארגאניזאציע האט אפ־געהאלטען, סוף יאר 1877, אין נוארק, איז דער נאמען געענדערט

געוואָרען אויף דער „סאָציאַליסטישער ארבייטער פארטיי פון אמעריקא." ניינציג פראָצענט פון די מיטגלידער פון דער פאר־טיי זיינען געווען אימיגראַנטען ארבייטער. אין 1879 האָט די סאָציאַליסטישע ארבייטער פארטיי פארמאָגט צען טויזענט מיט־גלידער.